בעזרת השם יתברך

ספר

# דאָס ליכט פון וויסן

(אור החכמה)

אַנטהאַלט

גייסטרייכע אָפּהאַנדלונגען וועגן:

מענטש, וועלט און יידנטום,

באַזירט אויף חכמי התלמוד וגאוני ישראל

מיט אַ הוספה אין העברעיש

„שער הרעיון"

פון

## הרב ישראל משה פישלעדער

בעהמ"ח „מבצר ישראל"

מעקסיקע, ד. פ. התשכ"ה

1965

# דעם ליכטיקן אָנדענק

## פון מיינע ליבסטע און טייערסטע

עלטערן — ר' אברהם ב"ר יהודה-לייב

ומרת רייזל בת אריה-לייב ז"ל

און שוויגער עלטערן — ר' יעקב-זאב המכונה אלטער

ומרת יהודית המכונה איטקע ז"ל

וואָס זיינען פאַרפייניקט געוואָרן

דורך די נאַצישע בעסטיעס און

אומגעקומען אויף קידוש השם,

**ד אָ ס ס פ ר ג ע ה י י ל י ק ט**

**ווער איך טראָגן זייער געדעכעניש כל־זמן כ'וועל לעבן.**

**אין מיין האַרץ און נשמה.**



„אין געדאַנקען פון תורה, אין אייניקייט פון ג־טס נאָמען איז דאָס
קול — אַ קול פון יעקבן״
(הקול קול יעקב — בהגיון תורה, ביחוד השם. — פדר״א פ״לב)



„ג־ט איז גערן, אַז דער עם־ישראל זאָל אין תורה האָרעווען״.
(המקום מתאוה שיהיו ישראל עמלים בתורה. — ספרא בחוקותי).



„תורה־געדאַנקען קירעווען דעם מענטשן אויף וועגן פון לעבן״
(דברי תורה מכוונים את האדם לדרכי חיים. — אבדרנ׳ פי״ז)



# אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

כידוע, האָט דאָס יידישע פאָלק ניט צו וויזן אויף זיין רעקאָרד אַ גרויסע פאָליטישע קאַריערע נאָר אַן עטישע.

און סיאיז גרינג צו זען, ווען מילייענט דעם ספר דברים, דעם קלאַסיק פון יידישער אידעאָלאָגיע, ווהין דער יידישער פאַרלאַנג ציט, צו וואָס דער ייד האָט זיך געוואָלט דערשלאָגן. יידישע אַמביציעס געפינען זיך אין דעם תחום פון אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער דערגרייכונג. און באַזיצט דער־צו אַ גרויסן, אומבייגזאַמען ווילן, אַ ווילן ניט צו מאַכט, ניט צו הערשאַפט, נאָר צו הייליקייט און גוטסקייט. בכלל איז תורת משה אָפגעשטעמפּלט מיט דעם דאָזיקן צדקות זיגל.

דער יידישער זשעני פאַרמאָגט איין ברענפּונקט און דאָס איז צו דינען אַלס מוסטער פאַר אַנדערע פעלקער. אַזוי אַרום האָט דער יידישער ציבור געשטעלט די אויפגאַבע צו זיין גוט, ערלעך, מאָראַליש דערהויבן, אַז אַלע שטאַמען פון דער גרויסער וועלט זאָלן זיך בענטשן מיט אים.

און ווי סיאיז צוזען, האָט ניט די תורה פון קיין איזאָלאַציע. זי איג־נאָרירט בשום אופן ניט די אַרומיקע פעלקער. דער שפּיגל פון איר רעפלעקס איז אָנגעשטעלט קעגן אַלע איבעריקע אומות. איר גייט אין לעבן; אַז די נאַציאָנען פון דער ערד זאָל אָנערקענען דעם יידישן ציבור אַלס אַ גרויס פאָלק. און „גרויס" מיינט ניט שטאַרק, מעכטיק, ווילדקריגעריש, בלוט־דורשטיק. „גרויס" איז לויט דער תורה אַ סינאָנים פון „קלוג" און „גוט". גרויסקייט איז קלוגשאַפט און קלוגשאַפט איז גרויסקייט.

ובכדי עס צו דערגרייכן, האָט דאָס פאָלק ישראל אַפילו ניט געטראַכט צו ווערן אַ פאָליטישער כוח, צו אַנטוויקלען „אייזערנע מוסקולן" אַזוי, אַז סיזאָל אָנוואַרפן אַ פחד און פאַניק אויף זיינע שכנים.

אָט וואָס משה רבינו — דער איש האלוקים — דער גרעסטער יידישער אידעאָלאָג, זאָגט צום פאָלק ישראל:

„זע, איך האָב אייך געלערנט געזעצן און סטאַטוטן, ווי סיהאָט מיך באַפוילן ג־ט, מיין ג־ט... און איר זאָלט עס אָפּהיטן און טאָן, ווייל דאָס איז אייער קלוגשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר די אויגן פון די פעלקער,

וועלכע וועלן הערן אַט־די אַלע געזעצן און וועלן זאָגן בלויז אַ קלוגעס און פאַרשטענדלעכעס איז דאָס דאָזיקע גרויסע פאָלק" (דברים ד. הי־וי).

דאָס איז אין קורצן די אויפפאַסונג פון משה רבנו פון דער יידישער „אינטערנאַציאָנאַלער פאָליטיק". די יידישע געזעצן וועלן פאַרשטעלן די קלוגשאַפט, די חכמה פון ישראל, אין די אויגן פון די פעלקער.

זעט מען פון דעם באַשיינפּערלעך, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט בלויז געוואָלט פאַרפעסטיקן זיין מאָראַלישן מצב, און קיינמאָל זיך ניט געגרייט צו פאַרנעמען אַ שטאַרקע פאָליטיש־מאַטעריעלע פּאָזיציע צווישן די פעלקער.

ווי זאָגט דער נביא ישעיהו: „מיין הויז וועט הייסן דאָס געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער (נ״ו, ג׳).

אַלע פעלקער וועלן אָנערקענען די גערעכטיקייט און גלויבנרייכטיקייט, דעם עטישן קולטור־אמת פון דער יידישער תורה. אַלע פעלקער וועלן באַגרייפן די חשיבות פון ישראלס איינציקע אינסטיטוציע, זיין געבעט־הויז. אַלע פעלקער וועלן סוף־כל־סוף אָננעמען די רעליגיעז־עטישע לערע פון עם־ישראל.

אַט אַזעלכע אידעען, וויזיעס, דערוואַרטונגען מיט אַזאַ אידעאָלאָגיע, האָט דאָס יידישע פאָלק געקענט דערגרייכן בלויז עטישע צוועקן, אַרויסוויזן עטישע אינערלעכע גבורה, אָנזאַמלען פסיכאָלאָגישע אוצרות, אָנקלייבן רייכטימער פון הייליקייט און גערעכטיקייט.

אַזוי אַרום, האָט דער זיג פון ישראל נאָר געקענט זיין אַ מאָראַלישער זיג. וואָרום אין פאָליטישן טעאַטער שטעלט מען כסדר די דראַמע „רויבער" און יעדער שוישפּילער אי באמת אַ גזלן, אַ רוצח, הגם ער פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פרידלעכן מענטשן, פאַר אַ ציוויליזירטן פאָלק.

אין דעם באַשטייט אייגנטלעך דער חילוק צווישן עם־ישראל און אומות העולם. די אומות העולם זיינען אַלע פאָליטישע נאַציאָנען, בשעת יידן זיינען בעיקר אַן עטישע נאַציאָן. און כאָטש אונדזער אומפאָליטישקייט איז באמת אונדזער שוואַכקייט (אומפאָליטיש, אין זין פון שטאַטנלאָז), איז אָבער אין דער זעלבער צייט אויך אונדזער שטאַרקייט, ווייל אונדזער לעבן שטעלט פאַר מיט זיך אַן אידעאַלע פאָרמע. און דאָס וואָס מיר זיינען פאַרפאָלגט איז עס פאַר אַ גרויסן אידעאַל — און דאָס איז אונדזער תורה, אונדזער עטיק.

דעריבער איז פאַר אונדז יידן, עטיק ניט קיין לוקסוס־זאַך, ניט קיין שטודיום, מיט וועלכן בלויז מאָראַליסטן, יחידה־סגולה, פאַרנעמען זיך. עטיק ביי יידן איז אידעאַל און דער פאַרווירקלעכונג פון וועלכן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, איז בלויטיק פאַראינטערעסירט. ווי געזאָגט: „ועמך כולם צדיקים" — אַלע יידן, אַלס אַזעלכע, מוזן קעמפן פאַר צידקות.

און אויסער דעם דאָזיקן חילוק צווישן דער עטישער פאָרמאַציע און דער וועלטלעך־פּאָליטישער פאָרמאַציע, קומט נאָך צו דער חילוק צווישן יידנטום און קריסטנטום.

ווי ווייט ס'איז אונדז באַקאַנט, איז קריסטנטום אַ רעליגיע, וועלכע די פעלקער האָבן געקראָגן פון אַ יידישער סעקטע. צוליב פּראָפּאַגאַנדע צוועקן, האָט מען משנה השם געווען און עס אַ נאָמען געגעבן קריסטנטום. בשעת באמת איז עס יידיש־פּראָפעטישער ווייַן, וועלכער איז געווען צו שטאַרק פאַר די פּאַגאַניסטישע קעפּ, און דעריבער האָט מען אים פאַרוואַסערט מיט אַ געטשנדינערישן מיטאָס, און ס'איז געוואָרן אַ געטראַנק שוה לכל נפש. זיי האָבן נאָך ניט פאַרמאָגט קיין שום נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. זיי האָבן זיך געפונען אין יענער צייט אויף אַ טרויעריק נידעריקער אַנטוויקלונגס שטופע, און זיי זיינען געווען אונטער דעם נאַציאָנאַליזם, ניט דערוואַקסן צו זעלבסט דערקענטעניש און קולטורעלער זעלבסט־באַשטימונג. און ווען זיי האָבן זיך גענומען קולטיווירן און „קולטורירן" זיינען זיי געוואָרן באמת האַלבע הע־לענער און האַלבע העברעער און געשאַפן אַ היבריד־קולטור, אַ מין סינטע־טישן צונויפמענגנשטעל פון יידישקייט און העלענישקייט, וועלכע פאַרמאָגט ניט די ברייטקייט און טאָלעראַנץ פון דעם פאַרצייטיקן גריך און ניט די אייפערדיכטיקע, אָבער פאַרטיפטע נשמהדיקע זעלבסט ראַפינירונג פון דעם יידן.

און ס'איז פאַר יעדן יידישן אינטעלעגענט — בר דעת קלאָר, אַז די מערסטע פעלקער האָבן אָנגענומען אַהיידניזירטן נוסח פון דער יידישער רעליגיע, בשעת דאָס יידישע פאָלק האָט זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַ נאַציע, אַ דאַנק דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער יידישער אמונה און אויפנע־מונג פון דער יידישער תורה.

ובכדי דאָס יידישע פאָלק זאָל אויפהאַלטן באחדות דעם תורה אידעאַל, איז די שטרעבונג געווען אויפצוהאַלטן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, און מקיים זיין די מצוות התלויות בארץ, און זיך אויסלעבן דאָרט בצדקות, הן וואָס איז נוגע בין אדם לחברו והן בין אדם למקום, וואָס איז זיי אָנגעוויזן געוואָרן דורך משהן און זיין תורה צו זיין גוט, ערלעך און מאָראַליש דערהויבן, אַז די אומות העולם זאָלן זיך בענטשן מיט אים, אַנערקענענדיק, אַז דער עם־ישראל איז דער עיקר בנין פון דער וועלט. ווי סילויטעט דער מאמר: „ישראל בנין העולם בחוקיהם ומשפטיהם" (רד"ק תהילים קי"ח).

ומהאי טעמא, האָף איך, בע"ה, אַז דאָס דאָזיקע בוך וועט דינען פאַרן לייענער אַלס מורה־דרך, באַלויכטן מיט ליכט פון וויסן, אַדורכגעדרונגען באור התורה, וואָס איז דער יסוד פון יידנטום.

ווייל דעם מענטשן וואָס האָט געפֿינען חכמה,
ווייל קויפֿן עס פֿאַר געלט קען מען ניט.

דער וואָס מערט וויסן — מערט לערנען,
און דער וואָס מערט לערנען — מערט דאָס וויסן,
אַז ער האָט זיך נאָך גאָר ניט אויסגעלערנט...

⁂

אַ קוואַל אַ ריינעם, אַ זיסן,
און אַ שטאַרקן ווי אַ טייך
האָט ער אייביק, אייביק פֿליסן
אויף דער וועלט געלאָזט פֿאַר אייך . . .

(ש. פרוג)

# קאַפּיטל 1

„דער שוואַכסטער אונטער אַלע נאַטור באַשעפענישן,
דער באַהערשער פון אַלע נאַטור געזעצן,
איך מענטש!"
החלש בכל יצירי הטבע, החולש על כל חוקי הטבע,
אני האדם!

(מפי חכמים)

# מענטש

איינלייטונג.

א.— מענטש און זיין תכלית (ציל)

ב.— פּסיכאָ־פיזישער כוח.

ג.— אדם גדול (אַ גייסטרייכע פּערזאָן)

ד.— דערהויבונג פון נשמה.

## איינלייטונג:

מענטש, אויב אומרעכט איז אין דיין האַנט, וואַרף דאָס אַוועק פון זיך ווייט און זאָל ניט זיצן אין דיינע מויערן אומגערעכטיקייט.

וועסטו שטיין פעסט אויף דיינע פיס און ניט ציטערן און אַלעמען וועסטו קוקן גלייך אין די אויגן, ווי איינער, וואָס האָט קיין פלעק ניט אויפן לויטערן פּנים.

און פאַרגעסן וועסטו אַלע דיינעליידן; ווי דאָס וואַסער, וועלכעס איז פאַרבייגעפלאָסן, וועלן זיי זיין אין דיין געדעכעניש.

— צי דען ווייסטו ניט, אַז פון אייביק אָן, זינט דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן, האָט דער טריאומף פון די שלעכטע קיין קיום ניט, און זייער פרייד איז בלויז אויף אַ ווײַלע.

און זאָל זיין גרויסקייט ביזן הימל גרייכן און אָן די וואָלקנס זיך אָנלענען, וועט ער פאַרלאָרן גיין אויף אייביק ווי זיין מיסט, און די וואָס האָבן אים נאָר וואָס געזען, פרעגן: וואו איז ער? — ווי אַ חלום וועט ער אַוועקפליען און פאַרגיין, ווי די זעאונג פון דער נאַכט.

זאָל ער זיך, דער גענאַרטער, ניט פאַרלאָזן אויף אייטלקייט, ווייל אייטל איז דער לוין זיינער.

פאַרשניטן ווערן וועט ער פאַר זיין צייט און די צווייגן זיינע וועלן ניט אויפגרינען.

מענטש, דערוויטער אומגערעכטיקייט פון דיינע געצעלטן — און דו וועסט אויפגעריכט ווערן.

אויפגיין וועט די זון פון דיין לעבן העלער פונעם מיטנטאָג און פון דער פינצטערניש וועט אַ ליכטיקער פרימאָרגן ווערן.

(איוב)

— א —

## וואָס איז דער עיקר תכלית פון דעם בחיר-היצירה?

מאַנכע אויפגעקלערטע טראָגן זיך אַרום מיט אַ טענה צום בורא עולם: אויב דער מענטש איז דער בחיר היצירה — דער קעניג פון דער גאַנצער בריאה, טאָ פאַרוואָס ליידט ער אַזוי פיל, במשך פון זיין עקזיסטענץ?

לפי האמת, זאָגנדיק, איז טאַקע דעם מענטשנס לעבן אַ וווּנדערלעכע רעטעניש. ווי דער געטלעכער משורר פון תהילים דריקט זיך אויס: „איך בין דער לעצטער — דער תכלית פון דער גאַנצער בריאה, און אַם ענדע, בין איך גאָר דער ערשטער צו ליידן" — (אחור וקדם צרתני. — קל"ט, ה'). — און צו דעם אַלעם, וואָס איך לעב שוואַכער ווי אַלע ברואים, מוז מען נאָך צוגעבן און זאָגן, אַז ג־ט איז גערעכט, און ס'איז ניטאָ אין אים קיין אומרעכט" — (להגיד כי ישר, ולא עוולתה בו).

איז דאָך און פלוג אַ גוואַלדיקע פליאה. דער מענטש, וואָס איז באמת דער בחיר היצירה; אין זיין האַנט איז איבערגעגעבן געוואָרן אַלע ברואים, צו טאָן מיט זיי וואָס ער וויל, און אַליין, בפני עצמו, ליידט מער פון אַלעמען.

און אַפילו אין זיין גליקלעכער צייט, ווען ער ווערט דערהויבן אין עשירות, קומט דאַן זיין שכל און שטערט אים זיין פאַרגעניגן. וואָרום דער שכל צייגט אים, אַז ער איז אַמינוט ניט זיכער פון טויט און אוודאי נישט פון קראַנקהייט, אָדער סתם צופעליקע עגמת נפש, וואָס גראָבט אונטער זיין געזונט. און מוז נאָך אַלעם זאָגן: ג־ט איז רעכטפאַרטיק אין אים איז ניטאָ קיין אומרעכט!

אָבער, ווען מיר נעמען אַנאַליזירן טיפזיניקער אָט דעם גאַנצן ענין, ווערט די דאָזיקע פראַגע קריגן איר גרינדלעכן ענטפער.

ווי געווייגלעך, פאַרשטייט דער טיפער בר־דעת גאַנץ־גוט, אַז די וועלט איז גלייך צו אַ חתונה (האי עלמא לבי הילולא דמיא), וואָס דער חתן־כלה און די רעכטע מחותנים לויפן אַרום און זיינען פאַרמאַטערט און עסן גאַנץ ווייניק און מאַנכעס מאָל גאָר נישט און גראָדע די קבצנים־שלעפּעריליי, וואָס קומען נאָר עסן און טרינקען, זיי זיצן זיך רואיק און האָבן הנאה די קורצע ווײַלע. דאָס רעכטע פאַרגעניגן פאַר חתן־כלה וועט זיך ערשט אָנהויבן שפּעטער, אַז מ׳וועט איבערפּטרן דעם טומל.

אָט אַזוי איז דער בחיר היצירה — דער מענטש אויף דער וועלט. ער איז דאָך דער רעכטער מחותן, עסט ער דערפאַר זיין ביסן פאַרמאַטערט און פאַרהאָרעוועט. ביי אים וועט זיך אָנהויבן די הויפּט־שמחה ערשט שפּעטער, אַז ער וועט פּטרן דעם טומל פון דער וועלט. דעם טומל פון גרויסן יריד. דאָן, אויב ער האָט איינגעהאַנדלט גוטע סחורה — תורה ומעשים טובים, וועט זיין נשמה ערשט אָנהויבן צו לעבן.

מיר זעען דאָך באַשיינפּערלעך, אַז נישט דעם הומרס געשעפטן (עסן, טרינקען און כלערליי תאוות הגוף) איז דער עיקר, נאָר די עסקים פון נפש איז די הויפּט־זאך!

ס׳איז דאָך אַ פאַקט, אַז דער חומר (גוף) ווערט אין די לעצטע יאָרן שוואַכער און שוואַכער. אָבער די נשמה, די איידעלע געפילן ביים גרויסן תלמיד־חכם, ווערט וויטער שטאַרקער און געזעצטער, ווי געזאָגט: „תלמידי חכמים, אויף דער עלטער, ווערט זייער דעת געזעצטער" (זקני ת"ח כל־זמן שמזקינין דעתן מתישבת עליהן). — ביז וואַנען ס׳קומט צום לעצטן טאָג, איז ער זוכה אַז זיין נפש זאָל זיך ציען צו אַ גרויסן פלאַם און בלייבט אין אייביקן פאַרגעניגן — (ומראה כבוד ד׳ באש אוכלת מזיו השכינה).

אָבער גאָר אַנדערש איז מיט אַ פאַרחומרטן מענטש, וואָס דערווייטערט זיך פון ג־טס הויז און ליגט נאָר אין תאות הזמן, ווערן אויך זיינע געפילן אַלץ שוואַכער און שוואַכער צו קענען פאַרשטיין די וווּנדערלעכע וועלט און קומען צום שלוס פון: — „צו זאָגן אַז ג־ט איז גערעכט" — (להגיד כי ישר ד׳). וואָרום אַ דומער מענטש, וואָס איז זיך ניט עוסק בתורה ומצוות, איז אָב־

סאָלוט ניט אימשטאַנד צו קענען נהנה זיין פון דער גוטלעכקייט — (איש בער לא ידע).

אָט דאָס שטעלט פעסט, אַז אין דער בריאה גופא איז קיין אומרעכט ניטאָ, נאָר די הויפּט עוולה באַזיצט דער מענטש אַליין — דער בחיר היצירה, בעת זיין חומר איז אריינגעטאָן בלויז אין תאות הגוף. לעבט דאַן, ווי גע־ווינלעך, אַזאַ מין מענטש אָפּ אַ לעבן געוויס אָן שום תכלית. ווייל קיין תורה און מצוות פאַרמאָגט עס ניט, זיי זאָלן אים אַדלען זיינע געפילן און באַווירקן אויף זיין כאַראַקטער. — אָט אַזעלכער קען געגליכן ווערן צו אַ בהמה (נמשל כבהמה נדמו).

דאָס אייגענע האָט באַהויפּטעט אונדזער גוטלעכער משורר דוד המלך: „איך טו עפענען מיט אַ האַרף מיין רעטעניש" (אפתח בכינור חידתי). ד. מ. — נאָר דאַן, ווען איך וועל זיך עוסק זיין אין תורה און אין מצוות, וועל איך מיין תכלית דערגרייכן, און איך וועל דאַן ניט דאַרפן מורא האָבן אין די שלעכטע טעג, ווייל איך האָב מיין נפש פאַראייביקט צווישן די לעבנגע־בליבענע.

היוצא מדברינו אַז דער עיקר תכלית פון דעם בחיר היצירה איז: דאָס אויסלעבן זיך אין תורה ומעשים טובים, וואָס דערמעגלעכט אים, אַז זיין נשמה זאָל הנאה האָבן פון דער געטלעכער ליכטיקייט.

— ב —

## דער פּסיכאָ-פיזישער כוח אינעם מענטשן

„ווייל איז דעם מענטשן, וואָס ברענגט אַרויס פאַרשטאַנד פון חכמה"
(אשרי אדם מצא חכמה; ואדם יפיק תבונה. — משלי ג׳, י״ג)

ס'איז בלתי ספק, אַז דער מין מענטש איז דער בחיר היצירה — דער אויסדערוויילטער פון אַלע מיני ברואים. ער איז דער, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט אַן אינסטינקט, וואָס לערנט אים פון דערפאַרונג און פאַסירונגען. און אַדאַנק זיין אינטעלעקט דערגרייכט ער צו שאַפן דאָס נוציקע און נייטיקע פאַר זיין לעבנס עקזיסטענץ.

ומהאי טעמאַ, איז דער דאָזיקער בחיר היצירה אימשטאַנד זיך צו דער־הויבן גייסטיק מעלה ומעלה. און וואָס שטאַרקער זיין אינטעלעקט איז, אַלץ גייסטרייכער ווערט ער, ביז ער דערגרייכט צו עלית נשמה. און מיט דער דאָזיקער נשמה־דערהויבונג איז ער בכוח צו באַווירקן אויף זיין קערפּער, אַז אַלע אינסטינקטן זאָלן ווערן קאָנטראָלירט דורך איר. און דאַן פאַרנעמט

די נשמה אין אים דעם וויכטיקסטן אָרט; זי ווערט די וועגווייזערין אין זיין לעבנסוועג.

נאָר וואָס שייך וועגן דער האַרמאָניע צווישן נשמה און קערפּער, האָבן שוין געוויסע מאָדערנע דענקער זיך אויסגעדריקט אַזוי: „אַז די האַרמאָניע איז אַ רעזולטאַט פונעם אָריגינעלן אַקט פון ג־ט אין דער צייט פונעם באַשאַף". אַט ווי דער פילאָזאָף דעקארט זאָגט: דאָס שטערבלעכע אין דעם מענטשן איז זיין קערפּער און נישט זיין נשמה — די לעצטע שטאַרבט נישט; זי פאַרלאָזט נאָר דעם קערפּער און גייט צוריק אַוועק צום אָריגינעלן אָרט, פון וועלכן זי איז געקומען". (די אייגענע מיינונג זאָגן די חכמים, אין דער גמרא שבת ק"ט, ב'). און דעקארטס קערפּער־נשמה פאַרבינדונג ווערט אָנגערופן די אינטעראַקציע צווישן דער נשמה און דעם קערפּער. די נשמה ווירקט אויף דעם קערפּער און קאָנטראָלירט זיין אַקטיוויטעט דורך די „חיה־ספּיריטס", וואָס קומען מיט איר אין באַרירונג דורך די נערוון. דאָס מיינט: נעמען צוויי פונדאַמענטאַלע זעלבסטשטענדיקע פאַקטאָרן און זיי צוזאַמענברענגען אַזוי, אַז איינער זאָל ווירקן אויף דעם צווייטן און מאָדיפיצירן זיין פונקציע.

אַט די צוויי רעאַליטעטן: די אויסשפּרייטקייט (מאַטעריע) און דענקען (גייסט, אָדער נשמה) באַגעגענען זיך אין דעם מענטשנס מאַרך און דאָרטן ווירקט איין רעאַליטעט אויף דער צווייטער.

כאָטש די צוויי סיסטעמען זיינען דאָס מענטשלעכע אינעם מענטשן, נאָר פאַקטיש איז זי (נשמה) דער גאַנצער מענטש. און דעקאַרט גיט נאָך צו: „וואָס אַנבאַלאַנגט נאַטור אין אַלגעמיין, פאַרשטיי איך אונטער דעם נישט קיין אַנדער זאַך ווי אָדער ג־ט אַליין, אָדער די קאָמבינאַציע, וואָס ג־ט האָט אַריינגעפירט אין אַלע זאַכן וואָס ער האָט געשאַפן".

אַזוי אַרום, קומט אויס לויט דער מיינונג, אַז דער דענקען אין דעם מענטשן איז געקומען פון ג־ט און עס באַשטייט פון דעם מענטשנס נשמה, ווי זי ווירקט אויפן קערפּער.

הגם דער פילאָזאָף ב. שפּינאָזע איז נישט מסכים מיט דעקארטס מיינונג, מחמת ער נעמט גאָר אָן, אַז די פּסיכיק, אָדער נשמה איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער איינהייטלעכער גאַנצקייט און באַלאַנגט צו דער נאַטור און נישט צו קיין אַנדער ספערע פון עקזיסטענץ; דאָך מוז אַפילו, לויט זיין מיינונג, אַנערקענט ווערן: פּונקט ווי די נאַטור איז אייביק, אַזוי איז אויך די נשמה אייביק.

מיר געפינען אָבער ביי דעם טיפן דענקער לייבניץ, וואָס זאָגט אויסדריקלעך: „אַז יעדע נשמה איז אינדיווידועל און עקזיסטירט פולשטענדיק מיט אירע פּערצעפּציעס. די נשמה באַשטייט נישט פון קיין צוזאַמענשטעל און איר איינהייט איז נישט די איינהייט פון מטושטישע פּערצעפּציעס, ווי

מאַטעריע איז. דערפאַר קען נשמה נישט פאַרניכטעט ווערן. מיר קאָנען נאָר זאָגן, אַזויווי די וועלט ווערט זי געשאַפן פון ג־ט און קען נאָר פון אים פאַר־ניכטעט ווערן. די נשמה ענדערט זיך. די ענדערונג קומט אָבער בלויז פאַר אינעם גראַד פון אַקטיוויטעט. יעדע נשמה ווערט באַגלייט פון אַ קערפּער, ווייל קיינע קערפּערלעכע נשמות וואָלטן אונדז ניט פאַרזאָגרט מיט קיין פּרינציפּ דורך וועלכן, די פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט זאָל ווערן אַ קאָנטינואיטעט". און אויך קומט לייבניץ צום אויספיר „אַז די האַרמאָניע צווישן דעם קערפּער און דער נשמה קומט פאַר דורך דער פאָרויס פון ג־ט באַשטימטע האַרמאָניע".

נאָך דייטלעכער האָט אַרויסגעזאָגט דער נשר הגדול, דער רמב"ם ז"ל, בזה הלשון: „מיר האַלטן, אַז די נשמות פון די ג־טס פאַרכטיקע זיינען באַ־שאַפן געוואָרן און זיי זיינען אומשטערבלעך". און גיט דערביי צו, אַז: „די געטלעכע השגחה איז ענג פאַרבונדן מיטן שכל, ווייל השגחה קען נאָר אַנט־שטיין פון אַ שכלדיקן וועזן, וועלכער איז אַליין פּערפעקט. בלויז ברואים וואָס באַזיצן אַ טייל פון דער אינטעלעקטועלער ווירקונג וועלן אונטערפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דער געטלעכער השגחה און נאַטירלעך לויט דער פּראָפּאָרציע פונעם געטלעכן אינטעלעקט, וואָס האָבן געהאַט . . . די געטלעכע השגחה איז נישט גלייך פאַר אַלע מענטשן, וואָס ער איז מער פּערפעקט. אַלץ גרעסער איז לויט דער געטלעכער השגחה. — דער נביא קריגט דאָס העכסטע פון דער געטלעכער השגחה".

און פאַרקערט, לויט דער פּראָפּאָרציע פון אומוויסנהייט און זינדיקייט, געפינען זיך די מענטשן ניט אונטער דער השפעה פון דער געטלעכער השגחה. זיי זיינען גלייך צו אַלע חיות. ווי דער פּסוק זאָגט: „נמשל כבהמות נדמו" — (זע׳ מורה נבוכים, קאַפּ. 15).

דער מענטש אָבער איז דאָך דער בחיר היצירה מיט דעם, וואָס ער צייכנט זיך אויס מיט אַזאַ זכרון, וואָס מאַכט אים מעגלעך צו לערנען פון דערפאַרונג. דער זיכרון שאַפט אין אים אַן ענדערונג אין אייגענעם לעבנסגאַנג.

און דער מין זיכרון, דאָס געדענקען אַלס דערפאַרונג ווערט צעטיילט אויף צוויי אופנים: אויף אַ ביאָלאָגישן און אויף אַ פּסיכאָלאָגישן. דער אונ־טערשייד אין דעם, וואָס דער ערשטער איז נישט קיין באַוווסטזיניקער פּראָ־צעס און דער צווייטער איז אַ באַוווסטזיניקער. ד. ה. — דער ערשטער זיכרון איז אַן אינסטינקטיווער און דער צווייטער אַן אינטעלעקטועלער.

אַט די חיה הויבט ניט אָן צו וויסן וועגן דער אינערלעכער פאַרבינ־דונג, וואָס איז איינגעשלאָסן אין דעם פּראָצעס און וואָס ברענגט דעם גע־וווּנטשטן רעזולטאַט. איר פאַרלאַנג האָט זיך אַנטוויקלט נישט באַוווּסטזיני־

קערהייט פאַר איר אַליין. אַזאַ זיכרון ווערט דערפאַר אָנגערופן אַ ביאָלאָגישער זיכרון.

ס'איז ביי קיין דענקער נישטאָ קיין שום צווייפל, אַז חיות באַזיצן נישט קיין נערוון אַפּאַראַט אין וועלכן די דענקונגס פאַרבינדונגען זאָלן פאַרבלייבן. זיי קענען מיט זיך נישט מיטנעמען פולשטענדיקע פאָרשטעלונגען פון פּאַסירונגען, אַז זיי זאָלן קענען האַלטן אין זייער „פאַנטאַזיע", ווען די פּאַסירונג איז נישטאָ פאַר די אויגן און נישט זיי באַזיצן דעם נייטיקן אינסטרומענט (שפּראַך אַלס סימבאַליק, פּשוט נעמען פון זאַכן, און פּאַסירונגען) אַרום וועלכן זיי זאָלן קענען פאָרמירן פאָרשטעלונגען. אין דער צייט, ווען דער אור־שפּרונגלעכער אַפילו, ווי פּאַלעאָנטאָלאָגן (די פאָרשער פון פאַרשטאָרבענע מינים) זאָגן, האָט ער שוין געהאַט באַזעסן ביידע זאַכן: זיין מאַרך איז געווען אַזאַ אין וועלכן ס'האָבן זיך געקענט פאָרמירן געדאַנקען־פאַרבינדונגען מיט די מיטגלידער פון דער גרופּע אין וועלכער ער האָט געלעבט.

דאָס באַווייזט, אַז דער מין „מענטש" האָט שוין אין די גאָר בראשית־דיקע צייטן געהאַט אָפּעריִרט מיט דעם אינטעלעקט אין אַלע זיינע האַנדלונגען, לויט יענע באַדינגונגען אין וועלכע ער האָט עקזיסטירט. דאָס הייסט, אַז דער אינטעלעקט האָט געפירט זיין קערפּער און אים פאַרהיט פון סכנה.

לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג, וואָלט געדאַרפט הייניטיקער מין „מענטש" זיין דער דאָמינירנדיקער כוח איבער אַלע אינסטינקטיווע שלעכטיקייטן. — „נישט אָפּנייגן זיך פון די וועגן פון חכמה און תבונה"! — („להציל מדרך רע, מאיש מדבר תהפכות").

זעען מיר גאָר דאָס פאַרקערטע: „מיר פרייען זיך מיט דעם, וואָס מ'קען דעם אַנדערן שלעכטס טאָן; מיר פרייען זיך מיט דער דערגרייכונג פון אַ הפקר־לעבן" („השמחים לעשות רע, יגילו בתהפוכות רע), אבי זיין פריי פון אַלע גדרים, וואָס פאַרהיטן פון רציחה, שווינדל און גזילה, און וואָס צווי־מען דעם מענטשנס תאוה, גאוה און קנאה! — אויב אַזוי, קען דען אַזאַ מין מענטש זיין באַרעכטיקט אָנגערופן צו ווערן דער „בחיר היצירה", ווען אַלע זיינע האַנדלונגען לגבי דעם מיטמענטשן זיינען אינסטינקטיווע, חיות־דיקע? — זיכער נישט!

אָבער, ס'איז דאָך לית מאן דפליג, אַז דער דאָזיקער „בחיר היצירה" טראָגט אויף זיך דעם טיטול „אדם" (מענטש). מחמת ער צייכנט זיך אויס העכער פון אַלע מיני ברואים אויף דער וועלט, מיט דעם וואָס ער באַזיצט צוויי רעאַליטעטן, קערפּער און נשמה. כאָטש זיי זיינען צוויי פונדאַמענטאַלע זעלבסטשטענדיקע פאַקטאָרן, דאָך ווירקט איינער אויפן צווייטן און מאָדיפיצירט זיין פונקציע. ד. ה. — אַז דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך דעם פּסי־כאָלאָגישן כוח. דאָס איז וואָס מיר רופן אָן „אדם שלם" — אַ „פאָלקאָמער מענטש". אין אַנדערע ווערטער מיינט עס: ער באַזיצט די צווייערליי כוחות

— אַ מאַטעריעלן כוח, וואָס האַלט אויף זיין פיזישע עקזיסטענץ און איז זיך עוסק בישוב העולם און אַ גייסטיקן כוח, וואָס פאַרנעמט זיך מיט גייסטיקע ענינים, וואָס ציִיגן אים דעם וועג פון מאָראַל, עטיק און יושר, און איז בכוח זיך צו דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון שלימות (פאָלקאָמהייט). און די אייגענע אינטערפּרעטאַציע געפינען מיר עס אין „ספרי" אויף דעם פסוק: „האיש ההוא" (דברים י"ז, ה') — איין פאַל פון הרגענען אימעצן — (יענער מענטש), דאָס זאָגן בלשון „ההוא" (יענער), — מיינט דאָס דווקא אַזאַ מענטש וואָס פאַרמאָגט די ביידערליי כוחות: דעם כוח החומרי (מאַטעריעלן כוח) און דעם כוח הרוחני (גייסטיקן כוח). דאָס וויל זאָגן, אַז אַנדערש קען דער מענטש נישט באַשטראָפט ווערן סיידן אַז ער טוט זיין אַקציע בשלימות, הן פיזיש והן גייסטיק, מיטן אייגענעם ווילן. אָבער נישט, ווען ער ווערט געצוווּנגען צו טאָן, אָדער ער ווערט פאַרפירט צו טאָן אַ שלעכטע זאַך, וואָס ס'קומט צו אים מצד החיצוני — (דורך אן אויסערלעכן דרוק) — נישט מיט דער אינערלעכער איבערצייגונג. דאָס הייסט, אַז די דאָזיקע אַקציע איז אַ דורכגעפירט געוואָרן בלויז מצד זיין פיזישן כוח, וואָס קומט פון דער אויסערלעכער זייט, נישט מיט דעם כוח פון אינווייניק. אַזאַ האַנדלונג איז נישט קיין שלימותדיקע. בכן, איז פון דעם צו זען, אַז אן „אדם שלם" — אַ פאָלקאָמער מענטש איז דער, וואָס ווענדט אָן זיין לעבנסגאַנג די ביידערליי כוחות, וועלכער ציִיגט אַרויס די אַקציע בפועל ממש (פּאַקטיש) הן אין זיין האַנדלונג לגבי דעם אַנדערן והן לגבי זיך, וואָס איז נוגע זיין אייגענער מאַ־טעריעלער עקזיסטענץ, און דאָס גייסטיקע, וואָס קומט פון אינווייניק ציִיגט אַרויס זיין ווילן און איבערצייגונג, אַז ער איז איינשטימיק עס אַדורכצופירן בלב שלם, הן באופן צו טאָן דעם אַנדערן שלעכטעס והן באופן צו טאָן יענעם גוטעס. נאָר דער אונטערשייד אין דעם באַשטייט, וואָס פאַר טאָן שלעכטס באַוווּסטזיניק ווערט ער הארב באַשטראָפט, און קעגנטייל, ווען ער טוט דאָס גוטע, קריגט ער גוט באַלוינט. — אָט דאָס מיינט דער „ספרי" אונטער דעם אויסטייטש פון דעם וואָרט „ההוא" — יענער דווקא, וואָס טוט באַוווּסטזיניק שלעכטעס, ווערט באַשטראָפט — אָבער ניט דער וואָס איז געצוווּנגען (ולא אנוס)". ד. מ. — אַז נאָר דער קען באשטראָפט ווערן, ווען ער ווענדט אָן די ביידערליי כוחות — דעם כוח החומרי און דעם כוח הרוחני בשלימות (מיטן פולן ווילן און באַוווּסטזיין). אָבער נישט באופן, ווען זיין אַקציע ווערט אָנגעווענדט בלויז מצד החיצוני — מיטן כוח הגוף אַליין, אָן שום ווילן און כוונה.

דאָס אייגענע ווערט אינטערפּרעטירט דער מאמר: „אם אין קמח אין תורה; אם אין תורה־ אין קמח" — דאָס הייסט, אַז צו זיין אַ פאָלקאָמער מענטש דאַרף מען באַזיצן אָט די ביידערליי כוחות; קמח און תורה — דאָס מאַטעריעלע און דאָס גייסטיקע („קמח" — מאַטעריע און „תורה" — גייסט).

אָבער איינס אָן דאָס אַנדערע, ווערט נישט אָנגערופן „אדם שלם" (פאָלקאָ־מער מענטש). וואָרום, סיי דער וואָס באַזיצט בלויז „קמח" — דאָס מאַטע־ריעלע, וואָס באַפרידיקט נאָר זיינע אינסטינקטן און אַלע קערפּערלעכע הצטר־כותן, און סיי דער, וואָס איזאָלירט זיך פון ישוב העולם און טוט זיך אַריין בלויז אין דער תורה, אין רוחניות, קענען נישט ווערן אָנגערופן „אדם שלם". מחמת דער קמחדיקער מענטש ווערט געבייגט נענטער צו חיהשן לעבן אין דער תורהדיקער מענטש, פאַרלירט דאָס וועזן פון אַ מענטש און דערנענטערט זיך צו אַ מלאכישן שטייגער לעבן.

איז פון דעם אַלעם צו זען, פונקט ווי דער מענטש אַן און פאַר זיך איז אַ צוזאַמענשטעל פון גוף און נשמה, אַזוי מוז זיין לעבנספירונג אַנטהאַלטן די ביידערליי כוחות — דעם כוח החומרי און דעם כוח הרוחני. און ווען דער מענטש באַזיצט אָט די דאָזיקע שלימות, ווערט ער אָנגערופן אדם שלם. און דאָן וועט ער זיין אימשטאַנד זיך צו דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן „אדם גדול" (אַ גאָר געהויבענע פערזענלעכקייט).

— ג —

## ווער ווערט אָנגערופן „אדם גדול"?

אָט ווי ס'איז אויבן באַוויזן געוואָרן, האָט די נשמה איר צוועק צו ווירקן אויף דעם קערפּער און קאָנטראָלירן זיין אַקטיוויטעט דורך די „חיה־ספּי־ריטס", וואָס קומען מיט איר אין באַרירונג דורך די נערוון. און די דאָזיקע פאַרבינדונג ווערט אָנגערופן די אינטעראַקציע צווישן דער נשמה און קערפּער.

ובכדי צו באַקענען זיך גענויער מיט דעם דואַליסטישן באַגריף — נשמה און קערפּער, דאַרף מען זיך קודם באַקענען מיט זיין אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג.

בכלל איז דער דואַליסטישער באַגריף, אַז דער גוף און די נשמה זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן, וואָס באַלאַנגען צו צוויי באַזונדערע ספערן, אַ גאָר אַלטער.

אָט אין ספר בראשית, ווערט בפירוש געזאָגט: „ג־ט האָט געפורעמט דעם מענטש פון דער ערד און אין אים אַריינגעבלאָזן אַן אָטעם פון לעבן, און דער מענטש איז געוואָרן אַ לעבעדיקער נפש (ויצר ד' אלוקים את האדם מן האדמה ויפח באפו נשמת חיים).

זעט מען אין דעם, אַז די לעבעדיקע נשמה איז דער געטלעכער גע־שאנק אינעם קערפּערלעכן טייל פונעם מענטשן. און ס'איז פון דעם צו ציען

דעם שלום, אַז דאָס אָטעמדיקע (נשמה) באַלעבט דעם קערפּער. פאַרלאָזט נאָר די נשמה דעם קערפּער, איז אַ סוף צום לעבן. — דער קערפּער ווערט צעפאַלן. לאָגיש מיינט עס, אַז די נשמה פאַרלאָזט נאָר דעם קערפּער, זי אָבער שטאַרבט ניט. און דער קערפּער־נשמה דואַליזם איז פאַרן פּרימיטיוון מענטשן אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, וואָס נויטיקט זיך ניט אין קיין באַווייזן פאַר זיין אמת.

און די ספּעציעלע באַווייזן פאַר דער עקזיסטענץ פון נשמה, וואָס איז פאַרשידן פון דעם קערפּער, ווערן באַשטעטיקט דורך דעם, וואָס זיינען פאַר דעם פּרימיטיוון מענטשן דירעקטע באַווייזן: דאָס לעבן — מאַניפעסטירט זיך דורך אַ פּראָצעס פון אָטעמען. ווען דעם אָטעם פאַרלאָזט, שטאַרבט מען... מוז דאָך עפּעס פאַרלאָזן דעם קערפּער, ווען מ'שטאַרבט. דאָס וואָס עס פאַרלאָזט איז די נשמה, וואָס לויט בראשית האָט ג־ט צוגעגעבן צום ערדישן. — די גריכן אָבער, זיינען צו דער קערפּער־נשמה פאַרבינדונג צוגעגאַנגען פילאָזאָפיש. אַמבולסטן ווערט דער דואַליזם פאָרמולירט אין פּלאַטאָנס „פעדאָן", ווו ס'ווערט איבערגעגעבן דער לעצטער שמועס, וואָס סאָקראַט האָט געהאַט מיט זיינע פריינד איידער ער האָט געטרונקען דעם סם.

דער דיאַלאָג הויבט זיך אָן דערמיט, וואָס סאָקראַטעסעס חברים קענען ניט פאַרשטיין זיין מונטערקייט עטלעכע מינוט פאַרן טויט, ווען ער ווייסט, אַז ער מוז טרינקען סם און שטאַרבן; קיין זאַך קען אים ניט ראַטעווען.

פרעגן זיי אים טאַקע פאַר אַ דערקלערונג. פון דער פראַגע אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע אין וועלכער „סאָקראַט" דערקלערט דעם קערפּער־נשמה דואַליזם. ער דערקלערט, אַז ער איז אַזוי מונטער דערפאַר וואָס איך בין איבערצייגט אַז איך גיי צו אַנדערע געטער, וואָס זיינען קלוג און גוט און איך גיי צו מענטשן, וואָס זיינען אַוועק פון דאַנען, און זיינען בעסער פון די וואָס איך לאָז הינטער זיך (פעדאָן ז. 83).

איז די פראַגע: 1) ווער גייט עס צו די געטער? און 2) פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזאַ זיכערקייט? — אַז דער קערפּער גייט ניט צו די געטער, נאָר ער ווערט פאַרניכטעט נאָך דעם ווי מ'שטאַרבט, האָט פּלאַטאָן גוט געוווּסט; אָבער וואָס קימערט אים דער קערפּער וואָס נאָך אַלעמען „איז ער דער קוואַל פון די פאַרשיידענע פּלאָגן: ער דאַרף עסן שפּייז, ער איז אונטערגע־וואָרפן קראַנקהייטן, ער האָט שרעק און פאַרלאַנגען פאַר פאַרשיידענע נאַ־רישקייטן" (80). דער קערפּער איז שוין גאָר ניט אַזאַ טייערע מציאה, מ'זאָל זיך מיט אים אינטערעסירן.

דערפאַר אָבער דאַרף מען זאָרגן פאַר דער „נשמה". נאָר זי אַליין קען „באַטראַכטן זאַכן ווי זיי זיינען"; זי אַליין קען זיין ריין, פאַרברענגען מיט אַנדערע נשמות און וויסן ווען זיך זעלבסט ווי אַ קלאָרע ליכט, וואָס איז די ליכט פון אמת. דערפאַר, וואָס קיין אומריינע זאַכן (קערפּערס), איז ניט

דערלויבט זיך צו דערנענטערן צו ריינקייט... אין וואָס באַשטייט די ריינ־קייט ווען ניט דער אָפּטיילן זיך פון דער נשמה פון דעם קערפּער. ד. ה. — פאַרלאָזן דעם קערפּער און לעבן אין איר אייגענעם פּאַלאַץ, איינגאַנצן אין אָן אַנדער לעבן... באַפרייען די נשמה פון די „קייטן פון דעם קערפּער".

דער דאָזיקער אויסצוג דערקלערט ווער ס'איז דער „איך", וואָס גייט צו די אַנדערע געטער; ס'גייט די נשמה, וואָס האָט זיך באַפרייט פון „די קייטן פון דעם קערפּער".

— איז פּלאַטאָן געווען זיכער אין דעם אמת וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט; זיין זיכער פאַר זיך איז אָבער נישט גענוג. מ'דאַרף אויך איבערצייגן דעם סקעפּטיקער אין דעם אמת. פאַר דעם פאָדערט זיך אַ היפּש ביסל אַרגומענטן און אַ שטאַרקער גלויבן, כדי צו קענען באַווייזן, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט בלייבט זיין נשמה לעבן.

פּלאַטאָן זאָגט: די אַלטע דאָקטרין איז, אַז נאָך דעם טויט גייט דעם מענטשנס נשמה אַוועק פון דער וועלט אין אַן אַנדערער און קומט צוריק פון דאָרט. כדי עס צו באַווייזן, פאָרמולירט ער די טעאָריע פון קעגנזאַצן, וואָס העגל (דער גרויסער דענקער) האָט מיט צוויי און צוואַנציק הונדערט יאָר שפּעטער דערהויבן צו אַ פילאָזאָפישן סיסטעם. — ער זאָגט „יעדע זאַך קומט אַרויס פון איר קעגנזאַץ, צום ביישפּיל: שלאָף איז אַ קעגנזאַץ צו וואַכזאַמ־קייט, איז פון שלאָף אַנטשטייט וואַכזאַמקייט און פון דעם וואַכזאַם צושטאַנד קומט דער שלאָף". דערפאַר, קען מען ציען דעם שלוס, אַז פון לעבן קומט טויט און פון טויט קומט לעבן. אויב דאָס איז אמת, מוזן די נשמות פון די טויטע זיך געפינען ערגעץ פון וואַנען זיי קומען צוריק. און דאָס דענק איך איז באַוויזן געוואָרן אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן" (פעדאָן 90 ־ 93).

און באַקרעפטיקן דעם דאָזיקן אַרגומענט ברענגט ער גלייך אַ צווייטן באַוויז. דער צווייטער באַוויז איז דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין דערקענ־טעניש טעאָריע — אַז וויסן (קאָגנאַציע) באַשטייט אין אַ דערמאָנונג וועגן דעם, וואָס די נשמה האָט געוווסט איידער זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן קערפּער. און קומט צום שלוס, אַז די נשמה איז אין סובסטאַנץ פונעם היי־ליקן און אומשטערבלעכן; זי איז אינטעלעקטועל איינפאָרמיק, אומטיילבאַר און אומענדערבר (106 ־ 70).

אויך אַריסטאָטל איז געווען אַ דואַליסט. זיין באַגריף וועגן קערפּער־נשמה איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון זיין מאַטעריע־פאָרמע דואַליזם. מעטעריע איז קערפּער און פאָרמע איז נשמה... די פּראָפּאָרציע צווישן „מאַטעריע און פאָרמע" איז די פּראָפּאָרציע צווישן קערפּער און נשמה.

איצט, אַז מ'נעמט אָן אַז אַז קערפּער־נשמה דואַליזם איז נאַטירלעך, אַנט־שטייט די פראַגע: ווו און ווי אַזוי קומט פאַר די קאָאָרדינאַציע פון דעם קער־פּער מיט דער נשמה? אָדער ווו איז דער זיץ־פּלאַץ פון דער נשמה?

היפאָקראַטעס, דער פאָטער פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וועלכער האָט געלעבט מיט הונדערט יאָר פאַר אַריסטאָטלען, האָט אָנגענומען, אַז דער מאַרך איז דאָס זיץ־פּלאַץ פון דער נשמה. אַריסטאָטל האָט אָנגענומען, אַז דאָס האַרץ איז דאָס זיץ־פּלאַץ פאַר דער נשמה און די פונקציעס פונעם מאַרך איז צו פּראָדוצירן פליסיקייטן און אָפּצוקילן דאָס בלוט״.

אין דער געענדערטער וועלט, וואָס איז געקומען נאָך אַריסטאָטלען, האָבן זיינע און פּלאַטאָנס געדאַנקען גלייך ביז געקראָגן קיין געהעריקן אָפּקלאַנג. ערשט מיט דריי הונדערט יאָר שפּעטער האָט פילאָן, דער ייד פון אַלעקסאַנדריע, אויפגעכאַפּט פּלאַטאָנס אידעעס, האָט זיי פאַרבונדן מיט די טעאָלאָגישע באַגריפן פון דעם תנ״ך און האָט אַ שטויס געטאָן דעם מענטשלעכן געדאַנק און דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער ריכטונג. לויט פילאָנס סיסטעם איז דער מענטשלעכער קערפּער צוזאַמענגעשטעלט פון ערדישע עלעמענטן און די נשמה, וואָס איר אורשפּרונג איז דער געטלעכער אָטעם, איז צוזאַמענגעשטעלט פון עפיר (זע דאָרט ז. 18). דאָס איז אייגנטלעך דאָס זעלבע, וואָס ווערט געזאָגט אין בראשית, ס׳איז נאָר געזאָגט געוואָרן אויף אַ מער ראַפינירטן אופן; ס׳איז דער זעלבער דואַליזם.

נאָר פילאָן האָט אָנגעצייכנט די ליניע, אויף וועלכער דער מענטשלעכער געדאַנק איז שפּעטער געגאַנגען. דעם וועג האָט אויסגעלייגט פּלאָטינוס, וועמענס מיסטישע געדאַנקען באַהערשן נאָך די מוחות פון געוויסע דענקער ביז היינטיקן טאָג.

אום צו פאַרשטיין די מיסטעריע, וואָס רינגלט אַרום דעם נשמה־באַגריף, וואָס הערשט אין פילאָזאָפישע קרייזן, דאַרף מען זיך באַקענען מיט דער ירושה, וואָס פּלאָטינוס האָט איבערגעלאָזט דער מענטשהייט. ער זאָגט אין זיין „עדינס״: דערפאַר דאַרף יעדע נשמה דענקען וועגן זיך זעלבסט אַלס די באַהערשערין פון אַלע לעבעדיקע זאַכן, ווייל זי איז אַ טייל פון דער וועלט־נשמה, פון ג־ט; זי האָט אריינגעאָטעמט אין זיי דעם לעבנס־פּרינציפּ.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אופן ווי אַזוי די נשמה גיט לעבן, צי אינעם אוניווערס, אָדער צו יחידים, דאַרף עס באַגריפן ווערן לויט דעם פאָלגנדיקן מעטאָד: — „ווענדט אָן די מענטשלעכע נשמה אַזוי, אַז זי זאָל מיט אַ רעליגיעזן געפיל רוען און טראַכטן וועגן דער גרויסער נשמה, אַזוי ווי זי אַליין איז נישט קליין, אָבער אין שטילקייט פון געמיט, דערהויבן צו דער הייכקייט פון יענער רעליגיעזער איבערלעבונג, וואָס איז באַפרייט פון דער אָפּנאַרעריי פון די חושים און פון אַלע כשופים (צויבערייען), וואָס נאַרן אָפּ אַלע נשמות. שטיל מוז פאַר איר זיין דער קערפּער אין וועלכן זי איז געפאַנגען אין די כוואַליעס פון דעם קערפּערס לײַדנשאַפטן״ (עדינס 5, קאַפּ. 1).

אָט דער צענטראַלער געדאַנק פון פּלאָטינוסעס רעליגיעז־מיסטישן עקסטאַז, וואָס אַנטהאַלט געוויסע פילאָזאָפישע געדאַנקען, איז באַשטאַנען אין אַ

שטרעבונג צו באַפרייען די נשמה פון דעם קערפּער און זי „פּאַראייניקן" מיט דער׳ וועלטס־נשמה, אָדער ג־ט וואָס איז איינע און די זעלבע זאַך.

זיין איינפלוס אויף דער וועלט איז געווען אַ קאָלאָסאַלע, ווי דער היסטאָ־ריקער קלעם זאָגט: „דער איינפלוס פון דעם נעאָ־פּלאַטאָנישן רעליגיעז־מיסטיציזם איז נאָך פלאַטינוסן געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער מיט דער לויפנדער צייט". ער הערשט נאָך איצט אויך אין דער רעליגיעזער פילאָ־זאָפיע; ער רעדט דורך העגלען, דורך בערגלסאָן א. א. וו.

און וואָס שייך דעם רמבמ"ס שטאַנדפּונקט וועגן קערפּער־נשמה דואַ־ליזם, ווערט אין „מורה נבוכים" ניט דערמאָנט. משמעות ער פאָלגט נאָך אַריסטאָטלען. דאָס איינציקע וואָס זאָגט יאָ: „מיר זיינען ביי דער מיינונג, אַז נשמות פון ג־טס פאַרכטיקע זיינען באַשאַפן געוואָרן און אַז זיי זיינען אומשטערבלעך. און גיט דערביי צו, אַז די געטלעכע השגחה קאָן נאָר אַרויס־קומען פון דעם אינטעלעקטועלן וועזן, פון אַ וועזן וואָס איז אַליין דער פּער־פעקטער אינטעלעקט (ווי ס׳איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן).

היוצא לנו, אז די הויפּט־ראָל פון אַ מענטשן איז, אַז די נשמה זאָל תמיד האָבן דעם קאָנטראָל איבער זיין קערפּער. ער זאָל ניט זיין קיין „עומד" נאָך אַ „הולך" בדרך שלימות, זיין וואָס מער פּערפעקטער אין זיין דערגרייכונג, וואָס מאַכט אים ווירקלעך פאַר אַן „אדם גדול" — פאַר אַ גרויסן מענטשן. דעם וועג צו דער דאָזיקער שלימות, איז קודם כל צו זיין אַ מושל אויף זיך זעלבסט, ווי רבי שמעון פלעגט זאָגן: „אַ מענטש דאַרף קענען זיין מער הער־שער איבער זיך ווי איבער אַנדערע (צריך אדם להיות מושל בשל עצמו יותר מבשל אחרים). מיט איינעם וואָרט אַן אדם גדול איז דער, וואָס איז אין אַ מעמד פון פּערפעקציע, וואָס האַלט געשפּאַנט זיין נשמה, זי זאָל קאָנטראָלירן זיין קערפּער, בכדי אים צו פאַרהיטן פון אַלע מיני חטאים. און דעם רעיון געפינען מיר אין דעם פּסוק פון קוהלת (ז׳): „זע, דאָס אַליין האָב איך אויסגעפונען, אַז ג־ט האָט באַשאַפן דעם מענטשן גלייך, אָבער זיי האָבן גע־זוכט פיל אויסטראַכטענישן" (לבד, ראה זה מצאתי אשר עשה האלוקים את האדם ישר והמה בקשו חשבונות רבים). ד. מ. — אַז דער מענטש טראָגט די שולד אין זיך, וואָס דערפירט אים צו פאַרדאַרבנקייט.

אַזוי אַרום, איז אַן אדם גדול נאָר דער, וואָס איז אַ שולט ביצרו (אַ הערשער איבער זיך) און פירט זיך בדרך הישר. דאָס קען נאָר געשען, ווען מען באַפרייט די נשמה פון דער אָפּנאַרעריי פון די חושים.

— ד —

# די דערהויבונג פון מענטשנס נשמה

וואָס אייגנטלעך דערהויבט דעם מענטשנס נשמה?

בדרך כלל, זעען דאָס רוב־מענטשן פשוט ניט איין זייער ציל, צו וואָס זיי עקזיסטירן אויף דער וועלט. פאַר זיי זעט אויס, אַז דער תכלית איז נאָר צו לעבן אַ „גוטן טאָג". — בלויז צו שטאַרקן און פוצן דעם חומר. זיי פילן אַפילו ניט אַז כאָטש „כשזה קם" — ווען דער גוף הויבט אָן צו לעבן אַ „טאָג", איז דאַן „זה נופל" — פאַלט דער נפש און די הייליקע געפילן שטאַרבן אָפּ.

אָט ווי די גמרא ברענגט אין ירושלמי ט"ז: „ווען דער חומר (גוף) פון מענטשן שטייגט איבער זיין נפש (נשמה), דערפירט עס אים צו אַ פולשטענ־דיקער ירידה — („המתגבר על הנפש נמצא עליותו ירידה לו"). ווארום, אָפטמאָל, קען דאָס לעבן אַ „גוטן טאָג" דערפירן ניט בלויז למיתת הנפש, נאָר למיתת הגוף — ס'שטאַרבט נישט בלויז אָפּ די נשמה ביי אים, נאָר אויך קומט אום זיין גוף פאַר דער צייט.

כידוע, קומט פון גרויס לוקסוס און הוליאַנקעס קיין גוטעס נישט אַרויס. וואָרום דאָס געפיל פון שנאה און קנאה צו די אַלע בעלי־גאוה, ברענגט סוף־כל־סוף אויס צווישן זיך אַ קריגעריי, אַזש אויס שכרות פּלעט מען זיך די קעפּ מיט פלעשער ווייַן. אַזאַ שמחה וואָס איר תכלית איז נאָר לעבן אַ טאָג, קען זיכער דערפירן למיתת הגוף פאַר דער צייט.

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים איינגעשטעלט, אַז דאָס לעבן אַ „גוטן טאָג" ביי יידן זאָל בעיקר זיין אַ דערהויבונג פון נפש־עליית נשמה, דורך מצוות מעשיות, ווי עס אַנטהאַלטן אונדזערע ימים טובים, אַ חוץ וואָס זיי דערוועקן דעם נפש, האַלטן זיי אויף דעם גוף, עס זאָל נישט געשעדיקט ווערן פון געוויסע תאוות, דהיינו: די יידן קומען זיך צונויף אין די בתי מדרשים און אין די בתי כנסיות לתורה ולתפילה, צו לערנען און צו תפילה טאָן, זעצן זיי זיך אויס נאָך אַלעם ביי געדעקטע טישן, מ'עסט מעדני מלך און מ'טרינקט כוסות, און צו דער זעלבער צייט זאָגט מען שירות ותשבחות וזמירות לאל עליון, צו ג'־ב"ה.

אָט אויף אַזאַ אופן לעבט דער ייד אַ „גוטן טאָג", אָנגעפילט מיט עונג רוחני. אָט ווי דויד המלך זאָגט: „איך שטאַרב נישט אָפּ, ווען איך גיב אַ לעב" (לא אמות כי אחיה), ווייל איך פיר זיך נישט ווי די הולטאַיעס, וואָס פלוידערן ביים עסן און טרינקען, ווי אחשורוש דער שיכור, נאָר איך זינג זמירות, שירים ותשבחות (ואספר מעשי י־ה) — „און איך דערצייל

ג־טס וואונדער", וואָס ער האָט געטאָן מיט אונדזערע אבות און מיט אונדז גופא.

אָט למשל, פסח דערציילט מען וועגן יציאת מצרים; שבועות וועגן קבלת התורה; סוכות וועגן די וואונדער אין מדבר, וואָס ג־ט האָט דאָרט געוויזן. און אַזוי וועגן אַלע יידישע ימים טובים. ובפרט, ווען ס'קומט שבת, עפנט זיך אַ גאַנצער קוואַל פון נפלאות הבריאה — ג־טס וואונדערלעכן וועלט־פּאַלאַץ ווי ער איז באַשאַפן געוואָרן אָן מאַטעריאַל — אַ יש מאין. און מ'זאָגט מיט גרויס התהלבות: „דו האָסט מיך דערפרייט מיט דיינע וואונדערלעכע ווערק" (כי שמחתני ד' בפעליך).

אָט אַזוי געפינט דער ייד אַ זין און תכלית במשך פון זיין קיום אויף דער וועלט. ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן דערהויבט ער זיין נשמה און פאַרהיט זיין גוף פון אַלע מיני תאוות. דאַן, לאחר מאה ועשרים שנה, דערוועַרבנדיק אַ זכות אין לעבן, קערט זיך זיין נשמה אום צו איר אוצר. פון וואַנען זי איז געקומען. און ווען דער מענטש האָט חלילה נישט זוכה געווען צו דערהויבן זיין נפש, זאָגט אויף דעם מהרש"א (שבת קנ"ב): „דער מענטש, וואָס זיין נפש האָט ניט זוכה געווען ביים לעבן, ווערט זיין נשמה איבערגעגעבן ביז דריי מאָל אין אַן אנדער גוף אַריין, — (נפש האדם שלא זכה בחייו ניתנה עד שלשה פעמים בגוף אחרים) — פיליכט וועט איר געלינגען זיך צו דער־ווערבן צו אַ מדרגה עליונה, און דער גוף זאָל מושפע ווערן דורך איר לשם ולתהלה.

דערפאַר רעקאָמענדירן אונדז די חכמים, אַז מ'זאָל זיך עוסק זיין בתורה ומצוות, וואָס פילט אָן דעם מענטשן מיט עונג רוחני, כדי זיך צו דערהויבן צו עליית נשמה — צו אַ העכער גייסטיקער מדרגה.

קאַפּיטל 2

אַ מענטש קלעטערט און גייט אַרויף,
— קלעטערט און נידערט אַראָפּ.
(אדם מטפס ועולה — מטפס ויורד (עירובין כ"ט)

# דער מענטש און זיין הנהגה

א.— דער מענטש און זיין פנקס (נאָטיץ־בוך)

ב.— די באַציונג צו א שונא.

ג.— צדקה — אָן אומרעכט.

ד.— די השגחה פונעם שכל.

— א —

## מיט וואָס איז דער מענטש ענלעך צו אַ פנקס ?

אָט די דאָזיקע פראַגע געפינט איר ענטפער אין דער גמרא נדה ל': רבי שמלאי, דער גרויסער בעל אגדה, ברענגט דאָרט אַזאַ מאמר: „דער ולד (עובר) אין מוטערס לייב איז ענלעך צו אַ צונויפגעלייגטן נאָטיץ־בוך" — (הולד דומה במעי אמו לפנקס המקופל).

איז דאָך אין פלוג שווער צו פאַרשטיין די כוונה פון רבי שמלאי. — וואָס איז ער אייגנטלעך מיט דעם אויסן צו זאָגן: — צו דען איז אונדז אַ חילוק ווי דער ולד זעט אויס אין זיין מוטערס לייב? — ובכלל וואָס לערנט אונדז דער אופן ווי אַזוי דער ולד ליגט?

פנקס" אַלס מענטש וועט אים דערהויבן צו א שם טוב און צו אַ פראַכט פאַר אַלעמען.

דערקלערט דער מהר"ל ז"ל אָט דעם דרש אויף אַזאַ אופן: רבי שמלאי האָט זיך פאראינטערעסירט צו איבערציילן, ווי ווייט דער מענטש איז אַליין בכוח אַלץ מתקן צו זיין, און צו זיין אַפגעהיט פון אַ וועלכן ס'איז הפסד (שאָדן), בכדי מ'זאָל ניט מיינען, אַז דער מענטש איז אַ בריאה, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אומזיסט, אָן שום צוועק. מחמת מיט אים גייט מיט דער יצר הרע, וואָס רעדט אים אָן צו טאָן אַלע מיני עבירות און איז ניט אימ־שטאַנד צו שטעלן זיך קעגן אים. און ווערט גאָר מיט דער צייט אַזאַ גרויסער חוטא, אַז ער האָט וועגן זיינע חטאים אַפילו ניט קיין אַנונג. איז דאָך גאָר ניט צו באַוואונדערן, אַז אַזאַ בריאה זאָל ווערן פאַרפאַלגט פון אַזעלכע כוחות, וואָס שעדיקן זיין קיום. — זאָגט רבי שמלאי, אַז די דאָזיקע בריאה קומט אויף דער וועלט שוין אַ צוגעגרייטע, נאָך פון דער מוטערס לייב, וואָס זי איז געגליכן צו אַ פנקס, וואָס ליגט פאַרמאַכט. און ווי נאָר ס'קומט אויף דער וועלט עפנט זיך עס אויף, בכדי צו פאַרנאָטירן ווען ער איז שולדיק און ווער ס'איז איר שולדיק. ד. ה. דער מענטש קומט שוין מיט אַ פאַרטיקן פנקס און ער אַליין פאַרשרייבט אין אים אַלע זיינע חטאים און אויך דעם שכר, וואָס דער בורא וועט אים דאַרפן באַצאָלן פאַר זיינע מצוות. אָט מיט דעם אונטערשיידט זיך דער מענטש פון אַלע איבעריקע בעלי חיים.

איז פון דעם געדרונגען, ווען דער מענטש וועט זיך האַלטן ווי אַ פנקס, וועט ער צו קיין זינד ניט קומען. כאָטש ג'־ב"ה האָט אים מיטגעגעבן אַ יצר הרע, וועט אים דאָך זיין פנקס מנצח זיין. ווי רבי עקיבאַ האָט געזאָגט: „דו, מענטש, באַטראַכט דריי זאַכן און וועסט צו קיין זינד ניט קומען. וואָרום אַלע דיינע מעשים זיינען פאַרשריבן אין אַ ספר" (הסתכל בשלשה דברים ואין אתה בא לידי עבירה... וכל מעשיך בספר נכתבים"). אַזוי אַרום, זיי וויסן, אַז דאָס דאָזיקע ספר, ביסטו, מענטש, אַליין. אַלע דיינע חובות און פאַרדינסטן ווערן אין אים פאַרשריבן! דערמיט צייגט אונדז רבי עקיבאַ די מעלות און די חשיבות וואָס דער מענטש באַזיצט. וואָרום אינעם מענטשן גופא ווערן פאַרצייכנט אַלע זיינע מעשים.

און אַלס אַריינפיר צום דאָזיקן פנקס גיט אָן רבינו הקדוש: „וואָס איז דער ריכטיקער וועג, וואָס דער מענטש זאָל זיך אויסקלייבן?" (איזהו דרך ישרה שיבור לו האדם?) „און אויב ער וועט גיין אויף דעם וועג, וועט אויך זיין פנקס ווערן אַ פראַכט פאַר אַלעמען?" (ואם ילך על דרך זו יהיה גם ספרו לשם ולתהלה?) — איז דער ענטפער: „דאָס איז דער וועג, וואָס באַשיינט דעם טוער (אין זיינע אייגענע אויגן) און באַשיינט אים פאַר לייטן" (הדרך שהיא תפארת לעושיה ותפארת לו מן האדם). ד. מ. — אַז זיין „אייגענער

ובכדי דער מענטש, זאָל האָבן תמיד אַ מעגלעכקייט, צו קענען בייקומען זיין אינווייניקסטן שונא, דעם יצר הרע, איז אים דערפאַר געגעבן געוואָרן אַ שוץ, וואָס לאָזט דעם שונא צו אים ניט צו. זיין הויפּט־שוץ איז די תורה הקדושה, וואָס פירט אים בדרך הישר און פאַרהיט אים פון אַלע מיני מכשו־לים־חטאים. ווי דער מדרש זאָגט: „די תורה, וואָס ג־ב"ה האָט געגעבן די יידן, איז אַ היילונג" (התורה שנתן הקב"ה לישראל סם רפואה היא — תהילים ע"ח). איז אויב ער וועט נאָר האַלטן פאַר זיך דאָס ספר און זען ווי זיין באַלאַנס זעט אויס, וועט ער תמיד זיין געזיכערט פון מעשים רעים.

אָט דאָס איז אייגנטלעך די כוונה פון רבי שמלאי, וואָס זאָגט: דו, מענטש, דאַרפסט וויסן זיין, אַז דאָס דאָזיקע ספר איז גרייט געווען נאָך במעי אמו. נאָר ס'איז געווען אויפגעלייגט אַזוי ווי דער ולד — אַ פאַרמאַכטער פנקס. און ווי מ'קומט אויף דער פרייער וועלט, עפנט זיך דאָס ספר מיט אַלע פאַרצייכנטע מעשים, זיינע, נאָר ער האָט די בחירה צו גיין בדרך הישר און מכריע זיין במעשים טובים, במשך פון זיין קיום אויף דער וועלט.

— ב —

## ניט פריי זיך, מענטש, אויף קיינעמס מפּלה!

די אגדה, אין דער גמרא ברכות (י"ב), דערציילט: „ווען די יידן זיינען אַריבער דעם ים־סוף אין דער טריקעניש, האָבן מלאכים געוואָלט זאָגן שירה, האָט זיי ג־ט געזאָגט: „מיינע ווערק זינקען אין ים און איר ווילט זאָגן שירה" — (בקשו מלאכי השרת לומר שירה, אמר להם הקב"ה מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה).

זעט אויס לויט דער אגדה, אַז נאָר מלאכים זיינען ניט באַרעכטיקט צוזאָגן שירה, אָבער אַ בשר ודם האָט יאָ אַ רעכט צוזאָגן שירה, ווען ער זעט די מפּלה פון זיין שונא. אָט ווי ס'באַשטעטיקט דער „אַז ישיר משה ובני ישראל" — משה רבינו און די יידן האָבן געזונגען אַ לויבגעזאַנג צו ג־ט, ווען זיי זיינען ניצול געוואָרן פון דעם מיצריישן שונא.

לפי האמת, זיינען דאַן די יידן געווען באַרעכטיקט צו זאָגן שירה, זיי האָבן אין דער מפּלה פון זייער שונא געזען אַ גרויסן נס. דער נס איז: די יידן זיינען אַריבער דעם ים־סוף בחרבה (אין דער טריקעניש), און די מיצרים וואָס האָבן נאָכגעיאָגט די יידן, זיינען דאָרט דערטרונקען געוואָרן.

אָט אַזאַ געשעעניש ווערט באַשטעטיקט, ווי געזאָגט: „רשעים ווערן סוף־כל־סוף געשטרויכלט אין זייער בייזקייט" (ורשעים יכשלו ברעה). אָבער ס'איז ניט באַרעכטיקט צו פרייען זיך אויף דער מפּלה פון אַ שונא — אַ יחיד, ווי געזאָגט „ווען דיין שונא פאַלט זאָלסטו זיך ניט פרייען" (בנפול אויבך אל

תשמח — משלי כד, יז). ווערט פילייכט אימעצער פרעגן: אין דער גמרא ברכות ווערט געבראַכט, אַז דויד המלך האָט שירה געזאָגט אויף דער מפלה פון די רשעים. לויט ווי דויד אַליין דריקט זיך אויס „די זינד וועלן פאַר־לענדט ווערן און קיין רשעים וועלן מער ניט זיין, זאָל מיין נשמה לויבן ג־ט" (יתמו חטאים מן הארץ ורשעים עוד אינם, ברכי נפשי את ד').

איז דאָך פון דעם מאמר געדרונגען, אַז מ'איז יאָ באַרעכטיקט זיך צו פרייען אויף דער מפלה פון די רשעים, אַפילו ווען מ'זעט ניט אין זייער אומקום קיין נס גלוי (אַן עפנטלעכן נס)?

זייער טרעפלעך האָט איינגעטייטשט אָט דעם מאמר, ברוריא, די ווייב פון דעם תנא רבי מאיר. זי דערקלערט אויף אַזאַ אופן: ווען דער דאָזיקער פסוק וואָלט געזאָגט בלשון „חוטאים" (זינדיקע), וואָלט עס געהייסן אַז מ'פרייט זיך אויף די רשעים. אָבער דער לשון לויטעט גאָר „חטאים" (זינד), הייסט עס, אַז דויד המלך וועט זיך פרייען אויף דער ממפלה פון די רשעים, ווען ס'וועט בכלל מער נישט זיין קיין זינד אויף דער וועלט, ד"מ, זייער מפלה באַשטייט אין דעם, וואָס וועט מער קיין רשעות ניט עקזיסטירן, אַפילו מ'וועט וועלן טאָן רשעות, וועט מען אויך ניט קענען.

איז אויב מ'זעט ווי דער רשע (שונא) פאַלט, זאָל מען האָבן אין זינען, אַז דער רשע איז אַן אויסלייזונג פאַר דעם צדיק („כופר לצדיק רשע"). ד"מ, וואָס האָט געזאָלט געשען דעם צדיק, באַקומט אַם ענדע דער רשע. אָט אַזוי ווי ס'לויטעט די מעשה פורים: „במקום המן הרשע איז מרדכי הצדיק אויפ־געריכט געוואָרן".

דאָס אייגענע האָט אונדז געוואָרנט דער נביא יחזקאל: „ער, דער רשע, קומט אָפּ צוליב זיין אייגענע זינד און דו, צדיק, האָסטו זיך געראַטעוועט" (הוא בעוונו ימות ואתה את נפשך הצלת — (ג' י"ט). ד"מ, — „דער רשע ווערט פאַרפאַלגט פון זיין אייגענער בייזקייט, ביז ער ווערט פאַרטיליקט פון דער וועלט" (חטאים תרדף רעה).

איז פון דעם אַלעם געדרונגען, אַז מ'זאָל זיך אויף קיינעמס מפלה ניט פרייען. מחמת די ירידה פון דעם רשע, אָדער פון דעם שונא, קומט גאָר צוליב געוויסע חטאים, וואָס ער איז באַגאַנגען. איז ווען אימעצער קומט אָפּ צוליב געוויסע חטאים, מוז מען דאַן אין זינען האָבן, אַז קיינער קען ניט זיין ריין פון זינד. ווי ס'לויטעט דער פסוק: „ס'איז ניטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וואָס זאָל קיין פעלער ניט באַגיין (אין צדיק בארץ, אשר יעשה טוב ולא יחטא).

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ג —

# טו ניט, מענטש, קיין אומרעכט אויפן חשבון פון צדקה!

די תורה הקדושה האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז ג־ט שוינט נישט דעם פנים און נעמט נישט קיין שוחד (לא ישא פנים ולא יקח שוחד). זאָגט רש״י ז״ל: „ג־ט שוינט ניט דעם, וואָס וויל מיט צדקה געבן זיך באַפרייען פון אַלע מצוות התורה. און ער נעמט ניט קיין שוחד (אויסלייז געלט), בכדי ג־ט זאָל אים מוותר זיין פון עונש״. אין אַנדערע ווערטער מיינט עס: ווען עמיצער וועט טאָן אַ געוויסע מצוה, בכדי צו באַפרייען זיך פון דער שטראָף אויף דער עבירה, וואָס ער איז באַגאַנגען, וועט ער אים ניט העלפן, ווייל ג־ט נעמט ניט קיין שוחד ממון, אַפילו אַזאַ שוחד ווי צדקה.

ס'איז אָבער צו באַדויערן, וואָס דאָס רוב יידן מיינען, אַז מיט צדקה קען מען זיך אויסלייזן פון אַלע חטאים. מחמת ג'־ב״ה זוכט ביים מענטשן, בעיקר, ער זאָל האָבן אַ גוט האַרץ — „רחמנא לבא בעי״ — וואָלט דאָך אייגנטלעך צדקה געדאַרפט זיין פאַררעכנט פאַר דער וויכטיקסטער מצוה, אַז דער מענטש זאָל זיך מיט דעם קענען אויסלייזן פון אַלע זיינע חטאים. — איז אָבער אין גרונט גענומען דער דאָזיקער באַגריף אַ פאַלשער. — לויט ווי ס'ברענגט דער „שפת אמת״ און פרשת שופטים, אין נאָמען פון הרב הקדוש מפרשיסחא היהודי ז״ל, דאָס וואָס די תורה דריקט זיך אויס בלשון „דאָס יאָגן זיך נאָך גערעכטיקייט״ (צדק צדק תרדוף) מיינט עס: ס'זאָל זיין נאָר מיט גערעכטיקייט, נישט באַנוצן זיך מיט שקר און אומרעכט. ד״ה — מ'זאָל אָפּגעבן זיך מיט צדקה, וואָס אַנטהאַלט גערעכטיקייט. אָבער ס'זאָל נישט געטאָן ווערן די דאָזיקע מצוה, בכדי ריין צו וואַשן זיך פון באַגאַנגענע חטאים, און אוודאי נישט קיין חטאים אויפן חשבון פון צדקה!

און דאָס וואָס ווערט אין דער תפילה געזאָגט: „צדקה איז מבטל די בייזע גזירה״ (תשובה, תפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזירה). זעט עס אויס, ווי דער בורא עולם נעמט שוחד פון די רשעים, אויף מכפר צו זיין זייערע זינד, בעת די תורה זאָגט גאָר בפירוש: „ג־ט נעמט נישט קיין שוחד״ (ולא יקח שוחד)? איז דער ענטפער: ג־ט ב״ה נעמט שוחד אויף דער וועלט, אויף מכפר צו זיין די עבירות, וואָס זיינען געטאָן געוואָרן, כל זמן די שערי תפילה זיינען אָפן. ער נעמט אָבער נישט קיין שוחד (ווי צדקה) באופן צו ווערן פריי פון אַלע מצוות פון דער תורה, און אַלע איסורים זאָלן ווערן פאַר אים ווי אַ היתר. בכלל, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם ענין פון „לא יקח שוחד״ איז פאַראַן אין דעם אַ גרויסער חילוק צווישן מענטש און ג'־ב״ה. דאָס שוחד וואָס ג'־ב״ה נעמט, גיט ער דעם מענטשן אַ מעגלעכקייט, כדי ער זאָל זיך

קערן צו טאָן גוטעס; ער זאָל נעמען פאַר זיך אַ וועג, וואָס פירט אים צו טאָן מעשים טובים. אַנדערש איז, ווען דער מענטש נעמט שוחד, דאַן ווערט די גערעכטיקייט באַזייטיקט און עס פאַרפירט אים אויף קרומע וועגן, ווייל: „שוחד מאַכט בלינד די אויגן פון קלוגע, און פאַרקרימט די ווערטער פון גערעכטע" (כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים).

פון דעם אַלעם איז געדרונגען, אַז מ'האָט נישט קיין שום רעכט צו טאָן עבירות אויפן חשבון פון צדקה. ווייל דאָס געבן צדקה מוז זיין אין איינקלאַנג מיט דער תורה. דהיינו ווי: הצלת נפשות (ראַטעווען אַ נפש), מחזיק זיין תורה (שטיצן לומדי תורה) און העלפן מדינת ישראל אאַ"וו.

בעיקר, מוז געמומען ווערן אין אכט, ווען מ'גיט צדקה דאַרף דערביי נישט זיין קיינע פערזענלעכע פניות, אָדער לטובת עצמו ולשם גאוה. נאָר ס'דאַרף זיין אַדורכגעדרונגען מיטן פולסטן אמת און גערעכטיקייט. און מ'טאָר זיך אוודאי נישט איבערנעמען מיט דעם, וואָס מ'גיט צדקה. בכדי צו באַפרייען זיך פון אַלע מצוות התורה. און וואָס שייך צו ג'-ב"ה, איז ביי אים בכלל נית שייך קיין שוחד, ווייל אַלץ איז זיינס. ווי רבי אליעזר זאָגט: „דער וואָס גיט צדקה, גיט ער עס ביט זיינס, נאָר ס'איז בהסכם הקב"ה (ולא מקח שוחד שהכל שלו). דערפאַר ווערט טאַקע די מצוה פון צדקה פאַררעכנט פאַר דער וויכטיק־סטער מצוה, ווען ס'ווערט געטאָן לפי רוח התורה, אָן שום פערזענלעכע פניות. די מצוה פון צדקה זאָל ניט טראָגן קיין כאַראַקטער פון „שוחד". און אַזוי ווי קיין מצוה פאַרנעמט ניט דאָס אָרט פון קיין עבירה, טאָר מען דערפאַר ניט טאָן אויפן חשבון פון צדקה קיין שום אומרעכט!

— ד —

## מענטש, צו זיין ערלעך, איז ניט גענוג די השגחה פונעם שכל

געוויסע אויפגעקלערטע (משכילים) טראָגן זיך אַרום מיט אַ געדאַנק, אַז צו זיין ערלעך, האָט גאָר נישט קיין שייכות מיט דער תורה. ס'איז בלויז גענוג צו באַזיצן אַ נייגונג, וואָס פירט צו דער איבערצייגונג, אַז אַ מענטש דאַרף זיך אויפפירן במשך פון זיין עקזיסטענץ, תמיד ערלעך אין אַלע הינזיכטן.

יאָ, זיכער, דאַרף מען האָבן אַ נייגונג צו זיין תמיד אויפריכטיק־ערלעך, הן צו זיך זעלבסט און הן צו זיינע מיטמענטשן. דאָס איז בלתי ספק.

ס'מוז אָבער גענומען ווערן אין אכט, אַז מיט דעם וואָס מען באַזיצט אַ נייגונג צו אויפפירן זיך ערלעך, איז מען נאָך נישט בכוח גובר צו זיין אָט די

אַלע מיני ליידנשאַפטן, וואָס דער מענטש באַזיצט בדרך הטבע; גאָר אָפט מאַכט זיך, וואָס ער קען נישט ביישטיין דעם נסיון און ווערט מושפע פון דעם יצר הרע צוטאָן דאָס פאַרקערטע, און ס'פירט אים אַוועק גאָר אויף קרומע וועגן. ער געפינט דאָן שוין אַ באַרעכטיקונג פאַר אַלע אומכשרע מיטלען, אויף צו קענען צו פרידנשטעלן זיין „איך" און אַלע מיני תאוות הגוף.

בכדי אָבער, דער מענטש זאָל קאָנען זיין אויפריכטיק־ערלעך, מוז ער האָבן פאַר זיך אַ געוויסע פּראָגראַם אין גאַנג פון זיין לעבנס עקזיסטענץ. די מער שטאַנדהאַפטיקסטע פּראָגראַם וואָס צייגט דעם מענטשן אַ וועג פון אויפריכטיקער ערלעכקייט, איז אונדזער תורה הקדושה. זי שטייט תמיד ווי אַ שוץ־וואַנט קעגן דעם מענטשנס ליידנשאַפטן און דערלאָזט ניט, אַז ער זאָל ווערן פאַרפירט פון זיין „איך", וואָס קען אים אָפט מקצר זיין די יאָרן.

אָט דעם דאָזיקן רעיון ברענגט אַרויס זייער בולט דער משורר פון תהלים, בזה הלשון: „ווייל צו די וואָס זייער וועג איז ערלעך, וואָס גייען אין דער תורה פון ג"ט (אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ד')". וואָלטן פילייכט געקענט מיינען, אַז מ'קען זיין ערלעך אַפילו, אַז מ'גייט ניט אין וועג פון דער תורה. ווייל דער משורר לויבט שטאַרק נאָר די, וואָס גייען אין דער תורה פון ג־ט. באַווייזט עס, אַז מ'קען זיך אויך אויסלעבן ערלעך אונטער דער השגחה פונעם שכל אַליין. — היתכן?

גיט אויף דעם אַ געניע דערקלערונג דער ספר „אגרא דכלה", און פירט אויס וואָס דער משורר פון תהילים איז מכוון. אָט למשל, ווי ס'איז אַלעמען באַוווסט, האָט דער גריכישער פילאָזאָף אַריסטאָטל, געלייקנט אין מציאות השם והנבואה (אין דער אַנטשטייאונג פון גאָטהייט און נבואה). ער נעמט נאָך אַביישפיל פון זיך זעלבסט: „כאָטש איך האָב זיך קיינמאָל נישט אָפּגע־געבן מיט נישטיקע זאַכן; איך האָב תמיד זיך עוסק געווען נאָר אין חכמה, וואָס איז נוגע דער „בריאה" און „יצירה", דאָך בין איך צו נביאות נישט דערגאַנגען. איך האָב אויף אַלץ אָנגעווענדט נאָר דעם שכל הפועל (אקטיוון אינטעלעקט). אַפילו צו מיין ערלעכקייט, האָט בלויז דער שכל און מיר דיקטירט" — מיט דעם האָט אַריסטאָטל געוואָלט איבערצייגן, אַז מ'דאַרף נישט זיין קיין בן־תורה, צו גיין אין אירע וועגן, צו זיין ערלעך.

יאָ, אָבער אַריסטאָלען איז קיינמאָל נישט אויפגעקומען אויף דער דעה — זאָגט דער „אגרא", אַז נביאות קאָן נאָר זיין במציאות דווקא ביים ייד, וואָס טראָגט דעם יאָך פון דער תורה, אָבער נישט ביי דעם וואָס זוכט אַלץ צו באַגרינדן נאָר מיטן שכל. ווארום צו זיין ערלעך, איז אָפטמאָל דער שכל גאָר נישט בהסכם; ער דיקטירט אים גאָר, ווי ער זאָל זיך נוקם זיין אָן עמיצן, און ער קומט מיט דער איבערצייגונג, אַז ער זאָל זיין „איך" נישט מוותר זיין, ביז ער דערפירט אים צו רציחה — זייער ווייט פון צו זיין ערלעך בתמימות. אַזאַ ערלעכקייט, איז בלויז אַ צופעליקע, אָבער נישט קיין אויפ־

ריכטיקע. צו זיין ערלעך אויפריכטיק מוז מען זיין דערצויגן אין גייסט פון דער תורה, וואָס צייגט אים אַ פּראָגראַם ווי צו דאָמינירן איבער אַלע זיינע אינסטינקטן. (ווי ס'איז באַוווסט, איז אַריסטאָטל נכשל געוואָרן דורך אַ פרוי אַ זונה, וואָס זי איז געווען דער עיקר סיבה פון זיין טויט, — „יערות דבש", ח"ב).

דערפאַר זאָגט דויד המלך: „וויל מען זיין ערלעך־אויפריכטיק און צו קענען באַהערשן די אינסטינקטן, מוז מען גיין אין דעם וועג פון תורת ד' — (אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ד'). ווייל מ'איז קיינמאָל נישט געזיכערט צו בלייבן ערלעך־אויפריכטיק, ווען מ'פאַרלאָזט זיך בלויז אויפן שכל. וואָרום, ווען מ'פאַרלאָזט זיך אויפן שכל, דאַן זוכט מען צו באַרעכטיקן אַלע מיני אומכשרע מיטלען, בכדי צו קענען צופרידנשטעלן אַלע ליידנשאַפטן. אָט ווי דער ספר „המקנה" איז מבאר דעם פסוק: „וואָרום רעכטפאַרטיק זיינען די וועגן פון ג־ט, און די גערעכטע גייען אין זיי, און די פאַרברעכער ווערן געשטרויכלט אין זיי" — (כי ישרים דרכי ד' וצדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם — הושע יד, י'). ד"מ — „אָט די זינדיקע וואָס גייען אַפילו און ג־טס וועגן, איז פאַר זיי אַן אַפקומעניש — אַ וועג פון שטרויכלונגען. זיי קערן זיך תיכף באַלד צוריק צום קרומע וועגן, ווייל זיי באַרעכטיקן מיטן שכל אַלע מיני אומרעכטן".

היוצא מדברינו, אַז צו זיין ערלעך־אויפריכטיק, איז דער איינציקער שוץ־מיטל — די תורה. נאָר זי, האָט פאַרן מענטשן געפלאַסטערט אַ וועג פון עטיק און מאָראַל; נאָר זי, פירט דעם מענטשן אויפן דרך הישר, בכדי צו בלייבן תמיד ערלעך־אויפריכטיק — נישט בלויז צופעליק. און נאָר דאַן, קען מען געהאָלפן ווערן! אָט ווי דער דענקער פון „משלי" זאָגט: „נאָר דער, וואָס גייט ערלעך, וועט געהאָלפן ווערן פון אַלע מיני צרות" — (הולך תמים יושע).

## קאַפּיטל 3

„ניט דער איז גרויס, וואָס האָט דערוואָרבן גרויסעס,
גרויס איז דער, וואָס שטרעבט צו גרויסעס”
(לא זהו גדול שהשיג גדולות,
גדול ששאף לגדולות (אבן גבירול).

„ווען מ׳קלייבט אויס דאָס שלעכטע פון גוטן,
ווערט מען שוין מער ניט דאַרפן קלייבן”
(מי שבורר את הרע מן היפה,
שוב אינו הוזר לבורר — (במ”ר פ”י).

# דער מענטש און זיין חשיבות

א.— מעלות וואָס דערפירן צו גליק.

ב.— די מידה וואָס דערפירט צו יראת שמים.

ג.— די חשיבות פון מלאכה.

ד.— עיקר תכלית פון עשירות.

ה.— פרייגיביקייט און גייציקייט, בישוב העולם.

ו.— ווען רעדן — ווען שווייגן.

— א —

## מעלות וואָס דערפירן דעם מענטשן צו גליק

לויט ווי דער תנא בן זומא גיט אונדז איבער אין פרקי אבות, זיינען פאַראַן פיר מעלות: חכם, גבור, עשיר ומכובד. ער גיט אָבער דאָרט אָן אַ גאַנץ אַנדערן באַדייט, ווי די וועלט מיינט.

ער זאָגט אַזוי: נישט דעם לערנער, אָדער דעם געבילדעטן קען מען רופן „חכם", ווייל ס'זיינען דאָ גרעסערע לומדים און געבילדעטע; דאָס גלייכן קען מען ניט רופן דעם קערפּערלעכן שטאַרקן מענטשן „גבור", ווייל ס'זיינען דאָ נאָך שטאַרקערע פאַר אים. און דאָס גלייכן „עשיר" און „מכובד" (געערטער).

נאָר דער תנא בן זומא רופט אָן „חכם" אַזעלכן, וואָס לערנט זיך פון אַנדערע (איזהו חכם? — הלומד מכל אדם); און ווער איז „אַ גבור" (אַ שטאַרקער?) — דער וואָס איז אימשטאַנד צו באַהערשן זיך זעלבסט און איבערגעוועלטיקן דעם יצר הרע, און גייט צוריק פון זיין שלעכטן וועג (ואיזהו גבור — הכובש את יצרו); און ווער איז רייך? דער, וועלכער איז צופרידן מיט וואָס ער האָט (ואיזהו עשיר — השמח בחלקו); און מ'קען ניט רופן יעדן מענטשן „מכובד", וואָס מ'גיט אים כבוד, ווייל ס'זיינען דאָ פיל מענטשן, וואָס מ'גיט די כבוד צוליב מורא, צוליב עשירות, אָדער צוליב אַנדערע זאַכן. נאָר „מכובד" איז דער, וואָס גיט כבוד אַנדערע מענטשן און שטעלט זיי פאַר זיך גרעסער ווי ער איז אַליין, ווייל דער וואָס שעצט אַלעמען, שעצן אַלע אים.

און דאָס זיינען די מעלות, וועלכע אַ מענטש דאַרף באַזיצן. און מיט אַזעלכע פיר מעלות קען דער מענטש זיין גליקלעך אויף דער וועלט און ס'וועט אים אויך באַגלייטן אויף יענער וועלט.

בכדי אָבער צו דערגרייכן אָט אַזעלכע פיר מעלות, דאַרף דער מענטש קודם געוואָר ווערן ביי זיך זיין ערגסטע מידה און טאָן כלערליי מעגלעכקייטן, צו באַצווינגען דעם יצר הרע פון דער מידה, וואָס ער רעדט אים אָן צו איר. ער איז מחוייב איינצוהאַלטן דעם יצר הרע און נישט פאָלגן אים. און מוז אָנווענדן כל התפעלות זיך אָפּצוגעווינען פון דער שלעכטער מידה. דאַן וועט אים השם יתברך העלפן, אַז ס'וועט אים שוין זיין גרינג זיך אָפּצוגעווינען פון אַלע שלעכטע מידות און וועט קענען דינען ג־ט בשמחה — מיט פרייד און מיט אַלעם גוטן.

ומהאי טעמא, דריקט זיך אויס דער תנא בן זומא מיטן לשון „הכובש את יצרו" (צו באַצווינגען דעם שלעכטן געדאַנק), נישט בלשון „המנצח את יצרו" (ער איז מנצח דעם יצר הרע), אָדער „הנמלט מיצרו" (וואָס ווערט אַנטרונען, כדי ער זאָל זיך ראַטעווען פון זיין שלעכטן געדאַנק). דאָס צייגט אונדז, אַז

דער גרעסטער דרך פון עבודת הבורא איז נאָר, צו באַצווינגען דעם יצר הרע דווקא. אָט ווי דער יצר הרע האָט מיט גרויס חשק געזוכט אים צו באַצווינגען און אים פירן צום שלעכטן, אַזוי זאָל ער מיט דעם אייגענעם פייער און השק מבטל מאַכן דעם יצר הרע, אים אונטערדריקן, (דעת זקנים).

אָט דאָס זיינען די וויכטיקסטע פיר מעלות, וואָס דערפירן דעם מענטשן צו גליק!

— ב —

## וואָס דערפירט דעם מענטשן צו יראת שמים?

איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע מדות, איז די מידה פון עניוות (באַשיידנקייט). די דאָזיקע מידה דאַרף זיך דער מענטש לערנען פון דעם בורא עולם. וואָרום ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ג־טס נאָמען אַליין איז מעכטיק און שטאַרק, ווי געזאָגט: „ווי מעכטיק ס'איז ג־טס נאָמען" (כי נשגב שמו לבדו), פונדעסטוועגן דערהויבט ער זיין פאָלק ישראל און ליבט זיינע חסידים, זיי זיינען „זיין נאָענט פאָלק" (דער עם קרובו). אָט ווי דויד המלך דריקט זיך אויס: „ער דערהויבט אַ שטאַרקע הערשאַפט צו זיין פאָלק און האָט געמערט אַ ליבע צו זיינע חסידים, צו די בני ישראל — זיין נאָענט פאָלק" (וירם קרן לעמו, תהלה לכל חסידיו, לבני ישראל עם קרובו).

אַלס פאַקט דינט אונדז, וואָס דער בורא עולם האָט זיך מתיחס געווען מיט די יידן, וואָס זיינען געווען אין מצרים אַזוי שפל און אָרעם, און דאָך האָט ער זיי דערהויבן פון דער נידער ביז צום הר סיני. ער האָט זיי דערפירט צו דער סאַמע געטלעכקייט. דאָס באַווייזט די גרויסע עניות פון דעם בורא עולם. מיט דעם האָט ג־ט באַוויזן דער גאַנצע וועלט, אַז אַלץ באַלאַנגט אָן אים. ווי געזאָגט „פון דער סאַמע נידעריקייט דערהויבט ער דעם געפאַלענעם" (מאַשפות ירים אביון).

און אַזוי ווי ג־ט האָט דערהויבן זיין פאָלק ישראל פון אַזאַ שפלות — פון שקלאַפן זיינען זיי געוואָרן אַ הויך קולטורעל־פאָלק. דאַרף דעריבער אונדזער ביטחון און אים ווערן אַזוי מעכטיק, אַז ער וועט זיין פאָלק קיינמאָל ניט פאַרלאָזן; ער וועט אים באַפרייען פון אַלע מיני גלותן און אים דערהויבן איבער אַלע פעלקער.

אָט אַזאַ מידה פון עניוות האָט ג'־ב"ה באַוויזן, וואָס דינט אַלס לערע פאַר יעטווידער מענטשן, — ער זאָל זיך מתקרב זיין צו אַן אָרעמען קרוב ווי צו אַ רייכן. אים פאַרבעטן צו זיך אויף אַ שמחה און אויך גיין צו אים אויף אַ שמחה.

בכלל, טאָר זיך ניט אַ מענטש גרייסן קעגן אַן אָרעמאַן, ווייל דער אָרע־מאַן „גייט אין זיין ערלעכקייט" (בתומו הולך). ער איז אַן אָרעמאַן בלויז דערפאַר, ווייל ער איז ניט פון די וואָס זאָל אים קימערן; ער האָט ניט קיין פאַרקרימעטע ליפּן — ער איז ניט „מעקש שפתיו" — צו זיין אַן עקשן און בלייבן אַ נאַר. וואָרום ער האַלט אַז ס'איז בעסער צו זיין אָרעם בגוף אָבער רייך בנשמה, איידער פאַרקערט.

ומהאי טעמא האָט אונדז שלמה המלך געוואָרנט: „דער וואָס באַרויבט אַן אָרעמאַן, לעסטערט ער זיין באַשעפער, ווייל ער מיינט אַז ג־ט וועט אים שוין ניט ראַטעווען פון זיין האַנט. (עושק דל חרף עושהו — משלי י"ד, ל"א). אָבער אין קעגנטייל איז דער, וואָס דערבאַרימט זיך אויפן אביון, גיט אים כבוד, שעצט ער זיין באַשעפער. (ומכבדו חונן אביון, — דאָרט).

איז ווען דער מענטש איז אַן עניו — ער האַלט זיך באַשיידן, אַפילו קעגן דעם אָרעמסטן, וועט ער דאַן אַליין ווערן געשעצט, און דער אָרעמאַן וועט אויך אַזאַ אופן דערהויבן ווערן. אַט ווי דער דענקער פון „משלי" האָט געזאָגט: „דער מענטש קומט צו יראת שמים (האָט מורא פאַר ג־ט), ווען ער איז אַן עניו — ער האַלט זיך באַשיידן. וואָרום „דער לוין פון עניוות, איז עשירות, און כבוד, און לעבן" — (עקב ענוה יראת ד' עושר וכבוד וחיים — כ"ב, ד').

דאָס איז דער כלל, וואָס די חכמים האָבן געזאָגט: „ווען אימעצער מיינט, אַז חכמה אַליין איז שוין גענוג, האָט ער אַ טעות, ווייל אַזאַ חכמה, וואָס אַנטהאַלט ניט קיין יראה, איז ניט שטאַנדהאַפטיק" — (אם אין יראה — און חכמה).

דאָס וויל זאָגן, אַז: דער מענטש דאַרף וויסן זיין, אַז קיינע געזעצן פון דער וויסנשאַפט זיינען ניט אימשטאַנד צו פאַרהיטן דעם מענטשן פון שטרויכ־לונגען, וואָס רינגלען אים אַרום און קענען ניט באַהערשטן די תאוות הגוף, וואָס צעברעכן זיינע געפילן, נאָר באופן אַז ער איז איינגעהילט ביראה (מיט מורא פאַר ג־ט), וואָס איז דער מקור החיים (דער לעבנס קוואַל) (יראת ד' — מקור חיים, לסור מעוקשי מות — משלי י"ד, כ"ז), און נאָר יראה פאַרהיט דעם מענטשן, ער זאָל זיך אָפּקערן פון עבירות, וואָס דערנענטערן אים צום טויט.

איז פון דעם אַלעם צו פאַרשטיין, אַז דער מענטש קען זיך דערהויבן צו יראת ד' נאָר דאַן, ווען ער באַזיצט די מידה פון עניוות (באַשיידנקייט). און אַפילו דער מענטש וואָס באַזיצט אַנדערע חכמות, מוזן זיי אַנטהאַלטן יראה, כדי ער זאָל נישט מיינע, אַז ער האָט שוין די גאַנצע וועלט אין זיין האַנט. ווייל קעגן דער גזירה פון ג־ט העלפט ניט קיין חכמה און קיין פאַרשטאַנד און קיין שום עצה, ווי געזאָגט: „אין חכמה ואין תבונה ואין עצה לנגד ד'" (משלי כ"א, ל').

— ג —

# די חשיבות פון מלאכה (אַרבעט-פאַך)

כידוע, האָבן אונדזערע חכמים געלעבט נאָר פון מלאכה. זיי האָבן ליב געהאַט צו עסן אַ שטיקל ברויט ביגיע כפים, (האָרעוועןדיק) איידער פאַר־נעמען זיך מיט לייכטע הספקות (אונטערהאַלטונגען).

דער תלמוד דערציילט אונדז גאַנץ פריי און ליבלעך, ווי געוויסע תנאים און אמוראים האָבן זיך דערנערט נאָר פון מלאכה: ר' יהושע איז געווען אַ קוילן־ברענער, ר' יצחק — אַ שמיד, רב פפא — אַ ביר־ברויער וכדומה.

די חכמי התלמוד האָבן זיך אַפילו אויסגעדריקט: ווער ס'לערנט ניט זיין זון אַ מלאכה, איז גליך ווי ער וואָלט אים געלערנט זיין אַ גזלן" (כל מי שאינו מלמד את בנו אומנות, כאלו מלמדו לסטיות — קדושין כ"ט, א').

קומט אַרויס דער תנא ר' שמעיה און זאָגט בפירוש: „האָב ליב די אַרבעט און האָב פיינט די גרויסקייט (אהב את המלאכה, ושנא את הרבנות) „און דו וועסט דאַן ניט לאָזן זיך דערקענען צו אָרעמקייט" — (ואל תתדוע לרשות). דאָס מיינט: דו וועסט דאַן קיין אָרעמאַן ניט זיין. (סולת למנחה). ניט ווי אַנדערע מפרשים, וואָס זאָגן, אַז די כוונה פון „ואל תתודע לרשות" איז: „און דו זאָלסט ניט לאָזן זיך דער דערקענען צו דער רעגירונג פון דעם לאַנד, אָדער דו זאָלסט ניט זוכן צו באַקענען זיך מיט די וואָס זיינען אין דער מאַכט". וואָרום דאָס וואָרט „רשות" שטאַמט פון „ריש" (אָרעמקייט). ובפרט, ווען אונדזערע נביאים, תנאים ואמוראים האָבן אונדז שטרענגט פאַר־זאָגט, אַז מיר זיינען מחוייב צו שעצן די ממשלה; פיל פון זיי זיינען גאָר געווען מקורבים למלכות, ווי רבינו הקדוש און ר' אבוהו וכדומה.

דעריבער איז פעסטצושטעלן, אַז דער פשט פון „ואל תתודע לרשות" מיינט: אויב דו, מענטש, וועסט ליב האָבן די מלאכה, וועסטו פון קיין אָרעמ־קייט נישט וויסן. אמת, ער וועט אפשר צו קיין עשירות נישט צו קומען, אָבער מיט זיין לעבנס מיטל, אַפילו אין אַ הונגער צייט, וועט ער זיך אַן עצה געבן. (אַזוי זאָגן די חכמים אין סנהדרין).

אויך האָט די תורה הקדושה געלאָזט וויסן, אַז „מלאכה" איז פון די ערשטע ציוויים (באַפעלן). ווי ג־ט באַפוילט אָדמען: „ער זאָל עסן פון די פרוכט". איז עס געווען ווען ער האָט אים פאַראָרדנט ער זאָל דעם גאָרטן באַאַרבעטן און היטן (ויניחהו בגן עדן לעבדה ולשמרה). ד"מ — אַז ס'איז אַ מצוה צו דערנערן זיך פון דער אַרבעט. וואָרום, ווען מ'פאַרנעמט זיך מיט אַ גרינגער הספקה, ציט עס גיכער צו תאוות הגוף און מ'פאַרגעסט אָן ג־ט. דערפאַר זאָגט אָן די תורה: „היט זיך, אַז דו זאָלסט אָן ג־ט נישט פאַרגעסן" — (השמר לך פון תשכח...).

ומהאי טעמא, רופט ג־ט אָן די בריאת העולם בשם מלאכה: „און ג־ט האָט פאַרענדיקט זיין מלאכה״ — (**ויכל אלוקים את מלאכתו אשר עשה**), כדי צו צייגן דער מענטשהייט, אַז מ׳זאָל ליב האָבן די מלאכה. כאָטש דער רבש״ע האָט די וועלט באַשאַפן אָן שום מי און טרחה, נאָר בלויז במאמר (מיטן וואָרט), דאָך רופט ער אָן זיינע מעשים בשם מלאכה (אַרבעט). דאָס באַווייזט, אַז קיין הספקה איז ניט אַזוי געשעצט ווי מלאכה. אָט ווי די חכמים זאָגן: „גרויס איז מלאכה, ווייל זי באַערט איר אייגנטימער (גדולה מלאכה שמכבדת את בעליה — נדרים מ״ט). און די מצוה פון מלאכה איז אַזוי גרויס, במשך פון דער וואָך, ווי די מצוה פון שמירת שבת, ווייל, „הא בהא תליא״ — עס באַלאַנגט איינס אָן דאָס אַנדערע. — פאַרנעמט מען זיך מיט אַרבעט, קומט צום טאָג פון מנוחה, און ווען ס׳איז פאַראַן מנוחה, קומט מען צו קדושה. אָט ווי דער טאָג שבת איז באַצייכנט: „ויברך ויקדשהו״ — מיטן אָפּהיטן שבת כדבעי, וועט מען זיין געבענטשט און געהייליקט (ר׳ סעדיהו גאון).

— ד —

## וואָס איז דער עיקר תכלית פון עשירות ?

דער אַלטער משורר פון תהילים שטעלט אַ פראַגע: „וועט דען אַ מענטש נישט וועלן אויסלייזן זיין ברודער פון אַ סכנה ? — וועט ער דען נישט געבן דעם שופט זיין אויגן אויסלייזונג, ווען ער איז אַליין אין אַ סכנה ? איז אויב פאַר דער רעטונג פון אַ גוף וואָלט ער אָפּגעגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן, דאַרף ער דאָך פאַר דער אויסלייזונג פון זיין נשמה, געוויס ניט זשאַלעווען זיין פאַרמעגן !״ — (תהלים מ״ט).

וואָס זעען מיר גאָר אַנדערש — זאָגט דער משורר: „זיי פאַרזיכערן זיך אויף זייער פאַרמעגן און רימען זיך מיט זייער רייכטום. זיי האַלטן עס נישט פאַר קיין מיטל אויף צו דערגרייכן צו שלימות, צוטאָן דערמיט צדקה וחסד. ביי זיי איז גאָר דער הויפּט תכלית נאָר צוזאַמענגעמען וואָס מער אוצרות״ — (הבוטחים על חילם וברוב עשרם יתהללו). קומט דאָ דער משורר און פרעגט: ווען עמיצער זאָל וועלן טייטן זיין ברודער, און ער איז בכוח אים אויסצולייזן, וואָלט ער אים דען ניט אויסגעלייזט ? און אויב אַפילו ס׳זאָל זיך טרעפן אַזאַ מין אכזר, וואָס זאָל אים דראָען טויט־שטראָף, נישט געגעבן קיין אויסלייז געלט, בכדי צוראַטעווען זיין אייגן לעבן ? ער וואָלט דאָך זיכער אַוועקגעגעבן כל הון דעלמא — זיין גאַנץ פאַרמעגן, אבי צו־בלייבן לעבן !

איז דאָך באמת צו באַוואונדערן. אויב אַ מענטש קען אַוועקגעבן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט פאַר זיין גוף, כאָטש ער איז ניט דער עיקר ביי אַ מענטש. ווייל ער בפני עצמו איז דאָך נישט קיין דבר נצחיי (ניט אייביק). דאַרף ער דאָך אוודאי נישט זשאַלעווען זיין פאַרמעגן צו ראַטעווען זיין נפש, וואָס איז ווירקלעך אַ דבר נצחיי (אַן אייביקייט), וואָס באַלויכט זיין לעבנס וועג, כל זמן דער גוף איז גאַנץ. און לאָזט איבער אַ שיין אַפילו נאָך איר צעשיידן זיך מיט אים. ד"ה — דער עיקר תכלית פון זיין רייכטום דאַרף גאָר דינען, בעיקר, פאַר דער אויסלייזונג פון דער נשמה!

נאָר וואָס, די וואָס פאַרזיכערן זיך אויף זייער אייגענער פעסטונג, האָבן פאַרן טויט נישט מורא. זיי פאַרלאָזן זיך אויף זייערע זין וואָס זיינען דאָקטוירים און אויף זייערע איידעמס — אַפּטייקערס, טאָמער ווערן זיי קראַנק, וועלן אַלע זיצן אַרום בעט, שטענדיק האָבן אַ קאָנסוליום פון אייגענע דאָקטוירים, און די איידעמס וועלן געבן די בעסטע מעדיצין, און ווער רעדט מכות פלעגע? — מ'וועט גיסן גאָלד אין האַלדז, טייערן ווין און בוליאָן!

צום באַדויערן אָבער, פאַרגעסן גאָר אָט די דאָזיקע „שטאַרקע", ווען זיי געפינען זיך אין אַ מאָמענט פון אַ סכנה, אַז דאָס איז אַן אַנזאָג, אַז מיט זייערע נאַרישע געדאַנקען זיינען זיי גלייך ווי די שאָף, וואָס שטייען צום שלאַכט און דער טויט פיטערט זיי. (כצאן לשאול שתו). ד. ה. — זייער פיטערונג איז, זיי זאָלן פעט זיין צום שלאַכט. אַזוי זיינען די כסילים (נאַראָנים). זיי זאַמלען פאַרמעגן, בכדי נאָך זייער טויט זאָלן די קינדער האָבן פון זיי אַ גוטן ביסן. אָבער די דאָזיקע האָפענונג איז אויך נישט זיכער, ווייל ס'טרעפט גאַנץ אָפט, אַז די קינדער ירשענען נישט, נאָר אַנדערע רעכט־פאַרטיקע באַהערשן די הייזער פון די רשעים אין דעם באַשטימטן מאָרגן, און זייער שטאַרקייט (דער גוף) מיט זייער יצירה (דער נפש), וועט געבראַכט ווערן צו דער פוילונג אין גרוב. ס'וועט פון זיי גאָר נישט בלייבן, נישט פון גוף און נישט פון נפש, ווייל זיי האָבן דעם נפש אויך פאַרגרעבט (בשגם הוא בשר, — שגם הנפש נעשה בשר), פון אים איז אויך געוואָרן קערפּער, אויף אַזוי ווייט, אַז דער גוף וועט שוין מער נישט קענען זיין אַ וווינונג פאַרן נפש.

זאָגט דערפאַר דער משורר: „די דאָזיקע שטאַרקע" זאָלן זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז דער „מות" (טויט) איז דער משרת פון „שאול" (קבר). ער ברענגט דעם שטאַרקסטן מענטשן, אים צו פירן אין „שאול", און אַז נאָר דער „מות" מיטן „שאול" רעגירן איבער אים. זיי שטעלן צו יעדן פרימאָרגן אַ צעטל וואָס זיי קריגן פון „ונתנה תוקף" — „מי ימות, מי ברעש ומי במגפה" (אַלע מיני טויטן). איז אויב דער „מות" קען צום גיבור אַזוי גיך נישט קומען, ווייל ער איז פאַרשלאָסן אין אַ פעסטונג, אַרומגערינגלט מיט דאָקטוירים און מיט די טייערסטע מעדיצינען, ווענדט ער זיך צום „שאול" (טויטנרייך) וועגן אַזאַ פאַציענט. דאַן קומט דער „שאול" אַליין, צו צעברעכן

אָט די דאָזיקע פעסטונג, זי זאָל מער נישט דינען פאַר אַ וווינונג צו אים. דאַן איז שוין פאַרפאַלן. ס'העלפן מער נישט קיין נאַטירלעכע מיטלען! נאָר דאָס איינציקס, וואָס קען ראַטעווען זיין נפש איז: „אך אלוקים יפדה נפשו מיד שאול" — נאָר דורך גײַסטלעכע מיטלען: צדקות ומעשים טובים. זיי קענען אים אויסלייזן פון „שאול"-אַבסאָלוטן אונטערגאַנג.

אַזוי אַרום, רעקאָמענדירט אונדז דער משורר, בכדי צו דערגרייכן קענען צו אַזאַ תכלית, זאָל מען ניט זיין קיין „אנדרוגינוס" (הערמאַוראַדיט) — ניט זיין צוזאַמען אי אַן עשיר און אַן אביון. ד. מ. — אַליין לעבן אין גרויס לוקסוס ווי אַ גביר און וואָס שייך צו צדקה ומעשים טובים — זיין קאַרג ווי אַן אביון (אַ גרויסער אָרימאַן). איז אויב מ'איז באַגליקט געוואָרן מיט עשירות, דאַרף עס בעיקר דינען אַלס אַן אויסלייזונג פון דער נשמה. ווארום, זי איז דעם מענטשנס ליכט, וואָס באַלויכט זיין לעבנס וועג, דערפירט אים צו שלימות און פאַראייביקט אים לשם ולתהלה.

— ה —

## וואָס פאַרשטויסט דעם מענטשן פון ישוב העולם?

מיר האָבן בקבלה, אַז דער מענטש איז צוזאַמענגעשטעלט פון פיר פרינ־ ציפּיעלע יסודות (עלעמענטן): „פייער, וואַסער, לופט, ערד" (אש, מים, רוח, עפר). און דערפאַר איז ער פאַרשיידנאַרטיק אין זיין כאַראַקטער. פון יסוד הרוח קומט דער כאַראַקטער פון נדיבות (פרייגיביקייט) און פון יסוד העפר — קמצנות (גייציקייט).

נאָר דער מענטש מיט זיין כוח הבחירה, איז אימשטאַנד אויפצוּוועקן וועלכן ס'איז יסוד ער וויל. אָט דהיינו, אינדערפרי האָט זיך אין אים דער־ וועקט דער יסוד הרוח און איבערגעשטיגן דעם יסוד העפר, האָט ער טאַקע צוגעזאָגט צו העלפן עמעצן ווי אַ נדיב (גוטהאַרציקער). פאַרנאַכט אָבער האָט זיך פאַרשלעפערט דער יסוד הרוח און ער האָט זיך צוריק אומגעקערט צום יסוד העפר, און איז געוואָרן אַ קמצן (אַ קאַרגער).

קומט דויד המלך און לאָזט אונדז וויסן: „איר זאָלט ניט האָפן אויף די נדיבות פון אַ מענטשן, וואָס ער האָט אייך צוגעזאָגט הרים וגבעות (גאַנ־ צע בערג), ווייל ס'קען טרעפן ס'זאָל אַרויספליען די נדיבות, וואָס קומט פון יסוד הרוח (תצא רוחו) און וועט זיך ווידערקערן צו קמצנות, וואָס קומט פון יסוד העפר (ישוב לאדמתו). דאַן, אין דעם זעלבן טאָג (ביום ההוא) פאַרלירט זיך זיינע טייערע געדאַנקען (אבדו עשתנותיו). דעריבער איז ווויל דעם מענטשן, וואָס דער ג־ט פון יעקב אבינו איז זיין הילף (אשרי שאל

יעקב בעזרו, שברו על ד׳ אלוקיו), ווייל ג־טס טרייהייט איז אויף אייביק — (השומר אמת לעולם).

דער משורר דערמאָנט יעקבן, ווייל ער, יעקב, האָט געהאַט דעם פולסטן בטחון, אַז ג׳־ב״ה וועט אים אומקערן צום לאַנד פון זיינע עלטערן. כאָטש ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון זיין ברודער עשו. דאָך איז ער געווען זיכער, אַז ג־ט וועט אים ניט פאַרלאָזן; ער האָט אים געגעבן לחם לאכול ובגד ללבוש (ברויט צו עסן אָן אַ בגד אָנצוטאָן), ביז ער האָט זוכה געווען צו באַפרייען זיך פון זיין וואַנדער־לעבן. דאָס גלייכן זיינע קינדער, וואָס האָבן געהאַט בטחון און ג׳־ב״ה, זיינען זיי באַפרייט געוואָרן פון גלות מצרים.

דאָס צייגט אונדז, אַז דער ייד טאָר זיך ניט מיאש זיין אַפילו אין זיינע שווערע מאָמענטן. וואָרום „ג־ט היילט די צעבראָכענע הערצער און נעמט אָוועק זייער טרויער״ (הרופא לשבורי לב, ומחבש לעצבותם). איז נאָר אין אים זאָל מען האָבן בטחון. ווייל ער איז אַ דבר נצחיי (אַן אייביקייט), ניט אין קיין בשר ודם, וואָס היינט איז ער אַ נדבן און מאָרגן א קמצן. און אַזעלכער וואָס באַזיצט דעם כאַראַקטער פון קמצנות, לעבט אַליין נישט און פילט ניט מיט זיין בעסטן פריינד; ווערט ער אַזוי אָרום פאַרשטויסן פון ישוב העולם, צוליב דער אייגענער מידה.

— ו —

## רעדן איז וויכטיק — שווייגן איז נאָך וויכטיקער

(מלה בסלע, משתוקא בתרי — מגילה י״ח).

דער בעל מסדר פון תלמוד בבלי, רב יהודה הנשיא, ברענגט אין פרקי אבות אַ מאמר פון רבן שמעון בן גמליאל, וואָס זאָגט: „מיין גאַנץ לעבן בין איך אויפגעוואָקסן צווישן די חכמים און האָב נישט געפונען בעסערס פאַרן מענטשן ווי שווייגן״ (כל ימי גדלתי בין החכמים ולא מצאתי לגוף טוב משתיקה).

אייגנטלעך, וואָס פאַר אַ חידוש ברענגט אונדז רבי שמעון? דאָס אייגענע האָט דאָך שוין פון לאַנג געזאָגט דער גרויסער חכם שלמה המלך: „ביי פיל רייד קען נישט אויסגעמיטן ווערן קיין זינד״ (ברוב דברים לא יחדל פשע). ממילא, איז דאָך צו פאַרשטיין, אַז קיין בעסערס ווי שווייגן איז ניטאָ.

בכדי דער דאָזיקער מאמר זאָל אונדז ווערן קלאָר און פאַרשטענדלעך, וועל איך דאָ ברענגען אַ גרויסע דיסקוסיע, וואָס איז פאַרגעקומען, בנוגע צו שווייגן אָדער רעדן, צווישן צוויי „דיקליקין״ (שיין־רעדנער), אַנרופנדיק זיי מיטן נאָמען „ממרא״ און „יוחני״ (ממרא פאַרטיידיקט דאָס „רעדן״ און יוחני — דאָס „שווייגן״).

ממרא: אינדעראמתן איז דאָך געזאָגט געוואָרן: „אַ צייט צו שוויגן, אַ צייט צו רעדן" (עת לחשות ועת לדבר) — אַלץ איז גוט אין דער צייט. נאָר וואָס איך וויל וויסן איז וועגן דעם עצם „שווייגן" אָדער „רעדן", וועלכעס איז וויכטיקער?

יוחני: כאָטש „רעדן" איז גאָר אַ וויכטיקער ענין, ג׳־ב״ה האָט דאָך ספּעציעל דעם מענטשן געגעבן אַ מעגלעכקייט צו קענען אַרויסברענגען זיינע געדאַנקען צווישן זיינע מיטמענטשן, דאָך איז, לויט מיין מיינונג, פיל וויכטיקער דאָס עצם „שווייגן", ווי דאָס עצם „רעדן", ווייל רעדן איז די סיבה, וואָס דערפירט צום „תכלית", וואָס דאָס מיינט שווייגן". — און תכלית איז דער עיקר.

ממרא: זאָגט מיר, יוחני, וואָס קען זיין וויכטיקער פאַרן מענטשן ווי דאָס רעדן? — ס׳איז דאָך אַ פאַקט: — אַלע אַנדערע ברואים האָבן זיך נישט געקענט דערהויבן אָט צו דער וויטכיקער מדרגה, כאָטש זיי האָבן אַ מויל און דאָך רעדן קענען זיי ניט. דאָס באַווייזט ווי וויכטיק רעדן איז פאַרן מענטשן.

יוחני: ביין, נישט בלויז דאָס רעדן קענען, איז דער יתרון ביים מענטשן לגבי אַנדערע ברואים. נאָר בעיקר איז דער שכל און די לאָגיק, וואָס די רייד אַנטהאַלטן. דעם מענטשן איז געשאַנקען געוואָרן דער כוח הדבור, צוליב זיין אינטעלעגענץ, בכדי צו קענען אַרויסברענגען זיינע רעיונות, איז ווען ער וואָלט געווען בכוח עס צו באַהויפּטן אָן דיבור, וואָלט פּילייכט וויכטיקער געווען. נאָר ג׳־ב״ה האָט דערפאַר די נידעריקע ברואים נישט געגעבן זיי דעם כוח הדבור, ווייל זיי זיינען נישט קיין בעלי שכל והגיון. און סתם „דבור", וואָס אַנטהאַלט נישט קיין שכל, קען קיינער עס נישט פאַרטראָגן.

ממרא: מיט וואָס קענסטו דיינע רייד באַשטעטיקן און וואָס פאַר אַ באַווייז האָסטו, אַז „שתיקה" איז וויכטיקער פון „דיבור"?

יוחני: — טו אַ קוק, וועסטו זען, ווי די הימלשע קערפּערשאַפטן און אַלע שטערן, וואָס העכער פון דעם מענטשן, ווי זיי פרייען זיך און זיינען שטאַרק צו פרידן מיט זייער באַשעפער; זיי זיינען בעלי־שכל און זייער קול לאָזט זיך הערן אָן וואָרט איבער דער גאָרער וועלט. דאָס איז דער־פאַר, ווייל זיי זיינען זיך משיג איינער דעם אַנדערן אָן שום דיבור, ווי דער משורר דריקט זיך אויס: „ניטאָ אַ וואָרט און ניטאָ קיין געשעעניש, וואו זייער ווידערקול ווערט ניט געהערט; איבער דער גאַנצער וועלט גייט אַרויס זייער קלאַנג, און ביז עק וועלט זייערע רייד" (אין אומר ואין דברים בלי נשמע קולם; בכל הארץ יצא קום ובקצה תבל מיליהם (תה״, י״ט), נאָר דער בידנער מענטש, ער נייטיקט זיך אין דיבור.

ממרא: — וואָס דענקסטו, אַז דו האָסט מיך מנצח געווען?

יוחני: — יאָ, אַזוי איז דאָס.

ממרא: — טאָ מיט וואָס דענקסטו האָסטו מיך מנצח געווען, מיט דיין שווייגן, צי מיט דיין רעדן? — געוויס, אויב זיגן האָסטו געקענט מיך באַזיגן מיטן רעדן, נישט מיטן שווייגן! — מוזטו דאָך מודה זיין, אַז וויכטיקער איז דער דיבור ביים מענטשן!

יוחני: — צי דען האָב איך ניט געזאָגט, אַז דער דיבור איז אַ טייערע „כלי", וואָס דינט אַרויסצוברענגען דעם מענטשנס געדאַנקען, נאָר זיי וויסן, אַז די וויכטיקייט באַלאַנגט נישט בלויז אָן דער „כלי"; זי איז ניט דער ווירקונגס כוח. דער תכלית פון אונדזער וויכוח איז נישט דער עיקר פון סתם רעדן, נאָר די לאָגיק און דער שכל וואָס די ווערטער אַנטהאַלטן, זיי דערפירן צום תכלית, צו איבערצייגן דעם קעגנער. זיכער, וואָלט אָן דיבור צום תכלית נישט דערגאַנגען. מיר, מענטשן, צוליב אונדזער מינדערוויכטיקייט, מוזן אָנקומען צו דיבור. — אַזוי אַרום, איז פון דעם צו זען, אַז דאָס שווייגן איז דער תכלית צו דער סיבה פון רעדן!

ממרא: — איך וויל דו זאָלסט מיר בעסער דערקלערן דאָס, וואָס דו זאָגסט, אַז די מדרגה פון „שתיקה" — שווייגן צו „דיבור" — ריידן, איז ווי די מדרגה פון „תכלית" צו דער „סיבה", טאָ מיטוואָס קענסטו עס מיר באַווייזן?

יוחני: — הויב אויף דיינע אויגן און זע, אַט די אַלע זאַכן וואָס מיר האַלטן, צי זיי זיינען ווירקלעך צי אין פאַנטאַזיע, איז אונדזער שטרעבונג צו אַ געוויסן תכלית. דאָן, וואָס מער מיר געניסן, אַלץ מערער באַרואיקט עס אונדזער געמיט. למשל: ווער ס'האָט זיך געשטעלט די רייכקייט פאַר זיין הויפּט־ציל, איז ער אומצופרידן, ווייל ס'איז אין איר קיין שיעור נישטאָ, דאָס אייגענע, ווער סהאַלט חכמה פאַר זיין הויפּט־ציל, באַנוגנט ער זיך ניט וויפל ער זאָל אין איר נישט דערגרייכן, נאָר וואָס מער און מער ער דערגרייכט, דערקוויקט ער זיך מיט דעם. נאָר דאָס איינציקס וואָס קען צופרידנשטעלן איז באופן, ווען צום תכלית איז פאַראַן אַ שיעור אַ באַגרעניצטער. ווען אָבער מ'שטרעבט צו דערגרייכן אָן אַ שיעור, איז די האָפענונג אַן אָנגעוויטיקטע. אַלס ביישפּיל האָסטו, ווען דו זאָלסט ווען פאָרן אין אַ שטאָט, וואָס איז פון דיר וויט, אַ מהלך פון פינף מייל, דאָרטן צו מאַכן מסחר. איז דער קנין דער „תכלית" און די נסיעה איז די „סיבה", וואָס ברענגט דיך אַהין. איז ווען דו זאָלסט פאַרלענגערן דיין וועג פון פינף מייל אויף צען מייל, וועסטו זיך מיט דעם באַנאַרישן, ווייל דו וועסט דאַן צו קיין תכלית נישט דערגיין. און איצט פּראָביר זשע וועסטו אויסגעפינען, אַז פיל שווייגן שעדיקט נישט אויף אַזוי פיל. אָבער פון פיל רעדן קומט אָפּטמאָל גאָר קיין פאַרדינסטן ניט אַרויס. ס'וועט דאָס רוב דער ענין אַזוי פאַרדרייט, אַז ס'איז גאָר

נישט מעגלעך צו פאַרריכטן קענען. אַזוי אַרום, איז צו זען אַז דאָס שווייגן אַנטקעגן, איז ווי דער „תכלית" צו דער „סיבה". ד. ה. רעדן איז די סיבה, וואָס דערפירט צום תכלית פון שווייגן.

אָט דער אויספיר פון דעם גאַנצן וויכוח געפינט זיך אין דעם מאמר פון דעם תנא רבן שמעון בן גמליאל, וואָס זאָגט: „כאָטש איך האָב געזעסן צווישן די חכמים, אַז רעדן פאַרנעמט גאָר אַ וויכטיקן אָרט אין די וויכוחים בנוגע להלכה, דאָך האָב איך נישט געפונען קיין בעסערס פאַרן מענטשן ווי שווייגן, ווען דער עצם ענין באַלאַנגט ניט אַן צייט. געוויס ווערט דיבור פאַר דרוש הויך געאַכטעט. דאָך איז דאָס דרשענען נישט דער עיקר, נאָר דאָס טאָן (ולא המדרש עיקר אלא המעשה). והראי' — „כל המרבה דברים מביא חטא" — דער וואָס רעדט פיל ברענגט זינד. ווייל דאָס געזעץ לויטעט: ווען „כלי" און „סיבה" זיינען אומבאַגרעניצט, דערפירט עס נישט צו קיין שום תכלית. ס'ווייזט זיך אָפט אַרויס גאָר פיל היזק און ברענגט נאָך אַלעם זינד. אָט ווי די גמרא ברענגט (גיטין מ"ו): (חדל מדבר, כי דבורך יזיק לך) — „הער אויף צו רעדן, ווייל דיין וואָרט שעדיקט דיך!"

און דאָס איז די כוונה פון די חכמים וואָס זאָגן: „רעדן איז ווערט איין שקל (זילבערנער טאַלער) און שווייגן — צוויי" (מלה בסלע משתוקא בתרי) — ד. מ. — שווייגן איז פיל וויכטיקער פון רעדן, ווייל מיטן שווייגן פאַרדינט מען אָפט דאָפּלט.

# קאַפּיטל 4

„גיי אַרוים און זע ווי דער ציבור איז זיך נוהג — אַזוי פיר זיך!"
(צא וראה היאך הצבור נוהג, ונהוג! ירושלמי יבמות פ"ז, ה"ג)
„פון בוך לערנען מיר זיך וויסן, פון לעבן — פאַרשטיין".
(מיד הספר הידיעה נתנה, מפי החיים ההבנה (מפי העם).

# דער מענטש, זיין אחריות און געזעץ

א.— דער מענטש אַלס אינדיווויד.

ב.— דער מענטש און זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט

ג.— מנהגים און געזעצן בעפאר „מתן תורה"

ד.— דער מענטש — דער בעל-נסיון.

— א —

## דער מענטש אַלס אינדיווויד

כידוע, איז דער מין מענטש, אַלס יחיד אומבאַהאָלפן אין זיין עקזיסטענץ. דאָס מיינט, אַז דער אינדיווויד אָן־און פאַר זיך מוז באַלאַנגען צו דער געזעל־שאַפט. וואָרום אָן דער מיטהילף פון דער געזעלשאַפט פאַרלירט ער זיין קיום.

און דאָס אייגענע שטעלט אונדז פעסט דער תנא רבי הלל, בזה הלשון: „ווען איך זאָל בלויז זיין פאַר זיך אַליין, טאָ וואָס בין איך? (וכשאני לעצמי — מה אני?). אין אַנדערע ווערטער מיינט עס: דער מענטש האָט פאַר זיך

די אויפגאַבע ווי צו קענען אויפהאַלטן זיין חיות. מחמת ער אַליין, אַלס יחיד, איז אומבאַהאָלפן צו קענען עקזיסטירן. ווי גרויס ער זאָל ניט זיין אין וויסן און אין חכמה, מוז ער אָנקומען צו דער געזעלשאַפט.

טראָגט, דעריבער, דער מענטש אויף זיך די אויפגאַבע זיך צו גרייטן, לויט זיינע פעיקייטן, צו זיין נוצלעך פאַר דער געזעלשאַפט.

גאָר אַנדערש איז דער מענטש ווי דער בעל־חי. יעטווידער בעל־חי דערנערט זיך אָן שום צער און דחקות. עס קומט ניט אָן איינער צום אַנדערן, ווייל זיין שפייז איז תמיד גרייט, און ער זאָל זיך ניט געפינען. בעת דער מענטש, וואָ סאיז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוקים, ער אַנטהאַלט אין זיך געטלעכקייט, מוז זיך באַמיען און אָנשטרענגען, צו קענען עקזיסטירן אויף דער וועלט. ווייל ער, אַלס אינדיווידוּ, איז פאַר זיך ניט קיין גאַנצע וועלט. ער איז נאָר אימשטאַנד זיך אויסצוהאַלטן, סיידן אימעצער מאַכט אים שיך, מאָלט ער אים דערנאָך פאַר זיין פאַרדינסט דאָס מעל; אויב יענער נייט אים אויף א בגד, בויט ער אים דערפאַר אויף זיין הויז. דאָס באַווייזט אונדז, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, נאָר באַופן, אַז מ'זאָל זיך איינער דעם אַנדערן אַרויסהעלפן. ווי למשל:

איינער אַקערט און דער אַנדערער זייט, איינער שניידט און דער אַנדערער מאָלט; איינער קנעט און דער אַנדערער וועלגערט דאָס טייג; איינער הייצט דעם אויוון און דער אַנדערער באַקט דאָס ברויט. אָט אַזוי איז געגליכן די גאַנצע מענטשהייט צו איין גרויסער קייט, וואָס אַנטהאַלט טויזנטער רינגען, באַהאָפטן און געקייקלט איינס אין אַנדערן. און ס'זעט אויס ווי איין גרויסער גוף פון מיליאָנען אברים (גלידער), וואָס העלפן זיך אַרויס איינער דעם אַנדערן, און פירן ממש אומבאַוווסטזיניק אָן זייער אַלגעמיינע און פריוואַטע אַרבעט אויף אַ בשותפותדיקן אופן, כדי ס'זאָל זיך באַקומען אַ גאַנצע כלי. אין דער דאָזיקער מענטשן־קייט, ווערט מען געצוווּנגען צו זיין מיט דער דעה, וואָס זאָל אָנגענומען ווערן צווישן מענטשן (כתובות י"ז).

און אויך ווי ס'פירט זיך אין דער מדינה, טאָר דער אינדיווידוּ קיין אויסנאַם ניט זיין. ווי די גמרא ברענגט אין בבא מציעא פ"ג: „דו זאָלסט זיך ניט איבערנעמען מיט דיין דעת, צו מבטל מאַכן די דעה פון דער געזעלשאַפט". — (ואל יעבור על דעת והסכמת חבריו לשנות מן המנהג הבריות). וואָרום, דער וואָס איז מבטל די דעה פון דער געזעלשאַפט, ווערט ער פון איר אַרויסגעשטויסן.

בכלל, טאָר מען זיך ניט אויסשליסן פון ציבור, צו בויען פאַר זיך אַ באַזונדער טריבון, וואָס דערפירט צו מחלוקת (חגיגה כ"ב) — „און אויב מ'איז זיך פורש מן הצבור, איז מען ניט זוכה דאָס גליק פונעם צבור". דער רמב"ם זאָגט אַפילו, כאָטש מ'טוט מיט דעם ניט קיין עבירה, נאָר ווי באַלד ער באַטייליקט זיך ניט אין זייער צער, איז „אין לו חלק לעולם הבא" —

קריגט אַ זעלכער ניט קיין חלק אין דער קומענדיקער וועלט, ווייל ער האָט זיך אליין געפירט „בהגבה דעת" — האַלטנדיק זיך העכער פון דער געזעל־שאַפט, האָט ער זיך מיט דעם געשטעלט אַלס אינדיוויד איינזאַם ווי דער בעל־חי, וואָס לעבט זיין גופניותדיקן לעבן איינער אַליין אָן דער מיטהילף פון אַנדערן.

און דאָס איז וואָס די חכמים זאָגן: „נעם זיך ניט איבער מיט דיין „איך" (אל תבקש גדולה לעצמך) — האַלט זיך ניט העכער פון דער געזעלשאַפט. ווייל „ס'פּאַסט ניט פאַר דעם מענטשן ער זאָל זאָגן, אַז אַלץ זאָל זיין פאַר זיין טובה וועגן" (אין נאה מן האדם שיאמר שהוא טוב על עצמו. — מדרש שוחט, קי"ח).

ובכלל, דו מענטש, זאָלסט ניט דענקען, אַז דו בייטיקס זיך ניט אין קיין געזעלשאַפט און דו קענסט פירן דיין וועלט אַליין. ניין. — זאָגט דער תנא הלל — „זיי ניט זיכער אין זיך ביז דעם טאָג פון דיין טויט"! (אל תפרוש מן הצבור, ואל תאמין בעצמך עד יום מותך). וואָרום וויפל דער מענטש זאָל זיך ניט איבערנעמען מיט זיין דעה, מוז ער נאָך אַלעם אָנקומען צו דער געזעל־שאַפט, בכדי צו קענען אויפהאַלטן זיין קיום אין אַלע הינזיכטן, הן בנוגע צו זיך זעלבסט והן בנוגע צו זיינע מיטמענטשן.

— ב —

## דער מענטש און זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט

ווי ס'איז באַוווסט, שטאַמען מנהגים און געזעצן נאָך פון דער אוראַלטער צייט. ווי מאַנכע היסטאָריקער גיבן איבער, זיינען שוין געזעצן געווען אין דער צייט פון האַמוראַבי, וועלכער איז געווען קעניג אין בבל, אין דער צייט פון אברהם אבינו. זיי האַלטן, אַז דער האַמוראַבי איז געווען אמרפל מלך שנער, וואָס ווערט דערמאָנט אין חומש בראשית. (האַמוראַבים געזעצן זיינען געפונען געוואָרן אין אָנהייב פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אויסגעקריצט אינעם אַלטן באַבילאָנישן כתב אויף שטיינערנע טאָוולען. און פּראָפעסאָר ד. היינריך מיללער פון ווין, האָט איבערגעזעצט זייער אינהאַלט אין אַ ריינעם העברעיש).

ובכדי צו וויסן וואָס פאַר אַ דיסציפּלין ס'האָט געהערשט אין דער אור־אַלטער צייט, בנוגע פון יחיד צו יחיד און אין דער געזעלשאַפט בכלל, אין פאַל פון טאָן דעם אַנדערן היזק אָדער אימעצן מזיק זיין בגופו (קערפּערלעך),
— וועל איך דאָ ברענגען, אַלס דוגמא געוויסע געזעצן פון האַמוראַבי, צו באַוויזן
— וועל איך דאָ ברענגען, אַלס דוגמא געוויסע געזעצן פון האמוראבי, צו
באַוויזן ווי וויט זיי אונטערשיידן זיך לגבי די דינים פון תורת משה.

א) אָט בנוגע דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווען מ'איז מזיק אימעצן בגופו, ברענגט אונדזער תורה אַזאַ פאַל: „ווען אַ שוואַנגער פרוי ווערט פאַרוויקלט

איז אַ געשלעג צווישן מאַנסבילן און די פרוי מפילט, דאַרף דער שולדיקער באַצאָלן, וויפל דער מאַן פון דער פרוי פאַרלאַנגט (שמות כ״א, כ״ב). ביי האַ־מוראַבי אָבער לויטעט דאָס געזעץ, אַז אַזאַ שולדיקער ווערט באַשטראָפט מיט אַ געוויסער סומע צו באַצאָלן. די סומע באַשטייט פון צען זילבערנע שקלים (מטבעות).

ב) און אין פאַל, ווען אַן אָקס שטויסט אַ מאַן אָדער אַ פרוי צום טויט, וואָרנט די תורה, אַז מ׳זאָל דעם אָקס פאַרשטיינען און זיין פליש טאָר ניט געגעסן ווערן, אָבער דער אייגנטימער פונעם אָקס איז פריי פון שטראָף. האַנדלט זיך אָבער וועגן אַ שטויסנדיקן אָקס, וואָס מ׳האָט שוין דעם אייגנ־טימער פריער געוואָרנט וועגן אים, און ער האָט עס טראָצדעם פאַרנאַכלעסיקט דעם אָקס צו היטן, וועלכער האָט איצט געטייט אַ מאַן אָדער אַ פרוי, זאָל מען דעם אָקס פאַרשטיינען און דעם אייגנטימער זאָל מען אויך געבן טויט־שטראָף. אָבער מ׳דאַרף אַזאַ מענטשן געבן אַ מעגלעכקייט, ער זאָל זיך קענען אויסקויפן דאָס לעבן מיט געלט, לויט ווי מען וועט אים אָפּשאַצן. דאָס זעלבע זאָל אויך געשען, ווען אַזאַ אָקס שטויסט אַ קינד, יינגל אָדער מיידל; און אַזאַ אָקס שטויסט צום טויט אַ שקלאַף אָדער אַ שקלאַפין, זאָל דער אייגנטימער פונעם אָקס באַצאָלן צום אייגנטימער פונעם שקלאַף דרייסיק זילבערנע שקלים און דעם אָקס זאָל מען פאַרשטיינען — (שמות כ״א).

אויך ביי האַמוראַבי געפינען זיך די זעלבע דוגמאות, אָבער מיט אַ גרויסן אונטערשייד. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז דער אָקס זאָל באַפרייט ווערן פון טויט־שטראָף, ווען ער דערהרגעט אַ מענטשן ביים ערשטן מאָל שטויסן. דאָס אויסקויף־געלט פאַרן אייגנטימער פונעם אָקס איז אויך ביי האַמוראַבי באַ־שטימט אין זיין סומע: פאַר הרגענען אַ פרייען מענטשן דאַרף דער אייגנטימער פונעם שטויסיקן אָקס באַצאָלן אַ האַלב פונט זילבער און אַ דריטל פונט זילבער דאַרף ער באַצאָלן פאַר אַ שקלאַף. און וועגן שטויסן אַ קינד צום טויט איז ביי האַמוראַבי רעכט, מ׳זאָל נעמען ביים אייגנטימער פונעם שטויסיקן אָקס זיינס אַ קינד צו דערהרגענען.

ג) און בנוגע דער שטראָף פון „מלקות״, זאָגט די תורה בפירוש, ניט מער ווי פערציק שמיץ (דברים כ״ה), און די חכמים האָבן נאָך פאַרמינערט די דאָזיקע צאָל מיט איינעם. ביי האַמוראַבי איז אָנגעזאָגט, אַז ווען איינער פאַר־דינט זיך מלקות, זאָל מען אים געבן זעכציק שמיץ, נישט מער.

ד) און אין פאַל פון אַ פאַרבאָטענעם סעקסועלן פאַרקער פון מאַן מיט אַ פרוי צוזאַמען מיט איר מוטער, הייסט די תורה אַלע פאַרברענען (ויקרא כ׳, י״ד). די זעלבע שטראָף האָט אַ בת־כוהן, ווען זי גייט אין שלעכטע וועגן (דאָרט, כ״א, ט׳). זיינען די געזעצן ביי האַמוראַבי מער צוגעפּאַסט צו די באַגריפן פון די בבלים. וואָס שייך וועגן אַ סעקסועלן פאַרקער פון אַ מאַן מיט אַ פרוי צוזאַמען מיט איר מוטער, ווערט דאָרט גאָר נישט דערמאָנט.

ס'דאַרף נאָר באַשטראָפט ווערן מיט שריפה (פאַרברענען) אַ פרוי, ווען זי זינדיקט מיט אַ פאָטער צוזאַמען מיט זיין זון, אָדער ווען אַ פריסטערין (אַ פרוי אַ גלחטע) הויבט אָן פירן אַן אויסגעשלאָסענעם לעבן.

ה) אונדזער תורה זאָגט אָן בפירוש, ווען אַ שקלאַף אַנטלויפט פון זיין אייגנטימער, טאָר מען אים ניט איבערגעבן צוריק צו זיין באַלעבאָס מיט גע־וואלט (דברים כ"ז). און די גמרא דערקלערט דאָס, ווען אַ גוישער שקלאַף ראַטעוועט זיך צו אַ יידן, אָדער ער אַנטלויפט פון חוץ־לארץ קיין ארץ־ישראל, טאָר מען אים נישט איבערגעבן צוריק צו זיין אייגנטימער (גיטין מ"ח). דאַקעגן הייסט האַמוראַבי שווער באַשטראָפן, ווען איינער העלפט אַ שקלאַף אַנטלויפן, אָדער אויסבהאַלטן זיך פון זיין אייגנטימער.

ו) ס'איז כדאי אויך צו באַמערקן בנוגע, ווען איינער גנבעט כלים פונעם בית המקדש, ברענגט די גמרא, אַז ער מעג דערהרגעט ווערן דורך „קנאים" (זעלאָטן), וואָס נעמען זיך אָן פאַר דער קריוודע פונעם בית המקדש. אָבער לפי דינא, דאַרף דער גנב אומקערן בלויז די גניבה (סנהדרין פ"א כ'). דאַקעגן געפינט זיך ביי האַמוראַבי אַ גערעכטלעכע טויט־שטראָף פאַר איינעם וואָס גנבעט פון זייער טעמפל.

אָט די דאָזיקע אונטערשיידן שטעלן פעסט די אַנדערשקייט פון די באַ־גריפן צווישן פעלקער, אַמאָל און דעם עם־ישראל, בנוגע דער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון איינעם צום אַנדערן, אין פאַל פון שאָדנזאַך.

— ג —

## מנהגים און געזעצן בעפאָר „מתן תורה"

ווערלעך ווי ס'ווערט דערציילט אין חומש בראשית איז משמע, אַז דאָס אַוועקנעמען אַ ווייב פון אַ מאַן, איז שוין דאַן געווען פאַררעכנט אַלס אַ גאָר גרויסע זינד. ווי מיר געפינען דעם פאַל ביי אַברהם אבינו, ווען ער איז געקומען מיט זיין ווייב שרה קיין מצרים. האָט פרעה זיך געבייזערט אויף אים, ווען ער האָט אים געזאָגט אויף זיין ווייב שרה, אַז זי איז זיין שוועסטער. און פרעה האָט צו אים געטענהט: פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, איז זי איז דיין שוועסטער? דאָס זעלבע האָט זיך דערנאָך איבערגעחזרט ביי אבימלך. וועלכער האָט געזאָגט: וואָס האָסטו אונדז געטאָן און וואָס האָב איך אַקעגן דיר געזינדיקט, אַז דו האָסט געוואָלט ברענגען אַזאַ שווערע זינד אויף מיר און אויף מיין קעניגרייך? האָסטו מיר געטאָן אַזעלכעס, וואָס דאַרף גאָר נישט געטאָן ווערן!

ס'ווערט אויך געבראַכט, ווען ס'איז אָנגעזאָגט געוואָרן צו יהודה, אַז זיין שניור תמר איז געוואָרן אַן אויסגעלאסענע, און זי איז געוואָרן מעוברת פון

זנות, האָט יהודה זי געהייסן אַרויסנעמען צו פאַרברענען. משמעות, אַז לויט דעמאָלדיקן באַגריף איז זי שוין געווען ווי זיין פרוי, און זי האָט זיך נישט געטאָרט אָפּגעבן מיט קיין אַנדערן, ווייל זי האָט געמוזט הייראַטן איינעם פון דער זעלבער משפחה. נאָר אַזוי ווי זי האָט ניט געוואָלט וואַרטן אויפן מאַנס ברודער, ווייל ער איז געווען זייער יונג (לויט מפרשים, איז ער אַלט געווען צען יאָר), האָט זי סעקסועל געזינדיקט פאַרנאַרנדיק יהודהן — איז שווער). און זי האָט פאַרדינט, אַז מ'זאָל זי פאַרמשפּטן צום טויט — צו פאַרברענען. (דער מדרש האַלט, אַז לויטן דין פון דער תורה, האָט מען זי געדאַרפט פאַרברענען, ווייל זי (תמר) איז געווען די טאָכטער פון שם בן־נוח (בראשית רבה פ"ה, י"א) — און שם בן נוח איז געווען מלכי צדק מלך שלם (נדרים ל'ב, ב'), וועלכער איז געווען אַ „כוהן לאל עליון". — זאָגט אָבער אויף דעם, וואָס יהודה האָט געזאָגט „הוציאו ותשרף" — „נעמט זי אַרויס און זאָל זי ווערן פאַרברענט", מיינט עס ניט אַז מ'האָט זי געדאַרפט טאַקע פאַרברענען אויף טויט, נאָר מ'האָט איר געדאַרפט בלויז אויסברענען אַ צייכן אויף איר פּנים, מ'זאָל זי דערקענען, אַז זי איז אַ זונה).

איז אָט דער ענין יהודה און תמר שטעלט פעסט די השגה פון „יבום". דאָס, וואָס די תורה האָט דערנאָך פאַרשריבן, אַז ווען איינער שטאַרבט אַ קינדערלאָזער, דאַרף אַ ברודער פונעם פאַרשטאָרבענעם הייראַטן זיין אלמנה. ווי די חכמים זאָגן: „יהודה האָט דער ערשטער אָנגעהויבן מיט דער מצוה פון יבום" (יהודה התחיל במצות יבוא תחילה — בראשית רבה פ"ח, ז'). נאָר אין אונדזער שפּעטערער געזעצגעבונג איז גאָר נישט דערמאָנט, אַז דער פאָטער פון פאַרשטאָרבענעם מאָן קען מקיים זיין מצות יבום, ווי ס'איז פאָרגעקומען ביי יהודה.

ס'האָט אויך שוין עקזיסטירט אין די בראשיתדיקע צייטן אַ געוויסע פאָרם פון „חליצה". נישט ווי דער פּסוק הייסט טאָן (זע דברים כ"ה). נאָר מער ענלעכער צו דער פּראָצעדור, וועלכע ס'איז באַשריבן אין מגילת רות. לויטן רשב"ם, איז דער ענין 'חליצה" פאָרגעקומען, ווען אַ ברודער האָט איבער־גענומען די ירושה פון זיין טויטן ברודער.

מיר געפינען אויך דעם אופן פון גטן אַ פרוי. אין פאַל, ווען אַ פרוי האָט נישט געהאַט מער קיין חן ביי איר מאַן אין די אויגן און ער האָט זי אויך נישט געוואָלט מער האָבן אין זיין הויז, האָט ער זי מיט אַ געוויסער צערעמאָניע געקאָנט אַוועקשיקן. און זי האָט דאַן געקענט הייראַטן אַן אַנדער מאַן. שפּעטער האָט די תורה געהייסן שרייבן אַ ספר כריתות (דברים כ"ד, א'). און אַזוי האָט די תורה דערנאָך אַלע מנהגים פאַרפעסטיקט.

אַזוי אַרום, איז צו פאַרשטיין דאָס, וואָס די טראַדיציע זאָגט אונדז, אַז אברהם אבינו האָט מקיים געווען אַלע מצוות פון דער תורה, וואָס האָבן זיך געהאַט אויפגעהאַלטן אין פאָלקס לעבן, בעפאָר מתן־תורה.

הרב ישראל מ. פישלעדער

אויך דער ענין ירושה איז שוין געווען איינגעפירט אין דער אוראַלטער צייט.

כידוע, איז ווי דער מענטש האָט אָנגעהויבן אַנטוויקלען זיין פאַמיליען־לעבן, האָט ער אָנגעהויבן אָנערקענען די בלוטס פאַרוואַנדטע זיינע, די קינדער און די ברידער, ווי אַ טייל פון זיך אַליין.

און ווי דער מענטש איז נאָר געקומען צו באַגריף פון „מיין" און „דיין", האָט ער זיך געמאַכט אַ געזעץ, אַז ביים גאַנצן פאַרמעגן זיינעם זאָל נישט קיינער ירשען חוץ זיינע בלוטס־פאַוואַנדטע. ביי דער אָנערקענונג פון אַט דעם פרינציפּ, האָט אויך דעם מענטש געלערנט, אַז ער דאַרף שפּיזן זיינע קינדער און זיי באַזאָרגן מיט אַלע זייערע באַדערפענישן. און האָט אויך געלערנט זאָרגן פאַר זייער צוקונפט, אַז ער וועט ענדיקן זיין לעבן, זאָל זיין אייגנטום און זיין פאַרמעגן אַריבערגיין אין זייער רשות. אויף אַט אַזאַ אופן האָט זיך אַנטוויקלט דאָס געזעץ פון ירושה. אַזוי האָט זיך אויך אברהם אבינו באַקלאָגט פאַר ג־ט, ווען ער האָט געזאָגט: „אַזוי ווי דו האָסט מיר נישט געגעבן קיינע קינדער, וועט מיך דער פאַרוואַלטער פון מיין הויז ירשען"!

און אַזוי ווי ביי אַנדערע פעלקער פון יענער צייט, איז אויך געווען אַ מנהג ביי ייִדן, אַז אַ טאָכטער האָט נישט געירשנט צווישן זין. יעדער פאָטער פלעגט דאָן געבן צו זיין טאָכטער איר חלק אַלס אַ „נדן", ווען ער האָט זי פאַרהייראָט. און אַזוי ווי אַ טאָכטער האָט געקענט הייראַטן אַ מענטש פון אַן אַנדער שבט, האָט זי ניט געקענט האָבן קיין חלק אין דער ירושה פון איר פאָטער, ווייל ס'האָט געוויינלעך געהערשט אַ געזעץ, אַז דאָס באַזיץ פון שבט זאָל נישט אַריבערגיין צו אַן אַנדער שבט.

און צוזאַמען מיט אַנדערע געזעצן האָט דער מענטש געלערנט אָפּהיטן די באַגריפן פון אַ „נדר" און אַ „שבועה". מ'האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז אַ מענטש איז מחויב צו האַלטן זיין וואָרט, וועלכעס ער האָט אַמאָל אַרויס־געזאָגט, סיי ווען די זאַך באַרירט אים אַליין און סיי ווען זי באַרירט אַנדערע מענטשן.

און דאָס ווערט באַשטעטיקט, ווי אברהם אבינו האָט געשוואָרן צו אבימ־לכן, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל נישט שלעכטס טאָן איינער דעם אַנדערן, אַפילו נישט צו אַ זון, אָדער צו אַן אייניקל. אויך ווי יעקב אבינו האָט געטאָן אַ נדר און שפּעטער האָט ער געשוואָרן צו לבן, אַז זיי וועלן נישט אַריינגיין איינער אינעם אַנדערנס גבול צום שלעכטן.

און אַפילו בנוגע ריינקייט, האָט דער מענטש אין די עלטסטע צייטן, געקענט שוין באַגרייפן פון ריינקייט און אומריינקייט, ביי זיך און ביי זיינע מיטמענטשן. און אַזוי ווי דער מענטש איז נאָר געקומען צו דער עסטעטישער מדרגה פון ריינקייט, האָט ער זיך שוין געהיט פון אָנרירן אַ זאַך, וועלכע ער

האָט אָנערקענט פאַר שמוציק אָדער אומריין. ער האָט געגלויבט, אַז ס'רוט אַ שעדלעכער גייסט אויף דער אומריינער זאַך, וועלכע איז גרייט צו באַ־העפטן זיך צו יענעם ריינעם גוף, וואָס קומט מיט אים אין באַרירונג. אָט ווי יעקב אבינו האָט געזאָגט צו זיינע הויז־מענטשן, ווען ער איז אַוועק פון דער שטאָט שכם און ער האָט געוואָלט גיין קיין בית אל „נעמט אַוועק די פרעמדע געצעקעס פון אייך; רייניקט אייך און טוט גלייך אָן אַנדערע קליידער"!

אַזוי האָבן זיך דאַן די מענטשן געהיט, נישט צו באַרירן אַפילו אַ „נידה" (אָן אומריינע), אָדער אַ שרץ טמא.

אַלס רייניקונגס מיטל, אַוועקצונעמען די צוגעקלעפּטע טומאה, איז געווען אָנגענומען דאָס וואַשן מיט וואַסער, מיט דער הילף פון אָט דעם מיטל איז אָפּגעווישט געוואָרן יעדע צוגעקלעפּטע אומריינקייט. אַזוי האָט ג־ט אָנגעזאָגט בעפאַר „מתן תורה", אַז דאָס פאָלק זאָל זיך היילִיקן און וואַשן זייערע קליידער. (דאָס זעלבע איז די טבילה פון אַ „נידה", וועלכע ס'איז וואַרשיינלעך זייער אַ פעסטגעשטעלטער מנהג ביי פיל ציוויליזירטע פעלקער).

ממילא, איז פון דעם אַלעם צו פאַרשטיין, אַז ס'איז נישטאָ דער מינדסטער צווייפל, אַז די אויבנדערמאָנטע מנהגים און מצוות האָבן זיך שפּעטער אַנט־וויקלט אין פאַרשיידענע געזעצן, ווי ס'איז דער נאַטירלעכער גאַנג ביי אַזעלכע ענינים. און ווי די מענטשהייט האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט אין איר ציווי־ליזאַטאָרישן וועג, זיינען געווען געוויסע באַשטימטע שטראָפן פאַר יענע, וואָס האָבן די דאָזיקע געזעצן נישט אָפּגעהיט. און אַז, מ'האָט געטאָן, וואָס איז געווען פאַרבאָטן פאַר דעם צוועק, האָט די תורה דורך משה רבינו, עס פאַרפעסטיקט. אַזוי אַרום, האָט עס געקראָגן מער חשיבות און איז געוואָרן פאַרהייליקטביים ידישן פאָלק. און מ'איז דערנאָך געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז די נייע מצוות, וואָס זיינען שטרענג פאַרזאָגט געוואָרן דורך משה רבינו, האָט ער זיי מקבל געווען אויפן באַרג סיני מיט דער געטלעכער שפע, בכדי צו פאַרזיכערן זייער קיום אונטער אַלע באַדינגונגען און צייטן.

— ד —

## דער מענטש — דער בעל־נסיון

לפי האמת זאָגנדיק, שטייט פאַרן מענטש, אויף דער וועלט, בייצוקומען צוויי נסיונות: „נסיון העוני" און „נסיון העושר" — אָן עקזאַמען פון אָרעמ־קייט אוּן דחקות און אַן עקזאַמען פון רייכקייט און רחבות.

אָט דער מענטש דאַרף תמיד שטיין אויף אַ פּלאַץ, ווי אַ גבור צו קענען ביישטיין די דאָזיקע צוויי נסיונות. פון איין זייט, איז כאָטש ער לעבט אין גרויס דחקות, דאַרף ער זיך אָפּגעהיט, נישט אָנרירן קיין פרעמדן סענט און

אויך נישט געניסן דאָס, וואָס איז נישט ראַיעל און אָרנטלעך. און וואָס צו מסחר, טאָר ער פּריטיק נאָך דער שקיעה שוין מער נישט האַנדלען, אַפילו די סחורה וועט קאַליע ווערן נאָך שבת.

איז אויב דער דאָזיקער מענטש האַלט אויס דעם „נסיון העוני" (דעם פּיינלעכן עקזאַמען) מיט גוטער אויסצייכנונג, וועט ער דאָך זיך דערהויבן לגדולה, צו אַ בכבודיקן לעבן.

אַלס ביישפּיל דינט אונדז דוד המלך ע"ה. ער איז אויסגעשטאַנען גענוג צרות, איידער ער איז אַרויף אויף דעם כסא המלכות. אכצן יאָר האָט ער זיך געוואַלגערט נע־ונד. ער איז געיאָגט געוואָרן פון שאול המלך. דאָך האָט ער אויסגעהאַלטן דעם „נסיון העוני (דעם ליידנדן פּרווו).

און אַז ער איז אַרויף על כסא המלכות, האָט ער געזאָגט: „מיט וואָס, איך שוואַך מענטשעלע, קען דיר, קעניג פון דער וועלט, אָפּצאָלן פאַר די גוטעס, וואָס דו האָסט מיר געשטיצט אין מיין טרויעריקער לאַגע? — אמת, דו דאַרפסט קיין זאַך ניט; איך האָב אָבער אַזאַ זאַך, וואָס דו וועסט זיין צופרידן מיט איר. אַזוי ווי איך האָב אָן דיר, רבש"ע, נישט געהאַט פאַר־געסן, בעת איך האָב געטרונקען דעם טרויעריקן בעכער פון הונגער און קעלט און נע־ונד אַזוי, האָף איך, אַז כ'וועל נאָך קריגן פון דיר בוס ישעות (גליקלעכן בעכער) און פאַרנעמען דעם כסא המלכות, וועל איך אויך ניט פאַרגעסן אָן דיר. נאָך מער, איך וועל מפרסם זיין דיין הייליק נאָמען (בשם ד' אקרא), ווייל איך זע, הגם דו שטראָפסט דיינע פרומע לייט און שיקסט אָן אויף זיי אָרעמקייט און צרות, איז דאָס אַלס נסיון, צו זיי וועלן אויסהאַלטן דעם טרויעריקן עקזאַמען.

ומהאי טעמא, האָט דויד המלך געאַרבט זיין מלוכה לדור דורות, ווי מיר רופן אויס: „דויד מלך ישראל חי וקים"! (דוד, דער יידישער מלך, לעבט און עקזיסטירט אייביק אין פאָלקס־זכרון).

אָבער דער צווייטער נסיון איז פיל שווערער ביי צושטיין. ד"ה — אַז דער רייכער עקזאַמען איז שווערער פאַר דעם אָרעמען. איז עס גאַנץ מעגלעך, אַז צוליב דעם, וואָס מ'האַלט ניט אויס דעם עקזאַמען פון „נסיון העושר", דראָעט עס אָפּטמאָל אַ געפאַר פון אומקום, ווען ס'איז ניטאָ דערביי קיין מליץ יושר.

אָט דערציילט אונדז דער חומש, ווי ג־ט זאָגט צו משה רבינו: „איך בעט דיר, משה, זאָלסט רעדן צום פאָלק, אַז איטלעכער זאָל לייען זילבערנע און גאָלדענע כלים ביי די מצרישע שכנים", (דבר נא באזני העם וישאלו איש מאת רעהו כליכסף וכלי זהב) — בכדי אברהם אבינו זאָל נישט זאָגן, אַז ער האָט נאָר מקיים געווען, אַז די יידן זאָלן ווערן געפייניקט אין מצרים (ועבדום ועינו אותם קיים בהם), אָבער ער איז דאָך נישט מקיים, וואָס ער האָט געזאָגט, „אַז זיי וועלן אַרויסגיין פון מצרים מיט גרויס פאַרמעגן" (ויצאו

ממצרים ברכוש גדול). האָט דערפאַר משה רבינו געבעטן זיך ביים פאָלק, אַז עס זאָל זען צו לייען די טייערסטע כלים ביי די מיצרים פאַר יציאת מצרים.

און כאָטש די יידן האָבן אויסגעהאַלטן דעם „נסיון העוני", האָבן זיי אָבער נישט אויסגעהאַלטן דעם „נסיון העושר", אַלס באַווייז פאַר דעם, וואָס זיי האָבן מיטן זעלבן גאָלד געמאַכט אַן עגל הזהב און גאָר פאַרגעסן אָן די גרויסע ניסים, וואָס ס'איז זיי געטאָן געוואָרן ביי יציאת מצרים און ביים ים־סוף... ס'האָט זיי, צוליבן „חטא העגל" (וואָס זיי האָבן געמאַכט פונעם גאָלד אַ קאַלב פאַר אַן אָפּגאָט), געדראָעט ממש אַ פולשטענדיקע אויסראָטונג. ווען נישט משה רבינו, וואָס ער איז אַרויס מיט אַ טענה צום רבש"ע: „אַז נאָר דאָס גאָלד האָט גורם געווען, אַז זיי זאָלן מאַכן אַן עגל. און דאָס איז דאָך געווען מיט דיין פאַרלאַנג „וישאלו נא" — זיי זאָלן לייען, האָסטו דאָך גע־זאָגט". אויף אַזאַ אופן האָט משה רבינו זיך אָפּגעבעטן ביי ג־ט, און מ'איז געקומען צום שלוס אַז: „ער וועט זיי ניט ניט פאַרלענדן" (לא מאסתים ולא געלתים לכלותם).

זעען מיר פון דעם אַלעם אַרויס, אַז צו קריגן דעם כוס ישועות, מוז סיי אַ יחיד און סיי אַ ציבור, קענען באַשטיין דעם עקזאַמען פוןביידע נסיונות: נסיון העוני ונסיון העושר (די עקספערימענטן פון צער און רחבות).

# קאַפּיטל 5

„פעלקער האָבן אויף מיר אַ נעץ פאַרשפּרייט, מיך אומצוואַרפן".
(מצודה פרשו לי אומות העולם להפילנו. — מכירי תהלים ק"מ).

„אָבער מיין וועלט, ביסטו ישראל!"
(עולמי — ישראל! — שהש"ר פ"ז)

# וועלט

אײנלײטונג.

א.— דער גערא‏נגל צווישן רשעות און צדקות.

ב.— דער יסוד פון וועלטס בנין.

ג.— די וועלט און עם־ישראל.

## אײנלײטונג

דער מדרש פרעגט: פאַרוואָס ג־ט האָט נאָר איין מענטשן, אויף דער וועלט, באַשאַפן? איז דער ענטפער: דאָס האָט ער געטאָן צוליב דעם, אַז איינער זאָל זיך ניט קענען דערנאָך איבערנעמען אַנטקעגן דעם צווייטן, זאָגנדיק, אַז ער איז פון אַ גרעסערן יחוס, ווי דער אַנדערער. ד"ה, אַז אַלע מענטשן דאַרפן זיין גלייך. ס'זאָל ניט זיין קיין העכערע און נידעריקע, ווייל אַלע קומען זיי אַרויס פון איין פאָטער. וואָרום ג־טס ווילן איז, אַז אַלע זאָלן לעבן גליקלעך, ניט איינער אויף יענעמס נויט און אומגליק. אין קעגנטייל — מענטשן דאַרפן זיין באַהילפיק איינער דעם אַנדערן מיט זייער פרייד, ניט מיט פּיין.

זאָגט דערפאַר געטלעכער משורר פון תהלים: „אויב איר פילט זיך שטאַרק, טאָ גיט אַ לויב צו ג־ט, גיט אָפּ ערע. וואָרום ג־טס שטימע הערט זיך איבער די וואַסערן, זיין שטימע דונערט איבער די גרויסע וואַסערן! — מעכטיק איז זיין שטימע אין פול מאַיעסטעט (כ״ט).

געדענקט זשע, זאָגט איוב, דער טריאומף־געזאַנג פון די שלעכטע לעבט נאָר אַ ווילע און די פרייד זייערע וועט ניט דויערן. — דאָס ליכט פון די שלעכטע זייערע מעכטיקע טריט וועלן זיי אין ערגעץ ניט פירן אין זייער גוטע עצה וועט אויסגעלאָשן ווערן און די פונקען אין זיין פייער וועלן ניט לייכטן. וועט זיי פאַרראַטן. — דערווייטערט אומגערעכטיקייט פון אייערע געצעלטן — און וועט אויפגעריכט ווערן! — ווי האָט רבי שמעון גמליאל געזאָגט: אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט און דאָס זיינען זיי: אמת, גערעכטיקייט און שלום.

— א —

## די וועלט אין אַ געראַנגל צווישן רשעות און צדקות...

כידוע, זינט די מענטשהייט האָט זיך גענומען אַנטוויקלען, האָט זי זיך געפונען אין געראַנגל בין טוב לרע — צווישן גוט און שלעכט. דער צד הטוב האָט מיט זיך פון תמיד אָן, פאַרגעשטעלט אַ לעבן פון צדק און יושר און דער צד הרע — דעספּאָטיזם, אכזריות, חוצפּה און עזות.

און דער שכל איז מחייב, ווער ס׳שטייט פאַרן צד, וואָס זוכט נאָר צדק ויושר, ווערט פאַררעכנט פאַר אַ צדיק. אין קעגנטייל, ווער ס׳שטייט פאַרן צד, וואָס פאַרטיידיקט רשעות און אכזריות, איז פאַררעכנט פאַר אַ רשע. און געוויינלעך, פּירט מען אַ לעבן בדרך ישרה, אין אַ גלייכן וועג, אין אַ וועג פון גערעכטיקייט, ווערט מען באַטיטלט אַלס אַן ערלעכער מענטש — אַן „איש צדיק ותמים״. און דער דאָזיקער מין־מענטש קריגט פיל ברכות. ווי דער דענקער פון „משלי״ דריקט זיך אויס: „אַן ערלעכער מענטש קריגט פיל ברכות״ (איש אמונת רב ברכות). וואָרום אין אַזאַ מענטשן זעט מען דעם אמת און ג־טספאַרכטיקייט (איש אמת וירא אלוקים). אין דער באַציונג פון בין אדם לחברו איז ער אַן „איש אמת״, ווייל זיין באַציונג איז צו יעדערן בחסד וברחמים. און וואָס שייך בין אדם למקום, זעט מען, ווי די איבערגעבנקייט זיינע צו עבודת הבורא און צו אַלע מעשים טובים, איז דורכויס בלב ונפש, באהבה וביראה — הייסט ער דערפאַר „אַ ירא אלוקים״.

און אַזאַ „איש אמת וירא אלוקים״ זעט תמיד די צוקונפט אַ ליכטיקע, אַ העלע; זיין השקפה איבערן לעבן איז דורכאויס אָפּטימיסטיש. אַלע זיינע נסיונות נעמט ער אָן לטובה און איז אַפילו מקבל יסורים באהבה, ווייל פאַר אים איז אַ צדיק דאָס ליכט וואָס באַלייכט זיין לעבנסוועג, ווי ס׳ווערט גע־

זאָגט דער וועג פון צדיקים איז דער גראַדער, דער אמתער ווי איינער גייט מיטן ליכט פון טאָג״ (ואורח צדיקים כאור נוגה). ער איז איבערצייגט אין דעם, מחמת ער אָטעמט מיט אמונה. אן דער וואָס אָטעמט מיט אמונה, זאָגט „משלי״, קען דערווייזן דעם אמת — (יפיח באמונה יגיד צדק. — י״ב).

בכדי אָבער, צו קענען באַגרייפן דעם אמת, מוז מען זיך פירן בדרך התורה. נאָר זי צייגט דעם מענטשן דעם וועג פון לעבן — אַ לעבן פון אמת, נישט צו ווערן פאַרפירט פון דעם שקר. און נאָר זי איז די איינציקע תורה, וואָס איז באַלויכטן בזיו השכינה — מיטן געטלעכן גייסט און שטעמפלט דעם מענטש „בצלם אלוקים״. דערהויבט אים צו די גייסטרייכע ספערן פון דעת און חכמה.

אין קעגנטייל, איז די „תורה״ פון דעם רשע. זיין תורה באַרעכטיקט אַלע מעשים רעים, הן אין דער באַציונג צו זיין מיטמענטשן און הן וואָס איז נוגע זיין „איך״. זיין „תורה״ פאַרהערלעכט די גשמיותדיקע וועלט מיט אירע אַלע תענוגים פון פרצות און הפקרות, בכדי ער (דער רשע) זאָל קענען נאָכקומען זיינע אינסטינקטן פון רשעות, חוצפה און עזות. מחמת זיי זיינען איבער אים די מושלים און וואָס דינען אים אַלס אַ שפּיגל פאַר זיין לעבנס-פירונג.

אָט דער דאָזיקער מין־מענטש, כאָטש ער געהערט אויך צום „בחיר היצירה״, ווערט ער ממש באַלעבאָס איבער זיך און נידערט אַרונטער פון אַ געקרוינטער ראָל אין אַ טיפן גרונט אַראָפּ, און ווערט פאַראַלעל געגליכן צו דער בהמה, וואָס איז ניט מבחין בין טוב לרע. זיין לעבן איז דעריבער תמיד איינגעהילט און שרעק און אין ציטער; ער קעמפט ברוטאַל אויפצו־האַלטן זיין „עגאָ״, וואָס אַנטהאַלט בלויז גאוה, שקר, שנאה און אכזריות.

אַזוי אַרום. איז גאָר נישט קיין חידוש, וואָס אַזאַ טיפ־מענטש ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טיראַן, וואָס זעט בלויז דעם אַנדערן און געשטאַלט פון אַ רויב־חיה אָט ווי דער משורר דריקט זיך אויס: „ער איז פּונקט ווי אַ לייב, וואָס גלוסט צו פאַרציקן, ווי אַ לעמפערט ליגט ער און באַהעלטעניש״ (דמיונו כאריה יכסוף לטרוף וככפיר יושב במסתרים). און מערקווירדיק, ווי דער דאָזיקער רשע באַנוגנט זיך נישט מיט דעם וואָס ער לעבט זיך אויס אין רשעות און אין הפקרות, נאָכפאָלגנדיק זיינע אינסטינקטן; ער שטעלט זיך נאָך אַרויס גאוהדיק צו באַרעכטיקן זיינע אכזריות קעגן דעם צדיק, בכוונה אים צו באַזייטיקן פון דער וועלט־אַרענע. ווייל פאַר אים עקזיסטירט נישט קיין תורה פון מאָראַל און עטיק, פון צדק און יושר. ער לאַכט זיך ציניש אויס פון חכמת התורה און פון קדושה וטהרה. ער טרעט אויף אַלעס, וואָס אַנטהאַלטן צדקות און אידעאַליזם, בכדי צו באַרעכטיקן זיינע מעשים תע־תועים. אָט אויף אַזאַ מין־מענטש האָט אונדזער תורה הקדושה געוואָרנט: — „אַז דער זעלבער וועט דיך בייסן, באַקעמפנדיק מיט שכל פונעם קאָפּ״.

(הוא ישופך ראש) — טייטש דער גאון גרויבאַרט: „האדם ישופך ראש" — דער מענטש וועט דיך בייסן מיט אינסטינקטיוון באַגריף, אַט ווי די חיה וואָס גלוסט צו פאַרצוקן.

געוויינלעך, איבער אַזאַ מין־מענטש רעגירט דער יצר הרע אין אים און דערוועקט זיינע אינסטינקטן פון רשעות און הפקרות, אונטערצודריקן מיט זיין נידעריקער השגה די הערלעכסטע אידעאַלן, צוליב זיינע אייגענע פערזענלעכע אינטערעסן. ובכדי צו פאַרזיכערן זיין „איך", ווענדט ער אָן כלערליי מיני בילבולים און רכילות קעגן די, וואָס פרעדיקן צדק ויושר און פירן זייער שטייגער־לעבן בדרך ענוה ואמונה.

און אַזוי ווי ס'קומט פאָר אַ געראַנגל אינעם מין־מענטש גופא, בין טוב לרע, קומט פאָר אַ געראַנגל פון צדקות און רשעות צווישן פעלקער אין דער גאָרער וועלט. און פונקט ווי ביי דעם יחיד, וואָס באַזיצט אַ געמיש פון שכל און אינסטינקט — גייסט און מאַטעריע, אַזוי הערשט אַ געמיש פון יושר און אכזריות צווישן די קאָנטינענטן אויפן ערד־קויל.

און ווי ס'איז צו זען ,איז דער כלל דאָס אייגענע ווי דער פרט (אין בכלל אלא מה שבפרט). אַט ווי דער יחיד — דער אינדיווידו קען צוימען זיין אינסטינקט נאָר מיט דער הילף פון דער תורה הקדושה, וואָס איז צוגע־פאַסט צו די מענטשן־קינדער, ווייל זיי געפינען זיך תמיד אין אַ „ויתרוצצו" —אַ געראַנגל צווישן שכל און אינסטינקט, איז זי (די תורה) די איינציקע פעסטונג אין קאַמף מיט די ליידנשאַפטן און זינדיקייט, ביז זי איז מכריע איבערן יצר הרע. — און נאָר זי איז ביכולת אויסצואיידלען, אויסצולייטערן און אויפצוהויבן דעם „בחיר היצירה" צו דער העכסטער מדרגה פון צדק און יושר, וואָס באַרואיקט דעם מענטשנס געמיט. אויך דינט זי אַלס איינציקער אינסטרומענט צו צוימען דעם געראַנגל צווישן רשעות און צדקות און צייגן דעם וועג פאַר מנוחה און שלום אויף דער גאָרער וועלט!

— ב —

## וואָס איז דער יסוד פונעם וועלטס-בנין?

יאָ, מיר יידן געפינען זיך אויף דער וועלט אין אַ מעמד, ווי די מגילה „שיר השירים" דריקט זיך אויס: „ווי אַ ראָזע צווישן דערנער" (כשושנה בין החוחים). אָבער, מיר זיינען אָנזיכטיק, אַט ווי די בלום וואָס בליט אַרויס פון צווישן די שטעכלקעס. און לויטן איינטייטש פון מדרש, מיינט עס צו זאָגן, אַז אין זכות פון דער „שושנה" (אַלס סינאָנים ייד) עקזיסטירט די וועלט.

און דער מדרש ברענגט דערביי אַן אינטערעסאַנטן משל: — אַ קעניג האָט געהאַט אַ פרדס (אַ גאָרטן), וואָס אין אים איז געווען פאַרפלאַנצט

טייטלען, וויינטרויבן, מילגרוימען און עפל. דער קעניג האָט איבערגעגעבן דעם דאָזיקן פּרדס צו אַ גערטנער, כדי ער זאָל אים אויפפּאַסן. און אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען.

אין אַ צייט אַרום קומט דער קעניג אַ קוק טאָן וואָס ס'טוט זיך אין גאָרטן, האָט ער אין איר געטראָפן אָנגעפילט בלויז מיט דערנער און שטעכלקעס. ווי געווײנלעך האָט ער געבראַכט העקער, אַז מ'זאָל אויסהאַקן די דערנער פון דעם דאָזיקן פּרדס. האָט דער מלך באַמערקט, ווי צווישן די דערנער וואַקסט אַ שיינע ראָזע, האָט ער זי אַ נעם געטאָן און געפילט אַן אָנגענעמען ריח און זיך ממש דערקוויקט מיט דער דאָזיקער בלום. און האָט תיכף געלאָזט וויסן די העקער, אַז מ'זאָל דעם גאָרטן לאָזן ווי ער איז, צוליב דער שיינער בלום, וואָס בליט צווישן די ווילדע שטעכלקעס. און דער פּרדס איז געבליבן גאַנץ, ווי ער איז געווען.

דאָס אייגענע איז געשען מיט דער וועלט. ווי ג־ט האָט אַ בליק געטאָן אויף זיין וועלט, ווי ס'בושעווען אין איר זינדיקע מענטשן, ווי דער דור אנוש, דער דור המבול און דער דור הפלגה, האָט ער תיכף באַפוילן זיינע מחבלים (פאַרדאַרבער) אומצוברענגען די דאָזיקע רשעים פון זיין וועלט. האָט ער אָבער באַמערקט ווי אַ שיינע בלום בליט צווישן די דאָזיקע פאַר־דאַרבענע אומות. דאָס איז געווען דער עם־ישראל. האָט ער אים אַ נעם געטאָן צו זיך און זיך ממש דערקוויקט מיט זיינע מדות. און ווי ער האָט אויסגערופן, בעת ג־ט ב"ה האָט אים געגעבן די „עשרת הדברות" דעם „נעשה ונשמע" — מיר וועלן מקיים זיין די מצוות התורה און מיר וועלן עס לאָזן הערן אויף דורות, און זי תמיד באַנייען, ווי מ'וואָלט זי איצט מקבל געווען פון באַרג סיני, האָט ג'־ב"ה באַשלאָסן אַז די וועלט זאָל עקזיסטירן אין זכות פון דער תורה און פון עם ישראל.

אָבער ג'־ב"ה האָט מודיע געווען דעם עם־ישראל, דורך אַ רמז (אַן אָנ־דייט), בעת די יידן זיינען אַרויס פון מצרים, אַז זייער מלכות וועט אָנהאַלטן בלויז דרייסיק דורות, אויב זיי וועלן ענדערן די געזעצן פון דער תורה.

דער דאָזיקער רמז געפינט זיך אין דעם פּסוק: „החודש הזה לכם ראש חדשים" — „דער דאָזיקער חודש וועט דינען פאַר אייך אַלס אַן אָנהויב פון די חדשים". ער וועט זיין אַלס אַ מוסטער פון אייער מלוכה עקזיסטענץ. אַט פּונקט ווי די לבנה, אין חודש ניסן, הויבט אָן צו לייכטן, און דערנאָך ביז ס'קומט צו די דרייסיק טעג פאַרלירט זי איר ליכט, מ'זעט זי מער נישט אַרויס, אַזוי וועט אויסזען אייער אָנהאַלט פון דער מלוכה. ד"ה — דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן ביי אייך צו לייכטן פון אברהם אבינו. ווי ס'ווערט געזאָגט אין ישעיהו (מ"א): „ווער האָט דערוועקט פון מזרח דעם וואָס זיג באַגעגנט אויף זיין טריט"? (מי שהעיר ממזרח צדק יקראוהו לרגלו?) — דערנאָך קומט יצחק און יעקב, פון יעקבן קומט אַרויס יהודה, פּרץ, חצרון, רם, עמינדב,

וחשבון, שלמון, בועז, עובד, ישי, דויד און שלמה המלך. מיט שלמה המלך איז געוואָרן פאַר פולט דאָס ליכט, וואָס האָט באַהערשט די גאַנצע וועלט. דאָס זיינען די ערשטע פופצן דורות. נאָך שלמה המלך הויבט אָן דאָס ליכט אַלץ וויניקער צו לייכטן: בעת רחבעם, אביה, איסא, יהושפט, יהורם, אחזיה, חזקיה, מנשה, יאשיהו און ווי ס׳איז געקומען צדקיהו, ווערט וועגן אים געזאָגט: „און צדקיהוס אויגן האָט נבוכדנצאר בלינד געמאַכט" (ואת, עיני צדקיהו עור.—ירמיהו ל"ט). ד"מ — די לבנה האָט שוין קיין ליכט ניט געהאַט. מלכות יהודה האָט אויפגעהערט צו לייכטן אויף דער וועלט. ווייל דאָס פאָלק פון מלכות יהודה האָט פאַרלאָרן די אמתע יידישע כאַראַקטער שטריכן, ווי זיי האָבן זיך געהאַט אויסגעצייכנט פאַר בישנים (שמעוודיקע), רחמנים (מיטליידנדע) און גומלי חסדים (גוטהאַרציקע) — בעלי מדות פון מאמינים בני מאמינים. — דאָס הייסט: זיי האָבן פאַרלאָרן דעם „ראש חדשים" — דאָס ליכט פון דעם ערשטן האַלבן חודש. זיינען זיי דערפאַר פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד. אָבער די משפטים און געזעצן, וואָס זיי האָבן איינגעפירט אין די ערשטע פופצן דורות, האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר בנין העולם.

— ג —

## וואָס איז די חזקת פונעם עם-ישראל אויף דער וועלט?

אַ ייד, אַ בר־דעת שטעלט זיך אַ פראַגע: וואָס אייגנטלעך האַלט אויף די עקזיסטענץ פונעם עם־ישראל אויף דער וועלט? ווי ס׳איז באַוווסט, האָבן הונדערטער שטאַמען און פעלקער פאַרזייט מיט זייערע סקעלעטן די מדבריות אין די כראָניקעס פון דער אוניווערסאַל־היסטאָריע און דאָס יידישע פאָלק לעבט און שאַפט. דאָס באַשטעטיקט, אַז דער עם־ישראל איז אין דעם פרט אַ יוצא מן הכלל. טאָ פאַרוואָס שטעלט פאַר דאָס יידישע פאָלק גיכער דעם יוצא מן הכלל, ווי דעם כלל?

אָט דעם ענטפער אויף דער פראַגע דאַרף מען זוכן אין דער יידישקייט, אין דער תורה. ווייל די יידישע אמונה־לערע היפט אויס אַ חיות־דערהאַל־טנאָדיקע ווירקונג אויף דער יידנשאַפט. און יידישקייט איז אַ לעבנס־לערע, אַ תורת חיים, אַ לערע וועלכע גאַראַנטירט איר אָנהענגער און נאָכפאָלגער אַן אייביק לעבן, אַן אין לשער גרויסע מאָס פון לעבנסלוסט, חיות־קראַפט און זאַפט. ווי דער ספר דברים דריקט זיך אויס אָפן און פריי: „באַפעלט אייערע קינדער צו היטן צו טאָן די אַלע ווערטער פון אָט־דער לערע. וואָרום דאָס איז ניט קיין פוסטע זאַך פאַר אייך, וואָרום דאָס איז אייער לעבן (ל"ב,

מ"ז). — אָבער דורך וועלכן מעטאָד האָט די יידישקייט פאַרזיכערט דער יידנשאַפט דאָס אייביקע לעבן?

בכדי צו זיין אימשטאַנד צו ענטפערן אויף דער געשטעלטער פראַגע, דאַרף מען זיך צום אַלעם — ערשטן באַמיען צו באַגרייפן דעם עצם־מהות, דאָס סאַמע וועזנטלעכסטע, וואָס יידישקייט, אַלס יידישע אידעאָלאָגיע, אַנטהאַלט.

לויט ווי די אגדה דערציילט מכוח מתן תורה מיט אירע בילדערישע שילדערונגען, איז דער יידישער ציבור, דער יעניקער, וועלכער האָט געמאַכט, און געהאָלפן דורכפירן אין לעבן. אָט די גרויסע קולטור־רעוואָלוציע, און איינפירן די אַבסטראַקטע רייד־שפּראַך. דאָס איז די גרעסטע גייסטיקע וועלכע איז באַשטאַנען אין דעם פאַרבראַקירן די קאָנקרעטע העוויות־שפראַך רעוואָלוציע, וואָס די מענטשהייט האָט ווען ס'איז געמאַכט. זי איז אַוועק פון אַן אויסדרוק־מעדיום, וועלכער אַ פעלירט צום אויג און זיך געווענדט צו אַ מעדיום, וואָס אַפעלירט צום אויער.

ווען ג'־ב"ה איז נתגלה־געוואָרן, האָט ער זיך אַנטוויקלט צום אוער, ניט צום אויג. ווי ס'ווערט געזאָגט: „אַ קול פון רייד הערט איר, אַ געשטאַלט זעט איר ניט" — (קול דברים אתם שומעים ותמונה אינכם רואים — זולתי קול (דברים ד', ו"ב).

דאָ שלידערט אונדז די תורה דעם אויפקום פון שפּראַך, פון רייד־לשון ווי דער דיבור איז אַנטדעקט געוואָרן, דערפונדן געוואָרן. די שפּראַך האָט פאַרקאָסירט די קאָנקרעטע בילדער, די געמעלעכצן פון קעגנשטאַנדן, וועלכע ווערן געמאַכט אין דער לופט מיט די הענט, מיט די פינגער, מיט די תנועות, מיט העוויות פון פנים, מיט דער פאָזיציע פון קערפער. די שפּראַך האָט אויסגעקליבן דעם הויה־וועג פון אַבסטראַקציע. אַזוי אַרום איז דער „אנוכי ד' אלוקיך" געזאָגט געוואָרן אין אַלע שבעים לשונות (שבת פ"ח, ב'). דאָס מיינט, אַז דער ערשטער געבאָט איז געזאָגט געוואָרן אין אַלע שפראַכן פון דער וועלט. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס: די יידנשאַפט האָט אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ רייד־שפּראַך און האָט אויף אַזאַ אופן צוגעגרייט דעם באָדן, אויף וועלכן אַזאַ אַבסטראַקציע קולטור ווי די יידישקייט, האָט געקענט אַרויסוואַקסן.

אָט אין דער רייד־שפּראַך ליגט דאָס אָפּלייקענען פון עבודה־זרה, פון געטשנדינסט. פון רעדן איז מען אַריבער צום שרייבן. די שריפט איז אַן אלוקים־שריפט. דאָס שרייבן ווי דאָס רעדן זעצט פאַר די פראַקטיק פון אַבסטראַהירן, פון סימבאָליזירן, צייכענען דערשיינונגען, אַזוי גוט ווי קעגנשטאַנדן, ניט דורך געשמעלצן, נאָר דורך אותיות.

אָט דער אָנפאַנגלעכער זיג פון יידישקייט, וועלכן זי האָט אָפּגעהאַלטן איבער דעם געצנדינסט אין וועלכער ציגט זיך אַרויס אין די הויפט עלעמענטן פון קולטור, בעמלעך, אין רעדן און שרייבן, גיט דער יידישקייט אַן אייזערנע

פאַרזיכערונג, אַז זי וועט זיגן איבערן גאַנצן פראָנט פון קולטור־לעבן אין געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענוווינען. יידישקייט וועט זיגן, מעג דער טאָג פון ניצחון זיך פאַרזאַמען אַפילו אויף טויזנטער יאָרן. יידישקייט האָט אָנגעהויבן צו ציען די ליניע פון פּראָגרעס און זי וועט זי ציען ביזן גליקלעכן סוף. די מענטשהייט קען ניט בלייבן שטיין אין מיטן וועג. זי מעג זיך פאַרקירעווען צענדליקער מאָל אויף צוריק, זי וועט מוזן נאָכפאָלגן די יידנשאַפט און אָננעמען דעם הויפּט־פּרינציפּ פון יידישקייט. ווי באַלד פּאַגאַניזם איז גע־בראָכן געוואָרן אויף דעם הויפּט־פראָנט פון מענטשלעכן פאַרקער. דהיינו, אין דער שפּראַך וועט ער מיט דער צייט געבראָכן ווערן אויף אַלע פראָנטן און וועט אָפּטרעטן דעם וועג פאַר דער יידישקייט אין אַלע תחומים פון מענטשלעכער אָנשטרענגונג, טאָן, אויפפיר, טראַכטן און פילן.

ווי זאָגט דער ילקוט שמעוני (בראשית ב'): „בראשית ברא אלוקים" — צום אָנפאַנג האָט אַלוקים באַשאַפן, צוליב ישראל, וועלכער הייסט אָנפאַנג. דאָס הייסט, אַז דאָס יידישע פאָלק האַלט כסדר ביי דעם סאַמע אָנפאַנג. יידנ־שאַפט איז אַ כסדרדיקער אומאויפהערלעכער אָנפאַנג. ס'איז אַן אָנהויב אָן אַ מיטן און זיכער, אָן אַ סוף. און דאָס האַלט זיך ביים בראשית, אין דער אַבסטראַקציע פון גאָטהייט פאַרזיכערט איר חיותדיקייט.

דערפאַר זאָגט דער יידישער ציבור אויף זיך עדות, אַז ער איז אַ „קוואַל פון לעבן", ער איז אַן אייביק לעבעדיקער איך. דער יידישער זשעני קען ניט אָפּטאָן זיין שליחות. ער בלייבט שטיין אויף זיין פּאָסטן לעולם ועד. ווייל דער קאַמף קעגן עבודה־זרה איז אַן אייביקער קאַמף.

דער ייד קלאָמערט זיך אָן דאָס עטישע און ניט אָן דאָס עסטעטישע, ווי ס'איז ביי דעם העלענער (גריך), וואָס האָט זיך פאַרקערפּערט אין דאָס סטאַטישע טויטע, אין קונסט, אין סקולפּטור. די יידישע קונסט איז „דאָס איז דאָס בוך פון די געבורטן פון מענטשן" (זה ספר תולדות אדם). דאָס הייסט, אַז דער ייד פון דער עטישער פּערזאָן קען ניט אָפּגעטיילט ווערן. דאָס עטישע לעבט אין אַקציע, אין גוטער האַנדלונג. גוטסקייט איז פאַרבונדן מיטן גוטן מענטשן, מחוץ דעם מענטשלעכן אַגענט האָט עס ניט קיין ממשות.

בכלל געהערט ניט דאָס יידישע פאָלק אין דער קאַפּיטאַליסטישער רובריק פון פעלקער, בייערט צו דער אינטעליגענציע. ד"מ — דאָס יידישע פאָלק איז בלויז קלוג, קיין זאַך ניט מער, ניט רייך, ניט שטאַרק, בלויז קלוג. ווי געזאָגט: „און זיי וועלן זאָגן בלויז אַ פאָלק אַ קלוגעס און אַ פאַרשטענדלע־כעס איז אָט דאָס גרויסע פאָלק" (דברים ד', ו'). וואָרום ניט קיין אָביעקטיווע גיטער, נאָר סוביעקטיווע פּאָסעסיעס, אינערלעכע נחלאות, שטעלן צוזאַמען דעם יידישן רייכטום, די יידישע עשירות.

דערפאַר שעפּט זיך דאָס יידישע פאָלק ניט אויס, פאַרשווענדט ניט ביז צו דעם לעצטן טראָפּן זיין לעבנס־ענערגיע, טריקנט ניט אויס זיין חיות־קוואַל.

ווייל די יידישע שכינה געפינט זיך אין ערגעץ־ניט ווי בלויז אין דער תורה, אין וואָרט, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם הויה־וועג, דעם וועג פון אַבסטראַק־ציע, און צוגעגרייט דעם באָדן אויף וועלכן ס'האָט געקענט אַרויסוואַקסן דער עמבריאָן פון יידישקייט.

אָט די אינאָוואַציע פון ניט דערלאָזן דעם „איך" (אנוכי") צו קומען צו אַ קאָנקרעטער פּאַגאַניסטישער התגלות — העלפט עס אַרויס דער יידנשאַפט אין האַלטן די פאָלקס וויטאַליטעט אומגעריכט, אומגעשעדיקט אין איר פולער מאָס פון האַפּטיקייט און פריש יוגנטלעכער זאַפטיקייט. אָט דער וויכ־טיקער חידוש איז עס גורם דערצו, וואָס דער יידישער זשעני בלייבט יונג, אייביק.

אין דעם ליגט די חזקת פון דער יידישער אומה אויף דער גאָרער וועלט. וואָרום שטאַרקייט מיינט ביי איר — פאָלקס־לעבנס גבורה, לעבנס־רעסורסן, ענערגיע, חשק, ווילן און דראַנג זיך צו באַשטימען און באַהויפּטן, וואָס איר שכינה, איר זשעני האָט בשום אופן ניט דערלאָזן צו קומען צו אַ פאַרקער־פערונג אין עפּעס אויסערלעכעס, נאָר אויסשליסלעך אינערלעכעס. דאָס מיינט: אין אָט דעם עטישן פיר שפּרודלט כסדר אַ קוואַל פון אייביק לעבן און דינט פאַר דער יידישער אומה ווי אַן אייזערנע פאַרזיכערונג אין דער גאָרער וועלט.

## קאַפּיטל 6

„איך וועל מאַכן אַן אָרט פאַר מיין פאָלק ישראל,
און וועל אים איינפלאַנצן, ער זאָל רוען געזיכערט אויף אים".
(ושמתי מקום לעמו ישראל, ונטעתיו ושכן תחתיו. — ש"ב, ז').

# קיום היהדות (עקזיסטענץ פון יידנטום)

א.—די הבטחה פון יידישן קיום.
ב.—דער עיקר קיום היהדות.
ג.—ניט אין כמות נאָר אין איכות . . .
ד.—די חזקת פון קיום היהדות.
ה.—דער וועג פאַר קיום היהדות.

— א —

## וואָס פאַרזיכערט דעם יידישן קיום?

אַ תלמודיש ווערטל זאָגט: „אַז מ'איז זאַט, איז דאָס מעל ביטער" (מלי כריסיה, זני בישי. — ברכות ל"ב). זאָגן געוויסע מפרשים, אַז די כוונה פון דעם איז: ווען מ'ווערט אויפגעריכט מיט עשירות (רייכקייט), פאַרגעסט מען תיכף אָן ג'־ב"ה. וואָרום, מ'הויבט אָן צו דענקען, אַז אַלץ וואָס מ'האָט דערוואָרבן, איז אַ דאַנק דער אייגענער חכמה און אויפטו. און ס'האָט גאָר נישט קיין שייכות צו ג'־ב"ה.

אַזאַ טיפּ־מענטש רופן אַן אונדזערע חכמים בשם גס־רוח (פּראַסטיאַק). ווייל פון אים וועט שוין קיין גוטעס ניט אַרויסקומען. וואָרום ס'רעדט פון אים אַרויס בלויז עזותקייט און חוצפּה קעגן תורת משה און חכמי התלמוד, מיט אַ טענה דערצו: הלמאי איז אים ניט דערלויבט צו טאָן אַלץ, וואָס זיין האַרץ גלוסט!

אין גרונט גענומען איז אַזאַ טיפּ גאָר בישט קיין כופר בעיקר. ער לייקנט ניט, חס ושלום, אין דער געטלעכער ממשלה.

— נאָר וואָס? — גואה און עם־הארצות דיקטירן אים אַזוי צו רעדן. און שטעלט אַוועק זיין מכלומרשטן „איך" העכער פון דער תורה. מהמת זיין „איך" איז איינגעהילט דורכויס אין גשמיות, אַז דער גוף זאָל נאָר הנאה האָבן. ער פילט ממש ניט, אַז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, איז ער בלויז געשטעלט געוואָרן אַלס אַ שומר־אַכטונג צו געבן אויף זיין פאַרמעגן, ביז אַ באַשטימטער צייט. ער ווייסט גאָר ניט, אַז אַלץ באַלאַנגט צו ג'־ב"ה. ווי ס'ווערט געזאָגט: „אַלץ איז אַ געשאנק פון ג־ט, אַחוץ צו זיין גאָטספאַרכטיק, איז עס אַן ענין וואָס געהערט צו בחירה — ער זאָל אַליין זיך אויסוויילן זיין וועג אין לעבן" (הכל בידי שמים, חוץ מיראת שמים).

און טאַקע וועגן אַזאַ מין כופר האָט אונדזער תורה אָנגעדייט זיין גורל. ווי ס'ווערט געזאָגט: „ג־ט באַצאָלט זיין שונא אין זיין געגנוואַרט, כדי ניט צו האָבן מיט אים קיינע חשבונות, נאָכדעם ווען זיין נשמה קערט זיך צוריק צו איר אָרט. באופן, ס'זאָל פון אים קיין זכר ניט בלייבן" (ומשלם לשונאיו אל פניו להאבידו. — דברים ז'). און דאָס איז דערפאַר, ווייל ער שטיצט זיך בלויז אויף זיין אייגענעם רוח, דענקנדיק אַז אַלץ באַלאַנגט אַן אים אַליין. — פאַרגעסט ער תיכף אַן זיין באַשעפער — (ורם לבבך — ושכחת את ד' — דברים ט'). וואָרום אַזוי דיקטירט אים זיין מכלומרשטע פילאָזאָפיע, אויב ער האָט עס דערוואָרבן, מעג עס אַפילו זיין ניט בדרך ישרה, האָט דאָך משמעות דער בורא עולם אויף דעם מסכים געווען. — ער האָט דאָך אים פאַרט געמאַכט פאַר אַ באַלעבאָס איבער זיין עשירות.

אָבער, דער דאָזיקער טיפּ גיט זיך ניט אָפּ קיין חשבון, אַז ער איז בלויז בישט מער ווי אַ בעל־פּיקדון — אַכטונג צו געבן אויף זיין פאַרמעגן, בתנאי, ער זאָל היילקן זיין נשמה, במצוות ומעשים טובים. וואָרום „צי דען ווער ס'איז היינט רייך, וועט ער אויך מאָרגן זיין רייך"? (מי שהוא עשיר היום, הוא עשיר למחר? — מיר ווייסן דאָך ניט ג־טס חשבונות. — (אין אנו יודעים חשבונותיו).

קומט מען נאָך אַלעם, צו דער מסקנא, אַז דער וואָס טרעט אַרויס מיט עזותקייט קעגן דער תורה און חז"ל, איז עס בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אָנגעפילט מיט כלערליי תאוות. נאָר זיינע מעשים רעים שטעלן אים צו־פרידן!

— ווייל זיין „טעאָריע" באַרעכטיקט אים אַזוי צו פירן זיין וועלטל, לשם הנאת הגוף.

נאָך מער איז צו באַוווּנדערן אַזאַ מין „כסיל", וואָס שטעלט אַלץ אויף זיינע אייגענע כוחות. און קומט נאָך אַרויס מיט אַ פּזמון: „איך בין אַ גוטער ייד"! איך גלויב דאָך אין באַשעפער פון דער וועלט! נאָר וואָס? — מיין „תורה" איז ניט מסכים מיט דער תורה פון משה רבנו.

און דער דאַזיקער טיפּ פילט גאָר ניט וויפל עם־הארצות ס'ליגט אין זיין פּוסטער פילאָזאָפיע. ער ווייסט נעבעך ניט, אַז דער יידישער קיום איז באַזירט נאָר אויף די מצוות פון דער תורה. און נאָר דער, וואָס פירט זיך לויט די חוקים ומשפטים, וועלכע ס'זיינען דיקטירט געוואָרן צו משה רבנו מפי הגבורה (פון דער געטלעכקייט), איז באַרעכטיקט צו טראָגן דעם נאָמען ייד! — ניט מיט סתם גלויבן בלויז אין באַשעפער, איז מען שוין אַ ייד! — וואָרום די יידישע אמונה איז איינגעהילט אין מצוות מעשיות, לויט דער אָנווייזונג פון דער תורה און אויסטייטשונג פון די חכמי התלמוד.

און די דאָזיקע באַהויפּטונג ווערט אייגנטלעך, פעסטגעשטעלט אין דער גמרא, חגיגה (פ"א, ה"ז). די חכמים זיינען דאָרט מפרש דעם פסוק פון ספר ירמיה (ס"ז), וואָס זאָגט: „מיר האָבן זיי פאַרלאָזן און מיין תורה האָבן זיי ניט געהיט" (ואותי עזבו ואת תורתי לא שמרו), אויף אַזאַ אופן: „הלואי וואָלטן זיי מיך פאַרלאָזן און מיין תורה געהיט"! און דער דאָזיקער פירוש איז אין איינקלאַנג מיטן מאמר, אין סנהדרין (ז) אַז אַ מענטש ווערט פריער געמשפּט, צי ער האָט זיך עוסק געווען אין לערנען תורה. (אין תחלת דינו של אדם נידון אלא על דברי תורה). כאָטש די גמרא ברענגט דאָרט: „ווען מ'שטעלט צו דעם מענטשן צו משפט. פרעגט מען אים פריער, צו ער איז געוועזן אויפריכטיק־ערלעך אין זיין אמונה און דערנאָך פרעגט מען אים, צי ער האָט זיך עוסק געווען אין לערנען" (דאָרט, ל"א). זעט דאָך גאָר אויס אין פלוג, אַז ס'איז וויכטיקער אמונה ווי תורה לערנען? — דערקלערן דאָרט די בעלי התוספות, אַז: פרעגן, פרעגט מען אים טאַקע לכתחילה וועגן אמונה, אָבער משפטן, ווערט ער געמשפּט אויף לימוד התורה פריער.

זעט מען פון דעם אַרויס גאַנץ בולט, אַז צו זיין סתם אַ מאמין — אַ גלויביקער אין מציאות השם (אין דער עקזיסטענץ פון ג־ט), איז נאָך ניט גענוג, אויף צו זיין אַ ייד, מ'מוז דעמאָנסטרירן בעיקר במצוות מעשיות ובלימוד התורה. ווייל נאָר זיי דינען אַלס עדות פאַר אמונה — אַלס אַ מאמין און ג'־ב"ה.

און ס'איז אַ דבר ידוע פאַר יעדן באַוווסטזיניקן ייד, אַז אמונה קען קיינמאָל ניט אָפּגעזונדערט ווערן פון תורה. אָט ווי די חכמים דריקן זיך אויס: „תורה און אמונה — זיינען איינס"! (אורייתא וישראל וקב"ה — חד הוא!) דאָס הייסט: אַ ייד בשלימות איז דער, וועד ס'היט אָפּ די מצוות התורה במסירת נפש! — ווי דער מדרש (דב"ר פ' ט"ז) ברענגט: „ווען הייסט איר

מיינע קינדער? — ווען איר נעמט אויף מיינע רייד״! (אימתי אתם נקראים בני — כשתקחו אמרי). אָבער ניט אַזעלכער, וואָס פירט זיך בהפקרות, אונטערן אויסרייד פון מכלומרשטע דעמאָקראַטיע, זאָגנדיק: „האַלט זיך ביי דיין שטאַם און פיר זיך ככל הגויים״! — ד.מ. — „דיין יידישקייט קענסטו דעמאָנסטרירן מיט דעם, וואָס דו רעדסט דיין אייגן לשון, און לייענסט פון צייט צו צייט אַ יידיש בוך. דו גלויבסט אין בורא עולם אויך, טאָ ווער וועט דיך חשד זיין, אַז דו ביסט נישט קיין ייד?!

אָבער אַזאַ מין שיטה פון יידישקייט, קען אַנדערש ניט זיין באַזירט, ווי אויף עם־הארצות! אָט, לאָמיר זען, צי דען זיינען ניטאָ אַזעלכע אינטעלי־גענטן, ביי די אומות העולם, וואָס זאָלן ניט זיין באַקאַנט מיט יידישער שאַפונג, — ניט בלויז אין דער אַלט־נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, נאָר אויך אין דער ניי־יידישער ליטעראַטור און האָבן דערצו נאָך אַ ברייטע אַנונג אין יידיש־גייסטיקן לעבן. — קענען זיי דען, פאַררעכנט ווערן פאַר יידן?!

און וואָס שייך, אַז מ׳דאַרף זיך פירן דעמאָקראַטיש — זיין אויסגעהאַלטן לויטן כלל פון „ואחרי רבים להטות״. ד.ה. — מ׳דאַרף זיך קערן, אַוו דער רבים געפינט זיך, ווייס נעבעך ניט אַזאַ „מלי כריסיהניק״ — בעל־תאוה, אַז אַפילו איין ייד — אַ יחיד במינו, וואָס פירט זיך אויף כדין וכדת על־חוקי התורה, איז שקול כנגד הרבים דבעלי עבירה. וואָרום, איין ייד, אַ בעל־תורה — אַ תלמיד חכם, וועגט אַריבער די גרעסטע מערהייט אומוויסנדע. ווי געזאָגט: „התורה שקולה כנגד כולם״!

אַזוי אַרום, מוז געגומען ווערן אין באַטראַכט, אַז דער יידישער קיום קען זיין געזיכערט, נאָר באופן, ווען דער „המשך״ — די קאָנטינואיטעט וועט זיין, פון צוקונפטיקן דור, אַ דורכגעדרונגען בתורת חיים, מיט אַ תורה וואָס אַנטהאַלט רודימענטן פון פאַרשיידענע ידיעות, באַזירט אויף עטיק און מאָראַל. דאַן, וועט דער יידישער קיום האָבן זיין הבטחה — די פאַרזיכערונג אויף דער גאָרער וועלט!

— ב —

## אויף וואָס איז באַזירט דער עיקר קיום היהדות?

כידוע, איז דער קיום פון דעם עם־ישראל זייער אָפּהענגיק פון עטיק, אַז וועלכער ער קען זי ך ניט באַגיין, ובכלל. מוז דאָס יידישע פאָלק אָנקומען צו עטיק סיי אינערלעך, ווען ס׳האַנדלט זיך מכוח דער לאָיאַליטעט — צוגע־בונדנקייט פון יחיד צו אים אַלס כלל, סיי אויסערלעך, ווען ס׳האַנדלט זיך מכוח זיינע פאַרהעלטענישן צו דער נישט־יידישער וועלט. — דאָס הייסט, פאַרן יידישן פאָלק איז עטיק גאָר אַ נויטווענדיקע באַדערפעניש, אַז וועלכער

ס'קען נישט עקזיסטירן. בעת ביי אַנדערע פעלקער, איז עטיק אַ מין לוקסוס־זאַך, אַ מותרות, וועלכע זיי דאַרפן נישט האָבן און ווילן נישט האָבן.

און עפּעס נאָך מער: ביי אומות העולם קען עטיק דינען בלויז אַלס אַ רעגולאַטאָר פון פאַרהעלטענישן בין אדם לחברו, פון איין יחיד צום צווייטן. אַלס פעלקער אָבער, האָבן זיי מיט אָט־דעם סיסטעם גאָר נישט צו טאָן. די צווישן פעלקער שייכותן ווערן באיין אופן נישט רעגולירט אויפן סמך פון עטיק און מאָראַל. די אומות העולם זיינען ניט קיין עטישע מהותן, ווען זיי וואָלטן עס געטאָן, וואָלטן זיי אויפגעלייזט געוואָרן אַלס פּאָליטישע קערפּערשאַפטן. זיי מוזן זיך פאַרהיטן פון די איבעריקע פעלקער, וועלכע זיינען אַבסאָלוט נישט קיין מאָראַליסטן. זיי זיינען דורכויס אַזעלכע פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, וואָס זייער ציל איז בלויז צו הערשן איבער אַנדערע. (כאָטש ס'ווערט אין דער „אָנו" אויפגעהאַלטן דעם שלום צווישן פעלקער). ממילא, פאַרנעמט נישט קיין אָרט אין זייער מלוכהשער איינשטעלונג די מידה פון עטיק. זייערע געזעצן זיינען איבערהויפּט געניינט מיט אַ היפּשער הכרעה פאַר אינטערעסן פון דעם הערשנדן קלאַס. דער דורכשניט פון די פאָלקס־מאַסן, געפינט זיך אונטערן דרוק פון „טו וואָס איך הייס". און איז מרוצה מיט אַ לויב צו ג־ט, וואָס מע לאָזט אים נישט אויסגיין פון הונגער; נאָך אַלע סאָציאַלע פאַרזאָרגונגען שפּאַר'ט ער אָפּ אַלע מיני חלאות, אונטערן שווערן לאַסט פון דער אַרבעט, נישט קוקנדיק צו געניסן פון דעם פּראָגרעס, וואָס ער האָט פאַר דעם אַזוי פיל מי און כוחות אָפּגעגעבן. ער פילט זיך אָפּט דערשלאָגן און מוטלאָז, כעני בפתחו אַנטקעגן דעם הערשנדן קלאַס.

אָבער גאָר אַנדערש איז מיט אַ יידישער מלוכה. ווען איר איינשטעלונג איז באַזירט אויף די יסודות פון אונדזער תורת חיים, וואָס ציגט דעם וועג פון גערעכטיקייט, דורכגעדרונגען מיט עטיק הן לגבי דער הנהגה פון דער מדינה, והן לגבי דעם יחיד, וואָס געפינט זיך אונטער דער השפעה פון דער מלוכהשער הנהגה און וואָס טראָגט אויף זיך די תורה־פליכטן בנוגע צו זיין אייגענעם פּערזענלעכן לעבן. אַזאַ איינשטעלונג, וואָס איז באַזירט אויף די געזעצן פון דער תורה, קען אַזאַ מלוכה דינען אַלס דוגמא פאַר אירע אַרומיקע פעלקער; און איר רעפלעקס קען אויסהיפן אַ השפעה אַפילו אויף די גאָר מעכטיקע פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, זיי זאָלן לכל הפחות נישט זיין אַזוי בלוטדורשטיק און ווילדקריגעריש, צו דאָמינירן איבער אַנדערע נאַציאָנען.

אַלס פאַקט קען אונדז דינען, לויט ווי די געשיכטע דערציילט אונדז: „כל זמן די איינשטעלונג פון דער יידישער מלוכה איז געווען באַזירט אויף די יסודות פון דער תורה, האָט זי זיך געהאַלטן. ווי נאָר זי האָט זיך אָנגעשלאָסן

אַן פרעמדער קולטור, און איינפירן געזעצן לויט דער איינשטעלונג פון אַנדערע אומות, האָט זי פאַרלאָרן איר קיום.

מהאי טעמא האָט מלכות יהודה לענגער עקזיסטירט ווי מלכות ישראל. ווייל מלכות יהודה האָט זיך געפירט אונטער דער השפעה פון די נביאים, זיינען אירע געזעצן געווען אַדורכגעדרונגען מיט צדק ויושר, אינעם גייסט פון אונדזער תורה הקדושה. איז כל זמן מלכות יהודה האָט זיך געפירט לויט איר אייגנאַרטיקער איינשטעלונג, איז זי אויך געווען געזיכערט פון די אָנפלאַן פון די פרעמדע הערשאַפטן. נאָר ווי דער יידישער מלך אחז ווערט שטאַרק זיך באַפריינדעט מיט אשור (אַסיריער), צו פירן מלחמה קעגן ארם (סיריע) און מלכות ישראל, האָט ער דערפאַר געמאַכט פראַשיידענע רעפאָר־מען אין גאָטעס־דינסט. און ווערט גאָר אינגיכן אונטערגעוואָרפן אונטער מלכות אשור. ביז ענדלעך, נאָך פאַרשיידענע ראַנגלענישן, פאַלט זי אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון בבל און פאַרלירט איר קיום אַלס מלוכה, און איר באַפעלקערונג ווערט פאַרטרייבן קיין בבל.

נאָך אַלעם, זעען מיר, ווי נאָך אַזאַ מין קאַטאַסטראָפע פון אַ פאָלק, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין לאַנד און שטאַט, האָט עס זיך נאָך געקענט אויפהאַלטן אין גלות. ווייל פון תמיד־אָן האָט דאָס יידישע ציבור־לעבן, זיך נישט גע־האַלטן אויף דעם פרינציפ פון טעריטאָריע, פון לאַנד, ווייל נישט ישראל איז געווען אַ צוגאָב צום לאַנד, נאָר דאָס לאַנד איז געווען אַ צוגאָב צום פאָלק־ישראל.

אַזוי אַרום, האָט דאַן די יידישע מלוכה זיך געמוזט פירן לויט אַן אינ־טעראינדיווידועלן איינשטעל, לויט אַ רעגלאַמענט, וועלכער פונדעוועט אין אמונה און אַ תורה, נישט אין אַ וועלטלעכער סאַנקציע. ווי געוויינלעך, איז אַזאַ איינשטעלונג פון אַ מלוכה, געווען אונטער דער השפעה פון הויכגע־לערנטע שטאַטסלייט, מיט אַ סנהדרין בראש, — זיי זיינען געווען תמיד די פאַרטיידיקער פון יידנשאַפט און יידישקייט, אינעם גייסט פון תורה שבכתב ושבע״פ.

אַזאַ יידישער ציבור וואָס האָט געלעבט אונטער זייער הנהגה, האָט בשום אופן נישט געקענט סובל זיין אַלע מיני אידעען אָנשיקענישן, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אויפקומען אויף דער יידישער גאַס, בכוונה אָפצורייסן זיי פון דער ערשטער יידישער אידעאָלאָגיע. אָבער די יידישקייט־יידן האָבן זיך געהאַלטן אָפגעזונדערט פון אָט־דעם כלומרשטן פּראָגרעסיוון עלעמענט, וועלכער איז נישט געווען ווייניקער שעדלעך, ווי די אויסגעשפּראָכענע אַסי־מילאַטאָרן, וואָס האָבן געשטרעבט צו אַן איינשטעלונג פון ככל הגויים, און זיי האָבן געלייגט דעם יסוד פון יידישקייט לדור דורות.

אָט דער דאָזיקער געשיכטלעכער פאַקט, מוז תמיד, אונדז דינען אַלס מוסר השכל, בכדי דער יידישער כבוד זאָל נישט געמינערט ווערן אין די

אויגן פון די פעלקער. ווייל נישט מיט דער אידעע פון ככל הגויים, וועט אונדזער דור ווערן יידיש באַוווסטזיניק. מיר מוזן נעמען טיף אין אכט, אַז אַ דאַנק דעם טיפן אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן עם ישראל און אומות העולם, האָבן מיר פיליכט אויסגענומען ביי די הערשנדע מלוכות, און אונדז מזכה געווען מיט אַן אייגן שטאַט: מדינת־ישראל. און ס'וועט אַזוי אַרום מקויים ווערן די רייד פון דעם נביא: „און מלכים וועלן גיין פאַר דער העלקייט פון דייך שיין" (והלכו מלכים לנוגה זרחך). וואָרום, ווי זאָגט דער „כוזרי": — „דער ייד איז צווישן די אומות, ווי אַ האַרץ צווישן די גלידער" (ישראל באומות כלב באברים). דאָס מיינט: אַזוי ווי אַ מענטש קען אָן אַ האַרץ ניט עקזיסטירן, אַזוי קענען פעלקער אָן תורת ישראל ניט עקזיסטירן! און נאָך פרייער דריקט זיך אויס דער מדרש: „אָן פאָלק ישראל, וואָלטן די אומות נישט געקענט באַשטיין" — (זיך גייסטיק אַנטוויקלען) — (אם אין ישראל אין האומות יכולין לעמוד. — במ"ר פ' מ"ב). דאָס איז דערפאַר, וואָס דער עם ישראל באַזיצט אַ תורה, ניט בלויז פאַר זיך אַליין, נאָר אויך צו באַלייכטן די גאַנצע מענטשהייט. ווייל אירע חוקים און משפטים זיינען אַ דורכגעדרונגען מיט עטיק און מאָראַל, וואָס איז די הויפט באַזע פון קיום היהדות. (זע רמב"ם, הלכות מלכים פי"א).

— ג —

# דער אינהאַלט פון קיום היהדות

אַז דער עיקר קיום היהדות באַלאַנגט ניט צו קוואַנטיטעט נאָר צו קוואַליטעט, קען עס באַשטעטיקט ווערן אין נאָמען פון רבי חלפתא בן דותא, וואָס זאָגט: „צען וואָס זיצן אין פאַרנעמען זיך מיט דער תורה, רוט די שכינה צווישן זיי". און איז זיך סומך אויף פסוק: „די שכינה רוט אין דער עדה פון צען צדיקים" (אלוקים נצב בעדת־אל־תהלים פ"ב). און פירט אויס: „ווען אַפילו איינער זיצט און לערנט תורה, רוט אויך אויף אים די שכינה". ווי ס'לויטעט דער פסוק און ספר שמות (כ', כ"א): „אין יעדן אָרט ווו איך וועל מאַכן דערמאָנען מיין נאָמען, וועל איך קומען צו דיר, און איך וועל דיך בענטשן". דאָס מיינט: אַזוי ווי דו קומסט צו מיר מיט גרויס ליבשאַפט, אַזוי וועל איך קומען צו דיר, און דיר צייגן ווי איך האָב דיך ליבן „כשמי" — ווי דער שם המפורש. וואָס דאָס מיינט: די אַנטפּלעקונג פון דער שכינה.

לערנט אונדז דער דאָזיקער מאמר, כאָטש בדרך כלל ווערט געזאָגט: „וואָס דער עולם איז גרעסער, פּרעכטיקער זעט אויס דער קענג" (ברוב עם הדרת מלך). פונדעסטוועגן בנוגע דער יידישער אומה, איז מען אויף דעם ניט מקפיד. וואָרום ביי ג'־ב"ה איז ניט דער עיקר די קוואַנטיטעט — נאָר

די קוואַליטעט. ס׳קען אַפילו זיין גאָר ווייניק ג־טס פּאַרכטיקע, זיינען זיי זייער טייער אין זיינע אויגן, ווי ס׳וואָלט ווירקלעך געווען אין כמות (קוואַנטום). אַט ווי די תורה הקדושה זאָגט אונדז אויסדריקלעך: „ניט ווייל איר זייט מער פון אַלע פעלקער, האָט ג־ט געלוסט צו אייך און אויסדערווײלט, נאָר בעיקר פאַר אייער חשיבות, וואָס איר צייכנט זיך אויס מיט אַזעלכע מעלות לגבי אַנדערער אומות, וואָס זיינען דער אויסדרוק פון אייער איכות" (לא מרבכם מכל העמים חשק ד׳ בכם . .) און נאָר איר זייט געווען די ערשטע צו פאַר־שפּרייטן דעם רעיון פון מציאות השם און אחדות הבורא, איינגעהילט אין געטלעכער ליכטיקייט. דערפאַר האָט ג־ט ניט געלייגט קיין אכט אויף דער צאָל — אין כמות. וואָרום, דאָס וויכטיקסטע פון אַ מענטש איז ניט בלויז וואָס ער איז אַ בעל־חי, נאָר בעיקר צו זיין אַ ירא אלוקים (אַ ג־טס פאַרכ־טיקער) און זיך פירן לויט די געבאָטן פון דער תורה. (סוף דבר הכל נשמע את האלוקים ירא ואת מצוותיו שמור, כי זה כל האדם. — קוהלת).

וואָלט מען אין פלוג געקענט פרעגן: די תורה אַליין שטיצט זיך דאָך אויפן כמות (מספר), זאָגנדיק צו אברהמען: „גיב אַ קוק צום הימל און צייל די שטערן. — אַזוי פיל וועלן זיין דיינע קינדער". באַווייזט עס, ווי וויכטיק דער מספר איז, פיליכט נאָך וויכטיקער ווי די קוואַליטעט? — און דערצו, אייגנטלעך, פאַרוואָס זאָל די יידישע אומה זיין אַנדערש ווי די אַנדערע אומות, וואָס שטאָלצירן מיט זייער קוואַנטיטעט פון דער באַפעלקערונג און מיט דער גרויסער צאָל פון זייערע מיליטערלייט?

נעמענדיק אָבער גוט אין באַטראַכט די אַמאָליקע פעלקער, אין דער צייט, ווען זיי זיינען געווען געצנדינער, האָבן זיי זיך געפונען און אַ געדיכטער פינצטערניש. זיי זיינען דאָן געווען ווייט הינטערשטעליך צו קענען משיג זיין דעם בורא עולם און די ליכטיקייט פון דער תורה. און אפשר זיינען זיי נאָך עד היום ענלעך צו איינעם, וואָס גייט אין וועג באַנאַכט, און קוקט אויס, אַז די שטערן זאָלן אים באַלויכטן זיין קורצן וועג. אַזעלכער, ווי געוויינלעך, זוכט ליכט אין דעם מספר פון די שטערן. אָבער גאָר אַנדערש איז, ווען מ׳גייט אין וועג בייטאָג, אונטער דער ליכטיקער זון, ווען אַרום אים איז ליכטיק, וועט אים געוויס ניט איינפאַלן צו וועלן זען די שטערן פון הימל. ס׳איז דאָן אים קיין אונטערשייד ניט צו זיי זיינען דאָ פיל אָדער ווייניק. דאָס אייגענע איז מיט דער יידישער אומה. זי איז באַשטימט פון ג־ט צו באַלייכטן דעם רבים פון אַנדערע אומות, מיט דער געטלעכער ליכט, וואָס שטראַלט אַרויס פון איר, אַלס די טרעגערין פון די חוקי התורה, זינט זי האָט מקבל געווען פון באַרג סיני. איז איר איכות אַזוי באַלויכטן מיט דער ליכטיקייט פון דער תורה, אַז ס׳איז איר גאָר ניט וויכטיק דער קוואַנטום.

און די געשיכטע האָט עס שוין פון לאַנג באַשטעטיקט, אַז די מאַכט פון אַ פאָלק איז ניט בעיקר אין כמות. — פיל מעכטיקע פעלקער זיינען צע־

שפּליטערט געוואָרן און דאָס שוואַכע יידישע פאָלק עקזיסטירט אַ דאַנק זיין איכות, ווייל ס׳איז אַדורכגעדרונגען מיט דער געטלעכער ליכטיקייט.

לויט דער דאָזיקער אינטערפּרעטאַציע, ווערט אגב פאַרענטפערט אַ גע־וויסע פראַגע, וואָס תוספות פרעגט אין דער גמרא ברכות ז׳: אין פּסוק דערציילט אונדז, ווי ג־ט זאָגט צו אברהמען: „טו אָקאָרשט אַ קוק אויפן הימל, און צייל די שטערן, אויב דו קענסט איבערציילן״, און די צווייטער פּסוק דערציילט גאָר, אַז דאָס איז פאָרגעקומען, ווען די זון איז געווען ביים אונ־טערגאַנג (ויהי השמש לבוא). דאָס מיינט, אַז ס׳איז גאָר געווען בייטאָג, ווען ג־ט האָט געהייסן אברהמען ציילן די שטערן, היתכן? — איז פון דעם צו פאַרשטיין, אַז אברהם איז טאַקע אַרויס ציילן די שטערן בייטאָג, וואָרום זיי שטייען דאָך תמיד אויף די זעלבע ערטער ווי מ׳זעט זיי ביינאַכט. האָט אים דאַן ג־ט געזאָגט „אַזוי ווי דו קענסט ניט פעסטשטעלן דעם מספר פון די שטערן, צוליב דער גרויסער ליכט פון דער זון, אַזוי וועט מען ניט קענען פעסטשטעלן די צאָל פון דיינע קינדער״. וואָרום מ׳וועט בכלל ניט לייגן קיין אכט אויף דעם מספר פון דעם עם־ישראל, ווייל ער וועט תמיד לייכטן ווי די זון מיט זיינע געבאָרענע מעלות, איינגעהילט אין תורה־ליכט, און דינען אַלס אַ לייכט־טורעם פאַר אַלע מעכטיקע פעלקער, צו באַלייכטן זיי־ערע פינצטערע וועגן.

און דאָס מיינט דער תנא פון דער משנה, וואָס זאָגט: „כאָטש ס׳איז פיל שענער, ווען צען זיצן אין איינעם און זיינען זיך עוסק אין לערנען תורה, ווייל ברוב עם הדרת מלך. פונדעסטוועגן, ווען איינער זיצט און איז זיך עוסק אין תורה, רוט אויך אויף אים די שכינה״. ווייל ניט די חזקת פון אַ פאָלק געפינט זיך אין כמות — אין אַ ליידיקן מספר, נאָר בעיקר און איכות — און דער קוואַליטעט, הן בנוגע צום פרט והן בנוגע צום כלל. אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון קיום היהדות!

אַזוי אַרום, איז משמע פון דער גאַנצער שקלא וטריא, אַז דער עם־ישראל עקזיסטירט אַ דאַנק זיין איכות, ווייל ער איז באַשטראַלט מיט געטלעכער ליכט, וואָס אויף אַזאַ ליכט קען די פינצטערניש קיין שליטה ניט האָבן!

— ד —

## דער עיקר חזקת פון קיום היהדות, אָן וואָס באַלאַנגט?

כידוע, האָט דאָס אָרט פון תורה שטאַרק דערהויבן די יידן אין בבל. טראָצדעם, וואָס די חכמים אין ארץ־ישראל פלעגן שטאַרק אָפּלאַכן פון די יידן אין בבל און פלעגן זיי אָנרופן „בבלאי טפשאי״ (נאַרישע באַבילאָניער), און האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף נידעריקע ברואים; און האָבן אָפט

אויפגעוואָרפן אויף די מענטשן פון בבל, אַז זיי זיינען ליגנער און גנבים (ב"ק קמ"א, א'). דאָך האָבן די מענטשן פון בבל זיך געהאַלטן שטאָלץ אַקעגן די מענטשן פון ארץ־ישראל (ירושלמי כתובות פ"יז, ה"יא).

מיר געפינען אפילו ביי געוויסע צווישן זיי, ווי איינער פון די בבלים האָט געזאָגט, אַז אויך דער וואָס גייט אַוועק פון בבל קיין ארץ־ישראל, איז עובר אויף אַ מצות עשה. ווי ס'לויטעט דער מאמר: „אין בבל זיינען זיי געבראַכט געוואָרן און דאָרטן וועלן זיי פאַרבלייבן" (בבלה יבאו ושמה יחיו. — שבת מ"א, א').

און אַזוי ווי ס'האָט געהערשט דער גלויבן, אַז די געשטאָרבענע אין ארץ־ישראל וועלן ביים אָנקומען פון משיח פריער לעבעדיק ווערן (ירושלמי כלאים ט., ה'), האָבן דאַן דאַקעגן די מענטשן פון בבל געזאָגט, אַז דאָס ליגן באַגראָבן אין בבל איז אויך אַ זכיה, ווייל אין בבל געפינט זיך דער טויער פון גן־עדן. און בבליים האָבן נאָכגעזאָגט אויפן נאָמען פון ר' עקיבא, אַז, ווער ס'איז באַגראָבן אין בבל, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט זיין באַגראָבן אין ארץ־ישראל, ווייל הייליק איז דאָס אָרט, ווו ס'הערשט קדושת התורה (אבות דר' נתן כ"ו).

והעיקר, זיינען די בבליים געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס זיי האָבן מיט זייער חריפות האַרשפּאַלטערישע אַרגומענטן, דערגאַנגען צו די טיפּענישן פון יעטווידער הלכה. ווי ס'פלעגן די ארץ־ישראלדיקע אָפטמאָל אויפוואַרפן אימעצן: ביסטו נישט איינער פון פומבדיתא, פון יענע מענטשן, וואָס קענען דורכפירן אַ העלפאַנט דורך אַן אויער פון אַ נאָדל! (ב"מ, ל"ח, ב').

אָט אַ דאַנק דער דאָזיקער חריפות און דרשות פון די בבליים איז געשאַפן געוואָרן אַ גמרא בבלית צו אַלע ספרים פון דער משנה (דער הויפּטטייל פון תלמוד). — הגם מיר האָבן אינעם „ירושלמי" אַ גמרא צום גאַנצן סדר „זרעים", אפילו צו יענע מסכתות, וואָס מיר האָבן נישט צו זיי קיין גמרא בבלית, איז אָבער נישטאָ קיין גמרא ירושלמית צום גאַנצן סדר „קדשים", וועלכע ס'וואָלט אונדז נייטיק געווען צו די דינים פון טרפות, און צו מסכת נידה פון סדר „טהרות" האָבן מיר בלויז עטלעכע בלאַט גמרא ירושלמית. און אפילו די דריי „בבות" פון דער גמרא — (בבא קמא, בבא מציעא און בבא בתרא), וואָס זייערע אַרגומענטן און געזעצלעכע אַנטשיידונגען זיינען געווען מאַסגעבנדיק ביי יידן פאַר אַלע לאַנגע דורות, האָבן זיי אין אונדזער „תלמוד בבלי" אַריבער אַכט הונדערט עמודים און אינעם „ירושלמי" בלויז הונדערט זעכציק עמודים (זייטן). ווי ס'שיינט איז די סיבה פון דעם, וואָס אינעם תלמוד ירושלמי איז פאַראַן גאָר ווייניק גמרא לגבי דעם תלמוד בבלי, ווייל די ארץ־ישראלדיקע אמוראים האָבן שטאַרק זיך ניט אָפּגעגעבן מיט פּילפּולים און דרשות (סנהדרין כ"ב). און כאָטש מאַנכע היסטאָריקער ווילן זאָגן, אַז דער תלמוד ירושלמי איז צו אונדז דערגאַנגען נישט קיין גאַנצע

כלי, ווייל ס'איז פון אים פיל פאַרלאָרן געגאַנגען. אַלנפאַלס דינט אונדז דער פאַקט, אַז די בבליים האָבן זיך געהאַט מיט וואָס צו גרייסן און ממילא ווערט פון דעם פאַרשטאַנען, אַז טייער אי געווען דאָס אָרט, אומעטום, אַוווּ ס'האָט נאָר געהערשט תורה. וואָרום תורה האָט דעם כוח ריין צו וואַשן אַפילו דעם, וואָס דינט און האָט געדינט עבודה־זרה. ווי ס'ווערט געבראַכט אין תדא"ר (פ"יז) — „תורה רייניקט די פשעים פון דעם עם־ישראל אפילו פון עבודה־זרה, ווען זיי טוען תשובה" (תורה מטהרת את פושעי ישראל בזמן שעושין תשובה אפילו מעבודה זרה שבידם).

ווערט פון דעם אַלעם פאַרשטאַנען, אַז דער הויפּט־ציל פון דעם עם־ישראל איז תמיד געווען צו שאַפן אַ מקום־תורה, ווייל נאָר אין תורה ליגט דער כוח פון קיום היהדות. און דאָרט ווו תורה איז פאַראַן, איז אויך דאָס אָרט הייליק.

דעריבער איז אונדזער ווונטש, ס'זאָל ניט אויפהערן צו הערשן דער תורה־גייסט אומעטום. וואָרום, אַפילו אין מדינת ישראל, ווען חו"ש, ס'זאָל אויפהערן צו הערשן דער תורה־גייסט, קען דער ייד נישט האָבן דאָרט קיין זיכערקייט. אָט ווי ר' יהונתן אייבשיץ ז"ל, דריקט זיך אויס אין הפטרת נצבים: „ווען דער ייד אין זיין אייגן לאַנד זיך ניט אויפפירן על־פי התורה והמסורה, וועט זיין שטראָף זיין אַזוי גרויס, אַז ער וועט אַפילו די האָפענונג פאַרלירן" (ארץ ישראל שוממה, ואם יחטיאו ישראל שם בארץ, יהיה עונשם גדול ולא יהיה להם תקוה).

משמעות, אַז ר' יהונתן אייבשיץ, איז זיך סומך אויפן פסוק פון ספרא (קדושים), וואָס זאָגט: „ארץ־ישראל איז אַנדערש ווי אַלע אַנדערע לענדער. ס'איז אַ לאַנד וואָס פאַרטראָגט ניט קיין עוברי עבירה — אַזעלכע וואָס היטן ניט אָפּ די חוקים און משפטים פון דער תורה" (ארץ־ישראל אינה כשאר כל הארץ — אינה מקיימת בעלי עוברי עבירה). ווי די תורה זאָגט אויסדריקלעך: „דאָס לאַנד וועט אייך ניט אויסשפייען, ווען איר וועט היטן מיינע געזעצן" — (ושמרתם את כל חוקותי ואת כל משפטי — ולא תקיא אתם הארץ. — קדושים כ' כ"ב). און די דאָזיקע וואָרנונג איז צו אייך, ווייל ג'־ב"ה פאַרלאַנגט פון זיין פאָלק, ס'זאָל אומעטום זיך שטאַרק עוסק זיין אין דער תורה. (המקום מתאוה שיהיו ישראל עמלים בתורה.—ספרא בחוקות). וואָרום, די חזקת פון קיום היהדות איז נאָר דאָרט, אַוווּ ס'הערשט תורה און אירע חוקים ומשפטים. ד"ה — די חזקת היהדות באַלאַנגט צום אָרט פון לומדי תורה!

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ה —

# וועלכער איז דער וועג פאַר קיום היהדות?

ס'איז בלתי ספק, אַז דער קיום היהדות איז באַזירט אויפן יסוד פון אונדזער קדמוניותדיקן עבר. דער אור־אַלטער עבר האָט געפלאַסטערט אַ דרך־חיים (אַ לעבנס וועג) פאַר דעם עם־ישראל לדורות. און מיטן באַשטיין אַלע מיני נסיונות, איז דאָס פאָלק ישראל געשטעמפלט געוואָרן אַלס אַן עם נצחיי (אַן אייביק פאָלק). ובכדי די נצחיות זאָל זיין געוויכערט, האָט דער אור־אַלטער עבר איבערגעגעבן אים, אין זיין האַנט אַ נר תמיד, וואָס זאָל באַלויכטן זיין לעבנס וועג אומעטום און אין אַלע צייטן. אין דער דאָזיקער נר תמיד זאָל אויך דינען אַלס אַ באַלייכטונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

און אפילו אין די צייטן פון שווערע נסיונות, ווען ס'האָט געדראָעט דעם עם־ישראל גרויס סכנה, איז די איינציקע תרופה געווען, זיך האַלטן פעסט ביי די זיילן פון די חוקי התורה. אָט ווי די אגדה דערציילט אונדז, אין דער מסכת עירובין (ס"ג, ב'): „ווען יהושע האָט געזאָלט פירן מלחמות מיט די זיבן פעלקער פון לאַנד כנען, האָט זיך צו אים דאַן, באַוויזן אַ מלאך און צו אים געזאָגט: „יהושע, זיי וויסן, איך קום צו דיר איצט, דווקא איצט, ווען דו ביסט זיך עוסק בטכסיסי מלחמה (אין קריגס טאַקטיק), ווייל ס'דראָעט דיר אַ סכנה, אויב דו וועסט מבטל זיין פון צו לערנען תורה. ווי יהושע האָט עס דערהערט, איז ער געבליבן זיצן אַ גאַנצע נאַכט און זיך פאַרטיפט אין די טיפעניש פון יעטווידער הלכה".

די דאָזיקע אגדה איז מיט דעם מרמז, אַז יהושע האָט קודם געמוזט איבערגעבן דעם פאָלק די טעמי המצוות און בעיקר דעם אינהאַלט פון דער תורה, וואָס וואָרנט אַז מ'זאָל זיך ניט אַסימילירן מיט די טמאימדיקע פעלקער, וואָס דינען עבודה־זרה און פירן אַ לעבן פון הפקרות און פריצות. נאָך דער דערקלערונג פון זייער מנהיג, יהושע, איז דער עם־ישראל געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז נאָר מיטן תורה־אידעאַל איז מען בכוח. צו באַזיגן אַלע מלחמות און רדיפות. ווייל די דאָזיקע מלחמה האָט געהאַט אַ זין און אַ ציל, בכדי צו פאַרוואַנדלען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד אין אַן אָרדענונג פון טהרה און קדושה. און אַ דאַנק דעם תורה־אידעאַל זיינען די יידן אַרויס די זיגער.

די דאָזיקע אגדה לערנט אונדז, אַז אַ ייד דאַרף תמיד זיך עוסק זיין אין דער תורה, סיי נאַכט ווי טאָג, אין אַלע צייטן, אין פינצטערע ווי אין ליכטיקע, אָן אויפהער. ווי ס'ווערט געזאָגט „טראַכטן זאָלסטו אין דער תורה טאָג און נאַכט" (והגית בו יומם ולילה), בכדי זי דערפירן מהלכה למעשה (זי זאָל זיך אויפהאַלטן אין דער פראַקטיק). ד"ה — דער וועג פאַר קיום היהדות, מוז זיין באַצירט מיטן תורה־אידעאַל.

מהאי טעמא, האָט דער תורה־אידעאַל תמיד געהערשט ביי די ראשי העם (עלטסטע פון פאָלק) פון יעטווידער דור. אַפילו אונטער די שווערסטע רדיפות און נסיונות, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז אויסגעשטאַנען במשך פון — פאַרן חורבן; און אויך נאָכן חורבן בית שני האָט רבי יוחנן בן זכאי ממשיך געווען דעם אידעאַל פון תורה־לערנען, וואָס האָט געפלאַסטערט דעם וועג פאַר קיום היהדות, ביז היינט צו טאָג.

און ווען אויף דער וועלט האָט געהערשט פינצטערניש, האָט אויך דאַן, דער עם־ישראל אַריינגעקוקט אין זיין תורה און געשאַפן זיך אַ וועלט פון ליכט און פון קיום. און, דער קול התורה, דער קול פון ישראלס נשמה איז קיינמאָל נישט פאַרמיטן געוואָרן — „לא פסק פומי' מגרסא"! — ד"ה — נאָר דער תורה־אידעאַל האָט געפלאַסטערט דעם וועג פאַר קיום היהדות!

## קאַפּיטל 7

„די זיכערקייט פון דיינע צייטן וועט זיין אַ שאַץ מיט ישועות;

חכמה און דערקענונג; מורא פאַר ג־ט, דאָס וועט זיין זיין אוצר".

(והיה אמונת עתיך, חוסן ישועות, חכמת ודעת; יראת ד' היא אוצרו) — (ישעי' ל"ג)

מפרשים: — „די שווערע צייטן, וואָס דו האָסט איבערגעלעבט אין גלות, דאָך האָסטו געגלויבט אין ג'־ב"ה און געהאָפט אַז ער וועט דיר העלפן — וועט ער זיין פאַר דיר אַ שטאַרקייט פון הילף (רש"י).

# דער ייד און זיין גייסטיקער אוצר

אַריינפיר.

א.—אונדזער תורה, איז אַ „תורת חיים" ?

ב.—דער ייד און די תורה — זיינען איינס.

ג.—דער ייד אין זיין „אתה בחרתנו".

ד.—ניט די קרוין וואָס מ'טוט אָן איז דער עיקר.

ה.—צו זיין אַ ייד בשלימות — ווי דאַרף מען זיך פירן ?

ו.—דעם יידנס איינפלוס אויף דער מענטשהייט.

ז.—דער ייד איז אַן אייביק פאָלק.

## אַ ר י י נ פ י ר

גאַנץ אָפט קומט אויף אויף דער טאָג־אָרדענונג די אַלטע פראַגע: וואָס האַלט אויף די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק ?

זיינען משכילים מיט דער מיינונג: בכדי צו דערגרייכן אַן ענגע פאַר־בינדונג און אַ געמיינזאַמע פאַרשטענדיקונג צווישן יידן אין אַלע וועלט־טיילן, מוז פאַר דעם צוועק, קודם כל, געשאַפן ווערן איין שפראַך, און די פאַסנדסטע פאַר דעם איז ביי היינט צו טאָג די אַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַך פון די כתבי הקודש — (הייליקע שריפטן), וואָס האָט געקראָגן איר תחיה־אויפ־לעבונג אין דער באַנייטער יידישער מדינה. אָט די דאָזיקע שפּראַך קען דינען אַלס אַ פאַקטאָר אין דער גאַנצקייט פון דעם עם־ישראל. באופן אַז זי וועט פאַרנעמען אין חוץ־לארץ דעם אויבנאָן אין אַלע יידישע לערנאַנשטאַלטן. דאַן וועט במשך פון אַ פּאָר דורות באַקומען דאָס יידישע פאָלק איין רעדנס־אַרט, און אַלע מחיצות וועלן פונאַנדערפאַלן.

אין קעגנטייל, לאָזט זיך הערן אַ צווייטע מיינונג, וואָס איז באַזירט אויפן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, ווי ס׳לויטעט פאָלגנדעס: „זינט די יידישע שבטים האָבן זיך געאייניקט און פאַרמירט אַ פאָלק, האָט צווישן זיי נישט געשפּילט די הויפּט־ראָל זייער רעדנסאַרט. דער עיקר וואָס האָט געשאַפן די פאַראייניקונג פון די אַלע שבטים אין איין פאָלק, איז געווען דער גייסטי־קער כוח, אין וועלכן זיי האָבן זיך געהאַט אויסגעלעבט" דאָס וויל זאָגן, אַז זיי האָבן זיך, קודם כל, געהאַלטן ביים סדר היוחסן: געשאַפן אַ גדר קעגן אַסימילאַציע, אַנשלסינדיק זיך אָן איין און דער זעלבער טראַדיציע, וואָס האָט זיך געצויגן פון זייערע אור־פאָטערס. און דער עיקר שבעיקרים איז געווען, דאָס אָפּהיטן שטרענג די געזעצן פון תורת משה אונטער דער השגחה פון די מנהיגי הדור; און במשך פון דורות, און גאַנג פון אַ ניי־געשאַפענער לאַגע, זיך צוגעפּאַסט לויט די אָנווייזונגען פון די תלמידי חכמים.

אָט דער דאָזיקער גייסטיקער כוח איז באמת געווען דער הויפּט־פאַקטאָר, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די אייניקייט און די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק, והראי׳: ווען די „שומרונים" — דאָס מיש־מאַש פאָלק, וואָס האָט זיך גע־בילדעט אין דער שטאָט שומרון נאָך גלות אשור, און די צדוקים (די קעגנער פון דער תורה־שבעל־פה) און דאָס גלייכן די קאַראַימער, האָבן אויפגעהערט זיך צו פירן אינעם גייסט פון דער תורה, לויט די אויסטייטשונגען פון די חכמים, זיינען זיי מיט דער צייט געוואָרן אויסגעשלאָסן אויטאָמאַטיש פונעם כלל ישראל. זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם יידישן פרצוף און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַזונדער סעקטע. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי האָבן גערעדט און געשריבן אין דער זעלבער שפּראַך פון כלל־ישראל, דאָך זיינען זיי געבליבן אויסן, מחוץ למחנה עד היום.

איז אין פלוג פון דעם משמע, אַז די אייניקייט פון אַ פאָלק איז נית דווקא אין דער שפּראַך בלויז, נאָר בעיקר אינעם גייסט און וועלכן ס׳לעבט זיך אויס, וואָס האָט אים געדינט אַלס פעסטונג־וואַנט קעגן אַסימילאַציע.

בכלל ווייסן מיר, אַז די יידן האָבן תמיד טאָלערירט אַלע מיני שפּראַכן. מיר געפינען אַפילו אין אונדזערע כתבי הקודש אויסדרוק גאָר אין אַראַמיש ווי „יגר שהדותא". אין העברעאיש מיינט עס „גלעד" (אַ הויפן פון עדות), אָדער „ויתא" ראשי עם — „וואָס דאָס מיינט ביי ראשי עם" (ער איז געקומען פאַרויס פאַרן פאָלק). אויך האָט דער נביא ירמיה זיך באַנוצט מיט אַראַמעישער שפּראַך. ווי ער דריקט זיך אויס: „כדנה תמרון להום אלהיא די שמיא וארקא לא עבדו" (י׳, ל"א). אין יידיש מיינט עס: „אַזוי זאָלט איר זאָגן צו זיי, וואָס האָבן די הימלען און די ערד ניט געמאַכט". און מיר האָבן אַפילו גאַנצע ספרים פון די כתבי הקודש, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין אַראַמעיש. ווי דער ספר עזרא (פון פרק ד׳ ביז ח׳) און דער ספר דניאל (פון פרק ב׳ ביז ח׳). און ווער רעדט נאָך בימי התלמוד, האָבן אַפילו די תנאים און אמוראים געהאַט גערעדט אַ מין זשאַרגאָן, וואָס איז געווען אַ געמיש פון שפּראַכן און דיאַלעקטן פון אשורות, בבלית, ארמית און עברית. און דער דאָזיקער שפּראַך האָבן רבינא און רב אשי מסדר געווען דעם תלמוד בבלי. אויך כמעט אין דער זעלבער צייט האָבן יידן אין ארץ־ישראל גופא גערעדט דורכויס אַראַמעיש. און אין דער זעלבער שפּראַך האָט ר׳ יוחנן מסדר געווען דעם תלמוד ירושלמי. און ס׳האָט ניט געדראָעט קיין געפאַר פון אַסימילאַציע. אין קעגנטייל, אַפילו די סופרים, די נאָכפאָלגער פון עזרא הסופר, אָדער די אנשי כנסת הגדולה, האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער אומגאַנגס שפּראַך פון פאָלק. ס׳האָט אַפילו געקענט זיין אַ שפּראַך פון געצנדינער, האָט עס זיי גאָר ניט געשאַדט, ווייל דער רוח התורה, אונטער דער השגחה פון די חכמי התלמוד, האָט אויפגעהאַלטן די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק.

מיר געפינען אַפילו אין די שפּעטערע דורות, אין דער צייט פון דער אַראַביש־שפּאַנישער תקופה, האָבן אונדזערע גרויסע נאַציאָנאַלע דענקער און פילאָזאָפן געלאָזט דערשיינען זייער קלאַסאַל באַרימטע ווערק, ווי דער „מורה נבוכים" און פירוש המשניות פון רמב"ם, דער „כוזרי" פון רבי יהודה הלוי, און געוויסע געהויבענע שירים פון דעם גרויסן דענקער און משורר ר׳ אברהם אבן עזרא, געשריבן נאָר אַראַביש, ווייל ס׳איז דאַן געווען די אומגאַנגס שפּראַך פון יידישן פאָלק.

און כאָטש די אַלגעמיינע אַראַבישע קולטור איז דענסמאָל געווען ריזיק, מעכטיק און שטאַרק, דאָך האָט אויף זיי נישט געהאַט קיין שום השפּעה די שפּראַך, נאָר דער גייסט פון תורת משה, לויט דער אויסטייטשונג פון די גדולי הדור, וואָס האָבן געהאַלטן אַלע מינים יידן געצוימט אין פאַרשיידענע גדרים און סייגים.

ומשמעות, ס׳איז אַפילו דאַן, ביי קיינעם פון די מנהיגי הדור נישט אויפגעקומען אויפן געדאַנק צו שליכטן דעם ענין פון בי־שפּראַכן פראַגע —

העברעיש און אַראַביש, אָדער העברעיש און אַראַמעיש. ווייל די גאַנצקייט פון פאָלק האָט ווירקלעך אויפגעהאַלטן זיין טיפע איבערצייגונג אין אחדות הבורא און אין דער קדושה פון תנ"ך און תלמוד.

און אין געוויסע תקופות, זינט גלות בבל, האָבן די יידן איבערגענומען פאַרשיידענע שפּראַכן, ווי קאַלדעיש, אַראַמעיש, גריכיש, אַראַביש און שפּאַניש, אָנהאַלטנדיק דערביי אויך די שפּראַך פון די כתבי הקודש, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אין די תפילות און פיוטים, דורך געוויסע פּיטנים, אַלס פּירוש און התעוררות פאַר די ימים נוראים און יום־טובים. דאָך איז דאָס יידישע פאָלק געוועז געאייניקט, אַ דאַנק דעם, וואָס איז געוועזן אונטער דער השפּעה פון דעם תורה־גייסט.

נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט דעם מצב פון יידישן פאָלק, אין היינטיקער תקופה, בעת ס'איז צעשפּרייט איבער אַלע קאָנטינענטן פון דער וועלט, וייענדיק תושבים צווישן פעלקער אין פאַרשיידענע לענדער, אונטער אַ שטאַרקן דרוק פון פרעמדע קולטור און שפּראַך, ווערט אין אַזאַ מצב די אייגענע געשאַפענע שפּראַך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יידיש" פשוט פאַר־שטויסן און פאַרשעמט. כאָטש זי האָט במשך פון איר אַנטוויקלונג געשאַפן אַ רייכע ליטעראַטור און ווירקלעך געקראָגן אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַלוועלטלעך־ליטעראַרישער שאַפונג, דאָך האָט זי ניט געקענט זיך שטעלן אַקעגן די מוראדיקע כוואַליעס פון דער שפּראַכן־אַסימילאַציע. לויט ווי מאַנכע מחנכים באַהויפּטן, ליגט די עיקר־סיבה פון איר ניט קענען סובל זיין דעם דרוק פון דער פרעמדער קולטור, ווייל זי האָט פאַרלאָרן איר גייסטיקן פּרצוף אויפן געביט פון חינוך. מ'האָט פון איר אַוועקגענומען דעם תורה־לימוד, אין די מערסטע לערנאַנשטאַלטן, איבער וועלכן זי איז במשך פון הונדערטער יאָרן געוועזן די אויסטייטשערין און איינטייטשערין. זי האָט זיך געלאָזט דאַן הערן, ניט בלויז אין הויז, נאָר אויך אין גאַס, אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. און דערצו האָבן די יידישע גייסטיקע מנהיגים געהאַט די העגעמאָניע איבערן יידישן ציבור, און זייער ווענדונג צו אים איז איבעראַל געוועזן נאָר אין דער יידישער שפּראַך, האָט זי דערפאַר געדינט אַלס אַ כלי, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די יידישע גייסטיקע אוצרות, און געשאַפן אַ קשר — אַ צוזאַ־מענבונד צווישן אַלע יידישע קיבוצים. — האָט אָבער דער פאַרקערטער דור אָפּגעשוואַכט איר חשיבות! טראָץ אַלעם מוז די יידישע שפּראַך זיין גע־אַכטעט און פאַרהערלעכט, ביי דעם ווענען ס'איז ליב און טייער די אייגענע־אָריגינעלע שאַפונג. בעת זי אַנטהאַלט אַזאַ רייכע ליטעראַטור, וואָס איז ווירקלעך אַ שטאָלץ פאַר יידישן פאָלק, מוז זי קריגן איר פאַרדינטספולן אָרט אין אַלע מיני לערנאַנשטאַלטן.

ובכדי ס'זאָל געשאַפן ווערן אַ קשר, וואָס זאָל פאַראייניקן די אַלע שבטי ישראל, — מוז, ביי היינט־צו־טאָג, פילטרירן, אין די ביידע שפּראַכן —

העברעיש און יידיש, אַן איינהייטלעכער גייסט, וואָס זאָל פירן צו איין און דעם זעלבן ציל. ד"ה, מ'זאָל קעמפן פאַר דער גאַנצקייט פון יידישן פאָלק אין אַלע תפוצות. נעמענדיק אין באַטראַכט, זינט דער ייד האָט מקבל געווען די תורה, איז ער געשטעמפּלט געוואָרן אַלס אַן עם־נצחי, ווייל ער איז באַלויכטן געוואָרן מיטן תורה־גייסט. — ובכדי אויפצוהאַלטן דעם תורה־גייסט, קענען דינען ביידע שפּראַכן אַלס אינסטרומענטן, צו שאַפן אַ גייסטיקן קשר צווישן דעם עם־ישראל, איבער אַלע וועלט־טיילן.

ס'מוז אויך גענומען ווערן אין אכט. אַזוי ווי אַראַמעיש, וואָס איז ווירקלעך געווען אַ שפּראַך אַ פרעמדן פאָלק, איז זי געוואָרן באַליבט און פאַר־הייליקט ביים יידישן פאָלק, ווייל זי האָט געדינט דעם תורה־גייסט. דאַרף אויך אַזוי זיין ליב און טייער די יידישע שפּראַך, וואָס זי איז ווירקלעך אַן אייגענע שאַפונג, און כמה הונדערטער יאָרן געווען שטאַרק באַהאַפטן צום גייסט פון תורה־חינוך.

און ווי זאָגן אונדזערע חכמים: „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו" — „נישט קוק אויף דער כלי, נאָר אויף איר אינהאַלט". דאָס אייגענע קען פאַראַפראַזירט ווערן: „נישט די שפּראַך איז דער עיקר, נאָר וואָס פאַר אַ שאַפונג זי באַזיצט", (רמב"ם) און שטיצנדיק זיך אויף דעם דאָזיקן שטאַנד־פונקט, האָבן דערפאַר אונדזערע עלטערן געקענט סובל זיין אַלע מיני רדיפות ונגישות. ווייל ביי זיי איז ניט די שפּראַך געווען דער עיקר, נאָר דער אינ־האַלט, וואָס איז דורך איר געלערנט געוואָרן. — אויב דער שפּראַך־לימוד האָט דערפירט צום תורה־גייסט, האָט עס דערמעגלעכט, אַז קיין פרעמדע קולטור זאָל אויף איר קיין שליטה ניט האָבן!

בכן, זיינען פאַר זיי געווען טייער און הייליק די ספרים ווי „חובות הלבבות", „מנורת המאור מסילת ישרים" א"אַ, אַפילו אין דער יידישער איבער־זעצונג.

ומהאי טעמא האָבן אַמאָליקע עלטערן געזאָרגט, קודם כל, פאַר אַזאַ חינוך וואָס זאָל איינוואָרצלען אין זייערע קינדער מצוות מעשיות און האַלטן הייליק דעם טאָג שבת. ד"מ — די עלטערן האָבן תמיד געשטרעבט צו דערציען זייערע קינדער פאַר אמתע יידן, און זאָל פון זיי אַרויסקומען תלמידי חכמים און סתם תמימותדיקע יידן, וואָס זאָלן זיין אָפּגעהיט, לפי רוח התורה, הן בנוגע בין אדם לחברו והן בין אדם למקום.

היוצא מדברינו, בכדי צו שאַפן אַ גאַנצקייט אין יידישן פאָלק, בייטיקט זיך אונדזער חינוך־אַנשטאַלט אין אַן אַבסאָלוטער רעפאָרם אינעם לערנ־פּראָגראַם. ד"ה — ס'זאָלן געשאַפן ווערן אַזעלכע בתי ספר, וואָס זאָלן דינען פאַרן תלמיד אַלס אַ מורה דרך, צו פירן אים אינעם וועג פון דער תורה הקדושה, מיטן ציל פון צו ווערן אַ נאָה מקיים — צוטראָגן אויף זיך דעם חוב פון קיום המצוות. — ס'זאָל נישט געלערנט ווערן בלויז טעאָרעטיש,

סתם לשם מדע, לויטן כאַראַקטער פון די אַלגעמיינע לימודים. — וואָרום די פּראַקטיק באַווייזט, אַז דער לימוד וואָס פירט ניט צו קיין ציל, האַלט זיך ניט אויף אין תלמידס זיכרון.

דעריבער, מוזן יידישע תלמידים לערנען מיטן ציל פון נאה מקיים; דער לימוד זאָל זיי דינען אַלס מורה דרך וואָס פירט צו מצוות מעשיות, באַלויכטן מיט תורה־ליכט. דאַן, קענען אַזעלכע תלמידים ווערן געגליכן צו ליכטער, וואָס באַלויכטן דעם כלל ישראל. ווי דער בעל־הטורים דריקט זיך אויס אין בראשית (א׳ י״ד): „תלמידים הלומדים תורה דומין לאורות״. (תלמידים, וואָס לערנען תורה, זיינען געגליכן צו ליכטער, וואָס באַלויכטן די וועלט.

און אויף אַזאַ אופן וועלן, במשך פון אַ פּאָר דורות, פאַרנעמען דעם אויבנ־אָן אין אונדזערע לערנאַנשטאַלטן די הייליקע יידישע ווערטן, אַ דורכגעדרונגען מיטן תורה־גייסט, און ס׳וועט, בע״ה, געשאַפן ווערן אַ שטאַרק־גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן דעם עם ישראל בכל התפוצות.

— א —

## די תורה איז ניט סתם אַ לימוד, נאָר אַ „תורת חיים״!

לויטן סיפור התורה: „האָט ג׳־ב״ה אַראָפּגענידערט אויפן באַרג סיני, און האָט גערופן משהן אויפן שפּיץ באַרג, און משה איז אַרויפגעגאַנגען״ — (וירד ד׳ על הר סיני, אל ראש ההר; ויקרא אל משה אל ראש ההר ויעל משה. — שמות י״ט).

ברענגט די גמרא אויף דעם אזא מאמר: „רבי יוסי זאָגט, אַז די שכינה האָט קיינמאָל נישט אַראָפּגענידערט אונטן. ווי ס׳ווערט געזאָגט: „דער הימל איז נאָר צו ג־ט אַליין״ — איז דאָס וואָס די תורה זאָגט אונדז, אַז ג־ט האָט אַראָפּגענידערט אויפן באַרג סיני, מיינט עס: העכער צען טפחים איבער דער הייך פון באַרג; און דאָס וואָס ווערט געזאָגט: משה איז אַרויפגעגאַנגען צו ג־ט, מיינט עס: נידעריקער פון צען טפחים״ — (תניא, ר׳ יוסי אומר: מעולם לא ירדה שכינה למטה, שנאמר: השמים שמים לד׳ (תהלים קט״ו), והא כתיב: „וירד ד׳ על הר סיני״ — למעלה מעשרה טפחים. — סוכה ה׳, א׳).

במילא קומט אויס, אַז ניט ג־ט איז געווען ממש אויפן באַרג און אויך נישט משה איז געשטאַנען, אַוו די שכינה איז געווען. ס׳איז נאָר בלויז אויסגעקומען פּנים אל פּנים — איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן.

פרעגן מאַנכע מפרשים: צו וואָס האָט השי״ת זיך געדאַרפט באַמיען און אַליין בכבודו ובעצמו אַראָפּנידערן אויפן באַרג סיני, בכדי צו רעדן פּנים אל פּנים. ער האָט דאָך געקענט געבן די תורה דורך משהן, אַזוי ווי ס׳איז

פאַרגעקומען יציאת מצרים דורך משה רבינו אַליין, און צו די יידן האָט דאַן ג־ט בכבודו זיך ניט באַוויזן?

איז דער ענטפער אַזאַ: דערפאַר האָט ג־ט אַליין זיך באַמיט, ווייל אין דער תורה זיינען דאָך איינגעוויקלט טויזנטער טיפע געדאַנקען. איז ווען מ׳וואָלט די תורה געקראָגן אַ געשריבענע אויפן פּאַפּיר בלויז, דורך אַ שליח, וואָלט מען דאָך ניט געקענט משיג זיין די טיפע געדאַנקען, ווייל מ׳וואָלט בלויז פאַרשטאַנען די איינפאַכע כוונה, וואָס איז בולט אין די ווערטער. האָט דעריבער ג־ט גערעדט „עשרת הדברות" — וואָס איז דער תמצית פון דער תורה — פּנים אל פּנים, צו הערן פון דעם מחבר מינדלעך די לעבעדיקע ווערטער, בכדי צו פאַרשטיין די טיפע כוונה נאָך דער שטימע און נאָך דער אינטאָנאַציע פון רעדן. האָט דערפאַר ג׳־ב״ה אַליין זיך באַמיט, בכדי דאָס פאָלק זאָל הערן ג־טס קול.

ומהאי טעמא, זאָגן די מסדרי התפילות: „בענטש אונדז ג־ט אַלע אין איינעם מיט דער ליכט פון דיין שכינה" (ברכנו אבינו כלנו — באור פניך) — דאָס הייסט: מיר זאָלן אויך היינט זיין ווי איין מענטש, ווי במעמד הר סיני; מיר זאָלן אַלע שטרעבן צו איין ציל (לפרסם יחודך בעולם), וועלן מיר דאַן אויך זוכה זיין צו דער דערשיינונג פון דיין אָנזיכט.

איז פון דעם געדרונגען, אַז אונדזער תורה איז ניט געשריבן טויטע ווער־טער אויפן פּאַפּיר, נאָר זי איז אַ „תורת חיים" — „לעבעדיקע ווערטער", וואָס באַלויכטן דעם וועג פון מענטשנס לעבן, עד היום.

— ב —

## דער ייד און די תורה — זיינען איינס, אונטער אַלע נסיונות

כידוע, האָבן די פּאַרצייטיקע אַראַבער געקרוינט דאָס יידישע פאָלק מיטן נאָמען „עם הספר". ווייל זיי האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון אַזאַ פאָלק, ווי מיר יידן. זיי האָבן אויסגעפונען אַז דער איינציקער מיטל, וואָס ס׳האַלט אויף אַ פאָלק, ס׳זאָל קאָנען איבערטראָגן אַלע מיני רדיפות, איז דאָס בוך. נאָר דאָס בוך גיט אים כוח און קראַפט ס׳זאָל נישט פאַלן אונטער קיין שווערער לאַסט. דאָס בוך דינט פאַר אים ווי אַן אָנהאַלט פאַר זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

און זיי זיינען געקומען צו דער מסקנא: ווער ס׳איז נאָר עטוואָס באַקאַנט מיט דער אַנטוויקלונג פון אַזאַ פאָלק און מיט זיין סדר החיים, איז מען גע־צוואונגען צו זאָגן, אַז זיין פאָלקסטימלעכקייט און זיין בוך — זיינען איינס; און ווען זיין נאַציאָנאַליטעט איז ענג פאַרבונדן און באַהאַפטן אַן זיין בוך, וועלן

קיינע ווינטן פון דער וועלט נישט זיין אימשטאַנד צו מאַכן אַ צווישנשייד צווישן זיי.

אָט די דאָזיקע באַהויפּטונג איז באמת גאָר נישט קיין חידוש פאַרן עם־ישראל. דער ישראל סבא — יעקב אבינו — דער וואָס איז געקרוינט בכתר־תורה, האָט עס פאַרויסגעזען באַספּקלריא מאירה (מיט אַדורכזיכטיקן שפּיגל), אַז דער המשך הקיום פון די צוקונפטיקע דורות, קאָן נאָר זיין געזיכערט, אויב זיי וועלן זיך באַהעפטן נאָר צום בוך און פאַררעכנט פאַר איין זאַך. און דאַן, אַז זיי וועלן פון אים זיך נישט אָפּקערן און מקיים זיין אין פולן זין פון וואָרט. — „ומינה לא תזוע" — וועט זיי קיין כוח אין דער וועלט נישט אומוואַרפן און אַלס אַ לעבעדיקער צייכן פאַר דער צוקונפט, האָט יעקב אבינו געשיקט דערפאַר פאָרויס זיין זון יהודה קיין מצרים.

אָט ווי דער מדרש אגדה טייטשט איין דעם פסוק: ואת־יהודה שלח לפניו אל יוסף להורות לפניו גושנה" (בראשית מ"ו, כ"ח) — „אַז יעקב האָט געשיקט יהודהן ער זאָל דאָרטן צוגרייטן פריער אַלערנהויז, וואָס פון דאָרטן זאָל אַרויסגיין תורה".

און גאַנץ אָפט געפינען מיר אין דער דרוש־ליטעראַטור, ווו ס'ווערט דערקלערט דער אונטערשייד צווישן דעם עם־ישראל און אומות העולם, בנוגע צום בוך: „פעלקער האָבן זיך נאָר געקענט פאַרפאַלקאָמען בעת זיי האָבן געלעבט אין אַ גאָר רואיק מצב. ס'האָבן געקענט אויפקומען ביי זיי חכמים, סופרים און משוררים, אין אַ תקופה פון שטאַטלעכער פרייהייט. זיי האָבן זיך געקענט שטאַרקן אויפן פעלד פון וויסנשאַפט און קונסט, נאָר דאַן, ווען זיי זיינען געשטאַנען אויפן שפּיץ פון מאַטעריעלער גלאָריע. דאַן איז ביי זיי געווען פאַררעכנט אַלס גאָלדענע תקופה. ווי נאָר אָבער זיי זיינען געפאַלן פּאָליטיש און זיי האָבן פאַרלאָרן זייער שטאַט זיינען זיי אויך געפאַלן גייסטיק.

וואָרום, זייער ירידה פון אַזאַ הויכן חומרידיקן מצב האָט אויך מיטגעריסן אין דער דאָזיקער געפאַלנקייט זייער גייסטיקן מצב. ס'איז אַלץ ביי זיי צעשטערט געוואָרן: — חכמה, קונסט און פּאָעזיע האָבן מער קיין אָרט ביי זיי נישט געהאַט, פּונקט ווי ס'וואָלטן פאַר זיי גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט. גאָר אַנדערש געשעעט מיטן יידישן פאָלק, ס'האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו שאַפן אויפן גייסטיקן געביט, אַפילו אין זיין צייט פון שווערער ירידה. ער האָט קיינמאָל נישט איבערגעהאַקט זיין גייסטיקע אַרבעט אַפילו אין גלות. ס'איז תמיד געווען גרייט מרביץ תורה צו זיין ברבים, אין צייטן פון גזירת שמד. ס'איז געווען גרייט צו קידוש השם, בעת די שומרים זיינען געשטאַנען ביי די טירן פון די בתי מדרשים און אַכטונג געגעבן מיט טויזנטער אויגן, אַז קיינער זאָל זיך נישט אָט וואגן צו לערנען תורה. און אונטער אַזעלכע מאָמענטן פון טויט־שטראָף, האָבן די חכמים זיך נישט אָפּגעשטעלט און

פאַרגעזעצט דאָס לערנען אין די ישיבות מיט תלמידים, וואָס פלעגן זיך איינשטעלן און קומען פון פאַרשיידענע אומגעגנטן. און אַפילו, ווען זיי זיינען געווען געצוואונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין די היילן, האָבן זיי געלערנט תורה און זיך עוסק געווען אין דער הלכה בנוגע צו יורידישע און געזעלשאַפט־לעכע ענינים.

אָט אַזוי איז דער ישראל סבא דערצויגן געוואָרן און אָנגעהאַלטן די צוואה פון זייער פאָטער יעקב, וואָס זאָגט, אַז זיין חזקת הקיום באַלאַנגט נאָר אָן זיין ספר. ער האָט דעריבער תמיד געלערנט און מחדש געווען, און וואָס מער ער האָט געלערנט, אַלץ מער גייסטיקן טעם האָט ער אין דער תורה געפילט, ביז ער איז אַזוי שטאַרק באַהאַפטן געוואָרן צום בוך, אַז ער געקרוינט גע־וואָרן מיטן נאָמען „עם הספר".

און מיר מוזן נאָך צוגעבן, זינט דער עם־ישראל האָט מקבל געווען די תורה פון באַרג סיני, איז זי אין אים פאַרקערפערט געוואָרן „כחד גופו" — ווי איין גאַנצער קערפער, ווי די חכמים האָבן עס דערנאָך פעסטגעשטעלט, זאָגנדיק: „ישראל ואורייתא — חד הוא" — דער יידן און די תורה — זיינען איין גאַנצעס!

— ג —

## דער ייד און די באַרעכטיקונג צו זיין „אתה בחרתנו"

זייער אָפט קומט אויס צו הערן פון געוויסע אחינו בני ישראל, אַז דער ייד דאַרף זיך גאָר נישט האַלטן גרויס מיט זיין „אתה בחרתנו" — אַלס אַן אויסדערוויילט פאָלק. טענהדיק: צו דען זיינען מיר אַזוי געשעצט אין די אויגן פון די אומות העולם, אַז מיר זאָלן ווערן באַטראַכט פאַר דאָס אויס־דערוויילטע פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט?

נעמענדיק, אָבער אין באַטראַכט אָט דעם דאָזיקן ענין פון „אתה בחרתנו", קען אויך די אייגענע פראַגע געשטעלט ווערן לגבי אַנדערע פעלקער.

אָט לאָמיר נאָר אַ בלעטער טאָן די וועלט־געשיכטע, שטויסן מיר זיך תיכף אָן, ווי די הערשנדע אומות האַלטן זיך פאַר די סופער־אויסדערוויילטע. למשל, די גריכן זאָגן, אַז זיי זיינען דאָס אויסדערוויילטע און אַלע אַנדערע פעלקער זיינען באַרבאַרן. ס'מערקט זיך אַזוי בולט דער גוואַלדיקער עגאָאיזם פון יעטווידער הערשנדער נאַציע, ווען זי האָט דערגרייכט איר טריאומף אויף דער וועלט־אַרענע. דאָס אייגענע לאַנד זיך הערן אַפילו אין היינטיקער תקופה, ווי דאָס רוב פעלקער האַלטן זיך בעסער און שענער, איינס מער פון דעם אַנדערן. ווער פון זיי ס'נעמט זיך איבער מיט דער גבורה, ווער — מיט

דער עשירות און ווער מיט זיין וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס. ומהאי טעמא, געפינען זיי אַ באַרעכטיקונג אויף צו דאָמינירן די גאַנצע מענטשהייט. (מעגלעך, אַז יעדע נאַציע האָט פיליכט איר איוסדערווײלטקייט, עפּעס אַ גוטע אייגנשאַפט וואָס אַנדערע האָבן ניט. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז דערפאַר זאָל עס ווערן אָנגערופן אַלס אויסדערווײלט פאָלק, און צו האָבן דאָס רעכט צו געוועלטיקן איבער אַנדערע. און מ׳הערט נישט, נאָך אַלעם, פון קיינעם קיינע טענות, אַז זי זיינען נישט באַרעכטיקט צו ווערן אָנגערופן בשם „אתה בחרתנו״. בעת, אין דער אמתן איז פאַראַן גאָר אַ גרויסער חילוק צווישן דעם „אתה בחרתנו״ פון אַלע אַנדערע פעלקער און דעם יידישן „אתה בחרתנו״. מיר זעען דאָך ממש באַשיינפּערלעך, ווי ביי אַנדערע פעלקער דערגייט עס צו ענג־האַרציקן שטאָלץ, צום העכסטן שטאַפּל פון עגאָאיזם; זיי ווילן פאַרן „אתה בחרתנו״ געניסן דאָס בעסטע פון דער וועלט; זייער שטרעבונג איז דורך מאַכט צו באַקעמפן די אַלע אַנדערע פעלקער און הערשן איבער זיי. דער ייד אָבער, האָט קיינמאָל נישט געהאַט אַזעלכע שטרעבונגען צו פאַרכאַפּן און צו געוועלטיקן. אויף אים האָט גאָר דער „אתה בחרתנו״ אַרויפגעלייגט גרויסע פליכטן, אָפּצוהיטן אַ תורה פון גערעכטיקייט, און אַז מ׳זאָל מיט דער שיינער אויפפירונג דינען אַלס ביישפּיל פאַר דער וועלט. ווי דער נביא דריקט זיך אויס: „ונתתיך לאור גויים״ — דו, ייד, טראָגסט אויף זיך די מיסיע אַריינצוברענגען ליכטיקייט אין דער וועלט מיט דער סאָציאַל־מאָראַלישער לערע. און פאַרשפּרייטן די אידעען נישט מיט קיין קערפּערלעכער מאַכט, נאָר מיט דיינע גייסטיקע קרעפטן.

אָט שוין מער ווי דריי טויזנט יאָר, ווי מיר, יידן, טראָגן אויף זיך די פליכטן פון אונדזער „אתה בחרתנו״, וואָס באַשטייט פון: אונטערשיידן קענען צווישן הייליקייט און וואָכעדיקייט, צווישן אומריין און ריין און צווישן ליכטיקייט און פינצטערניש (להבדיל בין קודש לחול, בין טומאה לטהרה ובין אור לחושך.) שטיצנדיק זיך אויף אונדזער תורה, וואָס לערנט ווי מ׳זאָל זיך דערווייטערן פון מעשים רעים און ווי זיך דערהויבן צו טהרת הנפש, וואָס דאָס איז ביי יידן דער עיקר תכלית פון דעם בחיר היצירה. — אָט דאָס איז אונדזער „אתה בחרתנו״!

אויב אַזוי, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן און מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש. ווי באַלד מיר האָבן זיך שוין יאָ דערוואָרבן דעם „אתה בחרתנו״, פון דעם מאָמענט אָן זינט מיר זיינען געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק און מקבל געווען אויף זיך אָפּצוהיטן די מצוות התורה בקדושה ובטהרה, אָן קיינע שינויים, קען דאָך אין פלוג געשטעלט ווערן די פראַגע: צו ביי היינטיקן טאָג זיינען מיר נאָך באַרעכטיקט צו ווערן אָנגערופן אַלס אָן אויסדערווײלט פאָלק, בעת מיר לעבן אין אַ תקופה, אין וועלכער אונדזער דור האָט זיך אַזוי דערווייטערט פון אַלע מצוות התורה? און נאָך מער: ער האָט דאָך אַפילו נישט די מינדסטע

אַנונג וועגן דעם יידישן גייסטיקן קיום און מהות. טאָ מיט־וואָס קענען מיר זיין אַזוי שטאָלץ מיט אונדזער „אתה בחרתנו״ ?

ולפי האמת, זאָגנדיק, מוזן מיר אָנערקענען, אַז מיר טראָגן בלויז דעם נאָמען „אתה בהרתנו״ אין זכות פון יענעם דור, וואָס איז געווען געטריי דער יידישער אמונה און די מצוות התורה.

ובכדי מיר זאָלן באמת זיין באַרעכטיקט צו ווערן אָנגערופן בשם „אתה בחרתנו״, מוז מען בכל מאמצי כוחות אויפהויבן דעם באַוווסטזיין פון היינטיקן דור וועגן דעם יידישן קערנדיקן מהות, ביז ער וועט זיך צוריק אַ קער טאָן צום אַלטן מקור. וועט, פיליכט, דאַן געלייזט ווערן אַלע אונדזערע פּראָבלעמען בנוגע צום המשך היהדות. און אַזוי אַרום וועלן מיר זוכה זיין, מיט דער פולסטער באַרעכטיקונג, צו טראָגן דעם נאָמען פון „אתה בחרתנו״. און מיר וועלן, באמת, באַטראַכט ווערן אין די אויגן פון די אומות העולם אַלס אַן עם נבון וחכם.

— ד —

## ניט די קרוין וואָס מ׳טראָגט זי אויפן קאָפּ איז דער עיקר!

ס׳איז דאָך נאַטירלעך, ווען מ׳טוט אָן אַ קרוין אויפן קאָפּ, קען מען זי אַרונטערנעמען, ווייל מ׳האָט זי געהאַט אָנגעטאָן. ס׳איז אָבער פאַראַן אַזאַ מין קרוין, וואָס מ׳קען זי ניט אַרונטערנעמען. דאָס איז די קרוין, וואָס מ׳טראָגט אין קאָפּ.

און וועגן אַזאַ מין קרוין, האָט אונדז געלאָזט וויסן דער תנא רבי אליעזר הגדול. און ער איז זיך סומך אויפן פּסוק, וואָס זאָגט: „ווען די גאַנצע וועלט וועט איינזען, אַז דו טראָגסט ג־טס נאָמען, וועט זי מורא האָבן פאַר דיר — דאָס זיינען „תפילין שבראש״ — (טייטשן מיר: תפילין וואָס זיינען אויפן קאָפּ). קומט רבי אליעזר הגדול אין דער גמרא מנחות (לה) און זאָגט, אַז מ׳מיינט אַזעלכע תפילין, וואָס זיינען אין קאָפּ. דערפאַר זאָגט ער בלשון „שבראש״ — וואָס אין קאָפּ, ניט „שעל הראש״ — וואָס אויפן קאָפּ. דאָס מיינט, מ׳זאָל ניט בלויז טראָגן די תפילין אויפן קאָפּ, און אין קאָפּ זאָלן אַרומטאַנצן פּוסטע געדאַנקען, נאָר דער הייליקער געדאַנק פון תפילין זאָל זיין אין קאָפּ.

און דער דאָזיקער פּירוש, ווערט פעסטגעשטעלט מיט אַ מאמר, וואָס זאָגט: „די צדיקים זיצן און זייערע קרוינען טראָגן זיי אין זייערע קעפּ״ (צדיקים יושבים ועטרותיהם בראשיהם), דאָס הייסט: זייערע געדאַנקען זיינען די קרוינען אין קאָפּ.

און מיטן זעלבן נוסח זאָגט דער מסדר התפילות: „אַ געצירטע קרוין האָסטו אים אָנגעטאָן אויף זיין קאָפּ" — (כליל תפארת בראשו נתת לו). האָט דאָך, אייגנטלעך, געדאַרפט געזאָגט ווערן בלשון־כליל תפארת „על ראשו", ניט „בראשו". נאָר דאָס צייגט אונדז אויף די מאַיעסטעטישע שטראַלן, וואָס האָבן געשיינט פון משה רבינוס נשמה (וואָס איר אָרט איז אין מוח). דערפאַר האָט מען ניט געקענט קוקן אויף זיין פנים, ווי מ׳קען ניט קוקן אויף דער זון.

אַזוי אַרום, איז דער אויסדרוק „בראשו", לאָזט אונדז וויסן, אַז אַ געהויבענע נשמה פון אַ מענטש, איז אימשטאַנד ליכטיק צו מאַכן זיין קערפּער, באופן, ווען ער טראָגט די קרוין — די הייליקע געדאַנקען — אין קאָפּ.

וממילא, איז פון דעם צו פאַרשטיין, אַז די הויפּט־ראָל שפּילט ביי אַ מענטש די נשמה זיינע, ווייל זי איז דער אויסדרוק פון „צלם אלוקים" — די געטלעכע שטראַלן. זי איז געגליכן צו דער לבנה, וואָס אַן און פאַר זיך איז זי בלויז אַ „צל"־שאָטן, נאָר זי איז אַדורכגעדרונגען מיט דער ליכטיקייט פון דער זון.

קאָן דעריבער געזאָגט ווערן צו יעדן ייד „בינו נא זאת" — „פאַרשטייט זשע דאָס"! — ניט די קרוין, וואָס מ׳טוט אָן אויפן קאָפּ איז דער עיקר, נאָר „כליל תפארת בראשו" — די געצירטע קרוין וואָס איז אין קאָפּ, זי באַשטראַלט דעם מענטשנס לעבנס וועג, און ווערט געשעצט אין אַלעמענס אויגן!

— ה —

## צו זיין אַ ייד בשלימות — ווי דאַרף מען זיך פירן?

אַט די תורה הקדושה איז אונדז מרמז, אַז צו זיין אַ ייד בשלימות, מוז מען זיין אָפּגעהיט פון צו עסן מאכלות אסורות (מאכלים וואָס די תורה האָט פאַרבאָטן צו עסן). און בכלל איז ניט מעגלעך זיך צו דערהויבן צו די השגות פון דער תורה, אויב מ׳וועט ניט זיין אָפּגעהיט פון אַלע מיני טרפות.

און די בעלי התוספות דריקן זיך אויס, אין נאָמען פון ירושלמי, בזה הלשון: „עד שאתה מתפלל שיכנס דברי תורה לתוך פיך, התפלל שלא יכנסו מאכלות אסורות לתוך פיך" — „איידער דו ביסט מתפלל, אַז זאָלן זיך אָנזאַמען אין דיין מויל דברי תורה, זיי פריער מתפלל, אַז ס׳זאָלן זיך ניט אָנזאַמלען און דיינע אינגעווייד קיינע מאכלות אסורות".

מיט דעם זיינען די בעלי התוספות אויסן צו זאָגן, אַז ס׳איז אוממעגלעך זיך צו דערהויבן צו די געהויבענער השגה פון דער תורה, נאָר סיידן אַז מ׳איז אָפּגעהיט פון צו עסן טריפה און נבילה.

ומהאי טעמא, איז אונדז די תורה מזהיר, בנוגע צו דער מצוה פון תפילין, בלשון: „די תפילין וואָס דו טוסט אָן איז, בכדי ג־טס תורה זאָל תמיד זיין אין דיין מויל" (למען תהיה תורת ד' בפיך. — פ' בא).

און די חכמים לערנען פון דעם אַרויס, אַז תפילין זיינען ניט כשר, נאָר סיידן זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פון פעל, וואָס איז פון אַ בהמה טהורה. ד"מ — פון אַזאַ מין בהמה, וואָס זי איז, „מותר בפיך" — באַרעכטיקט צו נעמען אין מויל אַריין (שבת כ"ח).

און ס'קען דערביי אינטערפּרעטירט ווערן, ווען עלטערן דערנערן זייערע קינדער נאָר מיט אַזעלכע מאכלים, וואָס זיינען „מן המותר בפיך", — זיינען זיי מקיים די מצוה פון תפילין, אין זין פון „למען תהיה תורת ד' בפיך". אָבער, גאָר אַנדערש איז, ווען עלטערן דערנערן זייערע קינדער מיט מאכלות אסורות, דאַן ווערט די מצווה פון „למען תהיה" ניט מקויים.

וממילא, ווערט פאַר אַזעלכע קינדער, אין דער צוקונפט, זיין אוממעגלעך משיג צו זיין די כוונות התורה. — צוליב וועלכן טעם, די תורה האָט מזהיר געווען, אַז תפילין זאָלן געמאַכט ווערן נאָר „מן המותר בפיך" — דווקא פון פעל. וואָס קומט פון א בהמה טהורה.

ואגב איז פון דעם צו פאַרשטיין, ווען מ'איז ניט מקיים די מצוה פון תפילין כדבעי, איז ווי מ'וואלט פאַרשוועכט די תורה. וואָרום תפילין און תורה — זיינען ווי איינס און דאָס זעלבע. ווי די „מכילתא" טייטשט אין דעם פסוק: „ולזכרון בין עיניך, למען תהיה תורת ד' בפיך" — דער זכרון „בין עיניך" מיינט, ווען מ'לייגט תפילין, איז דאָס אייגענע ווי — „תורת ד' בפיך" — מ'וואלט געלייענט אין דער תורה. ווייל תפילין און תורה זיינען שטאַרק פאַרבונדן מיט דער זעלבער השגה פון צו זיין תמיד אָפּגעהיט פון מאכלות אסורות — טרפה ונבילה.

(הגם לויטן דין זיינען תפילין כשר, ווען אַפילו זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פון אַבהמה טריפה. אָבער דאָס מיינט, ווען די בהמה איז אַ טהורה, נאָר זי איז טריף געוואָרן, צוליב געוויסע טעמים, בלייבט דאַן די פעל פון דער דאָזיקער בהמה כשר פאַר תפילין. ווי דער ט"ז, שו"ע — אורח חיים ברענגט און סימן ל"ב, סעיף כ"ח, אַז דער מין תפילין באַלאַנגט נאָר אָן דעם מין בהמה, צו זי איז טמא אָדער טהור, אָבער ניט אָן איסור והיתר).

אַזוי אַרום, ווען מ'איז אָפּגעהיט פון צו עסן מאכלות אסורות, ווערט מען דערהויבן צו דער השגה פון דער תורה. ד"ה — אונטער דער השפעה פון אַ „תורת חיים", ווערט באַלויכטן זיין לעבנס־וועג, מיט טהרה און קדושה און דערהויבט אים צו שלימות — צו זיין אַ פאָלקאָמער ייד!

— ו —

# דער יידישער איינפלוס אויף דער מענטשהייט, איז אַ שטאַנדהאַפטיקער!

דער נביא ישעיהו קומט, אין נאָמען פון ג־ט, צום יידישן פאָלק, בזה הלשון: „פינצטערניש באַדעקט די ערד... און אויף דיר שטראַלט ג־ט... און פעלקער וועלן נאָכגיין דיין ליכט" (כי הנה החשך יכסה ארץ... ועליך יזרח ד'... והלכו גויים לאורך (ב', ס'). און לייענדיק די דאָזיקע ווערטער, קומט אויף אויפן געדאַנק, וואָס דער ייד האָט באמת אויפגעטאָן פאַר דער מענטשהייט. אָט בעמענדיק אין באַטראַכט די אַנטשטייאונג פון יידנטום, איז אברהם אבינו געווען דער איין איינציקער, ווען ער האָט רעוואָלטירט קעגן געצנדינסט, און האָט דעם ערשטן געטלעכן שטראַל אַריינגעבראַכט אין דער וועלט.

דערנאָך, ווען ס'איז אויפגעקומען דער גרויסער מנהיג משה רבינו, איז דורך אים אַנטפּלעקט געוואָרן די געטלעכע ליכטיקייט, פון וועלכער ס'האָבן אַנגעפאַנגען צעשפּרייטן זיך אומענדלעכע שטראַלן... שפּעטער קומען אַנדערע נביאים, די גרויסע אומדערשראָקענע פאָקל־טרעגער פון דער מענטשהייט, און זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער וועלט אַ שטראַלנדע זון־ליכטיקייט, וועלכע האָט גענומען באַלויכטן דעם מענטשנס אומבוואַוסטן טונקלען לעבנס־וועג, און וועלכע וואַרעמט מיט אַ זיסער מילדער וואַרעמקייט דעם מענטשנס נשמה.

ס'איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען מ'האָט די געטלעכע ליכטיקייט געמוזט פאַרשטעלן מיט אַ מענטשלעכן וועזן. ווייל ס'איז געווען צו שוואַך די זעאונגס־קראַפט פון דעם מענטשן, אַז מ'זאָל די דעמאָלסדיקע פעלקער קענען ווייזן מיט אַ מאָל די ריינע שטאַרקע ליכטיקייט פון ג־ט. דאָך האָט יענע תקופה, וואָס האָט די געטלעכע ליכטיקייט פאַרשטעלט מיט אַ מענטשלעכן וועזן, אָפּגעריסן פיל פעלקער פון דער סאַמע נידעריקסטער געצנדינסט. דער ייד, אָבער, האָט זיך געהאַלטן פעסט ביי זיינס, מיט דער האָפענונג, אַז די דאָזיקע באַרבאַרישע וועלט, וועט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינען צום רעיון פון אַ גלויבן אין איין ג־ט. ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן אין געפאַר מיט דעם, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיין אמונה. און די ראָל פון תורת משה איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ'האָט דעם ייד געראָדפט אויף יעדן טריט און שריט, ביז ער איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין היים. ער האָט גענומען וואַנדערן איבער דער וועלט, ווי אַ שעפּעלע צווישן חיות. ער האָט אָבער זיין פאָקל נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין פאַרוווּנדערטער האַנט. דער ייד, דער אייביקער וואַנדערער, האָט מיט זיין ליכט געמוזט נישט נאָר צו באַ־

לויכטן זיין וויסטן פינצטערן וועג, נאָר ער האָט אויך באַלויכטן דעם וועג פון אַנדערע.

און אַפילו אין מיטלאַלטער, ווען די וועלט איז געווען פאַרזונקען אין פינצטערניש, ווען די קריסטלעכע גייסטלעכע האָבן נישט צוגעלאָזן קיין וויסנשאַפט, ווען דער גרעסטער טייל פון די גייסטלעכע אַליין האָבן נישט געקענט לייענען און שרייבן, איז דאָס יידישע פאָלק דאַן געווען אומעטום דאָס קולטורעלסטע צווישן אַלע פעלקער, און האָט צוגעטראָגן צו דער וועלט דאָס בעסטע, וואָס די מענטשהייט האָט געשאַפן. נישט נאָר אונדזער תנ"ך האָט אַריינגעבראַכט ליכט און פרייד אין די הערצער פון דער בעסטער מענטשהייט; נישט נאָר אונדזער תהלים האָבן מיר זיי געגעבן צו זייער גאָטעסדינסט; נישט נאָר זייערע אייגענע שאַפונגען האָט דער ייד פאַר־שפרייט אין אַלע שפראַכן, נאָר ער האָט אויך די בעסטע שאַפונגען פון אַנדערע געהאָלפן אַריינברענגען אין דער וועלט. דער ייד האָט געהאָלפן פאַרשפרייטן אין דער וועלט די גריכישע און די אַראַבישע פילאָזאָפיע.

דערפאַר, ווען מיר לייענען די יידישע געשיכטע, טרעפן מיר דעם יידן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן פראָגרעס. מיר האָבן געהאַט געוויסע פילאָזאָפן, פאָעטן, דאָקטוירים, מאַטעמאַטיקער און די גרעסטע שטאַטסמענער אין די קעניגלעכע הויפן. אומעטום איז דער ייד געווען פון די ערשטע אַריינצוטראָגן נייע אידעען, נייע לעבנסאַרטן ווי אויסצובעסערן דעם מענטשנס לעבן.

זייער אויפריכטיק זאָגט דער אַמעריקאַנער געטלעכער העגרי דזשאָרדזש: „דאָס יידישע פאָלק איז אַ מערקווירדיק פאָלק, וועלכעס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין גרויסע מעכטיקע רעגירונג, און דאָך האָט ער געהאַט און האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט".

נאָך מער בולטער ווערט געבראַכט, אין דער געשיכטע פון דער אַלטער צייט, פון דעם היסטאָריקער דזש. באַטספאָרט, ווי ער רעדט וועגן דעם יידישן פאָלק, דעם פאָלגנדן אויספיר: „רעליגיאָן און מאָראַל־געזעץ, די וויכטיקסטע עלעמענטן פון אונדזער ציוויליזאַציע זיינען איבערהויפט אַ בייטראָג פון די יידן".

און דער באַוווסטער גייסטלעכער מעדיסאָן פיטערס זאָגט אויסדריקלעך: „וואָס די וועלט איז שולדיק דעם יידן איז נישט קיין קלייניקייט... ווען מ'זאָל אַרויסנעמען פון דער היינטיקער וועלט אַלס, וואָס דער ייד האָט בייגעטראָגן צו דער ציוויליזאַציע צום פראָגרעס און אויפקלערונג, דאַן וואָלטן אַרויסגעפאַלן די שענסטע פערל פון דער ליטעראַטור, און ס'וואָלט פיל פעלן אין דער וויסנשאַפט".

ווערט, אַזוי אַרום, פעסטגעשטעלט ווי שטאַרק אונדזער איינפלוס איז אויף דער מענטשהייט. און דערפאַר איז צו האָפן אַז ס'וועט נאָך מקוים ווערן די רייד פון דעם נביא: „אַלע פעלקער וועלן נאָכגיין דיין ליכט — דיין תורה״!

— ז —

## דער ייד איז געשטעמפּלט אַלס אַן אייביק פאָלק

די תורה דערציילט אונדז, ווי דער קעניג בלק פון לאַנד מואב, האָט איינגעזען, אַז מ'קען דעם עם ישראל פאַרטרייבן פון זיינע גרענעצן אָן מלחמה און אָן בלוט־פאַרגיסונג. מ'דאַרף נאָר בלויז האָבן קעגן זיי אַ פּראָ־פּאַגאַנדע מאַשין, וואָס זאָל אויסהיבן אַ שטאַרקן דרוק אויף די אַלע אַרומי־קע פעלקער, זיי זאָלן זיך איינשטעלן פאַר אים מיט שנאה און האַס צום יידישן פאָלק.

האָט ער פאַר דעם צוועק געדאַרפט האָבן אַ גוטן אַגיטאַטאָר, אַז זיין וואָרט זאָל דינען מעשה נביא, אַלץ וואָס ער וועט אַרויסזאָגן, זאָל תיכף מקויים ווערן. האָט ער זיך געווענדט צו זיין לאַנדסמאַן בלעם, וואָס איז געווען באַוווּסט אַלס גרויסער כישוף־מאַכער און פּרעדיקער.

וועט פיללייכט אימעצער פרעגן: פון וואַנען האָט בלק געוווּסט, אַז מ'קען פאַרשטויסן דעם קעגנערס כוח בלויז מיט וואָרט, נישט באַנוצנדיק קיין שווערד און ביקס?

ברענגען געוויסע מפרשים אַזאַ דערקלערונג: אַזוי ווי בלק האָט געהאַט פאַר זיך דעם ספר דברי הימים, האָט ער דאָרט געזען, וואָס יעקב אבינו האָט געזאָגט צו זיין זון יוסף: „דו וועסט האָבן אַ חלק מער פון אַלע דיינע ברידער פון דעם, וואָס איך האָב אָפּגענומען פון דעם לאַנד אַמורי מיט מיין שווערד און פיילנבויג. (אשר לקחתי מיד האמורי בחרבי ובקשתי) — זאָגן מפרשים, אַז „בחרבי ובקשתי״ מיינט: מיט חכמה אין תפילה. ווייל יעקב אבינו האָט במשך פון זיין לעבן קיינמאָל זיך ניט פאַרנומען, קעגן זיין שונא אַפילו, מיט קיין שווערד און אוודאי נישט דערקלערט קיין מלחמה, נאָר ער איז תמיד אָנגעגאַנגען מיט זיין מעטאָד, פון „הקול קול יעקב״ — זיין כוח איז באַשטאַנען אין וואָרט — מיט חכמה און תפילה.

און דער דאָזיקער ענין האָט שטאַרק אויסגענומען ביי בלקן. אַזוי ווי יעקב אבינו האָט אונטערטעניקט דאָס פאָלק אמורי בלויז מיט וואָרט, אָן בלוט־פאַרגיסונג, אַזוי וועט ער אויך אָנווענדן דעם זעלבן מעטאָד. צו באַקעמפן קענען די יידן בלויז מיט וואָרט.

לויט דער אינטערפרעטאַציע ווערט פאַרשטאַנען דער אויסדרוק פון תורה, וואָס זאָגט: „בלק האָט געזען אַלץ וואָס ישראל האָט געטאָן צום פאָלק אמורי״ — איז דאָך די פראַגע: ווי אַזוי האָט ער געקענט זען? — נאָר, ער האָט געזען דאָס וואָס, ס׳איז געווען פאַרשריבן אין ספר דברי הימים, אַז דער עם ישראל האָט געמאַכט, אַז דאָס פאָלק אַמורי זאָל איבער אים קיין שליטה ניט האָבן; און איז גאָר געוואָרן נכנע צום עם ישראל.

האָט בלק געוואָלט אָנווענדן דעם זעלבן מעטאָד אויך קעגן די יידן. ער האָט זיך דערפאַר געווענדעט צו אַ געוויסן בלעם, וואָס זיין אמתער נאָמען איז געווען לבן ארמי (מ׳האָט אים גערופן מיטן נאָמען „בלעם״, ווייל ער האָט געזוכט איינצושלינגען דעם עם ישראל — („בלע־עם״ — אַ פאָלק־שלינגער). ער זאָל אויף אַזאַ אופן, מעשה נביא, אָפּשוואַכן די כוחות פון יידישן פאָלק.

אָבער, נאָך אַלע באַמיאונגען זיינע, האָט בלעם נישט אויסגעפאָלגט זיין פאַרלאַנג. ווייל ער, בלעם, איז דיקטירט געוואָרן פון ג־ט, וואָס ער זאָל רעדן. ווי ס׳ווערט געזאָגט: „און ג־ט האָט געמאַכט, אַז ער זאָל ניט קענען רעדן קיין שלעכטעס אויף דעם עם ישראל״ (ושם ד׳ דבר בפי בלעם׳).

דערצו, האָט ער אַליין איינגעזען, אַז דער עם ישראל, אַז אַ געבענטשט פאָלק, וואָס קיין שונא וועט אים נישט קענען אומברענגען. ער ווערט נאָר אָפט געשטראָפט אַלס אַ ליב קינד, כדי ער זאָל אויספאָלגן די מצוות התורה און זיך אויפפירן בדרך הישר. ג־ט האָט אים קיינמאָל לחלוטין נישט איבער־געגעבן אין זיין שונאס האַנט, ער זאָל אים קענען פאַרניכטן פון דער וועלט. אין קעגנטייל, דער רשע פאַלט אַריין אין זיין אייגענער רשעות — ער ווערט פאַרברענט אין זיין אייגענעם צאָרן. און זיין פּראָגראַם פון „לעקור את כל היהודים״ — אויסצורייסן די יידן מיטן וואָרצל וועט קיינמאָל נישט אויס־געפירט ווערן.

איז פונקט ווי בלק, דער ביטערער שונא. פון דעם עם ישראל, האָט זיין ציל ניט דערגרייכט. ער איז אַוועק פון בלעמען אַ פאַרשעמטער. אַלע זיינע הבטחות זיינען צו־נישט געוואָרן. אַזוי וועט קיין שונא ישראל ניט זוכה זיין אויסצופאָלגן לבנס פּראָגראַם. — דאָס איז דערפאַר, ווייל דער עם־ישראל איז געשטעמפּלט געוואָרן פאַר אַן עם נצחי, — אַן אייביק פאָלק, אונטערן שוץ פון דער תורה הקדושה.

## קאַפּיטל 8

„ברייט אָן אייער האַרץ צו ג-ט און דינט אים אַליין"!
(הכינו לבבכם אל ד' ועבדוהו לבדו, — ש"א ז', ג").
„איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק . . .
און איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר מיט טריישאַפט,
און וועסט דערקענען ג-ט" — (הושע ב' כ"ג).
(וארשתיך לי לעולם . . . וארשתיך לי באמונה, וידעת את ד').

# אמונה ועבודת הבורא

אַריינפיר.

א.—דעם מענטשנס אויפגאַבע במשך פון זיין קיום.

ב.—דעם מענטשנס איבערצייגונג אין אמונה.

ג.—די הנהגה פון השי"ת, איז ניט לויטן מענטשנס השגה.

ד.—די ווירקונג פון דער אייגענער נשמה אויף אמונה.

ה.—ג-טס חסד איז גרוים צו אַלע ברואים.

ו.—אמונה איז דאָס האַרץ פון דער נשמה.

ז.—גאָטעס דינסט אַמאָל און היינט.

## אַריינפיר

דער באַרימטער פילאָזאָף פרענס בייקאָן האָט געזאָגט, אַז אַ ביסל פי־לאָזאָפיע נעמט צו דעם מענטשן פון גלויבן, אָבער אַ סך פילאָזאָפיע ברענגט

אים צוריק צו אים. דאָס מיינט: אַז נאָר דורך חקירה, קען די אמונה אין בורא עולם ווערן שטאַרקער.

און ווי ס'איז באַוווסט איז דער דאָזיקער צוגאַנג צו אמונה, שוין פון לאַנג אָנגענומען געוואָרן אַפילו ביי אַלע מיני וויסנשאַפטליים. דאָס וואָס די וויסנ־שאַפט פון כעמיע, פיזיק, מעדיצין האָבן אַ מאָל געדענקט, אַז קיין סוד איז פאַר זיי ניט פאַרבאָרגן, האָבן זיי זיך ביסלעכווייז געכאַפּט, ווו איז די קראַפט וואָס פירט אָן מיט אַזאַ אָרדענונג, ווער האָט געלאָזן גיין דעם אוניווערס מיט אַזאַ אייביקער האַרמאָניע ? — קומענדיק צו אַזאַ אויספיר איז אַ באַווייז, אַז די וויסנשאַפטסלייט הויבן אָן צו אָנערקענען די גאָטהייט, ווייל אָנצוהאַלטן דאָס לעבן אויף דער ערד זיינען נייטיק פינקטלעכע באַדינגונגען, אַז ס'קען ניט זיין אַ צופאַל.

און לויט ווי מאַנכע אינטערפּרעטירן די וואָרנונג פון דויד המלך צו זיין זון שלמה, וואָס זאָגט: „ווייס דעם ג־ט פון דיין פאָטער און דין אים מיטן גאַנצן האַרצן” (דע את אלוקי אביך ועבדהו בלב שלם ובנפש חפצה). מיינט עס צו זאָגן אַט־וואָס: באַגרייפן זאָלסטו פריער דעם ג־ט פון ישראל, בכדי דו זאָלסט אים דינען מיט דער טיפסטער איבערצייגונג. און זיך איבער־צייגן קען מען נאָר, ווען מ'פאָרשט און מ'זוכט באַגרייפן די מיסטעריע פון דעם אוניווערס, אויף וויפל עס דערגרייכט דעם מענטשנס השגה, ביז ער קומט צום אויספיר, אַז ס'הערשט איבערן וועלט־באַשאַף אַן איבערנאַטיר־לעכע קראַפט.

און נעמענדיק אין באַטראַכט דאָס וואָס די וויסנשאַפט דערקלערט אונדז וועגן דעם בנין העולם, דערקונדיקן מיר זיך פאָלגנדעס: „ס'איז לויט דער וויסנשאַפט אָנגענומען, אַז די ערד דרייט זיך טויזנט מאָל אַ שטונדע. מיינט עס: אויב זי זאָל זיך דרייען הונדערט מאָל אַ שעה, וואָלטן אונדזערע טעג און נעכט געווען צען מאָל אַזוי לאַנג און די זון וואָלט פאַרברענט אין דעם לאַנגן טאָג אַלע פלאַנצן און אין די לאַנגע נעכט וואָלטן אַלע געוויקסן פאַר־פראָרן געוואָרן. דאָס צייגט, אַז די זון וואָס איז אונדזער קוואַל פון לעבן, גיט אַזוי פיל היץ און אונדזער ערד איז פונקט אַזוי ווייט פון דער זון, אַז איר אייביק פייער זאָל אונדז געבן אַזאַ וואַרעמקייט, וויפל מיר דאַרפן, און ניט צופיל.

אויב די לבנה וואָלט געווען נאָר פופציק טויזנט מאָל ווייט, אַנשטאָט איר איצטיקער ווייטקייט, וואָלט דאָס שטייגן און פאַלן פון וואַסער אין ים געווען אַזוי גרויס, אַז צוויי מאָל אַ טאָג וואָלטן אַלע קאָנטינענטן פאַרפלייצט גע־וואָרן, אַפילו די הויכע בערג וואָלטן פאַרשווענקט געוואָרן.

אויב דו שאָלעכץ פון דער ערד, וואָלט געווען נאָר מיט צען פוס דיקער ווי איצט, וואָלט ניט געווען קיין אָקסידזשען־זויער שטאָף אָן וועלכע אַלע לעבעדיקע באַשעפעניש וואָלטן אויסגעשטאָרבן. אויב אונדזער אַטמאָספערע

וואָלט געווען אַ סך דינער, וואָלטן פון דער ערד אונדז פאַראורזאַכט פייערן אומעטום, איצט באַטראַכט נאָר דאָס לעבן פון די פייגל, די נאַטור ווי דער גרעסטער מוזיקער, האָט אויסגעלערנט יעדן פויגל צו זינגען זיינע ליבע לידער. די אינזעקטן צו רופן איינס דאָס אַנדערע דורך זייער פיל קלאַנגען.

מיר זעען ווידער ווי די נאַטור איז דער גרעסטער כעמיקער, וואָס גיט אַריין דעם טעם און פרוכטן און גערווירצן, פאַרוואַנדלט וואַסער אין קאַרבאָניק־אַסיד, און צוקער אין האָלץ. און דורכפירנדיק דעם פּראָצעס גיט זי אַרויס זויער שטאָף, די לעבעדיקע באַשעפענישן זאָלן קענען אָטעמען אין לעבן.

און באַטראַכטנדיק די קאָנטראָלירונג פון דער נאַטור, כאָטש אינזעקטן זיינען פרים ורבים, מערן זיך זייער שנעל, דאָך באַהערשטן זיי ניט די וועלט. דאָס איז צוליב דעם, וואָס זיי האָבן ניט קיין לונגען. זיי אָטעמען דורך טרייבלעך. איז ווען אַן אינזעקט וואַקסט גרויס, וואַקסן מיט זיינע לופט־טרייבלעך, לויט זיין גרויס. דעריבער זיינען ניטאָ קיין גרויסע אינזעקטן. אויב די פיזישע באַגרענעצונג וואָלט ניט געווען, וואָלטן מענטשן ניט געקענט עקזיסטירן אויף דער וועלט. קענען מיר זיך פאַרשטעלן, ווי מיר וואָלטן געקענט לעבן, ווען אינזעקטן וואָלטן געווען אַזוי גרויס ווי חיות אין די וועלדער.

און איצט וועגן דעם מענטשן אַליין. די וווּנדער פון מענטשלעכן שכל. די אַנטוויקלונג פון יעדער באַשעפעניש איז גרויס גענוג. אָבער די קראַפט פון מענטשלעכן דענקען, איז וווּנדער איבער וווּנדער. מיר קאָנען דאָס ניט פאַרשטיין און אָננעמען אַז אונדזער שכל איז אַ חלק אלוקי ממעל, אַ טייל פון געטלעכן איניווערסאַלן שכל. פיל היינטיקע וויסנשאַפטסלייט זאָגן ווי דער גרויסער פילאָזאָף דעקאַרט: „מיר דענקען, אַ סימן, אַז ס'איז דאָ אַן אומנאַטירלעכע קראַפט, וואָס האָט אונדז דעם שכל געגעבן". — דער פאַקט, וואָס אַ מענטש קען באַגרייפן די אידעע פון ג־ט. דאָס אַליין איז אַ באַוויז אַז ס'איז דאָ אַ באַשעפער. דער באַגריף פון ג־ט וואַקסט אַרויס פון געטלע־כער פעיקייט אין מענטשן. די פעיקייט פון דמיון, וואָס האָט גאָר ניט צוטאָן מיט אונדזער פיזישער וועלט, באַזיצט די קראַפט צו פילאָזאָפירן און אַריינ־דרינגען אין דער גאַנצער מיסטעריע פון דער וועלט און קומען צו דער אידעע, אַז ס'איז דאָ אַן איבערנאַטירלעכער כוח הדמיון, וואָס האָט אַריינ־געגעבן אין מענטשן די פעיקייט צו פאַרשן און גלויבן, אַז ס'איז דאָ אַ ג־ט. און וויסנשאַפטסלייט וועלכע פאַרשטייען און זוכן און ווילן אַלץ דערגייין מיט שכל, קומען צו אַ געוויסן פונקט און מער גייט עס ניט. כעמיקער גייען אַזוי ווייט ווי ביז צו אַטאָמען און עלעקטראָנען, ווייסן ווי אַלץ קאָמבינירט זיך, ווי אַלץ פאַראייניקט זיך און טיילט זיך פונאַנדער, אָבער ווו איז די פאַר־באָרגענע קראַפט, וואָס טרייבט און האַלט אויף די אַטאָמען, עלעקטראָנען און אַלץ אַרום זיי?

צוליב די אַלע אורזאַכן מוז מען זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ קיין שום אויסזוכט צו דענקען, אַז דאָס לעבן אויף אונדזער פּלאַנעט איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ צופאַל.

אַזוי אַרום, ווערט פעסטגעשטעלט דאָס וואָס דער דענקער פון משלי (כ' כ"ג) זאָגט: „אַ ליכט פון ג־ט איז די נשמה פון מענטשן" (נר ד' נשמת אדם). אָט די דאָזיקע דערהאָבענע מענטשלעכע נשמה איז אָנגעקניפּט אָן מענטשנס קערפּער, ווי דאָס פלעמעלע אין קנייטל פון אַ ליכט. און בכדי, אַז דאָס ליכט זאָל קלאָר און זויבער זיין, איז דאָך אַ נויטווענדיקייט אַז דער מאַטעריאַל וואָס דאָס ליכט איז אָנגעקניפּט, זאָל זיין געפּלעגט, געשפּייזט מיט זייער איבערקלויבערישע און פאַסיקע שפּייז.

אָט דאָס גיט אונדז צו פאַרשטיין, אַז דורכן פאַרנאַכלעסיקן די גייסטיקע שפּייז — די מצוות התורה, ווערט דער דאָזיקער נר ד' — דאָס געטלעכע פייערל און ליכט אין אונדז פאַרטונקלט און פאַרצוקט. און אַנשטאָט באַלייכטן און צו וואַרימען און צושאַפן פריינטשאַפט־באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, ווערט דאָס דאָזיקע פייערל אַ רויכערדיקער פלאַם פון מיספאַר־שטענדעניש און האַס צווישן מענטש און מענטש.

ומהאי טעמא, פילט זיך איצט אַ נייגונג, אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט צוריקצוקערן צו גלויבן, אַז די וועלט ווערט אָנגעפירט פון אַ באַשעפער, פון אַ דאָמינירנדיקן כוח, וועלכער האָט זיינע צילן און ווילן, וועלכע אונדזערע חז"ל האָבן שוין פון לאַנג באַצייכנט מיט די ווערטער: „כשעלה ברצונו" — ווען ס'איז אויפגעגאַנגען דער ווילן פון ג.ט. און מיר, דאָס פאָלק פון אמונה, דאָס פאָלק פון ג־ט, וועלכער גלויבט אין ווילן פון ג־ט, וועלכער איז פאַר־קערפּערט געוואָרן אין אַלע מצוות מעשיות פון דער תורה. מיר, דאָס פאָלק פון ישראל, האָבן פון שטענדיק אָן געהייסן דעם מענטשן פאָרשן און שטו־דירן, זוכן און דענקען, ווייל וואָס מער ווינסשאַפט, אַלץ נאָענטער, אַלץ קלאָרער וועט ווערן די אמונה.

און גאָר אָפן פריי האָבן וועגן דעם אַרויסגעזאָגט אונדזערע גאונים, ווי: ר' סעדיהו גאון (892—942) און זיין פילאָזאָפישן ווערק „אמונות ודעות", אַז נאָר עמי הארץ קענען מיינען, אַז פילאָזאָפיע דערפירט צו אפיקורסות; רבינו בחיי (1056), אין „חובות הלבבות" זאָגט גאָר, אַז דער וואָס איז בכוח חוקר צו זיין דעם ענין אמונה מיט מער שכל, איז מחויב עס צוטאָן. מיט דער זעלבער מיינונג איז ר' אברהם אבן עזרא, אין זיין ספר „יסוד מורא", אַז דער מענטש איז פאַרפליכטעט צו דערקענען זיין באַשעפער. ווי משה רבינו האָט געזאָגט: „לאָז מיך וויסן, איך בעט דיך, דיינע וועגן — ידיעה און בחירה, אַז איך זאָל דיך קענען" (הודיעני נא את דרביך ואדעך). און דער „בעל עקידה" זאָגט (פ' לך, שער ט"ז), אַז די אמונה וואָס קומט דורך חקירה איז פיל שטאַרקער און פאָלקאָמער. אָבער צו דער מדרגה, קענען זיך דער־

הויבן נאָר בעלי שכל. אין דעם זין רעדט אויך דער רמב"ם אין זיין פּי־לאָזאָפישן ווערק „מורה נבוכים" (ח"א, ל"ב) — ווער ס'איז ניט איינפאַר־שטאַנדן מיט די דאָזיקע גאונים און דענקער, איז רבי יהודה הלוי, ווי ער באַהויפּט אין ספר „הכוזר", מאמר שני: „ס'איז פיל גלייכער אין דער זאַך, וואָס ער איז זי מקבל, ווי דער וואָס קליגט זיך און זוכט טעמים דורך חקירה אויף מקבל צו זיין". (ומי שקבלה קבול שלם מבלי שיתחכם בה ובשכלו, הוא מעולה ממי שיתחכם בה וחקר). אין אַנדערע ווערטער מיינט עס: „אל תתחכם יותר" — זאָלסט זיך צופיל ניט קליגן, נאָר פאַרלאָז זיך אויף דער טראַדיציע, דאָס וואָס איז נוגע צו אמונה.

אָבער געוויסע מפרשים אינטערפּרעטירן אָט דעם „אל תתחכם יותר", אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאָר פאַר די וואָס האָבן ניט קיין השגה צו חקירה. וואָרום, בדרך כלל, האָט דאָך אויך ישעיהו הנביא געזאָגט: „הויבט אויף אייערע אויגן, מענטשן, און פרעגט זיך ווער האָט דאָס אַלעס באַשאַפן"? (שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה?).

נאָך אַלעם אָבער, קומט מען צום אויספיר, אַז די אָרדענונג און די האַר־מאָניע אין דעם אוניווערס, איז אויסגעפּלאַנירט געוואָרן דורך דעם איבער־נאַטירלעכן כוח, דורך דעם באַשעפער, ג'־ב"ה.

און ספּעציעל אין אונדזער אַטאָמישער עפּאָכע קומען אַלע באַוווסטע טיפּויניקע דענקער צו דער איבערצייגונג, אַז: „ווי גרויס זיינען דיינע מעשים, אַלמעכטיקער ג־ט, אַלעס האָסטו באַשאַפן מיט חכמה און פּלאַן" (מה רבו מעשיך ד' כולם בחכמה עשית).

און מיר, יידן גלויבן און זיינען טיף איבערצייגט, אַז די געטלעכע חכמה האָט זיך קאָנצענטרירט אין אונדזער תורה. יעדע מצוה איז פאַר אונדזער ווילזיין. און וואָס מער און בעסער מיר וועלן די מצוות נאָכפאָלגן אַלץ בעסער און אידעלער וועלן אונדזערע חושים ווערן פעיקער צו פילן און געניסן פון דער אייביקער גוטסקייט, דערהויבנקייט, פון אייביקער געטלעכקייט.

ובכדי צו זיין פעסט און זיכער אין דער יידישער אמונה, דאַרף מען מקדים זיין צו איר דעם „דעת ד'", ווי משה רבינו האָט אונדז באַפוילן: „דערוויס זיך פריער וועגן דער געטלעכער קראַפט, וועסטו מיט איבער־צייגונג דינען נאָר צו ג־ט, ניט צו קיין עבודה־זרה־פרעמדער קולט". — (וידעת... והשבות אל לבביך) — וואָס האָט צו טאָן בלויז מיט אַ גלויבן אין דאָס איבערנאַטירלעכע, גלויבן אין מאָדנע מופתים, אין משונה־ניסים, אין זינד־פאַרגעבעניש, אין פערזענלעכער אויסלייזונג אאַז"וו. נאָר דו זאָלסט זיך האַלטן ביי דער אייגענער אמונה, וואָס איז באַזירט אויף חכמה און וויסנ־שאַפט. ווי ס'לויטעט דער פסוק: „כי היא חכמתכם ובינתכם" — זי איז אייער חכמה און פאַרשטענדעניש. ווייל איר קלאַסיק איז די תורה הקדושה, וואָס אַנטהאַלט רודימענטן פון מענטשלעכער פאָרשונג.

אַט אַזאַ רעליגיע הייסט ניט סתם גלויבן. זי וואָרנט פריער, אַז מ'זאָל זי גוט דערקענען, בכדי מ'זאָל האָבן אין איר דעם פולסטן צוטרוי. מיר רופן זי דערפאַר בשם „אמונה". וואָרום, נאָר זי האָט אונדז תמיד אויפגעהאַלטן ביי דער עקזיסטענץ; נאָר זי האָט אונדז אָנגעצייכנט דעם פּראָגראַם פון רעאַלן לעבן נאָר זי לערנט יעדערן, ווי ער זאָל זיך נוהג זיין בין אדם לחברו ובין אדם למקום; נאָר זי איז דער אָנהויב פון חכמה, וואָס דערהויבט דעם מענטשן צו מדרגה פון שלימות און צו עלית נשמה.

קורץ: דער קלאַסיק פון דער יידישער אמונה איז אונדזער תורה — אַ לערע, וואָס אַנטהאַלט אַ צווייאיקע דיסציפּלין — רעליגיע און וויסנשאַפט.

— א —

## דעם מענטשנס אויפגאַבע במשך פון זיין קיום

דער באַרימטער יידיש־ענגלישער פילאָזאָף סעמיועל אַלעקסאַנדער זאָגט אויסדריקלעך, אַז דער מענטש באַזיצט אַ ניצוץ (אַ פונק פון דער געט־לעכקייט, וואָס האָט איר באַשטימטע מיסיע אויסצופירן אויף דער וועלט. דאָס מיינט — איר וווינונג איז פריער געווען ביים בורא עולם און קומט נאָכ־הער צוריק צו אים. זי האָט נאָר בלויז איבערגעצויגן איר וווינונג אויף אַ קורצער צייט אין מענטשלעכן קערפּער, בכדי זי זאָל אים אויסאיידלען. און דער דאָזיקער רעיון איז באַזירט אויפן פסוק: „ג־ט, דו ביסט די וווינונג פון אונדזערע נשמות" — (ד' מעון אתה היית לנו) — פון דיר גייען זיי צום מענטשן, בעת ער ווערט געבאָרן. דערנאָך, קערט זי זיך צוריק צו איר וווינונג — בזיו השכינה.

אָבער, וואָס איז דעם מענטשנס אויפגאַבע, במשך פון זיין קיום אויף דער וועלט?

אַלס אַן ענטפער אויף דער פראַגע, געפינען מיר אַ רמז אין תהלים (מ"ט). דער געטלעכער משורר דריקט זיך דאָרט אויס בזה הלשון: „האזינו כל יושבי חלד" — פאַרנעמט מיינע רייד, איר באַוווינער פון דער ערד!

— אייגנטלעך וואָס איז אויסן דער משורר מיטן וואָרט „חלד", בעת ער האָט געקאָנט זיך באַנוצן מיטן וואָרט „ארץ" (ערד)?

זאָגן אונדזערע חכמים, אַז דויד המלך איז מכוון מיטן וואָרט „חלד" — „חולדה" (קרעט). דאָס וויל ער מיט דעם אויסדרוק וואָרנען, אַז די באַ־וווינער פון דער יבשה זאָלן ניט לעבן אַזוי ווי די חולדה. וואָרום אַלע ברואים פון יבשה זיינען אויך דאָ אין ים, אויסער די חולדה איז אין ים ניטאָ. און די דאָזיקע חולדה גראָבט איר גאַנץ לעבן אין שלעפט כסדר און קלייבט צו־

זאַמען און ווייס ניט פאַר וועמען. אָט אַזוי איז אויך דער מענטש. ער אַרבעט און האָרעוועט זיין גאַנץ לעבן און ווייס ניט פאַר וועמען. אָט שטאַרבט ער און גייט אַוועק, און זיין גאַנצע פראַצע בלייבט פאַר פרעמדע און מאַנכע מאָל גאָר פאַר זיינע שונאים. ובכדי דער מענטש זאָל זיך צוקוקן צום לעבן פון דער חולדה, כל זמן זי לעבט אויף דער ערד. ער זאָל זיך פאַרטראַכטן אויף אַ רגע און זיך אָפּגעבן אַ חשבון פאַר וועמען זיין פראַצע וועט אַוועקגיין; ער זאָל ניט לעבן אין פאַרבלענדעניש ווי די חולדה, וואָס ווייסט ניט פאַר וועמען זי קלייבט. האָט דער בורא עולם דערפאַר ניט באַשאַפן קיין ים־חולדה. — זי, די דאָזיקע חולדה, זאָל תמיד דינען פאַרן מענטש אַלס דוגמא — וווהין זיין פראַצע גייט אַוועק. ער זאָל ניט לעבן בלויז אויף דער יבשה — אויף דער וועלט, ווי די חולדה, וואָס קען אין ים ניט עקזיסטירן, נאָר ער זאָל זיך גרייטן צו קענען אויך האָבן חיות אויפן ים — אויף יענער וועלט. ווי דער מדרש משלי (פ"ח) ברענגט, אַז די וועלט איז געגליכן צו יבשה (טריקעניש) און יענע וועלט — צום ים (עולם שהייתם בו דומה ליבשה...).

אַזוי אַרום, דאַרף דער מענטש זיך אָפּגעבן אַ חשבון, ווי נאָר ער שטעלט אַריבער איין פוס אויפן ים, ווערט תיכף די דאָזיקע „חולדה" פאַר־שוווּנדן. (מ'נעמט ניט מיט אויף יענער וועלט קיין מאַטעריעלע דערווערבונג).

אמת, דער מענטש קומט טאַקע אין זיין סוף־מאָמענט צום באַוווסטזיין און מאַכט אויף די אויגן און זעט ווי בלינד און נאַריש ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן. ס'דערוועקט זיך אַפילו אין אים אַ גוואַלדיקע תשוקה, אַז מ'זאָל אים דערלויבן גיין צוריק אַהיים (אויף דער יבשה): ער וואָלט שוין דאַן אַוועק־געוואָרפן אַלע נאַרישע זאַכן און בעסער קובע עתים געווען לתורה ומעשים טובים. אָבער ס'איז שוין פאַרפאַלן. צו שפעט זיך אַרומגעזען!

אָט, דאָן רעדט צו אים די „חולדה" גאָר מיט אַן אַנדער לשון: דו, מענטש, גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג, כל־זמן די נשמה שיינט אין דיר, עפן אויף דיינע אויגן און לויב־ג־ט! — דאַנק אים אויף יעדן אָטעם־צוג פאַר יעדער רגע וואָס דו לעבסט! — זע, ווי דער וועלט־יריד איז פאַר דיר אָפן. דו קענסט זיך איינהאַנדלען די טייערסטע סחורה, וועט דיר דערקוויקן דיין לעבן און וועסט זיך קונה שם טוב זיין אויף דער וועלט. — אָט, ווי זאָגט דער תנא אין פרקי אבות: דו, מענטש, האָסט אַן עצה: „גרייט דיך אָן אויף דער וועלט, כדי דו זאָלסט האָבן מיט וואָס צו פאַראייביקן דיין נשמה" (התקן עצמך בפרוזדור, כדי שתכנס לטרקלין). וואָרום איר אָרט איז דאָך בזיו השכינה — זי באַזיצט אַ פונק פון געטלעכקייט. לויב זשע ג־ט, כל־זמן, ס'לייכט אין דיר דאָס ליכטל!

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ב —

# וואָס איבערצייגט דעם מענטשן אין אמונה

כידוע, איז תמיד די השפעה פון דעם אינטעלעקטועלן כוח אַ מער ווירקזאַ־מערע ווי דער פיזישער כוח.

דאָס מיינט, אַז דאָס רעדן ווירקט מער אויף איטלעכן ווי דאָס שלאָגן — שטראָפן פיזיש. מ׳קען זיך בעסער איבערצייגן אין דער געטלעכער השגחה בפעולה שכלית, ווי מיטן כוח החומרי.

און די דאָזיקע באַהויפּטונג געפינען מיר אין דער תורה הקדושה. זי דערציילט אונדז, ווי די יידן וואַנדערנדיק אין מדבר טרעטן אַרויס מיט גוואַל־דיקע טענות קעגן זייער מנהיג משה רבינו און אהרון דעם כוהן גדול, מיט אַזאַ לשון: „נאָך וואָס האָט איר געבראַכט די עדה פון ג־ט אין דעם דאָזיקן מדבר, אַז מיר און אונדזערע פיל זאָלן אויסשטאַרבן ?! — און נאָך וואָס האָט איר אונדז אויפגעבראַכט פון מצרים אונדז צו ברענגען אין דעם דאָזיקן שלעכטן אָרט, וואָס איז ניט קיין אָרט פון צו זייען און נאָך אַלעם איז קיין וואַסער צו טרינקען נישטאָ" ?! — האָט זיך, אין דעם מאָמענט אָפּגערופן ג־ט צו משהן און געזאָגט: „נעם דעם שטעקן, און זאַמל איין די עדה, דו און אהרון דיין ברודער, און איר זאָלט רעדן צום פעלז אין זייער געגנוואַרט, אַז ער זאָל אַרויסגעבן וואַסער. און וועסט זיי אַרויסציען וואַסער פון פעלז, און וועסט אָנטרינקען די עדה". וואָס האָט משה געטאָן? ער האָט גענומען דעם שטעקן און האָט איינגעזאַמלט די עדה פאַרן פעלז און האָט מיט אים גע־שלאָגן דעם פעלז, און נאָך צוויי מאָל שלאָגן איז אַרויס פון דעם דאָזיקן פעלז פיל וואַסער. און דערפאַר וואָס זיי האָבן געשלאָגן דעם פעלז, האָט ג־ט זיי פאַרוואָרף געמאַכט: „יען לא האמנתם בי" — „ווייל איר האָט ניט געגלויבט אין מיר, מיך צו הייליקן, וועט איר ניט ברענגען די דאָזיקע עדה אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב זי געגעבן".

אָט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם דאָזיקן ענין פון „מי מריבה", פאַלט לכתחילה שווער צו פאַרשטיין. היתכן, האָבן דען משה און אהרון ניט גע־גלויבט, חו"ש, אין „יד ד׳" ־ג׳־טס קראַפט, אַז ער האָט זיי געדאַרפט מאַכן אַזאַ פאַרוואָרף. און וואָס אייגנטלעך באַשטייט זייער עיקר חטא, אויב די כוונה פון ג׳־ב"ה איז געווען, אַז זיי זאָלן נאָר רעדן צום פעלד, טאָ צו וואָס האָט ער באַפוילן צו נעמען דעם שטעקן? און אַז משה האָט זיך פאַרזינדיקט מיט דעם, וואָס ער האָט געשלאָגן דעם פעלז, טאָ מיט וואָס האָט זיך אהרון פאַרזינדיקט ?

אַז לויט ווי מפרשים דערקלערן, האָבן משה און אהרון, אין דעם מאָמענט, געמאַכט אַ טעות, ווייל זיי האָבן געדאַרפט, קודם כל, צייגן דעם פאָלק, אַז

דער וואָס שיקט זיי, וועט צו קיין אומגליק ניט דערפירן. וממילא, וואָלט דאָס פאָלק זיך איבערצייגט, אַז דער וואָס קומט צו זיי, איז אַ שליח פון ג־ט, און פירט אויס זיין שליחות ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ובכדי זיי צו דערפירן צו אַזאַ איבערצייגונג האָבן משה און אהרן געדאַרפט זיי באַווייזן אַזאַ נס, וואָס זאָלן דורך אים תיכף דערקענען די מעלה פון ג־ט און די מעלה פון שליח. איז אַזאַ זאַך האָט נאָר געקענט געשען באופן „דיבור" — רעדן צום פעלז — אַרויסווייזנדיק אַ פעולה שכלית, אַן אינטעלעקטועלן כוח, ניט קיין פיזישן כוח, ווי ס'איז געשען פריער, וואָס משה האָט געשלאָגן דעם פעלז.

אָט דער דאָזיקער עפּיזאָד, לויט ווי די תורה שילדערט, לערנט אונדז, אַז אַרויספירן אַ פאָלק אויפן דרך הישר, מוז מען בעיקר באַנוצן דעם אינ־טעלעקטועלן כוח, אויף איבערצייגן אים אין מציאות השם והשגחת הבורא. דאָס מיינט: בכדי צו קומען צו דער איבערצייגונג אין אמונה, קען נאָר האָבן אַ ווירקונג, איבערהויפּט, דער אינטעלעקטועלער כוח — בפעולה שכלית — ניט דער פיזישער כוח!

— ג —

## די הנהגה פון השי"ת איז ניט לויטן מענטשנס השגה

מאַנכע מענטשן קומען אַרויס, אָפטמאָל, מיט אַ טענה אויף דער הנהגה פון השי"ת (ג־ט): ס'טייטש, ער שיקט אָן אויף דעם שוואַכן מענטשן פיל צרות, און לאָזט אים וויינען און שרייען אויף זיין אומגליק!

קומען די אנשי כנסת הגדולה און פאַרגלייכן אָט אַזעלכע מענטשן צו קליינע קינדער. מיר זעען, ווי קליינע קינדער וויינען און שרייען, בעת די מוטער וואַשט זיי אָרום און צוואָגט זיי אויס און פאַרקעמט זיי (און מאַנכע פון זיין כאַפּן הויבן אַ האַנט קעגן דער מוטער). זיי האַנדלען אַזוי קעגן דער מוטער, ווייל זייער קליין קעפּעלע פאַרשטייט ניט, אַז דעם צער וואָס די מאַמע פאַרשאַפט זיי, איז דאָס פון גרויס רחמנות, צו רייניקן זיי פון די זאַמד, וואָס זיי שיטן זיך אַריין אין קאָפּ און אין די אויגן.

אָט אַזוי זיינען די גרויסע קינדער, וואָס שפּילן זיך אין הבלי הזמן (און נישטקייטן); און דער רוח הזמן טראָגט זיי אָן זאַמד אין די אויגן און אין קאָפּ, ווערן פאַרבלענדט פון צו זען די ליכטיקייט פון תורה ומצוות. דאַן, שיקט מאַנכע מאָל דער בורא אויף זיי אָן אַן עת צרה, אויסצורייניקן זייערע אויגן פון דער בלענדעניש; זיי זאָלן דערזען אַז אַלע קניני הזמן זיינען ווי דער קיקיון דיונה (אַ ריצנבוים אָלס אַ הייל מיטל), וואָס אויסגעוואַקסן זיינען זיי אַ ריזנבוים, כדי זיי זאָלן זיך פילן לוסטיק און מוטיק; זיי זעען

אָבער ניט, ווי איבערנאַכט ווערט עס, און איבערנאַכט גייט עס אונטער (בן לילה היה ובן אבד). ס'איז בלויז אַ צייטווייליקע זאַך.

אָבער דאָס לערנט אונדז, אַז די עת צרה וצוקה איז נאָר „המרחם" — בלויז אויס רחמנות. ווי ס'ווערט געזאָגט: „ג־ט באַגייט זיך מיט רחמים אין יעטווידער אומגליק", — בכדי צו מאַכן ליכטיק אונדז די אויגן, אַז מיר זאָלן זיך קערן צו דער תורה, וואָס צייגט דעם וועג פון לעבן. מיר זאָלן תמיד האָבן אין זינען, אַז ג־ט דרימלט ניט און שלאָפט ניט — (ד' לא ינום ולא יישן), נאָר ער איז משגיח אויף דער וועלט.

און אויב, חלילה, ס'קערט זיך אָפּ פון כלל ישראל די הצלחה און ס'פאַרשפּרייט זיך אויף זייער הימל אַ גרויסע כמאַרע, דוכט זיך פאַר אונדזער קורצזיכטיק אויג, אַז כביכול שלאָפט דאָן און גיט ניט אַכטונג אויף אונדז, האָבן מיר אין דעם אַ גרויסן טעות. וואָרום אונדזער געשיכטע, האָט שוין פיל מאָל באַוויזן, אַז בעת הסתר פנים, ווען ג'־ב"ה טוט פאַרשטעלן זיין פנים, איז זיך דאָן עוסק אין גאָר וויכטיקע זאַכן, צו צוגרייטן פאַר אונדז אַ גרויסע מתנה. און ווי געוויינלעך איידער די מתנה ווערט פאַרטיק, מוז דער מענטש אַ ביסל צו ליידן, כדי ער זאָל פאַרדינען די דאָזיקע מתנה. אָט ווי די חכמים זאָגן: דריי גוטע מתנות האָט ג'־ב"ה געגעבן דעם פאָלק ישראל, און האָט זיי אַלע איבערגעגעבן דורך יסורים. — דאָס זיינען: תורה, ארץ ישראל און עולם הבא. (ברכות ח'). דאָס מיינט: איידער די יידן האָבן מקבל געווען די תורה, זיינען זיי פריער איבערגעקומען דעם גלות מצרים; דער־נאָך געלעבט פערציק יאָר אַ מדבר־לעבן; נאָך קבלת התורה האָט זיך אָנ־געהויבן אַ סדרה פון כיבוש הארץ, געפירט מלחמות מיט איין און דרייסיק מלכים, און בכדי זיך איינצושאַפן עולם־הבא, איז מען געוואָרן פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אַלע מצוות פון דער תורה. ד"ה — אַז מ'פירט אויס אין לעבן די פראָגראַם פון דער תורה, איז מען געזיכערט מיט עולם הבא — די נשמה ווערט דאָן פאַראייביקט לדור ודור.

אָט די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט באַשטעטיקט אונדז, אַז פאַר השי"ת איז חלילה נישטאָ קיין שינה ותנומה. — ער שלאָפט ניט און דרעמלט ניט. נאָר — פאַרקערט „המעורר ישנים" — ער וואַכט אויף די שלאָפנדיקע, בכדי צו ברענגען אויף זיי הילף. ד"ה — ער שטראָפט זיי אויס רחמנות — איבערצוגעבן דערנאָך אַ גוטע מתנה. איז ווי געוויינלעך, דער מענטש ניט אימשטאַנד משיג צו זיין אַזאַ הנהגה.

— ד —

# די ווירקונג פון דער אייגענער נשמה אויף אמונה

אַט ווי זאָגט דויד המלך: „דו, מיין נפש לויב אויך ג־ט! — (הללי נפשי את ד'). — דאַרף מען דאָך, אייגנטלעך, פאַרשטיין. פאַרוואָס ווענדט ער זיך ספּעציעל צו דער נשמה, אַז אויך זי זאָל לויבן ג־ט?

נאָר, דויד המלך איז מיט דעם מרמז: כל זמן דער מענטש איז אָנגעטאָן אין חומר, איז אים שווער משיג צו זיין וואָס ג־ט איז, נאָר דורך דער נשמה, וואָס איז אַ חלק אלוק ממעל (ווי אַ פונק פון אַ גרויסן פלאַם), קען ער עטוואָס שפּירן גאָטהייט.

אַט לאָמיר וועגן דעם דאָזיקן ענין אַ טראַכט טאָן, וועלן מיר קומען צו דער איבערצייגונג. כאָטש די נשמה געפינט זיך בחדריחדרים (אין מוח) און קיינער זעט זי נישט, דאָך ווייסט זי וואָס ס'טוט זיך אין גאַנצן קערפּער. ווען מ'גיט זיך אַ שטאָך אַפילו אין קליינעם פינגער פון פוס, גיט מאָמענ־טאַל אַ טעלעפאָן אין מוח צו דער נשמה.

דאָס זעלבע דיקטירט אונדז די השגה צו זאָגן: כאָטש ג'־ב"ה זיצט בחדרי חדרים און העכסטן הימל, אַז אַפילו מלאכים פרעגן „איה מקום כבודו" (אַוו געפינט זיך ג־טס כבוד), פונדעסטוועגן איז („כבודו מלא עולם") — זיין כבוד איבעראַל. ער איז די נשמה פון אַלע וועלטן. ווי מיר זאָגן „חי העולמים" — ער איז דער חיות פון אַלע וועלטן.

און אַזוי ווי די נשמה זיצט זיך אויף אַ קליינעם פלאַץ (דער מוח איז ווי אַ טפח גרויס), דאָך נעמט זי אַריין צו זיך הונדערטער גרויסע ספרים, וואָס פאַרנעמט אַ גאַנצע ביבליאָטעק, ווי ס'גיבן אַזעלכע בעלי־זכרון. טאָ ווי טוט זיך דאָס אַהין אין אַזאַ קליינעם מוח? דאָס באַווייזט, אַז די נשמה איז למעלה מן המקום והזמן (העכער פון אָרט און צייט) — איז דאָך אוודאי דער בורא למעלה מן המקום! — ד"ה — ער איז מקומו של עולם — זיין אָרט איז די גאַנצע וועלט — פול מיט זיין כבוד! — איז אויך די אייגענע נשמה משפיע אויף אמונה!

דעריבער ווענדט זיך דוד המלך ספּעציעל באַזונדער צו דער נשמה, ווייל פון איר קריגט מען עטווס אַ באַגריף וואָס ג־ט איז. און באַטראַכטנדיק אירע וואונדער, ווערט מען פול מיט יראה ואהבה צו לויבן ג־ט.

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ה —

# גרוים איז ג-טס חסד צו אַלע ברואים!

מיר געפינען אין ספר תהלים, ווי דויד המלך, דער געטלעכער משורר, באַזינגט ג־טס ווונדערלעכע מעשים: „אויף די בערג מאַכט ער שפּראָצן גראָז פאַר די מדבר־בהמות, בכדי זיי זאָלן האָבן זייער שפּייז, וואָס האַלט אויף זייער קיום".

דאָס וואַסער איז נייטיקער פאַר אַלע ברואים ווי זייער שפּייז, פאַרנעמט זיין פאַרברייטונג נאָך מער אויף דער וועלט, און מ׳דאַרף צו אים קיין שום תיקון ניט האָבן. און די לופט וואָס איז אוממעגלעך אָן איר צו לעבן אַפילו איין שעה, פאַרנעמט נאָך פיל מערער איר פאַרברייטונג אויף דער וועלט, ווי דאָס עסן און טרינקען.

אָט די דאָזיקע דריי עלעמענטן: שפּייז, וואַסער און לופט האַלטן אויף דעם קיום פון אַלע ברואים אויף דער וועלט. ג־טס חסד איז אַזוי גרויס אַפילו צו דער ערגסטער באַשעפעניש, וואָס ברענגט אַפילו רשעות אויף דער וועלט.

ממילא, איז ווירקלעך גאָר נישט צו באַוואונדערן, וואָס אויך די רשעים געניסן פון ג־טס חסד; אויך אַפילו פאַר זיינע כופרים, וואָס לייקענען אין אים, האָט ער אָנגעברייט שפּייז, אויפצוהאַלטן זייער חיות.

דאָן קומט דער אייביקער משורר און זאָגט אין זיין מזמור: „ג־ט, דיין חסד און אמונה דערגרייכן אייביק ביז צו די הימלען" — (ד׳ בשמים חסדך, אמונתך עד שחקים) — דו טוסט צו די שלעכטע ווי צו די גוטע. נאָר דאַן, ווען דו ווילסט מאַכסטו אַ הבדל צווישן צדיק און רשע. דעם צדיק מאַכסטו דיין צדקה הויך און מעכטיק ווי די העכסטע בערג. און דעם רשע לאָזסטו דיין משפט אַרונטער ביז צום טיפן אָפּגרונט, כדי ער זאָל מער פון דאָרטן נישט אַרויסקומען. ער פאַרגלייכט דאָס גוטע וואָס די צדיקים טוען צו בערג, וואָס קיין שונא קען זיך קעגן זיי ניט שטעלן. — (צדקתך כהררי אל, משפטיך תהום רבה) — ד"מ — ג־ט העלפט די גוטע און האַלט די השגחה אויף זיי, אַז קיין קעגנער זייערער זאָל זיין חסד, וואָס ער טוט מיט זיי, ניט קענען אָוועקנעמען. און די שלעכטע פאַרמשפּט ער ביז צום תהום, פון וואַנען קיינער קען פון דאָרט זיך ניט אַרויסראַטעווען.

און כאָטש ס׳איז פאַראַן אַ הבדל צווישן גוטע און שלעכטע, איז דאָך זיין השגחה איבער אַלע. יעדערן גיט ער זיין פאַרברייטונג נאָך זיינע מעשים, אַפילו דעם רשע טוט ער פאַרגיטיקן און העלפט אים אַרויס פון זיין צרה, כאָטש ער איז אַ כופר אין אים, פאַרגלייכט ער אים צו דער בהמה, וואָס האָט ניט קיין שום אָנונג וועגן דעם חסד וואָס ג־ט טוט מיט איר. דאָך פאַר־

זאָרגט ער איר מיט אַלעס וואָס זי געברויכט. דערגלייכן איז דער רשע אָדער דער כסיל (נאַר) ווי א בהמה בצורת אדם.

און אַ מער ברייטערן געדאַנק געפינען מיר אין מדרש וועגן דעם, וואָס דער משורר דריקט זיך אויס „צדקתך כהררי אל" — „ווי די בערג וואָס פאַרשטעלן דעם תהום (אָפּגרונט) פון ים, ער זאָל ניט פאַרפלייצן די וועלט, אַזוי פאַרשטעלן די מצוות פון דער תורה די פורעניותן זאָלן ניט קומען אויף דער וועלט".

די כוונה פון דעם דאָזיקן איינטייטש איז: „אַזוי ווי דער מענטש האָט אין זיך אַ יצר הרע, וואָס ער ברענגט אים צו אַלע תאוות, צו אַלע שעד־לעכע זאַכן; עס פלייצט אין אים ווי דער תהום אין ים, און קאָן אים אים פאַרפלייצן מיט זיינע נידערטרעכטיקע געדאַנקען, אַז ער זאָל פאַר דער צייט אַוועק פון דער וועלט, האָט דערפאַר ג־ב"ה אין אים אַריינגעגעבן אַ שכל, וואָס לאָזט אים נישט אויספירן זיינע תאוות און מיט דער הילף פון מצוות התורה ווערט דער יצר הרע אָפּגעלאָשן.

אין רעזומען: „צדקתך" — „דיין גערעכטיקייט" — די תורה ומצוות וואָס האָבן אין זיך אַ געטלעכע קראַפט ווי די הויכע בערג, — „משפטיך — דיינע משפטים — די פורעניות וואָס קומען פון די עבירות, איז „תהום רבה" — אַ טיפער אָפּגרונט — זיי זיינען טיף ווי דער גרונט פון ים, נאָר די תורה און אירע מצוות לאָזן ניט, אַז די פורעניות זאָלן קומען אויף דער וועלט. אַזוי אַרום, געניסט אויך דער רשע פון ג־טס חסד אַט אַזוי ווי אַלע מיני ברואים אויף דער וועלט.

— ו —

## אמונה איז דאָס האַרץ פון דער נשמה!

אונדזער דענקער פון ספר משלי זאָגט אויסדריקלעך: „פון אַלע היטונגען, היט וואָס מער דיין האַרץ, ווייל ס'איז דער קוואַל פון לעבן" — (מכל משמר נצר לבך, כי ממנו תוצאות היים). ד"מ — זאָלסט עס אָפּהיטן ווי די אויגן פון קאָפּ, כדי נישט צו פאַרלירן דאָס לעבן!

דער מדרש ווידער דערקלערט דעם פסוק אויף אַזאַ אופן: „אַלץ, וואָס די תורה האָט אָנגעזאָגט, סיי וואָס איז נוגע צו דער „לא תעשה" און סיי צו דער „עשה" (דאָס, וואָס דו טאָרסט ניט טאָן און דאָס, וואָס דו דאַרפסט טאָן) — זאָלסטו זיך היטן בעיקר דיין האַרץ, כדי נישט עובר צו זיין אויף אַ גרינגער עבירה. ווייל, ווען דו וועסט זיין אָפּגעהיט צו טאָן אַ גרינגע עבירה, וועסטו זיין זיכער נישט אַריינפאַלן אין קיין האַרבער. — וועסטו דאַן לאַנג לעבן"!

די כוונה פון דעם איז אַזאַ: ווען ס׳ווערט חלילה מכולה (קאַליע) ביי אַ מענטש אַ האַנט, אַ פוס, אַן אויג, קען ער נאָך לעבן. אָבער, ווען דאָס האַרץ ווערט געפעלערט, איז מען דאַן שוין נישט זיכער מיטן לעבן. אַזוי איז אויך אין דער נשמה נישט גלייך איין אבר צום אַנדערן. ד״מ — ווערט ביי אַ מענטשן חלילה קאַליע אייניקע אברים אין דער נשמה, דהיינו: ער איז שלאַף אין אייניקע מצוות, אָבער דאס האַרץ איז געזונט, קען דער מענטש זיך נאָך אויסהיילן, דורך תשובה. ווען אָבער, דאָס האַרץ איז שוין שטאַרק געריהרט, איז שוין קיין האָפענונג ניטאָ, אַז זאָל האָבן אַ זין זיין לעבן, און וואָס ווערט אָנגערופן דאָס האַרץ ביי דער נשמה? דאָס איז „אמונה״. — מ׳דאַרף גלויבן אַז עס איז פאַראַן אַ בורא יחיד און אַז ער האָט אונדז געגעבן די תורה דורך משה רבינו ע״ה. און, אַז דער בורא וועט באַלוינען גוטעס פאַר גוטע מעשים און גוטע מחשבות און שלעכטע — פאַר שלעכטע מעשים, גלייך אָדער שפּעטער, אָדער גאַר אויף דער אייביקער וועלט, ווי די חכמה עליונה רעכנט אויס.

דעריבער זאָגט אונדז אָן שלמה המלך ע״ה, אַז דאָס האַרץ וואָס דאָס מיינט „אמונה״, מוז מען זי היטן און קרעפטיקן דורך תורה ומצוות. ובעיקר, זאָל מען זיך דערווייטערן פון כופרים, וואָס לייקענען בדברי תורה ובדברי חכמים.

און ס׳מוז דערפאַר גענומען ווערן גוט אין אכט, אַז ביי דעם וואָס אמונה איז פעסט, ווייס אויך פון אַ לעבן אויף דער וועלט, אַ חוץ וואָס זיין נשמה לעבט. ווי געזאָגט: „דער צדיק גיט זיך איבער צו זיין טרייען פאָטער פון הימל״ (כי צדיק באמונתו יחיה) — און איז תמיד צופרידן. ועל אחת כמה וכמה, ווען דער מענטש איז מקיים די דברי תורה, וואָס זיינען אַ לעבן צו די וואָס געפינען אין זיי אַ היילונג צו זיין קערפּער. (חיים הם למצאיהם, ולכל בשרו מרפא) — איז נאָך מער צופרידן!

איז פון דעם אַלעם געדרונגען, אַז אמונה, וואָס איז דאָס האַרץ ביי דער נשמה, מוז זיין תמיד געקרעפטיקט במצוות ובמעשים טובים, וואָרום דער יסוד פון דער יידישער אמונה איז באַזירט אויף תורה און מצוות.

— ז —

## גאָטעס-דינסט אַמאָל און היינט

ס׳האָט אין דער אור-אַלטער צייט געהערשט אַ מנהג, אַלס אויסדרוק פון גאָטעס דינסט, אין מקריב זיין קרבנות פון לעבעדיקע בהמות און עופות. און ס׳האָט זיך דערנאָך אויסגעבילדעט ביי מאַנכע פעלקער אַ מיינונג, אַז דער געוויינטלעכער מענטש איז אַליין נישט פעיק, צו האָבן צו טאָן מיט

ג־ט, ווייל נישט יעדער קען געגוי די געזעצן, וואָס דאַרפן באָאַבאַכטעט ווערן ביים מקריב זיין די קרבנות. האָט עס פאַראורזאַכט, וואָס מ׳האָט דאָס מקריב זיין איבערגעגעבן צו אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען פריי פון יעדער גע־ווייגלעכער אַרבעט און זיי זיינען אויך געלערנט אין די מנהגים און געזעצן, וואָס דאַרפן אָפּגעהיט ווערן ביים מקריב זיין די קרבנות, און אַזוי ווי די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט געטאָן קיין אַנדער אַרבעט, האָט איטלעכער געמוזט אָרונטערנעמען „מעשר״ (אַ צענטל) פאַר זייערט וועגן.

אָט אַזוי געפינען מיר אין חומש, ווי אברהם אבינו האָט געגעבן מעשר צו מלכי צדק, וועלכער איז געווען אַ כוהן לאל־עליון (אַ כוהן צום העכסטן ג־ט). און יעקב אבינו האָט געטאָן אַ נדר, אַז ווען דער אויבערשטער וועט אים לאָזן באַגליקן אויף זיין וועג און ער וועט אים געבן ברויט און אַ מלבוש, וועט ער דאַן געבן „מעשר״ פון אַלעמען.

איז אויך דורכצופירן דעם „גאָטעס דינסט״, געווען לכתחילה באַשטימט דער „בכור״ פון יעדער פאַמיליע. דאָס אייגענע איז אויך געווען ביי יידן, ביז דער משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרן. שפּעטער איז די פאַרטרעטונג פון די יידן ביי גאָטעס דינסט, אָוועקגענומען געוואָרן פון די „בכורים״ און זי איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די קינדער פון אהרון. דערנאָך האָט די וויטערדיקע אַנטוויקלונג פאַרלאַנגט, אַז די קינדער פון אהרון זאָלן קריגן העלפער צו זייער אַרבעט, האָט מען זיי צו דעם צוגעגעבן די לויים. האָבן די כוהנים אָנגעפירט דאָס מקריב־זיין די קרבנות, און דערפאַר האָבן זיי גע־קראָגן די ערשטע פּרוכטן, די ערשטע געבאָרענע בהמות און נאָך אַנדערע ענלעכע זאַכן. און צו לויים, וועלכע האָבן געדאַרפט אַרבעטן אַרום דעם משכן, האָט די תורה פאַראָרדנט צו געבן דעם „מעשר״ — אַ צענטל פון איטלעכנס הכנסה. און די לויים האָבן ווייטער געדאַרפט אַוועקגעבן פון זייערע הכנסות אַ „מעשר״ צום כוהן.

טראָצדעם איז די „בכורה״ אַלץ ווייטער פאַרבליבן פאַררעכנט פון יעדן ערשט־געבאָרענעם ביי דער פאַרוואַלטונג פון דער פאַמיליע אַלס אַ פאַר־טרעטער פונעם פאָטער. דער בכור האָט אויך געדאַרפט קריגן אַ דאָפּלטן חלק אין דער ירושה. און ווען ס׳האָט איינער געהאַט קינדער פון צוויי ווייבער (אַמאָל איז עס געווען באַרעכטיקט), וואָס ער האָט איינע געליבט און די אַנדערע האָט ער פיינט געהאַט, האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז דער זון פון דער געהאַסטער פרוי איז געווען דער עלטערער, איז עס געווען אַ געזעץ, אַז טראָץ דעם האַס צו דער מוטער פונעם בכור, האָט דער פאָטער געמוזט אָנערקענען דעם געזעצלעכן ערשט־געבאָרענעם און אים באַשטימען, צו נעמען אַ טאָפּלטן חלק אין דער ירושה, (עד היום איז דער כוח הבכור גע־בליבן ביי יידן).

אַט דער מנהג, וואָס די כוהנים בענטשן דאָס פאָלק, שטאַמט נאָך פון דער גאָר אַלטער צייט. דער ערשטער כוהן אַזעלכער איז געווען מלכי צדק, וועלכער האָט געבענטשט אברהמען. (האָט זיך אַזוי געפירט נאָך איידער די תורה האָט אָנגעזאָגט אָפיציעל, אַז אהרון הכוהן און זיינע קינדער זאָלן בענטשן די יידן).

אָבער וואָס שייך צו דער הקרבה גופא, וואָס דער כוהן האָט מקריב געווען די קרבנות, האָבן די בהמות אָדער עופות געמוזט זיין כשרע. און וועגן דעם אונטערשייד צווישן „כשר" און „טריף" האָט מען שוין געוווּסט נאָך אין דער צייט פון בעפאָר דעם מבול, בימי נוח.

אַט די גמרא סנהדרין (ק"ח, ב') פרעגט טאַקע וועגן דעם, צו זיינען דען דעמאָלט געווען ריינע און אומריינע בהמות? דערקלערט דאָרט די גמרא: אַזוי ווי אַלע חיות האָט מען אַריינגענומען און תיבה צו איין פּאָר און פון אַנדערע מינים צו זיבן פּאָר, האָט מען דורך דער „תורה", זיך דערוווּסט, אַז די איינפּאָריקע זיינען „אומריינע" און די זיבנפּאָריקע זיינע „ריינע".

און ווי צו טויטן אַ בהמה אָדער אַן עוף דורך „שחיטה", איז אַזוי צו זאָגן שטענדיק באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ נאַטירלעכן גאַנג, וועגן וועלכן דער מענטש, האָט געוווּסט פון אַלע צייטן. סאיז אויך אָנצונעמען, אַז דער באַגריף „שחיטה" איז תמיד געווען פונעם האַלדז, ווייל מ'האָט געזען, אַז די מערסטע ווילדע חיות זיינען זיך נוהג, ווען זיי באַפאַלן זייער קרבן, כאַפּן זיי אים פון הינטן ביים נאַקן און דערביי האַלטן זיי דעם קרבן צו מיט די פיס, ער זאָל זי נישט קענען רירן, האָט אַזאַ טויטונג אויסגעזען ביי די מענטשן צו ווילד באַרבאַריש און זיי האָבן איינגעפירט דאָס שעכטן ביים האַלדז, אַנדערש ווי די אַרומיקע אָפּגעשטאַנענע פעלקער.

האָבן די חכמים דערנאָך פעסטגעשטעלט, אַז שחיטה זאָל אַדורכגעפירט ווערן בסכין חד וחלק און בבדיקת סימני השחיטה. (מיט אַ גלאַט־שאַרפן חלף און אַכטונג געבן אויף די סמנים פון דער שחיטה).

וואָרום די חכמים האָבן איינגעזען, אַז די מצוות התורה זיינען געשטעלט געוואָרן מיטן צוועק צו פאַראיידלען די מענטשן. מחמת זיי זיינען געבויט אויף יסודות פון באַרימהאַרציקייט, דעריבער איז שטרענג פאַרבאָטן צו פאַראור־זאַכן אומנייטיקע שמערצן צו אַ לעבעדיקער באַשעפעניש (שבת קכ"ה, בי").

ווערט פון דעם אַלעם פעסטגעשטעלט, אַז דער ענין פון עבודת הבורא איז לכתחילה באַשטאַנען אין מקריב זיין אַ קרבן צו ג־ט, דורך דער פאַר־מיטלונג פון אַ כוהן, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו מכפר זיין די חטאים, ווען מאיז באַגאַנגען בין אדם למקום.

און אויף אַזאַ אופן איז אָנגעגאַנגען גאָטעס דינסט, בזמן שבית המקדש היה קים — ווי לאַנג דער בית המקדש האָט עקזיסטירט. און נאָכן חורבן בית שני, האָבן די חכמים מתקן געווען תפילה במקום קרבן. און האָבן פעסט־

געשטעלט, אַז תפילה איז מכפר דעם מענטשנס זינד אַנשטאָט קרבן, און דערביי נאָך צו געגעבן אַז: תפילתן של צדיקים מהפכת דעתו של הק"ה ממדת אכזריות למדת רחמנות" — (סוכה, י"ד) „די תפילה פון אַ צדיק איז בכוח צו ענדערן די דעה פון ג'-ב"ה, וואָס האָט געזאָלט שטראָפן מיט דער מאָס פון אכזריות אויף דער מאָס פון רחמנות". אָט ווי ס'ווערט געבראַכט אין משל! (ט"ו, ח'): „די תפילה פון רעכטפאַרטיקע איז זיין רצון" (תפלת ישרים רצונו). דאָס הייסט: זייער תפילה ווערט באַוויליקט און פאַרביטן פון מדת הדין אויף מדת הרחמים.

## קאפיטל 9

„וואָס פאַרלאַנגט פון דיר ג-ט, נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט״.
(ומה ד׳ דורש ממך כי אם עשות משפט (מיכה ו׳, ה׳).

# אמונת ישראל און טעאָקראַטיע

א.—אמונה — ניט סתם גלויבן.

ב.—אמונת ישראל און תורת ישראל.

ג.—די יידישע טעאָקראַטיע.

ד.—מעשים לשם שמים.

ה.—אמונה שלימה . . .

— א —

### מיינט דען אמונה סתם גלויבן?

בכלל ווערט אין דער תורה הקדושה ניט אָנגעגעבן קיין געבאָט צו גלויבן. די תורה זאָגט אונדז בלויז:

„וויסן זאָלסטו דייך ג-ט״! — ובכדי צו קריגן אַ באַגריף וועגן גאָטהייט, מוז מען קודם לערנען און באַאָבאַכטן די וועלט און דאָס לעבן. דאַן, איז מען ביכולת צו קומען צו דער איבערצייגונג, איז ס׳איז פאַראַן אַ בורא־עולם.

און וועגן אַזאַ אמונה, וואָס שטראָמט ווי אַ קוואַל פון דער טיפעניש פון דער נשמה, וועלכע איז פאַרבונדן מיט פעסטע איבערצייגונגען, מיט פולן צוטרוי, מיט ריינעם געוויסן און מיט פאָלקאָמער וואָרהאַפטיקייט, האָט אונדז

געלאָזט וויסן דער נביא חבקוק: „דער צדיק לעבט אין זיין אמונה" — (צדיק באמונתו יחיה).

מיט דעם איז דער נביא מכוון, אַז „אמונה" מיינט ניט סתם גלויבן, נאָר פיל מער פון גלויבן אַליין.

ובכדי צו פאַרשטאַרקן אונדזער אמונה, מוז מען זיך האַלטן ביי די עמודי האש, וואָס באַלויכטן דעם וועג פון מענטשנס לעבן.

פאַר דעם צוועק ביטיקט זיך, אַז מ'זאָל לערנען די תורה ווי געהעריק. קומט מען דאַן צו דער אייבערצייגונג, וואָס ג־ט פאָדערט פון דעם מענטשן: ערשטנס, אַז מ'זאָל זיך דערוווערבן אַ געוויסן אָרט פון אויפפירונג אין זיין אייגענעם פערזענלעכן לעבן; צווייטנס, אַז זיין אויפפירונג און באַציאונג צו אַלע מיטמענטשן, זאָל זיין אַדורכגעדרונגען מיט צדק און יושר.

אָט אַזאַ אויפפירונג רופט אָן די תורה בשם „קדושה" — אַלס אַ הייליקונג. ווי זי וואָרנט אָפט: „קדושים תהיו, כי קדוש אני ד' אלוקיכם" — הייליק זאָלט איר זיין, ווייל הייליק בין איך אייער ג־ט"! — אין אַנדערע ווערטער מיינט עס: ווען מיר וועלן פירן אַ ריינעם מאָראַלישן לעבן, וועט דאַן אויך ג'־ב"ה דורך אייך ווערן געהייליקט.

פילייכט וועט אימעצער דענקען, אַז צו זיין הייליק, דאַרף מען זיין איזאָ־לירט פון פאַקטישן לעבן, ניין. אונדזער תורה איז אַ תורת חיים — אַ לערע פון לעבן, נישט קיין לערע פון אַסקעטיזם — צו זיין אָפּגעזונדערט פון ישוב העולם. אין קעגנטייל, זי איז אַ תורה, וואָס לערנט ווי צוגעניסן פון לעבן, און צו דער זעלבער צייט, זאָל מען נישט פאַרזינקען און שלעכטע מחשבות. זי איז אַ תורה, וואָס פאַרהיט דעם מענטשן פון זיינע אינסטינקן, כדי ער זאָל זיך פילן פריי פון דער אייגענער שקלאַפעריי; — צו זיין אַ בן חורין — פריי פון עבירות און מחשבות זרות.

דאָס איז אייגנטלעך דער באַגריף פוי די חכמים, וואָס זאָגן „תורה כנגד כולם" — „תורה שטייט העכער פון אַלץ". ווייל נאָר זי פירט דעם מענטשן בדרך הישר. דערצו איז זי אַ לערע, וואָס דער שפּיגל רעפלעקסיע איז אָנגעשטעלט קעגן אַלע איבעריקע אומות. וואָרום, איר הויפּט־ציל איז, אַז די נאַציאָנען פון דער וועלט זאָלן אָנערקענען דעם ידישן פאָלק, אַלס אַ גרויס פאָלק. און „גרויס" אין דער תורה מיינט ניט שטאַרק־מעכטיק; „גרויס" איז אַ סינאָנים פון „קלוג" און „גוט".

אָט דער איש האלוקים, דער גרעסטער אידעאָלאָג, משה רבינו האָט אונדז שוין געהאַט געוואָרנט, בזה הלשון: „זע, איך האָב אייך געלערנט געזעצן און משפטים, ווי ס'האָט מיך באַפוילן ג־ט מיין ג־ט" — און, איר זאָלט אָפּהיטן און טאָן, ווייל דאָס איז אייער קלוגשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר די אויגן פון די פעלקער, וועלכע וועלן הערן, אָט די דאָזיקע געזעצן און וועלן זאָגן אַ קלוגעס און אַ פאַרשטענדלעכעס, איז דאָס דאָזיקע גרויס פאָלק (דברים ד', ה'־ו').

און דעם דאָזיקן אָפּקלאַנג פון די ווערטער, געפינט מען ביי דעם נביא ישעיהו, וואָס זאָגט: „מיין הויז וועט הייסן דאָס געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער". ד"מ — אַלע פעלקער וועלן אָנערקענען די גרויסקייט פון דעם יידישן פאָלק. און מיט דער פולסטער איבערצייגונג האָט עס אַרויסגעזאָגט דויד המלך — „פון דיין תורה האָב איך זיך דערוווסט, אַז דיינע משפטים זיינען גערעכטע, ווייל דו ביסט אַ ג־ט פון געטריישאַפט און אָן אומרעכט. איך האָב דיינע משפטים געלערנט, ווייל איך גלויב אין דיין משפט"!

אָט אַזאַ אמונה, איז ניט סתם אַ גלויבן. זי איז אַ גלויבן, וואָס שטאַמט ווי אַ קוואַל פון דער טיפעניש פון דער נשמה, באַזירט אויף די חוקי התורה, וואָס דינט אַלס אַ לייכט־טורעם, צו באַלויכטן דעם מענטשנס לעבנס וועג; אַ דורכגעדרונגען מיט גערעכטיקייט, מאָראַל און עטיק און דערהויבט דעם מענטשן צו שלימות — צו קנין עולם הבא.

— ב —

# אמונת ישראל און תורת ישראל — זיינען איינס

כידוע, זינט חורבן בית שני, איז פון אונדז צוגענומען געוואָרן פיל גוטע זאַכן (עבודת הכוהנים ושירת הלויים), אַ חוץ די תורה הקדושה האָלט זיך מיט אונדז. אָט ווי מיר דערמאָנען עס אָפט: „דאָס טייערסטע איז אונטערגעגאַנגען און סאיז אונדז בלויז איבערגעבליבן די תורה הקדושה. (וכל מחמדיה טבועות וגנוזות ואין לנו שיור רק התורה הקדושה). אָט דאָס באַווייזט, אַז די תורה וועט אונדז אויך אין גלות ניט פאַרלאָזן. ווייל משה רבינו האָט באַלד בעת קבלת התורה, געגומען די תורה בזה האופן: זי זאָל אַפילו, בעת צרה ר"ל, אויך ניט אָפּטרעטן פון די יידן.

און אַלס אַנדייט וועגן אַזאַ באַהויפּטונג, געפינען מיר אין פרקי אבות א', ווי רבינו הקדוש הויבט אָן בזה הלשון: „משה האָט מקבל געווען די תורה פון ג־ט, וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן באַרג סיני, און האָט זי איבער־געגעבן צו יהושע און יהושע צו די זקנים און די זקנים האָבן איבערגעגעבן צו די נביאים, ביז דער צווייטער בית המקדש איז געבויט געוואָרן. ס'האָבן דאַן זיך צונויפגעקליבן הונדערט און צוואַנציק גרויסע לייט און האָבן געשאַפן די כנסת הגדולה, וואָס איז נאָך נישט געווען במשך פון דער יידישער געשיכטע, און זיי האָבן פאַרגעזעצט וויטער דאָס יידישע גייסטיקע לעבן".

שטעלן זיך מאַנכע מפרשים אָפּ אויף דער דאָזיקער משנה און פרעגן: צוליב וואָס האָט די משנה געדאַרפט אויסרעכענען די איבערענטפערונג פון דער תורה ביז די אנשי כנסת הגדולה. ווי באַלד די זקנים האָבן איבער־געגעבן די תורה צו די נביאים, האָבן דאָן זיכער די נביאים געלערנט אַנ־

דערע און אַזוי איז די תורה במילא פאַרשפרייט געוואָרן צווישן פאָלק? ווערט דער דאָזיקער ענין דערקלערט אויפן פאָלגנדיקן אופן: די גמרא דערציילט אונדז, אַז „ישראל און די תורה און הקב״ה — זיינען איינס״ (ישראל ואורייתא וקודשא בריך הוא — חד הוא). די חכמים האָבן דערמיט געטרייסט די יידן, און באַלד געגעבן מאמרים אויף קיום התורה. דערפאַר רעכנט דער בעל המשנה די איבערענטפערונג כסדר ביז די אנשי כנסת הגדולה, וועלכע זיי זיינען געווען בעת החורבן. און די אנשי כנסת הגדולה האָבן דערביי געגעבן אַן עצה: והעמידו תלמידים הרבה״ — „איר זאָלט אויפשטעלן פיל תלמידים״. דאָס מיינט — גרינדן ישיבות און תלמוד־תורהס פאַר קליינע קינדער. ווייל דער לימוד פון תינוקת של בית רבן איז מבטל אַלע גזירות, און דאָס ברענגט ישועות אויף דער וועלט; מזאָל אויך מחזיק זיין תלמידי חכמים, כדי ס׳זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן די געטלעכע ליכט פון דער תורה, און זי זאָל שיינען לאורך ימים. און ג־ב״ה האָט ווירקלעך געוואָרנט דעם עם־ישראל, זאָגנדיק: „איך בין מיט אייך, ווייל מיין ליכט איז אייער ליכט און אייער ליכט איז מיין ליכט״ — (הואיל ואורי הוא אורכם ואורכם הוא אורי — אני ד׳ — שמעוני ישעיהו תצ״ט).

אָט דאָס שטעלט אונדז פעסט, אַז אמונת ישראל און תורת ישראל — זיינען איינס. און נאָר זיי זיינען דער יסוד פון קיום היהדות.

— ג —

# אַנדערש איז די יידישע טעאָקראַטיע

אָט גאַנץ אָפט לאָזט זיך הערן אין יידישע קרייזן דאָס וואָרט „טעאָקראַ־טיע״, ווען מ׳באַרירט דעם ענין מדינת ישראל. ביי מאַנכע „פּראָגרעסיווע״ מענטשן איז דאָס וואָרט טעאָקראַטיע דאָס איינגענע ווי רעאַקציע — דער היפך פון דעמאָקראַטיע, וואָרום, לויט דער אַלגעמיינער אויפפאַסונג מיינט טעאָקראַטיע — געטלעכע הערשאַפט, אַ לאַנד, וואָס ווערט רעגירט פון הימל. אין דער פּראַקטיק ווערט אַזאַ רעגירונג געפירט פון דער קירכע, פון די הייליקע, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר די רעליגיע פון לאַנד.

לויט דער דאָזיקער השגה זיינען אין אַלטערטום און אין מיטלאַלטער געווען אַ סך טעאָקראַטיעס, דירעקטע אָדער אינדירעקטע. אַמאָל זיינען די הייליקע אַליין געזעסן אויפן טראָן, אָדער זיי זיינען געשטאַנען הינטער די סעקולאַרע קעניגן און זיי אונטערגעזאָגט וואָס צו טאָן און וואָס ניט צו טאָן. און אַלץ איז געטאָן געוואָרן בכוונה צו האַלטן דעם המון אין דער טיפער פינצטערניש, ממש איינגעהילט אין אַ שרעקלעכן פאַנאַטיזם, וואָס האָט באַרעכטיקט דעם שטאַרקן אונטערצודריקן דעם שוואַכן, סיי פיזיש, עקאָ־

נאָמיש און מאָראַליש אָט אַזוינע רעגירונגען זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען דיקטאַטאָרן, דיקטאַטאָריש־רעאַקציאָנערע, וואָס דאָס איז אַבסאָלוט דער היפּוך פון דעמאָקראַטיע.

נעמען מיר אָבער אין באַטראַכט ווי אונדזער תורה שילדערט דעם ענין מלך, זעט מען באַשיינפּערלעך. אַז די יידישע טעאָקראַטיע האָט ניט דעם זעלבן כאַראַקטער ווי ס'איז געווען און אויך ניט היינט צו־טאָג, די השגה פון דער פרעמדער טעאָקראַטיע. זי איז תמיד געווען דער יידישער שטאָט אַן אויסנאַם צום כלל. געוויס האָט דאָס יידישע פאָלק אָנערקענט ג־ט אַלס אַלמעכטיקער הערשער. אָבער, ס'איז ביי זייער ג־ט, נאָך אין אַלטערטום געווען אַלע מענטשן גלייך און דערפאַר האָט זיין הערשפאַט, זיינע געזעצן געמוזט זיין עכט דעמאָקראַטיש. ווי אונדזער תורה לויטעט, וואָס זי איז דער פונדאַמענט פון דער יידישער פילאָזאָפיע, פון דער יידישער מאָראַל.

און אַז די יידישע טעאָקראַטיע איז אַן אויסנאַם צום כלל, ווערט מיט דער פולסטער זיכערקייט ברייט אַרויסגעבראַכט דורך ד"ר שמואל בעלקין, און זיין בוך וואָס רופט זיך „אין זיין געשטאַלט". ער אַנאַליזירט מיט פעסט־קייט, אַז די יידישע געזעצן, יידישע עטיק, יידישע פירונגען, זיינען אין יענער צייט, געווען פּראָגרעסיוו און מאָדערן. אָט ווי די חכמי התלמוד האָבן שטענ־דיק באַזירט זייערע פּראָגרעסיווע אָנשויאונגען אויף דעם פּרינציפּ פון דע־מאָקראַטישער טעאָקראַטיע. און דערווייזט בולט ווי די יידישע טעאָקראַטיע איז אַן אויסנאַם צום כלל.

און בכדי דער דאָזיקער ענין זאָל קלאָר זיין פאַר יעדן איינעם, וועל איך דאָ אָנגעבן געוויסע דוגמאות:

אָט ווי געווינלעך, הערשן אין אַלע טעאָקראַטיעס צוויי סאָרטן פאַר־ברעכנס: פאַרברעכנס קעגן ג־ט און פאַרברעכנס קעגן מענטש. לויט דער יידישער טעאָקראַטיע זיינען פאַרברעכנס קעגן מענטש האַרבער ווי פאַר־ברעכנס קעגן ג־ט. אָט ווי די גמרא ב"ב (ד"א) דריקט זיך אויס: „דאָס באַרויבן פּריוואַט אייגנטום איז האַרבער ווי באַרויבן פון הקדש (אַ טעמפּל)". דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ פאַרברעכן קעגן מענטש איז אַ דאָפּלטער פאַר־ברעכן: איינער קעגן מענטש און איינער קעגן ג־ט, אַ פאַרברעכן קעגן ג־ט, איז אַ פאַרברעכן בלויז קעגן ג־ט. דאָס באַווייזט אַז די געזעצן פון בין אדם לחברו זיינען געטלעכע, באַזירט אויף דעמאָקראַטיע, וואָס דאָס מיינט יידישע טעאָקראַטיע.

לויטן דין פון דער תורה: באַצאָלט אַ גנב צוויי מאָל אַזוי פיל ווי דער ווערט פון דער גניבה. די דאָפּלטע שטראָף באַציט זיך בלויז אויף אַ גניבה פון פּריוואַט אייגנטום. אָבער פאַר אַ גניבה אין בית המקדש, וואָס באַלאַנגט צו ג־ט, איז די שטראָף אַ לייכטערע, דער גנב דאַרף צוריקגעבן בלויז דאָס, וואָס ער האָט געגנבעט, בעת ביי די אַלטע גריכן און רוימער איז פאַר אַ גניבה אין אַ טעמפּל באַשטראָפט געוואָרן מיט טויט, לויט האַמוראַביס געזעץ.

אַזוי אַרום, איז לויטן יידישן דין, טויט־שטראָף, אַלס דער שווערסטער פאַרברעכן. וואָרום די יידישע פילאָזאָפיע באַטראַכט דעם מענטש ווי דאָס טייערסטע, ווי די הייליקע זאַך, ווייל ג־ט האָט אים באַשאַפן, אין זיין אייגענעם געשטאַלט (ברא אותו בצלמו). בעת ביי די אַלטע גריכן איז מאָרד באַטראַכט געוואָרן ווי פאַרברעכן קעגן אַן איינציקן מענטשן (קעגן דעם דערמאָרדעטן). דער האָט דערפאַר געהאַט דאָס רעכט מוחל צו זיין דעם מערדער, אויב אַ טויטלעך פאַרוואונדעטער דערקלערט, איידער ער גייט אויס, אַז ער איז מוחל דעם מערדער, ווערט דער מערדער באַפרייט. אָבער לויט דער יידישער פילאָזאָפיע ווערט מאָרד באַטראַכט ווי דאָס גרעסטע פאַרברעכן ניט בלויז דערפאַר וואָס דער מערדער האָט באַרויבט אַ מענטשן פון זיין לעבן, נאָר דערפאַר וואָס ער פאַרשוועכט די גרעסטע הייליקייט. נאָך מער, יידישקייט האַלט ניט, אַז דאָס לעבן איז דאָס פריוואַטע אייגנטום פון מענטשן, נאָר אַז עס איז אַ געטלעכע זאַך. דערפאַר קען דער דערמאָרדעטער ניט מוחל זיין דעם מערדער. קיינער קאָן אים ניט מוחל זיין.

בכלל, וואָס איז נוגע זיין מיטמענטש, איז לויטן יידישן געזעץ, פאַרברעכן און זינד געבונדן צוזאַמען. דער מענטש מוז רעספּעקטירן זיין מיטמענטש, וואָס ביידע זיינען ג־טס קינדער. ביידע זיינען באַשאַפן געוואָרן אין הייליקן געשטאַלט. ווען איינער פאַרלעצט די רעכט פון אַ צווייטן מענטש, באַרויבט ער אים פון אַ געטלעכן געשאנק, זיין אַקט ווערט באַטראַכט ווי אַ רעוואָלט קעגן ג־ט, וועלכער גיט גלייכע רעכט צו אַלעמען. דאָס ציינט, אַז דער כאַראַקטער פון יידישקייט איז אַ דעמאָקראַטישע טעאָקראַטיע, אויך ציינט אונדז די תורה, אַז אַפילו אין דער אַלטער צייט, זיינען ביי יידן ניט געווען קיין געטלעכע מענטשן, אָדער הייליקע מענטשן, וואָס זיינען פריי פון מענטשלעכע שוואַכקייטן, וואָס קאָנען ניט באַגיין קיין זינד. אַט אַפילו משה רבנו, דער איש האלוקים, האָט ניט זוכה געווען אַריינצופירן די יידן אין זייער צוגעזאָגטן לאַנד, ווייל ער איז באַגאַנגען אַזינד לגבי דעם צווי (באַפעל) פון ג־ט. (במדבר ז׳).

אונדזער תנ״ך ווידער שילדערט אויך דאָס פאַרקערטע, אַז ביי יידן זיינען ניט געווען קיין „נידעריקע מענטשן״, קיין אויסוואָרפן, וואָס זיינען אויסגעשלאָסן פון דעם שוץ פון געזעץ. דהיינו, אויב אַ קעניג אָדער אַ כוהן איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, איז ער געמשפּט געוואָרן, לויט די זעלבע געזעצן ווי אַ פּשוטער בירגער און אויך פאַרקערט, ווען אַ פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אַ שקלאַף, איז די שטראָף געווען די זעלבע ווי אַ פאַרברעכן קעגן אַ פרייען בירגער. בנוגע צו אַ שקלאַף זאָגט דער דין: „אויב דער באַלעבאָס האָט בלויז איין קישן, זאָל ער עס געבן דעם שקלאַף, און אַליין שלאָפן אויף דער ערד. (אם אין לו כר אחד, מחוייב ליתן לעבדו והוא ישן על גבי קרקע). בעת אין דער אַרומיקער וועלט זיינען קעניגן

באַטראַכט געוואָרן ווי געטער, צו וועמען די מאַסן האָבן זיך געבוקט און תפלה געטאָן, און אויך זיינען די שקלאַפן באַטראַכט געוואָרן ניט ווי מענטשן, נאָר ווי נידעריקע באַשעפענישן, ווי אייגנטום, מיט וועלכן דער באַלעבאָס האָט געקאָנט טאָן וואָס ער וויל, אַפילו פאַרניכטן. כידוע, ווערט בכלל ביי יידן געשטעלט דאָס ווערט פון אַ מענטש פאַר דער געזעלשאַפט אויפן העכסטן אָרט, בעיקר, דער געלערנטער, דער חכם. אויב אַ ייד פאַלט אַריין אין גע־פאַנגענשאַפט צוזאַמען מיט זיין פאָטער און זיין מוטער, מעג ער זיך אַליין אויסלייזן צום ערשטן; ער דאַרף אָבער אויסלייזן זיין לערער פריער ווי זיין פאָטער; זיין מוטער דאַרף אויסגעלייזט ווערן פריער ווי אַלע אַנדערע. ס'איז אָבער וויכטיקער אויסצולייזן דעם געלערנטן ווי דעם קעניג. דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ געלערנטער שטאַרבט איז ניטאָ קיין אַנדערער וואָס קען פאַרנעמען זיין אָרט, אָבער אַז אַ קעניג שטאַרבט, איז יעדער ייד קוואַ־ליפיצירט פאַר דעם אַמט.

און בנוגע דער פערזענלעכער פרייהייט, ווערט פון די חכמי התלמוד באַטראַכט, אַז פרייהייט איז ניט בלויז אַ פונדמאַמענטאַלע מענטשלעכע רעכט, אין סאָציאַלן זין. זיי האָבן אין זייער קאָדעקס זיך באַמיט צו באַשיצן דאָס פרייהייט־רעכט אַפילו פון אַ פאַרברעכער. דאָס הייסט: זיי האַלטן אַז פריי־הייט איז אַזאַ הייליקע מתנה צום מענטשן, אַז זיי האָבן אויסגעמיטן אָנצו־רירן די מתנה אַפילו ביי יענע מענטשן, וואָס זיינען באַגאַנגען פאַרברעכנס. אָט, למשל, גיט די תורה דעם געריכט דאָס רעכט צו פאַרקויפן אַ בעל־חוב אַלס אַ שקלאַף, צום באַצאָלן זיין חוב. אָבער די חכמים האָבן אויסגעטייטשט, אַז ניט סתם אַ בעל־חוב, וואָס איז געבליבן שולדיק פאַר סחורה אָדער מחמת הלואה, נאָר בגניבתו — אַז ער האָט ניט געהאַט צו באַצאָלן פאַר דער גניבה. בעת דער רוימישער געזעץ האָט געגעבן דעם קרעדיטאָר דאָס רעכט צו אַרעסטירן דעם בעל־חוב, אים פאַרקויפן פאַר אַ שקלאַף און אַפילו אים דערהרגענען, ווייל זייער געזעץ לויטעט, אַז דער יעניקער וואָס איז שולדיק געלט, מוז גאַראַנטירן מיט זיין פרייהייט און מיט זיין לעבן.

און מיר געפינען אויך אַפילו, וואָס איז נוגע דעם אַרבעטער און אַרבעטס־געבער. אַזאַ פאַל וואָס די גמרא ב"מ (ע"ו) ברענגט: „אויב ס'איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס צו טאָן אַ געוויסע אַרבעט פאַר אַ באַשטימטן פרייז, טאָר דער באַלעבאָס ניט ברעכן דעם קאָנטראַקט אין מיטן, דער אַרבעטער איז עס אָבער יאָ באַרעכטיקט.

איז פון דעם אַלעם צוזען, וואָס שייך דעם אַרבעטער און אַרבעטס געבער זיינען די יידישע געזעצן העכסט פּראָגרעסיוו, אַפילו לויט די מאָדערנע באַגריפן.

אָט די אויבנדערמאָנטע באַווייזן שטעלן פעסט, אַז די יידישע טעאָ־קראַטיע איז באַזירט אויף דעמאָקראַטישע יסודות, וואָס דאָס איז דער

פונדאַמענט פון דער יידישער פילאָזאָפיע. דאָס איז דערפאַר, ווייל די נשמה, דאָס האַרץ פון יידישקייט איז ליבשאַפט צו דעם מענטש. און ליבשאַפט צו מענטש איז אָפּהענגיק אָן ליבשאַפט צו ג־ט.

— ד —

## וואָס דערפירט דעם מענטשן צו דער מדרגה פון מעשים טובים?

די חכמים זאָגן: אַלע דיינע מעשים זאָלן זיין לשם שמים (וכל מעשיך יהיו לשם שמים.—פרקי אבות). איז דער, וואָס פירט זיך אַזוי, ווערט אָנגערופן אַן ערנסטער דינער צו ג־ט און איז מקבל שכר אַפילו פאַר זיינע קערפערלעכע מעשים, ווי עסן, טרינקען, שלאָפן, האַנדלען, רעדן אאַז״וו.

אָבער אַזאַ זאַך קען מען אויספירן, ווען מ׳האָט תמיד אין זינען, אַז ג׳־ב״ה שטייט אַנטקעגן. ווי ס׳ווערט געזאָגט „שויתי ד׳ לנגדי תמיד״, אַז מ׳האָט שטענדיק ג־ט אין זינען, ציטערט איטלעכער צו טאָן דאָס מינדסטע, וואָס איז נישט רעכט ביי ג־ט. וואָרום מיטן אוצר פון יראת שמים, ווייל דער בורא מזכה זיין אַלע יידן.

און וועגן דעם האָט דער תנא ר׳ מאיר שוין געהאָט באַמערקט, אַז איטלעכער איז אימשטאַנד צו דינען ג־ט ערנסט. און באַזירט זיך אויף דעם, וואָס אין דער פרשה ציצית שטייט צוויי מאָל „זכירה״ — (דערמאָנונג): 1) „וראיתם אותו וזכרתם אתכל מצוות ד׳״, 2) למען תזכרו ועשיתם את כל מצוותי, והייתם קדושים״ — (איר זאָלט אים זען און געדענקען אַלע מצוות — כדי איר זאָלט געדענקען און טאָן אַלע מיינע מצוות...). אָט די דאָזיקע צוויי „זכירות״ באַציען זיך אויף די מצוות, וואָס איז פאַראַן אין ציצית „תכלת״ און „לבן״ (בלוי וואָל און וויים). תכלת מיינט, וואָס איז געפאַרבט מיט דעם ,,חלזון״ (אַ מושל־חיהלע, וואָס פאַרבט מיט איר בלוט). געוויינלעך, איז דאָס אַ יקר המציאות. אָבער „לבן״ איז אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, וואָס מ׳קריגט עס פאַר ביליק.

אָט די דאָזיקע צוויי מינים זיינען מרמז, אַז מ׳קען באַקומען יראת שמים אויף צוויי אופנים: מ׳קען באַקומען יראת שמים דורך „תכלת״, וואָס ווייזט אויף דעם היוכן מיטל פון שקידת התורה — מיט זאָל פריער לערנען תורה מיט גרויס פלייס. וואָרום דער קאָליר פון תכלת איז ווי דער קאָליר פון ים (תכלת דומה לים). איז אַזוי ווי אַ פיש האָט זיין חיות נאָר אין וואַסער, אַזוי דאַרף אַ תלמיד חכם זיין אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין ים־התלמוד, ווען אַפילו אין אָנפאַנג איז נאָך נישט לשמה, אָבער

ווען מ'לערנט שטענדיק קומט מען מתוך שלא לשמה צו לשמה. (צו פראַק־טיצירן עס אין לעבן).

און דאָס איז וואָס די חכמים זאָגן: „תמיד זאָל דער מענטש לערנען" (לעולם ילמד אדם). — זיין אַריינגעטאָן אין ים התלמוד. און אַזוי ווי דער ים איז ענלעך צום הימל (וים דומה לרקיע), קומט ער ממילא צו לשמה. און אַז מ'לערנט דערנאָך תורה לשמה, ווערט ליכטיק ווי דער אבן ספיר (ורקיע דומה לאבן ספיר), וואָס איז ענלעך צום כסא הכבוד (ואבן ספיר דומה לכסא הכבוד), ווי משה רבינו איז געווען — (כי קרן פני משה).

אָט דאָס איז די העכסטע מדרגה פון אמתער תכלת, וואָס אַ געוויינלעכער מענטש קען צו דעם אַזוי לייכט נישט צו קומען. האָט מען אונדז דערפאַר געגעבן אין ציצית אַ ביליקערן סאָרט, וואָס אַלע קענען עס באַקומען. דאָס איז „לבן" — דאָס ביליקסטע און אַ לייכטער מיטל צו צעקומען צו יראה. אַ מיטל, וואָס באַשטייט פון מאה ברכות (הונדערט ברכות).

דאָס לערנט אונדז, אַז יעדער ייד קען זיך דערהויבן צו יראת שמים, בלויז מיט דעם וואָס ער וועט לויבן ג־ט טעגלעך מיט הונדערט ברכות. און דאָס ווערט אַרויסגעלערנט פון דעם פסוק, וואָס זאָגט: „ועתה, ישראל, מה ד' שואל ממך"? — ייד, וואָס פאַרלאַנגט פון דיר ג־ט? — נאָר יראת שמים. וואָרום, אל תקרי „מה" — לייען נישט „מה" (וואָס) נאָר „מאה" (הונדערט). דאָס מיינט: הונדערט ברכות פאַרלאַנגט פון דיר ג־ט. (מנחות מ"ג). — און דורך די דאָזיקע הונדערט ברכות, וועט מען שטענדיק גע־דענקען דעם בורא עולם, אַז ער איז דער, וואָס קערט אום אַלע פרימאָרגן זייער נשמה — (המחזיר, נשמות לפגרים מתים); ער איז דער, וואָס עפנט די אויגן פון די בלינדע (פוקח עורים). וואָרום, ווען דער מענטש שלאָפט, איז ער גלייך ווי ער וואָלט בלינד געווען; ער איז דער באַשעפער פון די ליכטער (יוצר המאורות) — די זון, די לבנה און די שטערן; ער איז דער, וואָס מאַכט די טויטע לעבעדיק (מחיה מתים). ווי די תורה זאָגט אָן דורך משה רבינו „איך טייט און וועל לעבעדיק מאַכן" (אֲני אמות ואחיה); אויך זעט דער נביא יחזקאל, אַז ג־ט וועט עפענען די קברים און אויפברענגען די טויטע צום לעבן.

און איז צו גלויבן, אַז ג־ט וועט מקיים זיין די דאָזיקע הבטחה. ווייל ער איז דאָך דער, וואָס באַגנעדיקט דעם מענטשן מיט וויסן (חונן הדעת) און לערנט דעם שטערבלעכן מענטשן פאַרשטאַנד (ומלמד לאנוש בינה).

אויף דעם האָבן די חכמים זיך סומך געווען און געזאָגט „אַלע דיינע מעשים זאָלן זיין לשם שמים" (וכל מעשיך יהיו לשם שמים). דאָס מיינט: זיי זאָלן זיין באַזירט אויף „יראה". ווי דער נביא זאָגט: „יראת ד' היא אוצרו" (ישעי' ל"ג, ו'). אָט אַזוי ווי דער מאַטעריעלער אוצר האַלט דעם מענטשן אויף בעת צרה, אַזוי איז יראת שמים. ווען דער מענטש איז

זיך עוסק בתורה ועבודה, קען ער זיך דערהויבן אין חכמה ודעת אלוקים, וואָס פאַרהיט אים פון יעטווידער צרה. ווייל דער אוצר פון יראת שמים דערפירט דעם מענטשן צו דער מדרגה פון עשה טוב" — צו טאָן גוטעס.

איז פון דעם אַלעם צו פאַרשטיין, ווען סאיז פאַראַן בין אדם למקום די התדבקות בד' באמונה שלימה, ווערט זיכער יראת שמים די הערשערין בין אדם לחברו — צווישן אים און זיין מיטמענטש.

— ד —

## וואָס איז די השגה פון גאולה שלמה?

ס'איז פאַר קיינעם נישט קיין חידוש, אַז דער ייד זינט ער איז אַ קולטורעל פאָלק געוואָרן, האָט ער מקבל געווען אויף זיך דעם — „עול מלכות שמים" — יאָך פון דער געטלעכער הערשאַפט, וואָס איז דער בורא עולם און צו דער זעלבער צייט דער מנהיג. און דער ייד האָט אויסגע־שריען: „שמע ישראל" — האָרך אײַן, ייד, און נעם אַריין אין געדאַנק, אַז ג־ט — „י־ה" — איז דער באַלעבאָס איבערן גאַנצן באַשאַף. ער איז דער, וואָס האָט דערפונדן אַלע דערפינדונגען (מהוה כל הוה), וועלכע געפינען זיך אויף דער וועלט; ער איז דער מנהיג — דער פירער, דער אויפפאַסער און דער שפּייזער פון אַלע ברואים, פון די גרעסטע באַשעפענישן ביז די קלענסטע, און אויף אונדז, יידן, איז פאַראַן אַ השגחה פרטית. ווי געזאָגט: „אין מזל לישראל" — דער יידישער קיום אויף דער וועלט, איז ניט בדרך הטבע, נאָר אונטער דער השגחה פרטית — ספּעציעל אונטער דער געט־לעכער אויפזיכט.

דעריבער, ווען דער ייד זאָגט די צווי ווערטער „ד' אלוקינו", מוז ער טראַכטן, אַז ער איז מקבל אויף זיך דעם „עול מלכות שמים" — אַנטקעגן צו קומען דעם פאַרלאַנג פון בורא עולם, צו זיין זיינער אַ געטרייער דינער; ניט עובר צו זיין אויף קיין „לאו", וואָס איז אים פאַרבאָטן עס צו טאָן פון ג־ב"ה. — יעטווידער אבר זאָל אים דינען געטריי. דהיינו: דאָס אויג זאָל ניט קוקן וואו מ'דאַרף ניט, די אויערן זאָלן ניט הערן וואָס מ'טאָר ניט, דאָס מויל זאָל ניט רעדן וואָס פּאַסט ניט, די פיס זאָלן ניט גיין וואו מ'דאַרף ניט און אַזוי אַלע גלידער.

און גלייכצייטיק איז ער מקבל אויף זיך, אָנצוזאָגן, אַז די קינדער זאָלן היטן דאָס געבאָט פון דער הייליקער תורה. אָט ווי ס'איז געזאָגט געוואָרן ביי אברהם אבינו: „כדי ער זאָל אָנזאָגן זיינע קינדער, אַז דער בורא ומנהיג איז אַ יחיד ומיוחד, זיין פירמע זאָגט ניט „עט קאָמפּאַניע", נאָר ער אַליין

האָט באַשאַפֿן אַלעס און פירט אַלעס — זאָלן זיי אָפּהיטן ג־טס וועג". —
(למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ד').

און צו דעם אַלעם, מוז געגומען ווערן אין אכט, אַז דער קורצער פסוק, „שמע ישראל ד' אלוקינו ד' אחד" — אחוץ, וואָס רופט זיך „קבלת עול מלכות שמים", איז אין אים איינגעפאסט די אמונה פון גאולה עתידה. דאָס מייגט: לעת עתה איז נאָר „ד' אלוקינו" (ג־ט אונדזער ג־ט), ס'וועט אָבער קומען אַ צייט, וואָס ג־ט וועט זיין דער, „אחד" — דער איינציקער. אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלן דערקענען זיין כבוד, און אַלע וועלן מקבל זיין אויף זיך דעם עול פון זיין קעניגרייך (ויקבלו כולם את עול מלכות שמים). — דאַן וועלן מיר, יידן, זוכה זיין, אַז ס'וועט נאָך מקויים ווערן די רייד פון דעם נביא: „ס'וועט קומען די צייט פון גאולה, וועל איך איינזאַמלען און וועל אויך דערהויבן צו אַ גוטן שם און צו אַ לויב צווישן די אומות פון דער וועלט". (בעת ההיא אביא אתכם... כי אתן אתכם לשם ולתהלה בכל עמי הארץ).

און מיר זיינען אויך איבערצייגט אין דעם, וואָס דער געטלעכער משורר פון תהלים זאָגט: „צו דען וועט אונדז ג־ט אויף אייביק פאַרלאָזן און וועט מער ניט באַוויליקן, ווי ער איז געווען מיט אונדז אַמאָל? — איז דען זיין חסד אויף אייביק אויסגעגאַנגען? — ווי דו האָסט אויסגעלייזט מיט שטאַרקייט זיין אָרים־פאָלק, וועסטו זיכער אים קיין מאָל ניט פאַרלאָזן! — (הלעולמים יזנח ד', ולא יוסיף לרצות עוד? — האפס לנצח חסדו? — אתה האל עושה פלא, הודעת בעמים עוזך).

אַזוי אַרום, איז בלתי ספק, אַז די אמונה פון גאולה שלמה וועט נאָך פאַרווירקלעכט ווערן. ווייל אַלע פעלקער אויף דער וועלט וועלן סוף־כל־סוף דערקענען דעם כבוד פון „ד' אלוקינו, ד' אחד" — אַז ס'איז פאַראַן אַ בורא יחיד ומיוחד — אַן איינציקער באַשעפער און מנהיג אויף דער גאַנצן וועלט־באַשאַף!

# קאַפּיטל 10

„ווער ס'לויבט עבודה־זרה, איז ווי ר'לייקנט אין דער גאַנצער תורה".

(המודה בעבודה־זרה ככופר בכל התורה כולה.—ספרי).

„זאָלסט ניט געבן קיין רעכט איינעם פון דיינע איברים צו מאַכן זינדיקן אַלע איברים".

(אל תתן רשות לאחד מאיבריך לחטוא כל איבריך.—ויק"ר פ"טז).

# שנוי הדת

א.—עבודה־זרה. ב.—שנוי הדת.

— א —

## וואָס דערפירט צו פרעמדע מנהגים?

די ערשטע וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ פאַלשן באַגריף וועגן אמונת האלוקים, זיינען געוועזן די פון דור אנוש. אַט ווי ס'ווערט דערציילט אין ספר בראשית (ד', כ"ו): „אויך ביי שתן איז געבאָרן געוואָרן אַ זון, און האָט אים גערופן מיטן נאָמען אנוש; דענסמאָל האָט מען אָנגעהויבן רופן מיטן נאָמען „הויה". (ולשת גם הוא יולד בן ויקרא את שמו אנוש, אז הוחל לקרוא בשם „הויה").

זאָגט וועגן דעם רש"י ז"ל, אַז מ'האָט דאַן אָנגעהויבן צו רופן מיטן נאָמען פון „הויה" אַלע זייערע אָפּגעטער. ד"מ — אַז דער באַגריף פון ג־ט איז חל געוועזן אויף מענטשן, ברואים און בילדער.

אויך דער רמב״ם ז״ל שטעלט זיך אָפּ אויפן לשון „הוחל״, דערקלערנדיק, אַז די תורה לאָזט אונדז וויסן מיט דעם, דעם גרויסן טעות, וואָס אנוש און זיין דור האָבן געמאַכט. זיי האָבן ממש פאַרשוועכט (הוחל״ ג־טס נאָמען זאָגנדיק, אַז „הויה״ (ג־ט) האָט נאָך בריאת העולם איבערגעגעבן די הנהגה צו די שטערן און פּלאַנעטן, אַז זיי זאָלן פירן די וועלט. דערפאַר דאַרף מען זיך בוקן צו זיי, ווי מ׳בוקט זיך צו משרתים פון אַ מלך, וואָס ער האָט זיי באַטיילט פון זיין כבוד, (זע, בפ״א מהלכות ע״ז).

אָט אין דעם ליגט דער גרויסער טעות פון זייער באַגריף וועגן דעם נאָמען „הויה״. בעת „הויה״ צייגט גאָר אויף דער עקזיסטענץ פון ג־ט, און אַז ס׳איז די העכסטע סיבה פון אַלע סיבות. נאָר די אַנדערע נעמען ווי „שדי״ „אלוקים״ וכדומה, זיי צייגן אויף דער הנהגה פון דעם וועלט־באַשאַף.

אָט אַזאַ מין באַגריף וועגן דעם שם „הויה״ האָט דערפירט ממש צו עבודה־זרה.

און אויף אַזאַ אופן האָט זיך דער פאַלשער באַגריף וועגן אמונה פאַרשפּרייט נאָך אין די סאַמע אור־אַלטע צייטן. מאַכנע כופרים האָבן מכחיש געווען די מציאות השם (עקזיסטענץ פון ג־ט), זאָגנדיק, אַז די וועלט איז אַ קדמון — אַן אייביקייט. און ס׳זיינען אויך געווען אַזעלכע כופרים, וואָס האָבן אַפילו מודה געווען אין מציאות השם, אָבער זיי האָבן געלייקנט אין השגחת הבורא, דענקנדיק, אַז ער האָט באַשאַפן דעם מין מענטש אַזוי ווי פיש אין ים, וואָס ג־ט לייגט ניט מער קיין אַכט אויף זיי און האָבן ניט קיין עונש און שכר. ד״מ אַז די וועלט פירט זיך אָן שום השגחה.

גאָר אַנדערש איז דער באַגריף לויט דער תורה הקדושה. דהיינו, די תורה דערציילט אונדז, ווען ג׳־ב״ה איז גערן אַ געוויסע עדה אָדער אַ יחיד, טוט ער מיט זיי וווּנדער. ער איז משנה די הנהגה פון דער וועלט. און דער דאָזיקער מופת (וווּנדער) צייגט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ מנהיג וואָס פירט די וועלט און זיין השגחה הערשט איבער אים. און אַז דער מופת דאַרף זיך באַווייזן אויף דער וועלט, ווערט ער פריער באַשטימט דורך אַ נביא, און דורך אים גיט זיך איבער אַלץ, וואָס ג׳־ב״ה האָט איב מגלה סוד געווען. ווי מיר געפינען ביי דעם ענין פון מופתים אַזאַ אויסדריק: „כדי דו זאָלסט וויסן זיין אַז איך ג־ט בין דאָ אומעטום״ (למען תדע כי ד׳ בקרב הארץ). ד״מ — אַז די וועלט פירט זיך ניט אָן זיין השגחה, ווייל זי געהערט צו אים. וואָרום, ער האָט זי באַשאַפן אַ יש מאין, און קיינער אויף זיין וועלט איז ניטאָ, וואָס זאָל אים קענען מעכב (שטערן) זיין אין זיינע מעשים.

און אַלס פאַקט דינט אונדז, ווי „ער״ האָט איבערצייגט די מצרים, ווען זיי האָבן געהאַט מכחיש געווען אין דער אמונה פון אַ בורא יחיד און אין זיין השגחה מיט גרויסע מופתים, וואָס האָבן געדינט אַלס אויפריכטיקע

עדות אַז ס׳איז דאָ השגחה אויף דער וועלט. ובכדי דער בחיר היצירה זאָל וויסן ווי זיך צו פירן במשך פון זיין קיום, האָט ער אים געגעבן אַ תורה. נאָר ג׳־ב״ה טוט ניט קיין ווונדער עפנטלעך, אין קעגנוואַרט פון יעדן רשע אָדער כופר, ווייל ער איז אַ מאריך אף — ער וואַרט אויף זיין תשובה.

דערפאַר איז אַ חוב אויף יעדן ייד צו געדענקען יציאת מצרים, ווייל אַלע אותיות ומופתים זיינען דאַן באַוויזן געוואָרן, כדי ס׳זאָל בלייבן אַלס אַ געזונטע איבערצייגונג, אַז די וועלט פירט זיך אונטער דער השגחה פון אַ בורא עולם, און קיין מאָל ניט מיטגעריסן צו ווערן פון די פאַלשע באַגריפן וועגן דער יידישער אמונה. וואָרום דאָס לייקענען און אמונה און אין דער תורה הקדושה, איז די עיקר סיבה פון עבודה־זרה — פון נאָכפאָלגן פרעמדע מנהגים און טראַדיציעס!

## ב —

# צי מיט שינוי הדת, קען דען זיין געזיכערט דער קיום היהדות?

יאָ, אמת, מיר לעבן אין אַ תקופה פון הויכן פראָגרעס. מיר פירן אויך אַ באַקוועמען לעבן, אַ דאַנק דער ניי־געשאַפענער טעכניק. אָבער דער דאַזיקער פראָגרעס, האָט ביי אונדז יידן, ניט בלויז משנה געווען דאָס שטייגער־לעבן, נאָר ס׳איז אויך דערגאַנגען צו שינוי הדת — מ׳האָט געגנו־מען אויך ענדערן יידישע טראַדיציעס און אָפּלייגן אַן אַ זייט די דינים פון שולחן ערוך און נאָכטאָן פרעמדע מנהגים — ככל הגויים.

ווי געוויינלעך זיינען די דאָזיקע שינויים ניט אין איינקלאַנג מיט אונ־דזער קאָדעקס — שולחן ערוך.

און דער דאָזיקער שינוי הדת איז געקרוינט מיטן נאָמען „קאָנסער־וואַטיזם".

ומהאי טעמא, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן וועגן דעם דאָזיקן שינוי אין דער יידישער טראַדיציע.

איבערפלעכלעך, וואָלט מען געקענט מיינען, ביי היינטיקער צייט, אַז ס׳איז ווירקלעך גאָר נישטאָ קיין שום חילוק צווישן אָט די דאָזיקע צוויי מיני השגות, בנוגע יידישן דת און טראַדיציע.

אָט דהיינו, ווען מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן וועגן דעם ענין פון שמירת שבת, באַמערקט מען, אגב אורחא, איינס און דאָס זעלבע. אויב מ׳זעט ביי די קאָנסערוואַטיווע אָפנטלעך פריי, דעם חילול שבת, צופאָרנדיק פראַכטפול און די אייגענע קאַרס, אָן שום יראה פאַר שבת קודש, זעט מען עס אויך

ביי די אָרטאָדאָקסן. און אויב מען באַמערקט גאַנץ אָפט ביי די קאָנסערוואַ־טיווע, אַרויסגייענדיק שבת פון דעם טעמפּל מיט אַ סיגאַרעט אין מויל, זעט מען דאָס אייגענע אויך ביי די אָרטאָדאָקסישע שולן.

אויב אַזוי, טאָ מאי נפקא־מיניה? — און וואָס באַשטייט דאָ דער אונ־טערשייד צווישן אָט די ביידע השגות, בנוגע דעם יידישן דת און טראַדיציע?

ווען מיר נעמען אָבער עס כאַראַקטעריזירן בתוך פון זייער ביידנס השגה, שיילט זיך אויס אַ גאַר גרויסער חילוק.

וואָרים, ס'איז בלתי ספק, אַז ס'איז נאָך קיין אָרטאָדאָקסישער רב ניט אַרויסגעקומען מיט אַ מיינונג, אַז יידישקייט דאַרף זיך בעיקר אויפהאַלטן אין האַרצן. ווי ס'לויטעט דער אַלטער באַקאַנטער פּזמון: „איך בין אַ ייד אין האַרצן" (אַזעלכע „יידישע הערצער" טרעפט מען אויך אַפילו ביי נישט־יידן). נאָר יידישקייט מוז זיין ענג פאַרבונדן מיט מצוות מעשיות, אַדורכ־געדרונגען בטהרה ובקדושה, וואָס זאָלן זיין אין איינקלאַנג מיטן שולחן ערוך, — ניט קענן קיין שום יידישער הלכה, בעת ביי די קאָנסערוואַטיווע זעט מען יידישקייט ניט אַרויס על־פּי הלכה, נאָר אויף דער פּראַקטיק, וואָס מאַכט גרינגער און באַקוועמער פאַר הנאת הגוף. מ'נייטיקט זיך בכלל נישט אין קיין שולחן ערוך, וואָס צייגט דעם וועג פאַר יידישקייט, און האַלט אויף דעם קיום היהדות. מ'שטיצט זיך בעיקר אויף אַן אייגענעם קאָדעקס, וואָס איז באַזירט אויף פּריוואַטע לעבנס באַדינגונגען. אַזוי אַרום, קען קיינער אויף אים קיין דעה ניט זאָגן, ווי ער זאָל זיך אויפפירן.

אָט אין דעם געפינט זיך דער גרויסער שיידפּונקט צווישן די צוויי באַזונ־דערע השגות בנוגע אמונת ישראל.

און דערצו געפינען זיי נאָך אַ באַרעכטיקונג, ווייל ס'איז פאַראַן אַ מער־הייט וואָס היט ניט אָפּ די הלכות פון שולחן ערוך. און דאָס וואָס זיי היטן ניט אָפּ כדבעי די הלכות, ווערט עס נישט באַטראַכט אַלס נישט בינדנד און אָפּגעלעבט. ווייל ביי זיי איז פאַראַן אַ זייער לייכטער „טראַנקווילייזער" צו באַרואיקן דעם געוויסן אויף וויפל ער מאַנט און עגבערט, ס'איז אַ קאַפּסול וואָס הייסט „מען מעג". אויב ס'איז שווער אָדער אוממעגלעך צו גיין צופוס אין שול אום שבת, מעג מען פאָרן. אויב ס'איז שווער אָדער אומבאַקוועם פאַר אַ פרוי צו צודעקן די האָר, מעג מען גייך נישט צוגע־דעקטערהייט. און פאַרוואָס זאָלן ניט זיצן מאַן און ווייב אויף איין באַנק? — וואָס קען דען זיין אַנגענעמער פון דעם ?!...

אָט אַזאַ שטייגער יידישקייט איז געגליכן צו אַ בעל־חוב. ווען מ'קומט צו אים מאָנען, געפינט ער תיכף זיין לייכטן וועג פון פאַרלייקענען דעם חוב אינגאַנצן. זיין טענה איז להד'ם (לא היו דברים מעולם) — ער איז קיין מאָל שולדיק ניט געווען.

גאָר אַנדערש איז ביי טראַדיציאָנעלע יידן, וואָס פירן זיך לויטן שולחן־ערוך, בשם אָרטאָדאָקסיע. זי איז געגליכן צו אַזעלכע וואָס זי איז שולדיק אַ צווייטן חוב, אָבער ער פאַרענטפערט זיך נאָך, אַז ס'איז אים שווער איצט צו מאַכן אַ צאָלונג און בעט דערפאַר אַ פאַרלענגערונג מיט דער האָפע־נונג, אַז ס'וועט קומען אַ בעסערע צייט און ער וועט זיך אויסצאָלן. איז אין אַזאַ פאַל צו זען, אַז די אָרטאָדאָקסיע טראָגט נאָך אויף זיך דעם יאָך, אַז זי איז אַ בעל־חוב. איז נאָך דאָ אַ שטיקל האָפענונג, אַז די אָרטאָדאָקסיע וועט נאָך ווען ס'איז זיך אויסצאָלן. ד"ה — ס'וועט קומען אַ צייט, אַז ער וועט נאָך זיך קערן צוריק צום מקור פון יידישקייט; ער וועט חרטה האָבן אויף די עבירות, וואָס ער איז באַגאַנגען און זיך האַלטן ביי די הלכות פון שולחן ערוך, וואָס זיינען באַזירט אויף דברי חכמים, אַדורכגעאַנגען מיט תורה־גייסט.

אין קעגנטייל, ביי די „קאָנסערוווירטע" געפינט זיך גאָר ניט דער באַ־גריף פון חוב. מחמת זיי זיינען קיינעם נישט שולדיק. און דאָס איז דער־פאַר, ווייל זיי האַלטן, אַז ניט אַלץ וואָס יידן האָבן אַ מאָל געגלויבט און געטאָן, איז אַ ייד פון היינט מחוייב צו גלויבן און טאָן. איז ווי געוויינלעך, אַזאַ מין השגה וועגן יידישקייט, געוויס מער נוטה צו הפקרות!

אַט אין דעם טיילן זיך פונאַנדער דיביידע השגות בנוגע דת ישראל.

מוז דעריבער יעטווידער ייד זיך פאַרטראַכטן און קומען צום אויספיר; צי מיטן ענדערן די יידישע טראַדיציע און זיך אָפּקערן פון יידישן קאָדעקס (שולחן ערוך), וועט דען דער קיום היהדות זיין געזיכערט?!

— און זאָל מען נישט מיינען, אַז יידישקייט גייט אונטער. חס וחלילה! ווי זאָגט דער נביא ירמיה: „כי לא אלמן ישראל" — דאָס פאָלק ישראל איז נישט פאַראַלמנט! — ער איז פאַרזיגלט אויף אייביק מיטן חותם פון ג'־ב"ה אַלס „עם קרובו" — זיין נאָענט פאָלק. וואָרום דער „נעשה ונשמע" — די ביידע קרויגן, זיינען עדות, אַז ער וועט מקיים זיין די מצוות התורה ומצוות דרבנן, אונטער אַלע באַדינגונגען. ווייל ישראל ואורייתא־חדהוא! — דאָס פאָלק ישראל און די תורה — זיינען איין גאַנצעס! (זע, „בית הכנסת", 22, ג').

## קאַפּיטל 11

„דאָס געבאָט פון ג־ט איז לויטער, עס מאַכט ליכטיק די אויגן"
(מצות ד׳ ברה מאירת עינים — תהילים י"ט, ט׳).

„ס׳זאָל די אַרבעט רימען איר אַרבעטער,
אָבער ניט דער אַרבעטער זיין אַרבעט".
(יהלל הפועל פועלו,
ואל יהלל הפועל פעלו. — מפי חכמים).

# מצוות און מעשים טובים

א.—צדקות און מעשים טובים . . .

ב.—דער משפט פאַר צדקות . . .

— א —

## דער צוועק פון צדקות און מעשים טובים

דער געטלעכער משורר, דויד המלך, חזרט איבער אין תהילים (מ"ט) צוויי מאָל דאָס לשון „ואדם ביקר": א) „ואדם ביקר בל ילין" — „אַ מענטש בלייבט ניט אין דער גדולה", ב) „אדם ביקר ולא יבין" — „אַ מענטש פאַר־שטייט ניט זיין גדולה" — וואָס איז אייגנטלעך, דער משורר מכוון מיט דעם?

דערקלערן אונדז מפרשים אַט־וואָס: דער משורר איז מיט דעם אויסן צוזאָגן, אַז קיין מענטש איז ניט בכוח צו געוועלטיקן אויף זיין פאַרמעגן, ער זאָל אים קענען מיטנעמען מיט זיך, אין דער אייביקייט. ער איז, אינדער־אמתן, געגליכן ווי די בהמות, וואָס שווייגן שטיל נמשל כבהמות נדמו). און

פירט אויס דערפאַר, אַז די הצלחה פון דעם מענטשנס נפש באַשטייט קודם אין "סור מרע" — זיך אָפּקערן פון שלעכטס און דער נאָך זיך צוגעוווינען צו דעם „ועשה טוב" — טאָן גוטס.

דער מענטש אָבער, מוז קודם כל אָנווענדן אַלע מיטלען ווי צו פאַרלעשן דעם אש יצר הרע (דאָס פייער פון יצר הרע). דאָס מיינט, אַז ער דאַרף פריער משפיל זיין (דערדריקן) די תאוות הגוף מיט דעם „היקר בל ילין" — וואָס ער איז ניט זיכער מיט זיין פאַרמעגן אַפילו איבער דער נאַכט. און אַלע זיינע תאוות הזמן זיינען ממש הבל־הבלים (נישטיקייטן), דאַרף ער דערפאַר זיך פאַרטראַכטן, צו וואָס אים איז אַזוי נייטיק, ער זאָל זיך אַזוי נאָכיאָגן נאָך זיי.

דאַן, אַז ער וועט גובר זיין דאָס „סור מרע" — ער וועט אונטערדריקן אַלע זיינע תאוות הגוף, וועט ער זיך דערנאָך דערהויבן צו אהבת השם און זיך פאַרנעמען מיטן „עשה טובה", — ער וועט זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז די הויפט סגולה פאַר אים איז, נאָר צו האַלטן טייער זיין נפש, וואָס דאָס מיינט „אדם ביקר" — אַזאַ טייערן אוצר, וואָס ער האָט ביי זיך אַזאַ נפש יקרה (אַ טייערע נשמה), וואָס יעדער דבר טוב (גוט־וואָרט), יעדע מחשבה טובה, שפּאַלט ממש הימלען. וואָרום, דאָס טייערסטע קאַפּיטאַל, וואָס דער בורא האָט אים געשאָנקען איז דאָס לעבן גופא. ער דאַרף דעריבער אויפן יריד פון דער וועלט איינהאַנדלען זיך אַזאַ סחורה, וואָס זאָל פאַראייביקן זיין נשמה. ווייל ס'איז בעסער איין שעה תשובה ומעשים טובים, ווי די גאַנצע עולם הבא (יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל ימי חיי העוה"ב). צום באַדויערן „ולא יבין" — פאַרשטייט דער מענטש ניט ווי צו האַנדלען. ער פאַרשווענדט זיין צייט און געלט אויף פאַרשיידענע שפּילערייען און פוסטע פאַרגעניגן. — נו, זעט ער זיך דען דערנאָך ניט אַרום, אַז ער איז געגליכן צו אַן אָפּגעמאָלטער בהמה? —

אָט דאָס איז דער סוף אַפילו פון די, וואָס פאַרזיכערן זיך אויף זייער פאַרמעגן. זיי טרעטן גאָר מיט די פיס אויף אַלע ווערטפולע זאַכן. מחמת זיי האָבן געמאַכט פון זייער גוף אַן עיקר זאַך און די נשמה ביי זיי איז געוואָרן אַ טפל, בעת די אויסלייזונג פון קערפּער איז ניט קיין זיכערע, ווייל זיין עקזיסטענץ איז דאָך ניט אייביק.

אין קעגנטייל אָבער, איז דורך דער אויסלייזונג פון נפש. ער בלייבט דאַן אייביק און ס'זעט זיך ניט קיין אומקום. ווי ס'ווערט געזאָגט: „דער אויסקויף פאַר זייער נפש, אַז מ'זאָל שטענדיק לעבן (ויקר פדיון נפשם וחדל לעולם, ויחי עוד לנצח, לא יראה השחת. — תהלים ק"ט).

דאַרף דערפאַר יעטווידער מענטש וויסן זיין צוראַטעווען זיך בעיקר פון אַן אבסאָלוטן אומקום. פאַר דעם צוועק זיינען בלויז פאַראַן נאָר גייסטיקע

מיטלען, ווי צדקות ומעשים טובים. נאָר זיי קענען אויסלייזן פון אפּגרונט, בכדי דער נפש זאָל אייביק בלייבן לעבן.

— ב —

## דער משפט פאַר צדקות ומעשים טובים!

דער גרויסער דענקער פון ספר „משלי" זאָגט אויסדריקלעך: „ג־טס נאָמען איז אַ שטאַרקער טורעם. דער צדיק לויפט אין אים אַריין און ווערט געשטאַרקט" (מגדל עוז שם ד', בו ירוץ צדיק ונשגב. — י"ח, י').

אָט דער דאָזיקער דענקער שלמה המלך דערקלערט אונדז מיט דעם, אַז ס'איז פאַראַן אַ חילוק צווישן ג־טס פעסטונג און דעם מענטשנס פעסטונג. לויפט ווער אַריין אין אַ מענטשנס פעסטונג, קען ער זיך דאָרטן ניט קערן אַזוי ער וויל. ער ווערט פאַרשפּאַרט ווי אין אַ תפיסה. אָבער, ווען מ'קומט אַריין אין ג־טס פעסטונג, ווערט מען געשטיצט אומעטום, אַוווהין מ'זאָל זיך ניט קערן. דאָס מיינט: דער צדיק פאַרפעסטיקט זיך מיט זיין צדקות אין דעם דאָזיקן טורעם, ווייל ער טוט אַלץ לשם ד' און צו זיין פּראַכט. ער ווערט געשטאַרקט קעגן אַלע זיינע שונאים, סיי קעגן די, וואָס ווילן אים אומברענגען פיזיש און סיי קעגן די, וואָס ווילן אים פאַרניכטן גייסטיק.

דערפאַר ווערט דער צדיק געלויבט פאַר זיין שטאַרקער איבערגעבנקייט צום בורא עולם. אפילו בעת זיין שטאַרבן ווערט זיין נשמה אויפגענומען מיט פרייד און געזאַנג. ווי דויד המלך זאָגט: „די חסידים וועלן זיך פרייען מיט דעם כבוד, וואָס זיי וועלן האָבן און וועלן אויך זינגען נאָכן וועלט יריד; פון גרויס פרייד וועלן זיי זיין באַרוט" (יעלזו חסידים בכבוד, ירננו על משכבותם). דאָס מיינט: אַפילו בעתן שטאַרבן, וועט אויפגענומען ווערן זייער נשמה מיט געזאַנג און פרייד. אַלע וועלן לויבן אָט דעם חסד עליון פאַר זיין גוואַלדיקער התדבקות בד'. אַלע זיינע שונאים וועלן זיך שרעקן פאַר אים, ווייל מיט זיין האַלדז וועט ער דערציילן ג־טס גרויסקייט, ווי ער וואָלט געהאַלטן אין זיין האַנט אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן. ווי ס'ווערט געזאָגט: רוממות אל בגרונם וחרב פיפיות בידם — (תהילים קמ"ט, ו').

דאָס ציינט אונדז, ווי הערלעך עס איז דער משפט צו אַלע זיינע חסידים. ווייל זיי זיינען מקיים די מצוות התורה און פאַרלאָזן זיך ניט אויף זייער אייגענעם שכל. נאָר זיי גייען בדרכי התורה און זייערע געדאַנקען זיינען תמיד באַהאַפטן צום בורא עולם.

אָט דאָס איז אייגנטלעך די כוונה, וואָס דער גרויסער דענקער פון „משלי" זאָגט: „ג־טס נאָמען איז אַ שטאַרקער טורעם, ווער ס'לויפט אין אים אַריין

ווערט געשטאַרקט". ד.ה. ווען דער כלל ישראל געפינט זיך אין אַ מעמד פון איבערגעבנקייט צו מצוות התורה, איז בלתי ספק, אַז קיין פאָלק און נאַציע וואָלט איבער אים קיין שליטה ניט געהאַט. דער „הידור" — די געטלעכקייט, וואָס וואָלט פון אים אַרויסגעשטאַלט, וואָלט קיינער קעגן אים זיך, ניט גע־שטעלט אונטערצודריקן זיין אמונה, זיין גייסט. אין קעגנטייל, אַלע וואָלטן פאַר גרויס רעספּעקט אים געשעצט און געאַכטעט, ער וואָלט פאַר אַלע פעלקער און אומות גערינט אַלס אַ מוסטער פון אַן עם נבון וחכם — אַלס אַ קלוגע און פאַרשטאַנדיקע אומה! און צו אַזאַ משפט איז מען, אַזוי אַרום, אימשטאַנד זיך צו דערהויבן, באַופן, אַז מ'איז מקיים די מצוות התורה.

# קאַפּיטל 12

„יעטווידער ייד איז ערב איינער פאַרן צווייטן".

(כל ישראל ערבין זה בזה.—שבועות ל"ט)

# ערבות (גאַראַנטיע)

א.—די ערבות פון אַ מנהיג.

ב.—אין זכות פון אַ צדיק.

ג.—דער בן עולם-הבא.

— א —

## אין וואָס באַשטייט די ערבות פון אַ מנהג?

אונדזערע חכמים זאָגן: יעטווידער ייד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מעשים פון אַ צווייטן (כל ישראל ערבין זה בזה).

ד"ה — אַז יעדער ייד מוז אַכט לייגן אויף אַזעלכע מעשים, וואָס זיי ווערן געטאָן נישט אין איינקלאַנג מיט דער תורה, כדי ער זאָל נישט דאַרפן ליידן צוליב יענעמס חטאים.

און די חכמים לערנען עס אַרויס פון דעם פסוק, וואָס זאָגט: „זיי וועלן געשטרייכלט ווערן, יעטווידער איינער אין דעם אַנדערס זינד, ווייל ער האָט ערב געווען פאַר אים" (וכשלו איש באחיו. — ויקרא כ"ו, ל"ז, — ספרא מ"ה).

קומט דאָך דער דאָזיקער ענין אויס אין פלוג שווערלעך. היתכן, פאַרוואָס זאָל מען זיין פאַראַנטוואָרטלעכט פאַר אימעצנס זינד, ווען מ׳האָט אַפילו אויפן געדאַנק נישט געהאַט צו באַגיין אָט אַזעלכע חטאים. טאָ פאַרוואָס זאָל ער דאַרפן ליידן פאַר יענעמס חטאים, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען?

דער ענטפער איז: ווייל די תורה האָט אויף אים גוזר געווען, ביי קבלת התורה, אויב אימעצער וועט עובר זיין אויף די מצוות, וואָס שייך בין אדם למקום, וועט איר טראָגן די שולד, ווייל איר האָט אויף אים קיין אַכט ניט געלייגט.

דאָס איז אַ פאַרשווערונג, וואָס דער ייד האָט גענומען אויף זיך, אַז די מצוות התורה זאָלן אָפּגעהיט ווערן פון כלל ישראל, דורך דעם, וואָס יעדער איינער וועט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מעשים פון אַ צווייטן.

נאָר דאָס איז גערעדט געוואָרן אין אַלגעמיין, וועגן סתם אַ מענטשן, וואָס טראָגט ניט קיין ספעציעלן כתר (קרוין), אַזעלכער וואָס איז ניט באַ־צייכנט מיט קיין חשיבות. דאָן, טראָגט יעדער יחיד די ערבות פאַר אַנדערן. אָבער גאָר אַנדערש איז מיט אַזעלכן, וואָס איז אַ יוצא מן הכלל, און טראָגט אויף זיך אַ ספּעציעלן אַמט פון אחריות. אָט אַזאַ געהויבענע פערזענלעכקייט טאָר נישט אַוועקנעמען זיין אויג פונעם גאַנצן כלל, ווייל זיין פליכט איז צו פאַרהיטן יעדן איינעמס חטא, וואָס קען שעדיקן דעם ציבור. איז אויב ער טוט עס ניט, טראָגט ער די זינד פונעם קהל אויף זיין חשבון.

אָט דאָס איז ווירקלעך די כוונה, וואָס די תורה האָט צוגעשטעלט באָענט איין פסוק צום אַנדערן, ווי: „חטאת הקהל הוא — אשר נשיא יחטא״ — „אַזינדאָפּפער פאַר קהל איז דאָס, אַז אַ פירשט וועט זינדיקן״. זאָגט אויף דעם דער בעל הטורים: אויב דער נשיא איז אימשטאַנד צו פאַרווערן, אַז דער קהל זאָל נישט זינדיקן און ער טוט עס ניט, איז ווי ער וואָלט אַליין געזינדיקט. ד״מ — ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קהל.

דעריבער, האָט דויד המלך מתפלל געווען, בלשון: „זיי מיך ערב צום גוטן, אַז מוטווילִיקע רשעים זאָלן מיך נישט באַרויבן״ — (ערוב עבדך לטוב ואל יעשקוני זדים. — תהלים קי״ט). ד״ה — ער זאָל נישט דאַרפן ליידן צוליב זייער זינד.

אָט דאָס צייגט אונדז, אַז יעטווידער מנהיג בישראל מוז זיין זייער פאָרזיכטיק פאַר יעדן טריט און שריט וואָס ער מאַכט, ווייל אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט צו אים; און איבערהויפּט קוקט אויף אים דער המון. וואָרום, אַפילו, ווען ער טוט עס בשוגג (אומגערן), ווערט עס אים פאַררעכנט ווי ער וואָלט געטאָן במזיד (גערן), ווייל אַלע זיינע מעשים ווירקן זייער פיל אויף יעטווידער יחיד.

אַזוי אַרום, איז פון דעם געדרונגען, אַז מנהיגי העם, רבנים און חשובי העיר, דאַרפן תמיד זיין גאָר פון די זריזים צו מתפלל זיין דווקא בציבור ובבית הכנסת. וואָרום, מיט אַזאַ הנהגה געווינען זיי טאָפּלט: א) זיינען זיי משפיע אויפן המון, וואָס וועט באַכטאָן דאָס אייגענע ב) לויט ווי ס׳פּסקנט דער צל״ח: אַזוי ווי תפילה איז אַנשטאָט קרבנות, און אַז מ׳איז מקריב קרבנות נישט לשם קרבן, ווערט עס פסול. דאָס זעלבע איז אויך מיט תפילה. ווען מ׳איז מתפלל ביחידות אויסער דער שול, און ס׳קומט אויף אַ זייטיקע מחשבה אין דער תפילה, איז אַזאַ תפילה אויך נישט בקודש — ס׳טראָגט נישט קיין קודשדיקן כאַראַקטער. און דאַן קען עס ווירקלעך אויפן המון גאָר ווירקן צום שלעכטן, אַז ער וועט אַפילו קיין אַכט נישט לייגן אויף הייליקע זאַכן״.

און דער מנהיג ווערט אויף אַזאַ אופן דער חטאת הקהל, — ער טראָגט די זינד פון קהל אויף זיין חשבון.

ומהאי טעמא זאָגט רבי יהודה: „זיי אָפּגעהיט אין דער הוראה, בכדי פון אַ שוגג זאָל נישט אַרויסקומען קיין מזיד״. (הוי זהיר בתלמוד, ששגגת תלמוד עולה זדון. — פ״א, ד׳, ט״ז). ווייל די השפעה פון דעם כתר של שם טוב, וועגט אַריבער פון דעם וואָס טוט — (גדול המעשה יותר מן העושה).

איז פון דעם געדרונגען, אויב אַ קהל זינדיקט, איז פאַר דעם ערב דער מנהיג, דער ראש הממשלה. ער טראָגט די שולד פאַר זייערע חטאים, ווייל ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זייערע מעשים, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן שלא כדין התורה — ניט ווי ס׳לויטעט דאָס געזעץ פון דער תורה. אָט אין דעם באַשטייט די ערבות פון אַ מנהיג!

— ב —

## אין זכות פון צדיק געניסט אויך דער רשע

די משנה אין פרקי אבות זאָגט אונדז פאָלגנדעס: ג־ט האָט באַשאַפן די וועלט מ־ט צען מאָל זאָגן „ויאמר״ — (בעשרה מאמרות נברא העולם), בכדי צו באַשטראָפן צען מאָל די רשעים, וועלכע פאַרדאַרבן די וועלט און צו באַלוינען צען פאַכיק די צדיקים, וואָס טוען גוטס אויף דער וועלט״. (אַזוי איז דער מאמר בפשטות).

פרעגן מפרשים: איז דען מעגלעך אַז ג׳־ב״ה, וואָס איז אַזוי באַרימהאַר־ציק און גנעדיק, וועט בכיוון באַשאַפן די וועלט מ־ט צען מאמרים, בכדי גוט צו באַשטראָפן די רשעים ?

זיינען זיי מפרשים די משנה אויף אַזאַ אופן: ג׳־בה האָט באמת באַשאַפן די וועלט מיט חסד (עולם חסד יבנה), נאָר ער האָט בכיוון באַשאַפן מיט צען

מאמרים, ס׳זאָל גאָר זיין לטובת דעם רשע. וואָרום די צען מאמרים באַ־ווייזן אויף די צען געבאָט פון בארג סיני, וואָס אין זיי איז מרומז אַלע תרי״ג מצוות און אַלע געהיימנישן פון דער תורה, איז ווען השם יתברך וואָלט זי באַשאַפן מיט איין מאמר (דאָס מיינט איינפאַך, אָן די תרי״ג מצוות), וואָלט דאַן דעם צדיק נישט געקומט קיין גרויסן שכר, ווייל אַזאַ וועלט איז ניט אַזוי שווער אָפּצוהיטן. אָבער דעם רשע וואָלט דווקא געקומט גאָר אַ גרויסן עונש, וואָס ער האָט אין אַזאַ פּשוטער וועלט (אָן אַ לאַסט פון מצוות) נישט אַדורכגעפירט זיין לעבן אָן עבירות.

דעריבער, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיט צען מאמרות, קומט טאַקע דעם צדיק פיל שכר, פאַרן דורכפירן אַזאַ שווערע קונציקע וועלט און זאָל אין איר אַרויס בשלום, אָבער דעם רשע קומט ניט קיין גרויסע שטראָף, ווייל פאַר אים איז צו שווער אָפּצוהיטן אַזאַ קונציקע וועלט.

אַזוי אַרום, האָט דער השי״ת געגעבן דעם רשע אַ מעגלעכקייט צו קענען זיך פאַרענטפערן ביי דעם יום הדין, אַז אים איז שווער געווען צו צו היטן אַזאַ וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך צען מאמרות; וועט מען אים דערפאַר דורך תשובה מוחל זיין.

במילא איז פון דעם פירוש צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער תנא פון דער משנה זאָגט נישט בלשון „לפרע״ — אָפּצורעכענען פון די רשעים, אַזוי ווי ער דריקט זיך אויס בלשון „ליתן״ — צוגעבן צו די צדיקים, נאָר בלשון „להפרע״, וואָס דאָס מיינט — ס׳זאָל ווערן געצאַלט, ווייל די עבירה אַליין איז אין אים מקיים דעם עונש. און דאָס איז פאַר אים אַ קליינע שטראָף, ווייל דעם פגם וואָס דער רשע האָט געמאַכט, וועט דער צדיק קענען פאַר־ריכטן. דערפאַר, וואָס די צדיקים האָבן אָפּגעהיט אַזאַ קונציקע וועלט מיט אַלע אירע שוועריקייטן, קומט זיי דעריבער פיל מער שכר. — (וליתן שכר לצדיקים שמקיימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות).

דאָס אייגענע איז מכון שלמה המלך, וואָס זאָגט: „אַלץ וואָס ג־ט האָט באַשאַפן, איז עס פון זיין ליוב וועגן; און אויך דעם רשע האָט ער באַ־שאַפן, כדי אים איבערצולאָזן צום בייזן טאָג, אַז ער זאָל אים לויבן און דערציילן זיין ווונדער״ — (כל פעל ד׳ למענהו, וגם רשע ליום רעה) — כאָטש ער האָט דאָך פאַרשווערט ג־טס כבוד און עקזיסטירט אָפּט מיט גרויס הצלחה, האָט עס השי״ת געטאָן נאָר לכבודו. דערפאַר האָט ער פאַר אים באַשטימט אַ געוויסן טאָג, ווען ער זאָל זיין שטראָף קריגן. און דאַן, אין יענעם טאָג וועט ג־טס נאָמען נאָך מער זיין געהייליקט אויף דער וועלט, ווי ער האָט עס געטאָן מיט די מצרים. ער האָט זיי דערטרונקען אין ים און נאָך מער איבערגעלאָזט פרעהן, כדי ער זאָל אים לויבן און דערציילן די גרויסע ווונדער, וואָס ער האָט געזען.

איז פון דעם צוזען, אַז אַפילו דער גרעסטער רשע, קען לעבן בלייבן אין זכות פון אַ צדיק, כדי ער זאָל זען די גרויסע וואונדער וואָס ווערט געטאָן צו די וואָס פירן דורך אַ קונציקע וועלט, וואָס אַנטהאַלט תרי״ג מצוות, און גייען אין איר בשלום.

אָבער די אַלטע קשיא: „פאַר וואָסליידן די צדיקים אַממערסטן און אַנדערע רשעים לעבן גליקלעך״ (צדיק ורע לו, רשע וטוב לו) — פאָדערט תמיד אַן ענטפער.

אָט די דאָזיקע פראַגע האָט אייגנטלעך משה רבינו געשטעלט: „דערקלער מיר דעם סוד פון דיין הנהגה — (הודיעני נא דרכיך). ווי קומט עס, אַז צדיקים זאָלן דאַרפן ליידן צרות, און רשעים זאָלן לעבן אין שלוה און אין עשירות״?

האָט רבי ינאי אויף דעם געענטפערט גאָר פשוט: „מיר ווייסן ניט פאַר־וואָס רשעים האָבן אָפט שלוה און פאַרוואָס צדיקים האָבן אָפט יסורים — (אין בידינו לא משלות הרשעים ואף לא מיסורי הצדיקים). — דאָס איז אַ זאַך פון השגחת הבורא, און קיינער קען דעם סוד נישט דערגיין.

נאָר די גמרא אין ברכות דערקלערט דעם דאָזיקן ענין אויפן פאָלגנדיקן אופן: „ס׳איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן אַ צדיק גמור (אַ פאָלקאָמער צדיק) ושאינו צדיק גמור (ניט קיין פאָלקאָמער צדיק). איז דעם צדיק גמור טאָקע גוט, און שלעכט איז נאָר דעם, וואָס איז ניט קיין צדיק גמור.

בכדי דער דאָזיקער ענין פון „צדיק גמור ושאינו צדיק גמור״, זאָל זיין פאַרשטענדלעכער, קען דערקלערט ווערן אויף אַ גאַנץ פשוטן אופן: — נעמענדיק גוט אין באַטראַכט, לויט דער באַציונג צו השי״ת (ג־ט) מצד דעם צדיק, זעט מען ווי ער דינט דעם בורא מיטן גאַנצן האַרצן, מיט גרויס מסירת נפש. נאָר אַזוי ווי ס׳איז דאָך ניטאָ קיין צדיק, וואָס זאָל דורכאויס טאָן מעשים טובים, אָן קיין שום פעלער, איז אַפילו זיינע קליינע חטאים שטראָפט מען אים דאָ אויף דער וועלט, קומט ער אָפּ דערפאַר בעולם הזה. ווייל ג־ב״ה נעמט אין באַטראַכט דעם קלענסטן חטא, וואָס דער צדיק באַגייט. (הקב״ה מדקדק עם הצדיקים אַפילו כחוט השערה. — תנחומא הלק ב׳). גאָר ער איז דאָך אָבער אַ טרייער דינער ביי השי״ת, גיט מען אים גרויס כבוד אין דער ליכטיקער וועלט. אָבער דער רשע איז דאָך אַ מורד — אַ ווידערשפּעניקער אין ג׳־ב״ה און טוט אַלץ קעגן זיין פאַרזאָג, נאָר ס׳טרעפט אַמאָל, אַז ער טוט אַ מצוה „וואָס דאָס איז אַ נחת רוח פאַר השי״ת, באַצאָלט אים ג־ט דערפאַר מיט גוטעס און עשרות אויף דער וועלט. ווי ס׳ווערט געזאָגט: „דער בורא באַצאָלט זיינע שונאי ביי זייער לעבן, אויף דער וועלט — (ומשלם לשונאיו אל פניו), כדי להאבידו — ער זאָל קיין טענות ניט האָבן און זאָל פאַרלירן יענע וועלט, און האָט דאַרטן דעם גרויסן עונש. ד״מ — זיין נאָמען וועט פאַרלאָרן גיין אויף אייביק — קיין זכר וועט פון אים

ניט בלייבן. דעריבער איז צדיק ורע לו — ס'גיט אַ צדיק, וועלכן ס'איז שלעכט אויף דער וועלט, און אַ רשע וטוב לו — אויך גיט עס אַ רשע, וואָס אים איז גוט אויף דער וועלט.

אָבער די עצה פאַר יעדן ייד איז, ווי, דער תנא רבי מאיר זאָגט: „מ'זאָל נישט פאָלגן דעם יצר הרע, וואָס רעדט יעדערן תמיד איין, אַז מ'זאָל בעסער זיך פאַרנעמען, אין דער פרייער צייט מיט גשמותדיקע פאַרגעניגנס און פאַרווײַלונגען, אבי ניט צו לערנען קיין תורה, ניט צו פאַרנעמען זיך במעשים טובים; און מ'זאָל זיך בעסער פאַרנעמען מיט כלערליי קלייניקייטן, אַפילו אום שבת, ווען מ'איז שוין נישט פאַרנומען און קיין שווערער מלאכה, אבי זיך ניט איבערגעבן צו יראת שמים. (והוי ממעט בעסק ועוסק בתורה). וואָרום, ס'איז אַ כלל: דער יצר הרע נאַרט תמיד דעם מענטשן, אַז ער זאָל קיין מאָל נישט האָבן קיין צייט צו לערנען, אָדער מחזיק תורה זיין.

אינדעראמתן, איז יעדער ייד מחוייב צו לערנען תורה, אַפילו דער, וואָס איז זיך עוסק אין מסחר, איז מחוייב איבערצולאָזן צייט, ביי טאָג און ביי נאַכט, צו לערנען תורה. אויך דער, וואָס קען ניט לערנען די הייליקע ספרים, אין זייער אָריגינעלער שפּראַך, זאָל לערנען אין זיין שפּראַך, אבי ער זאָל וויסן מקיים צו זיין, און זאָל אַריינברענגען אין זיך יראת שמים. איז ווער ס'איז אַזוי זיך נוהג, וועט מצליח זיין אין אַלצדינג, און זוכה זיין צו פיל גוטס און צו עולם הבא — זיך קונה זיין אַ שם טוב לעולם ועד. ווי זאָגט רבי אליעזר בן יעקב: „דער וואָס טוט אַ מצוה, קויפט ער זיך איין אַ מליץ, וואָס דערמאָנט אים זיין זכות פאַר דער מצוה. ווען אָבער, ער טוט אַן עבירה, קויפט ער זיך איין מקטרג, וואָס דערמאָנט תמיד די עבירה. (העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד; והעובר עבירה אחת, קונה לו קטרוג אחד.—פרקי אבות ד').

אַזוי אַרום איז פאַרשטענדלעך, אַז אַפילו דער רשע, אויב ער טוט אַ מצוה, קען ער ווערן אַ מוצלח אויף דער וועלט און געניסט אויך אָפּט גוטעס און זכות פון צדיק.

— ג —

## ווער ווערט אָנגערופן אַ בן-עולם הבא?

אַט די גמרא ברכות (ד') ברענגט אַזאַ מאמר: „דער וואָס זאָגט דריי מאָל אַ טאָג „אשרי", איז ער געזיכערט אַלס אַ בן עולם הבא" (אמר רבי אלעזר בר אבינא: כל האומר תהלה לדויד בכל יום שלש פעמים, מובטח לו שהוא בן העולם הבא) — פרעגט דאָרט די גמרא: „מאי טעמא" — פאַר־וואָס? — זאָל מען זאָגן, ווייל „אשרי" איז איינגעשטעלט נאָכן אלף־בית,

האָט דאָך „אשרי תמימי דרך" אַכט אלף־ביתן. און אַפילו, מ׳זאָל זאָגן, ווייל אין אשרי" ווערט געזאָגט: „דו עפנסט דיין האַנט און מאַכסט אַנזעטיקן איטלעכן, וואָס האָט אין זיך חיות, נאָך זיין רצון נאָך — פותח את ידיך ומשביע לכל חי רצון), קען מען דאָך זאָגן דעם מזמור „הודו לד׳ כי טוב", וואָס דאָרט ווערט געזאָגט דירעקט: „ער שפּייזט צו אַלע באַשעפע־ניש" — (נותן לחם לכל בשר)?

פירט דאָרט די גמרא אויס: דערפאַר זאָגט רבי אלעזר בר אבינא דווקא, ווען מ׳זאָגט „אשרי" איז מען אַ בן עולם־הבא, ווייל עס אַנטהאַלט ביידע זאַכן: ס׳איז איינגעשטעלט נאָכן אלף־בית און ס׳געפינט זיך דאָרט דער שבח, אז דער בורא איז אַ מכין מזון — ער גרייט צו שפּייז פאַר אַלע ברואים.

אויב אַזוי, טאָ ווּעלכער ייד איז דען ניט קלאָר אין „אשרי", און פונ־דעסטוועגן איז אַ גרויסער ספק אויף פיל מענטשן אויב זיי זיינען בני עולם הבא?

משמעות, אַז רבי אלעזר איז ניט אויסן בלויז מיט דעם וואָס מ׳זאָגט „אשרי" מיטן מויל. דאָס איז זיכער ווייניק. ס׳דאַרף נאָך צו דער זיין, ס׳זאָל פונאַנדערגיין די תורה אין אַלע גלידער ותורתך בתוך מעי). דאַן ווערט עס געוויס ווירקן אויף זיין נשמה און ווערט זיך דערהויבן צו אַ גע־הויבענער מדרגה.

איז פון דעם געדרונגען, אַז דער עיקר טעם, פאַר וואָס רבי אלעזר ברענגט דווקא דעם מזמור „אשרי": ערשטנס, דער פסוק „פותח את ידיך" פליסט אין האַרצן אמונה און בטחון, וואָס דאָס איז דער יסוד התורה. און דער וואָס גלויבט אין בורא עולם און פאַרזיכערט און פאַרטרויט זיך אין אים, ווערט געוויס מקיים זיין אַלע מצוות, אפילו ׳זאָל אים קאָסטן פיל געלט. און מיט אַזעלכן איז מען זיכער, אַז ער ווערט קיין אומרעכט ניט טאָן, בנוגע בין אדם לחברו, ווייל ער גלויבט אַז אַליין נעמט מען ניט. ווען דער רצון הבורא איז ניטאָ דערביי. ס׳העלפט ניט קיין השתדלנות. נאָר ער ווערט זען, אַז דער בורא זאָל זיין צו פרידן פון זיינע מעשים. ווי דער פסוק „פותח את ייך" לערנט אונדז: ווער עפנט די האַנט פון בורא עולם און זעטיקט אַלע לעבעדיקע? נאָר דער „רצון" הבורא — ג־טס ווילן.

צווייטנס, דער סדר פון „אלף־בית" לערנט אונדז אַז אַן ערלעכער ייד, אַ בעל־בטחון, דאַרף אויך זיין מיט אַ סדר בהדרגה. ער זאָל ניט שפּרינגען אויף אַ העכערן שטאַפּל איידער מ׳איז אַרויף אויפן ערשטן. דהיינו: ער ווערט זיך ווּעלן מתדבק זיין אין די מצוות פון ג־ב״ה, ווע טער זיך אַנכאַפּן גלייך אָן דער מצוה פון „ואת כל הרשעים ישמיד" — צו קריגן זיך און רודפן שלעכטע מענטשן. איז דאָס ניט קיין וועג, ווייל ווער ווייסט, צו ער טוט עס ריין אָן שום פניה פון קנאה, שנאה, מתכבד בקלון חברו? (צו ווערן גע־ערט אויפן חשבון אויף יענעמס חרפה) — ווען אָבער מ׳גייט בהדרגה, אָנהויב־

בנדיק פון „אלף": „ארוממך אלוקי המלך ואברכה שמך" — לויבן שטענדיק דעם בורא, ניט רעדן וועגן קיינעם. מ'זאָל קודם זיין גענעדיק, לאַנג מוטיק און טאָן חסד, ווי חנון ורחום ד' און זיך דערהויבן צו דער מידה פון „טוב ד' לכל" — זיין גוט צו אַלעמען. דערנאָך, ביז דער מידה פון „רחמיו על כל מעשיו" — האָבן אַפילו אויף אַ רשע מיטלייד, באַמיען זיך אים זאָגן קלוגע מוסר־רייד, אונטער די אויגן, פיליכט וועט מען קענען אויף אים וואָס ווירקן, צו בעסערן אים, און אַזוי וועט מען צוקומען צו דער מידה פון „סומך ד' לכל הנופלים" — שטיצן געפאַלענע און אויפשטעלן געבונדענע.

דאַן, וועט מען קענען זיך פאַרגלייכן צו אים, אויך אין דער מידה פון „ואת כל הרשעים ישמיד". ווייל די כוונה וועט דאַן זיין ריין, נאָר לקיים רצון הבורא — צו דערפילן ג־טס ווילן, צו באַזייטיקן אַלדאָס בייזעס פון עם ישראל (לבער הרע מקרב ישראל), כדי ס'זאָלן שטייגן וואָס מער גוטע עלעמענטן (ולהביא עליהם רוב טובה), דורכגעדרונגען במדות הקב"ה — מיט די מידות פון ג'־ב"ה.

דאָס איז אייגנטלעך די כוונה פון די חכמים, וואָס זאָגן: „איטלעכער ייד וועט האָבן אַ חלק אין דער גייסטיקער וועלט" — (כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא). — איז דאָך אייגנטלעך געדאַרפט געזאָגט ווערן אַנשטאָט „לעולם"־„בעולם" — דאָס מיינט: ניט בלשון „צו" נאָר „אין", און אויך צו וואָס איז דער אויסדרוק „חלק"־(אַ טייל)? — זיינען די חכמים מיט דעם אויסן צו זאָגן: אַזוי ווי די נשמה פון מענטשן איז אַ טייל פון השי"ת כביכול (ג־ב"ה) און זי דערוועקט דעם מענטשן צו טאָן גוטעס, און ברענגט אים צו תורה ויראת שמים קען זי (די נשמה) אים אויך ברענגען לעולם הבא — צו עולם הבא, באופן אַז ער וועט זיך פירן במדות טובות.

אַזוי אַרום, ווערט עס מיט דעם פעסטגעשטעלט, אַז אַ בן עולם הבא איז דער, וואָס שטייגט אין מדות טובות. ווי ס'ווערט געזאָגט אין משלי (ט"ו): „דער וועג פון לעבן איז אָנגעברייט פאַרן משכיל צו שטייגן וואָס העכער — (אורח חיים למעלה למשכיל). אָט אַזעלכער קען דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון אַ בן עולם הבא.

## קאַפּיטל 13

„נאָר און זכות פון תורה האָט די וועלט איר קיום"
(כל העולם כולו לא נברא אלא בשביל תורה (ויק"ר פכ"ז)
תורה באַשיצט איטלעכן, ווער ס'איז זיך עוסק אין איר"
(תורה מגינה על כל המתעסק בה (מדרש משלי פ"ב)

# דער כוח התורה

איינלייטונג.

א.—די תורה איז ניט סתם אַ ספר.

ב.—די תורה איז ניט געשריבן לויט באַדינגונגען.

ג.—די סגולה פון דער תורה.

ד.—די תורה איז אַ גאַנצער אוצר.

ה.—חכמת התורה והכמת הבריאה.

## איינלייטונג

דער נביא הערט ג־טס קול, וואָס זאָגט: דאָס איז מיין קנעכט, וועלכן איך האָב דערהויבן; מיין אויסדערוויילטער, וועלכן מיין זעל באַגערט, איך האָב מיין גייסט און אים אַריינגעטאָן און משפטן וועט ער די פעלקער.

אַ צעשפּאָלטענעם שטעקן וועט ער ניט צעברעכן, אַ שוואַכן פאָלקס־קנייט וועט ער נישט פאַרלעשן און וואַרהאַפטיק וועט זיין משפט זייך.

ניט מיד וועט ער ווערן און ניט אָפּגעשוואַכט זיין האַנט, ביז ער וועט ברענגען אויף דער וועלט גערעכטיקייט. נאָך זיין וואָרט לעכצן אַלע אינדזלען און לענדער.

ער וועט אָנגורטן די לענדן מיט גערעכטיקייט און מיט ערלעכקייט
זיינע היפטן.
ס'וועט זיך לאָזן הערן זיין שטים פון צדק און יושר צווישן די פעלקער.
און דאָס ווערק פון גערעכטיקייט וועט זיין פרידן און זיכער וועט זיצן
מיין פאָלק אינעם שויס פון צדק, משפט און שלום (ישעיה).

— א —

# איז דען די תורה סתם אַ ספר?

ס'איז בלתי ספק, אַז די תורה איז ניט סתם אַ ספר, וואָס האָט אים פאַר־פאַסט אַ וועלכער ס'איז מחבר, לויט זיין השגה און השקפה, נאָר זי איז דיקטירט געוואָרן צו משה רבינו מפי הגבורה (פון ג'־ב"ה). ווי ס'ווערט געבראַכט אין בראשית רבה (ט"ו): „אין דער צייט, ווען משה איז געקומען שרייבן די תורה, פלעגט אים ג'־ב"ה דיקטירן און ער פלעגט שרייבן" (שב־שעה שבא משה לכתוב את התורה, היה הקב"ה קורא ומשה הוה כותב). און אויף אַזאַ אופן האָט ער פאַרפאַסט די גאַנצע תורה.

מאַנכע מפרשים שטעלן זיך אָפּ וועגן דעם ספר דברים (משנה תורה). זיי קלערן, צו דער ספר דברים איז אויך געשריבן געוואָרן מפי הגבורה, אָדער משה רבנו האָט אים אַליין געשריבן. די דאָזיקע מפרשים שטעלן זיך אויפן לשון פון דעם דאָזיקן ספר, וואָס עס איז ניט דאָס אייגענע ווי אין די פרי־ערדיקע פיר חומשים. וואָרום, אויב מיר זאָלן זאָגן, אַז דער דאָזיקער ספר איז אויך געשריבן געוואָרן מפי הגבורה, טאָ ווי קומט עס וואָס ס'הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אלה הדברים אשר דבר משה אל כל ישראל" — „די דאָזיקע רייד האָט משה אַליין גערעדט צום פאָלק ישראל". ניט ווי ס'ווערט געבראַכט אין די פריערדיקע ספרים: — „וידבר ד' אל משה, דבר אל בני ישראל" — „ג־ט האָט פריער באַפוילן, אַז משה זאָל רעדן צום פאָלק". — ד"ה, אַז ג־ט האָט אים דיקטירט פריער, וואָס ער זאָל רעדן. און אויב מיר זאָלן זאָגן, אַז דער ספר דברים איז פון משה רבינו אַליין געשריבן געוואָרן, טאָ ווי קומט עס, וואָס די חכמים זאָגן בפירוש: „דער וואָס זאָגט, אַז די גאַנצע תורה איז מן השמים, אַ חוץ איין פסוק איז פון משהן אַליין געזאָגט געוואָרן, ווערט ער פאַררעכנט פאַר אַן אַפּיקורס" (שהאומר כל התורה מן השמים חוץ מפסוק אחד שאמרו משה מעצמו, הוא בכלל כי דבר ד' בזה. — סנהדרין פרק חלק). אַזוי אַרום, איז דאָך ניט מעגלעך, לויט די חכמים, אַז משה אַליין זאָל האָבן געשריבן דעם ספר דברים, אָן גט־ס באַפעל. און מיר געפינען דאָך אין חומש דברים פיל אַנדערע מצוות, ווי: חליצה, עדים זוממין א"אַ, וואָס זיינען אין די פריערדיקע חמושים אַפילו קיין רמז וועגן זיי ניטאָ.

נאָך אַ געוויסער שקלא וטריא, קומען די מפרשים צו אַן אויספירלעכער הסכמה, אַז משה רבנו האָט אַליין, אָן ג״טס צושטימונג, אַפילו קיין קוצו של יוד נישט אַרויסגעזאָגט. אַלעס וואָס ער האָט געשריבן איז געווען מפי הגבורה. נאָר דער חילוק צווישן זיי איז אַזאַ: אין די פריערדיקע ספרים איז יעדעס וואָרט פריער אַרויסגעזאָגט געוואָרן מפי הגבורה. אַזוי ווי ס׳איז אים דיק־טירט געוואָרן, האָט ער געשריבן. נאָר דעם ספר דברים האָט משה בלויז געשריבן דעם תוכן (אינהאַלט) מפי הגבורה. נאָר דעם אופן ווי ס׳זאָל איבער־געגעבן ווערן צום פאָלק, האָט באַלאַנגט צו אים אַליין. ד״ה — די משנה תורה איז געשריבן געוואָרן בדרך הנבואה, ווי די איבעריקע ספרי נביאים. בלייבט דאָך אַלנפאַלס אַ פראַגע: האָט דער ספר דברים גאָר געדאַרפט געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון די ספרי נביאים, ניט צו קדושת התורה?

דערקלערן מפרשים: דערפאַר איז דער ספר דברים צוגעשטעלט געוואָרן צו דער קדושת התורה, ווייל ס׳ווערט צום סוף פון ספר דברים געזאָגט בפירוש: „משה זאָל מיט דעם דאָזיקן ספר פאַרענדיקן די גאַנצע תורה (ויכתב משה את דברי התורה הזאת על ספר עד תומם). דאָס באַווייזט, אַז די גאַנצע תורה איז דיקטירט געוואָרן מפי הגבורה. אָט ווי דער פסוק ג׳, פרשת דברים א׳, זאָגט בפירוש: „משה רבינו האָט גערעדט צו די יידן אַלץ, וואָס ג־ט האָט אים באַפוילן צו זיי״ (דבר משה לכל בני ישראל, ככל אשר צוה ד׳ אותו אליהם). דאָס ציינגט אונדז, אַז אַפילו די ערשטע ווערטער: „אלה הדברים אשר דבר משה״, זיינען אויך אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך משהן מיט דער הסכמה פון ג״ב״ה. נאָר אַזוי ווי די דאָזיקע רייד אַנטהאַלטן מוסר ותוכחה וועגן די חטאים, וואָס די יידן זיינען באַגאַנגען אין פאַרשיידענע זיץ־ערטער, וועלכע ס׳האָבן פאַראורזאַכט די אַלע ליידן, וואָס די יידן זיינען אויסגעשטאַנען, במשך פון זייער וואַנדערן אין מדבר. דעריבער הויבט זיך אָן דער ספר דברים בלשון „דבר משה אל כל ישראל״ — (משה האָט גערעדט צו אַלע יידן בכלל אָט די שטראָף־רייד, במשך פון עלף טעג. אַנדייטנדיק זיי יעט־ווידער חטא אין אַ באַזונדערן טאָג, וואָס נאָך דעם פירט אויס דער פסק ג׳, אַז אַלץ, וואָס משה האָט גערעדט, איז געווען מיט ג־טס באַפעל.

איז פון דעם אַלעם משמע, אַז די תורה, לכל הדעות, איז ניט סתם אַ ספר, געשריבן פון אַוועלכן ס׳איז מחבר.

— זי איז אַ תורה, וואָס איז געשריבן דורך משהן מפי הגבורה — דורכ־געדרונגען מיט קדושה און געטלעכקייט. ווי די חכמים דריקן זיך אויס אין דער גמרא מגילה ל״א, ב׳: „ומשה מפי הגבורה אמרן״ — און משה האָט איבערגעגעבן די אַלע רייד, וואָס אים איז דיקטירט געוואָרן דירעקט פון ג״ב״ה״.

## דאָס ליכט פון וויסן

— ב —

# איז דען די תורה געשריבן לויט באַדינגונגען?...

מאַנכע משכילים — אויפגעקלערטע דענקען, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן ספּעציעל פאַר די גאָר אור־אַלטע דורות, וואָס האָבן געלעבט אין דער פינצטערניש, נישט האָבנדיק דאַן קיין השגה וועגן ג־ט, מענטש און וועלט. זיי זאָלן וויסן, וואָס מען מעג טאָן און וואָס מ׳טאָר ניט טאָן; זיי זאָלן קענען באַהערשן זייערע אינסטינקטן און זיך דערווייטערן פון אַלע שלעכטע זיטן, ביז זיי וועלן זיך דערהויבן גייסטיק און באַגרייפן דעם כוח אלוקות און זיך דערקוּנדיקן וועגן דעם זין און תכלית פון דעם מענטשנס קיום אויף דער וועלט. אויף אַזאַ אופן וועלן זיי קענען מבחין זיין בין טוב לרע און אַריינברענגען אַן אָרדענונג און גאַנג פון לעבן. ווי געוויינלעך, האָט מען זיך געניטיקט אין אַ תורה, ווייל מ׳האָט דאַן געלעבט זייער פּרימיטיוו. אָבער אין היינטיקער מאָדערנער צייט, ווען די וויסנשאַפט איז אַזוי הויך געשטיגן, אַז דער מענטש רעגירט איבער אַלע מיני נאַטור־כוחות און, דערצו זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון עטיק און מאָראַל, דורך דער ביי־געשאַפענער ליטעראַטור, וואָס שילדערט דאָס לעבן פון מענטש און געזעלשאַפט אין אַלע מיני אַספּעקטן — נעגאַטיוו און פּאָזיטיוו, לויט היינ־טיקן שטייגער־לעבן, קען געוויס פאַרנעמען דאָס אָרט פון „תורת משה״. ומהאי טעמא, איז גאָר נישט קיין חידוש, וואָס דער „משכיל״ געפינט פאַר זיך אַ היתר אויף אַלץ וואָס די תורה האָט פאַרבאָטן.

איך וועל דאָ ניט פאַרפירן קיין פּאָלעמיק מיט די דאָזיקע „משכילים״. ווייל איך האַלט, ווען זיי וואָלטן זיך פאַרטיפט אין די כוונות התורה, וואָלטן זיי זיכער געקומען גאָר צו אַן אַנדער מסקנא. איך וועל דאָ נאָר בלויז אונ־טערשטרייכן, אַז זיי דענקען פאַלש און לעבן אין גרויס טעות.

אָט נעמענדיק אין באַטראַכט די וואָרנונג פון דער תורה, וואָס זאָגט: „איר זאָלט אָפּהיטן מיינע חוקים און געזעצן, וואָס אַ מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי — איך בין ג־ט״ (ושמרתם את חוקותי ואת משפטי אשר יעשה אותם האדם וחי בהם, אני ד׳). איז דאָך אייגנטלעך דער אויספיר „איך בין ג־ט״ (אני ד׳) איבעריק. וואָרום, צי דען ווייסט מען ניט, אַז די דאָזיקע וואָרנונג קומט פון ג־ט?

דער גאון ר׳ יעקב אָרענשטיין ז״ל, ברענגט אין זיין ספר „ישועות יעקב״ אַ טרעפלעכן הסבר. ער זאָגט אַזוי: „די תורה איז מכוון מיט דעם לשון „איך בין ג־ט״, בכדי מ׳זאָל מקיים זיין די מצוות שכליות — מצוות וואָס דער שכל איז מחייב, אויך מצד אמונה. ד״ה, מ׳זאָל זיי מקיים זיין, ניט צוליב דעם, וואָס דעם מענטשנס שכל דיקטירט אים אַזוי צוטאָן, נאָר האָבן אין זיי דעם

פולסטן צוטרוי און גלויבן". ווארום די אַלע מצוות, וואָס די תורה האָט מחייב געווען די יידן צו מקיים זיין זיי, באַלאַנגען נישט צו די באַדינגונגען פון צייט און אָרט (אחוץ די מצוות התלויות בארץ). נאָר דער חוב פון יעדן ייד איז, אַז ער זאָל זען צו היטן די חוקים, וואָס זייער טעם איז פאַר אים פאַרהוילן און די משפטים וואָס זיינען שכלדיק און פאַרשטענדלעך. „און אַז דער מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי" (אשר יעשה אותם האדם וחי בהם). (קומט דער מדרש און לערנט אַרויס פון דעם אויסדרוק „האדם" (דער מענטש), אַז דאָס מיינט אַפילו, ווען דער ניט־ייד איז מקיים אָט די דאָזיקע משפטים. ווארום די חוקים און די משפטים פון דער תורה אַנטהאַלטן דעם טעם פון „וחי בהם" (לעבן דורך זיי). ד"מ — וואָס דורך זיי פירט זיך דאָס לעבן אין אַ סדר און אַ רעגירונג פאַלגט זיי אויס).

מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס: דער ייד איז מחוייב אָפּצוהיטן און אויספאָלגן די חוקים און די משפטים, ווייל דאָס איז אַ געבאָט פון ג־ט — „אני ד'". ווארום זי איז אַ תורת חיים — אירע חוקים זיינען אייביק. זיי ענדערן זיך קיינמאָל ניט. און זי איז נישט בלויז פאַר דעם יידן געגעבן געוואָרן, נאָר אויך פאַר די אומות העולם, ומהאי טעמא פירט אויס דער פסוק בלשון „אני ד'" (איך בין ג־ט), בכדי צו וואָרענען די משכילים" וואָס דענקען, אַז מ'דאַרף אַ נייע תורה, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו היינטיקער וויסנשאַפטלעכער תקופה. לאָזט אונדז וויסן די תורה בפירוש, אַז מ'זאָל האַלטן אירע חוקים און משפטים טייער אַן אָפּהיטן אַלע אירע מצוות, ווייל זי איז אַ שאַפונג פון ג־ט (אני ד'). און אַזוי ווי ג־ט איז אייביק, איז אויך די תורה אייביק.

און דאָס אייגענע איז מכוון דער גרויסער משורר פון תהילים, וואָס זאָגט: „דיינע מצוות קליגען מיך, ווי אַזוי איך זאָל זיך אויסהיטן פון מיינע שונאים". (מאויבי תחכמני מצותיך), „ווייל אייביק איז די תורה פאַר מיר"! (כי לעולם היא לי). און צו איר דאַרף מען נישט צוגעבן און נישט מינדערן. אין איר זיינען די געזעצן נישט אַזוי ווי ביי די אומות העולם, וואָס ענדערן זיך לויט די באַדינגונגען פון צייט און אָרט. ווייל „אני ד'" — זי איז דיקטירט געוואָרן צו משה רבנו דירעקט מפי הגבורה — פון ג־ב"ה, לדור דורות — אָן שום באַדינגונגען!

— ג —

## וואָס איז די סגולה. (אייגנטימלעכקייט) פון דער תורה?

בידוע, האָבן די נביאים תמיד געגעבן אָנצוהערן וועגן דער סגולה פון תורת ישראל. זיי האָבן געהאַט די מיסיע צו לאָזן וויסן דעם פאָלק יעקב, אויב

ער וועט זיך אומקערן צום גוטן, ער וועט ניט נאָכקרימען פרעמדע מנהגים, וועט פון אים אָוועקגענומען ווערן די גזירה רעה און וועט קיין צרות ניט דאַרפן ליידן, און דעם „עם ישראל" (דער קולטורעלער שיכט), די וואָס פירן זיך בחוקות התורה, זיי זאָלן געבן צו פאַרשטיין די טעמי המצוות און פירן דעם המון בדרכי ד' — אין ג־טס וועגן.

אָט די דאָזיקע מיסיע האָבן די נביאים תמיד פאָרגעזעצט, באַזירנדיק זיך אויף די רייד פון דויד המלך, וואָס זאָגט: „צו יעקבן (די פאָלקס־מאַסן) זאָגט דער בורא עולם דירעקט, אַז זיי זאָלן זיך פירן על־פי־התורה און צו ישראל (דער קולטורעלער שיכט), וואָס גייען אין ג־טס וועגן, דערקלערט ער זיי זיינע געזעצן און משפטים" (מגיד דבריו ליעקב, חוקיו משפטיו לישראל — תהילים ק"ג). זיי זאָלן ווערן די מורי דרך, צו פירן די בני יעקב בדרך הישר.

מיט דעם איז דויד המלך מכוון צו זאָגן, אַז אַחוץ וואָס די תורה לערנט אונדז די מצוות הבורא, ווירקט זי איז אויך אויפן כאַראַקטער פון די בני יעקב. זי האָט דעם כוח זיי אויס צו איידלען, צו מאַכן זייערע פאַרשטייענרטע הערצער ווייך, און די פאַרדאַרבענע געפילן צעשמעלצט זי, זיי זאָלן משיג זיין די ווונדערלעכע הנהגה פון דער וועלט. — דויד המלך גיט דערביי אַ ביי־שפיל פון דער נאַטור פאַר דעם, וואָס פאַרשטייט ניט מיטן שכל. למשל: מיר זעען ווינטער־צייט, ווי ס'ווערן אַלע פעלדער און וועלדער באַדעקט מיט אַן אויסערדעקע (שניי). — „ער שליידערט שטיקער אייז" (משליך קרחו), אַז ס'איז אוממעגלעך איבערצוטראָגן די קעלט. פאַר די קורצזיכטיקע זעט עס אויס, אַז די גאַנצע נאַטור איז אָפּגעשטאָרבן און קיין מייסטער קען זיי ניט לעבעדיק מאַכן. אָבער, וואָס זעען מיר — „ער שיקט זיין באַפעל און מאַכט צו שמעלצן דאָס אייז" (ישלח דברו וימסם). דערנאָך — „לאָזט ער וויען זיין ווינט און פליסט שוין וואַסער פון די אייז און שניי" (יישב רוחו יזלו מים).

און דאָס צייגט אונדז, אַזוי ווי זיין באַפעל ווירקט אויף דער נאַטור, צו מאַכן איר ווייך און וואַרעם, אַזוי ווירקט די תורה, וואָס זי איז אויך דער באַפעל פון בורא, אויף די פאַרפאַרענע הערצער פון מענטשן. זיי צו מאַכן וואַרעם און זאָלן תופס זיין אַלע וויכטיקע ענינים, וואָס זיינען נוגע דעם דרך החיים — דעם לעבנסוועג.

ווייל זי איז אַ תורה וואָס אַנטהאַלט גערעכטיקייט. און גערעכטיקייט איז אַ דבר נצחיי — אייביק, מ'דאַרף זי נאָר גוט פאַרשטיין, בכדי צו קענען לעבן דורך איר. (דרך עדותיך לעולם הבינני ואחיה). וואָרום די תורה איז דאָס לעבן פון דעם מענטשן (כי היא חיינו ואורך ימינו).

דערפאַר מוז מען תמיד געדענקען, אַזוי ווי „דער אָנהויב פון דיינע רייד איז אמת" (ראש דברך אמת), אַזוי וועלן אויף אייביק זיין דיינע גערעכטע משפטים פון דער תורה (ולעולם משפטי צדקיך(. אונטער קיינע געשעענישן

וועלן זיי ניט צעשטערט ווערן, ווייל זי איז אַ תורה פון אמת (ונתן לנו תורת אמת). און דער אמת איז די סגולה (אייגנטימלעכקייט), וואָס פירט דעם מענטשן אין אַ וועג פון עונג און הצלחה. ווי דער גרויסער דענקער פון „משלי" זאָגט: „ג־טס פאָרכט ברענגט צום לעבן, און זאַטערהייט נעכטיקט איבער דער ג־טס־פאָרכטיקער און, ווערט פאַרהיט פון אַלדאָס בייז" (יראת ד׳ לחיים ושבע ילין בל יפקד רע). — און זיי וויסן, דו מענטש, אַז ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן יראת ד׳ און יראה סתם. די יראה פאַר וועלט־געשעעניש, איז מקצר דאָס לעבן פון מענטשן; זי נעמט אַוועק פון מענטשן זיין שלאָף און דערנערונג. אָבער יראת ד׳ (גאָטס פאָרכטיקייט) איז אַ יראה, וואָס ברענגט טרייסט און נעמט אַוועק פון מענטשן די שרעק. אַזאַ יראה דערלענגערט די יאָרן. וואָרום דער מענטש האָט צוויי וועגן: אַ וועג פון לעבן און אַ וועג פון טויט (החיים והמות), וואָס ער ווייסט ניט אויף וועלכן וועג צוגיין, ווייל ס'דאַכט זיך אים לכתחילה, אַז דער וועג איז אַ גלייכער און עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער איז קרום און פירט צו אומגליק. איז פאַר דעם אָבער פאַראַן אַ מיטל: „היט די מצות התורה, וואָס צייגן דעם ריכטיקן וועג פון מענטשנס לעבן" (שומר מצוה — שומר נפשו). דאַן וועט דיר קיין שרעק ניט באַפאַלן און וועסט זיין געזיכערט מיט דיין קיום. — אָט דאָס איז ווירקלעך די סגולה פון דער תורה!

— ד —

## די תורה איז אַ גאַנצער אוצר

דער געטלעכער משורר פון תהילים זאָגט אונדז אויסדריקלעך: „דער הימל געוועלב דערציילט ג־טס כבוד און די הימל־פאַרשפרייטונג זאָגט עדות אויף ג־טס וואונדערלעכע מעשים" (השמים מספרים כבוד אל ומעשה ידיו מגיד הרקיע). איז עס ניט קיין גאַנצע תורה. ס'איז בלויז אַ הגדה, וואָס דערציילט אונדז ווי ניכר ס'איז ג־טס כבוד און זיין גדולה אין דעם וועלט־באַשאַף. אָט ווי דער נביא זאָגט: „הויבט אויף אייערע אויגן אין דער הויך" (שאו מרום עיניכם) און זעט די געטלעכע וואונדער פון הימל, ווי די זון, די לבנה און די שטערן באַלויכטן די וועלט און גיבן וואַרעמקייט און שפייז־קראַפט אין אַלע צמחים (געוויקסן). און זאָל אויך דער מענטש ניט מיינען, אַז דער בורא מישט זיך נישט מער אין דער הנהגה פון דער וועלט.

ניין. זיי וויסן, דו מענטש, אַז „די גאַנצע בריאה ליגט תמיד אין זיין האַנט", ער איז ניט בלויז דער בורא. ער איז אויך דער מנהיג. ער האָט די

הנהגה פון דער וועלט נישט איבערגעגעבן צו דער טבע (נאַטור), וואָרום, אויב די הנהגה וואָלט זיך איבערגעגעבן צו דער נאַטור, וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט זיין רעגן ווען ס׳פאָדערט זיך, אַוו ס׳איז נענטער צו טייכן, צו ימים, ווייל די זון ציט אַרויף די פאַרע אין דער הויך און ס׳ווערט פון דעם וואָלקנס, ווייזט זיך אַרויס אין דער פּראַקטיק גאָר אַנדערש. פיל וואַרעמע צייטן גייען אַוועק און ס׳גיט נישט קיין טריף רעגן, אָדער פיל צייטן, וואָס רעגנט אָן אויפהער. ס׳טרעפט זיך אויך, אַז דער הימל ווערט באַדעקט מיט וואָלקנס, קומט אם ענדע אַ ווינט און טראָגט זיי אַוועק. דאָס באַווייזט, אַז ס׳איז דאָ אַ מנהיג וואָס פאַראָרדנט אַלעס. ער גיט רעגן אין דער צייט און אויף די ערטער אַוו מ׳דאַרף, ווען מען פאַרדינט זיך. ווי ס׳לויטעט דער קאָנטראַקט: „ווען איר אָפּהיטן מיינע געזעצן, וועל איך אייך געבן רעגן אין זייער צייט״ — (אם בחוקותי תלכו ונתתי גשמיכם בעתם).

קומט דויד המלך און לאָזט וויסן, אַז די פריערדיקע הגדה איז ניט קיין תורה תמימה (ניט קיין פאָלקאָמע תורה). אַ תורה תמימה איז נאָר תורת ד׳ — (ג־טס תורה). זי איז אַן אַלוויסנדע — אַ גאַנצע. ס׳איז אַ תורה, וואָס אַנטהאַלט זעקס זאַכן: „תורה״, וואָס לערנט די ענינים פון דעות ואמונות (וויסן און פאַרטרויאונג — גלויבן). זי קערט אום דעם מענטשנס נפש צו די וועגן וואָס פירן צום לעבן (משיבת נפש); „עדות״ איז אַ טייל פון דער תורה, וואָס אַטהאַלט די סיפּורים פון דור המבול, דור הפלגה און מהפכת סדום, וואָס מאַכן דעם נאר צו באַגרייפן, ווי אַזוי ג־ט באַשטראָפט די רשעים. אָדער מעשי האבות וואָס זיי איז געשען, בכדי מ׳זאָל זען ווי ווייט ס׳איז ג־טס השגחה אויף די צדיקים; „פקודים״ — זיינען אַ טייל מצוות, וואָס דינען ספּעציעל אַלס זכר, ווי: די ימים־טובים, אָדער די מצוות פון פריקה וטעינה, פאה ומתנת עניים — העלפן אָרעמע לייט, וואָס זיי מאַכן דערפרייען דאָס האַרץ (ישרים משמחי לב); „מצוות״, וואָס האָבן צו טאָן מיט רחמים און גוטע מדות; „חוקים״ — זיינען געזעצן פאַרבונדן מיט „יראת ד׳״ (ג־טס מורא), וואָס צו זיי איז קיין טעם ניטאָ. מ׳מוז זיי מקיים זיין, מחמת יראת ד׳, וואָס זי איז ריין פון טומאה און פון עבודה־זרה; „משפטים״ — זיינען דינים, וואָס לערנען אמת וצדק בין אדם לחברו, אַוו קיין סתירה איז צווישן אמת און צדק ניטאָ.

אָט אַזאַ תורה איז תורת ד׳ — אַ גאַנצער אוצר פון וויסן, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט. אין איר איז קיין ספקות ניטאָ, ווי ביי די פילאָזאָפן, וואָס זייער האַרץ איז חולק ומסופק אין די ענינים פון גאָטהייט.

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ה —

# חכמת התורה וחכמת הבריאה

דער רמב"ם זאָגט אויסדריקלעך אין דער הקדמה לפירוש המשניות, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, צו פאַרפאַלקאָמען זיך אין חכמה און אין תורה (כל העולם נברא בשביל השלם בחכמה ובתורה).

מיט דעם איז דער רמב"ם מכוון אָט־וואָס: ווען מ'זאָל באַטראַכטן גוט דעם וועלט־באַשאַף, דערקענט מען דורך דער דאָזיקער חכמה דעם וועלט־קינסטלער (דעם בורא עולם). ווי דער נביא זאָגט: „הויבט אויף אייערע אויגן צו די אויבערשטע ספערן און זעט ווער ס'האָט דאָס אַלעס באַשאַפן" (שאו, מרום עיניכם וראו מי ברא אלה!) און דער דאָזיקער וועלט־קינסטלער האָט באַשאַפן אַ וווּנדערלעכן אַרטיקל, וואָס באַשטייט פון אַ שטול מיט אַ קליין פוס־בענקל (השמים כסאי והארץ הדם רגלי), „דער שטול" — דער הימל, גיט אַרויס פון זיך גרויסע ליכטער צו באַלויכטן די גאַנצע וועלט. (די זון בייטאָג, און די לבנה ביי נאַכט). דאָס „פוס בענקל" — די ערד, גיט פון זיך אַרויס אַלערליי געוויקסן און שמעקהאַפטיקע בלומען. און אַז מ'רייסט פון זיי אייניקע אָפּ, גיט ער דערביי אַנדערע אַרויס. איז אויב מיר קענען נישט דערקענען דעם גרויסן וועלט־קינסטלער מצד עצמותו (דורך זיין עצם וועזן), קענען מיר אָבער דערקענען אים פון זיין מייסטערהאַפטער אַרבעט — די וווּנדערלעכע וועלט. אָט ווי דער אדון הנביאים — דער גייסטיקער ריז — משה רבינו רופט אויס: „דערהויבט ג־ט דעם באַשעפער און פירער פאַר זיין וווּנדערלעכער חכמה אין דער בריאת השמים, — די חכמה וואָס ליגט אין די הימלשע ספערן"! (רוממו ד' אלוקינו). און אַפילו די פשוטע מענטשן וואָס האָבן ניט קיין השגה צו באַטראַכטן דעם „שטול" — דעם הימל, זיינען זיי אָבער אימשטאַנד צו באַטראַכטן די חכמה נפלאה, וואָס ליגט אין „פוס־בענקל" (די ערדישע וועלט), צו זען וויפל חכמה ס'איז פאַראַן אין יעדן גרעזעלע, אין יעדן קערנדל וואָס מען פאַרזייט; און ס'ווערט צופוילט אין דער ערד, גייט אַרויס אַ גרויסער בוים מיט צווייגן, וואָס ס'וואַקסט אויף אים יאָר־יערלעכעד טייערע פרוכט, צו דערקוויקן דעם מענטשן. אין יעדן עפּעלע ליגט פיל יאָדרעס, פון יעדער יאָדרע קען ווידער אַרויסוואַקסן אַ בוים מיט פרוכט. דאַרף מען דערפאַר זיך בוקן און דערשטוינט ווערן פון די וווּנדער איבער וווּנדער וואָס איז אין דער בריאה פון „הדום רגלי" — (אונטערשטע־וועלט). הײַנט, ווער רעדט וויפל חכמה עס ליגט אין „שטול" אַליין, וואָס דאָס איז דער הימל מיט דער זון אין אַלע פּלאַנעטן!

אָבער נאָך אַלעם, זעענדיק, די גרויסע חכמה אין דעם באַשאַף פון הימל און ערד, איז קעגן דער חכמה נפלאה, וואָס איז פאַרוויקלט אין דער תורה

כלא — ווי נישט קעגן איר. וואָרום, וואָס מער מען איז מעמיק אין חכמת התורה „בפרדס" — מיט פשט, רמז, דרוש, סוד, זעט מען אַלץ מער און מער די גרויסקייט פון דעם „נותן התורה" — דעם געבער פון דער תורה. ובפרט, ווער ס'איז נאָך זוכה, אַז מען איז אים מגלה מן השמים די פניות התורה — די כוונות פון דער תורה, דאַרף אַזעלכער אָנגעקליידט ווערן מיט הכנעה וענוה פאַר די רוממות השם יתברך, וואָס דאָס מיינט באַטראַכטן מיט די ריינסטע געפילן ווי דערהויבן אין הויך איז ג־ט, דער האַר. וואָרום ער איז דערהויבן איבער דער השגה פון מענטשן! — „כי קדוש הוא" — ווייל הייליק איז ער!

ווענדט זיך צו אונדז דער נביא ישעיהו: „קומט לאָמיר זיך בוקן צו זיין הייליקן באַרג, וואָס דאָס איז זיין הויכע און דערהויבענע תורה. אַ תורת חיים, וואָס לעבן אין איר לעבעדיקע ווערטער. און דער וואָס גייט אין אירע דרכים, האַלט עס אים אויף לענגער ביים לעבן". (לכו ונעלה אל הר ד' ויורנו מדרכיו כי מהר ציון תצא תורה (ב', ג').

# קאַפּיטל 14

„די ריינסטע פילאָזאָפיע איז אונדזער הייליקע תורה".

(תורתנו הקדושה נקראת פילוסופיאה הטהורה. — שמן למאור).

דער צוועק פון דער גאַנצער תורה באַשטייט פון צוויי זאַכן:

נשמה־דערהויבונג און קערפּער־אויפהאַלטונג.

(כוונת כל התורה שני דברים הם: תקון הנפש ותקון הגוף. — מ"נ פ"ג)

# תורה און דרך ארץ

א.—אונדזער תורה איז אַ תורת אמת.

ב.—דאָס ליכט פון דער תורה.

ג.—תורה, מלאכה און דרך ארץ.

ד.—תורה איז אַ שוץ פאַרן מענטשן.

ה.—מחזיקי תלמידי חכמים און שלוחי מצוה.

— א —

## וואָס באַשטעטיקט אַז אונדזער תורה איז אַ „תורת אמת"?

כידוע, האָבן די חכמי התלמוד באַקעמפט מיט אַלע כוחות די שיטה פון אַפּיקורסות. די דאָזיקע טעאָריע שטאַמט פון דעם גריכישן פילאָזאָף אַפּיקיור (342—267), וואָס לייקנט אין גאָטהייט, וועמענס געדאַנקען ס'האָבן איבער־געלאָזט אַ גרויסן איינפלוס אין דער אַלטער גריכיש־רוימישער וועלט. אויך איז זיי נישט פרעמד געווען די געדאַנקען פון די נאָכפאָלגער... 

פילאָזאָפן, ווי סאָקראַטעס (469 פ.ק.ע.), דעמאָקראַטעס (500—367), פּלאַטאָן (427—347) און אַריסטאָטעל (312—345). זיי האָבן זיך דערויבער שטאַרק פאַרמאָסטן קעגן דעמאָלסדיקער אַפּיקורסישע טעאָריעס, און געקעמפט בכלל קעגן די אויפגעקומענע וועלטלעכע פילאָזאָפיעס און לעבנס־שטייגער פון די פרעמדע שכנישע פעלקער, וואָס האָבן געשטעלט אין געפאַר דעם יידישן קיום אַלס וועלט־באַנעם. און זיי האָבן עס געטאָן, בכוונה, בכדי מ׳זאָל וויסן צו ענטפערן דעם אַפּיקורס, ווי געזאָגט: „שטודיר און זיי וויסן, וואָס צו ענטפערן דעם אַפּיקורס״! (ודע מה שתשוב לאַפּיקורוס!).

אויך שפּעטער, אין דער גאונים־עפּאָכע, איז דער יידישער פילאָזאָף אויף וועלט־שטייגער, דער גרונטלייגער פון מאָדערנעם יידישן געדאַנק, געווען רבי סעדיהו גאון (892—942 נ.ק.ע.), דער מחבר פון „כוזרי״ — דאָס טעאָלאָגיש פילאָזאָפיש ווערק פון רבי יהודה הלוי, דורך וועלכן ס׳קומט צום אויסדרוק זיין וועלט־באַנעם און דעם רמב״מס „מורה נבוכים״ און פיל אַנדערע פון נאָך דער ספרדישער „גאָלדענער עפּאָכע — זיינען אַלע געווען אַפּאָלאָגעטי־קער. גאָר זייער שאַרף טרעטן אַרויס דער „כוזרי״ און דער „מורה נבורים״ קעגן דער גריכישער פילאָזאָפיע. ספּעציעל קעגן דער פּלאַטאָניש־אַריסטאָ־טלשער, וואָס האָט זיך אין גאַנצן געשטיצט אויפן מענטשלעכן שכל, באַ־וויזנדיק די באַגרענעצונג פון דער ווירקונגס ספערע פון מענטשלעכן שכל. דער קלאַסישער אויסדריק איז דאָך „דער תכלית הידיעה שלא נדע״ — מיטן אויסשליסלעכן ראַציאָנעלן דענקען, קען מען בשום אופן נישט דערגרייכן צו דער פולשטענדיקער דערקענטעניש און באַגריף. און לויט דער פילאָ־זאָפיע פון רבי יהודה הלוי, קען מען בכלל נישט משיג זיין דעם בורא עולם, מיט אַקטיווער אינטעליגענץ (שכל הפועל). מ׳איז אימשטאַנד נאָר צו דער־גרייכן די גאָטהייט דורך אינטואיציע, וואָס פאַראייניקט טאַט און כוונה, געפיל און געדאַנק און דערהויבט דעם מענטש צו שלמותדיקייט, צו אַ פאָלקאָמענ־הייט, וואָס פאַרבינדט מיט אים דאָס רחמנותדיקע, אייביקע לייטערונג פון נשמה — פון אַקטיוון שכל, וואָס פירט צו גייסטיקער דערהויבונג.

מיר געפינען אויך די זעלבע שטעלונג צו דער פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל אין ספר „האמונות והדעות״, פון ר׳ סעדיהו גאון. ער זאָגט דאָרט: „אויף אַ באַטירלעכן וועג מיט דער הילף פון מענטשלעכן שכל בלויז, וואָלט מען קיינמאָל צו אַזאַ ריינעם אמת, ווי אונדזער תורה לויטעט, נישט צוגעקומען״.

— ר׳ סעדיהו גאון ברענגט דאָרט דרייצן באַווייזן, אַז די וועלט איז אַ יש מאין — (אַ באַשאַפענע פון גאָר נישט) די באַווייזן זיינען: די באַגרענע־צונג פון דער וועלט אין שטח. זי באַשטייט פון דער ערד, וואָס געפינט זיך אין צענטער און פון די הימלען, וואָס רינגלען זי אַרום פון אַלע זייטן. — די ערד מוז זיין ענדלעך אין גרויס, קען מען זען פון דעם, וואָס זי ווערט

אַרומגערינגלט פון אַן אַנדער קערפּער. וואָרום אַן אומבאַגרענעצטער קערפּער, קען נישט אַרומגערינגלט ווערן פון אַ צווייטן קערפּער. אויך זיי הימלען זיינען נישט אומבאַגרענעצט. דאָס ווערט באַוויזן דורך דעם, וואָס זיי מאַכן אַ צירקל אַרום דער ערד אין פיר און צוואַנציק שעה. ווען זיי וואָלטן געווען אומענדלעך, וואָלטן זיי געדאַרפט נעמען אַן אומענדלעכע צייט צו אַרומצידרק־לען די ערד. נאָך אַ באַווייז איז, וואָס אַ באַגרענעצטער קערפּער קען נישט באַזיצן קיין אומבאַגרענעצטע קראַפט. אַזוי ווי די קראַפט פון דער וועלט איז אַ באַגרענעצטע און וועט אויסגעשעפּט ווערן אין משך פון צייט, איז לויט ר׳ סעדיהו גאון אַ באַווייז, אַז די דאָזיקע קראַפט האָט נישט עקזיסטירט אייביק. דאָס מיינט, אַז די וועלט איז אַנטשטאַנען אין צייט.

און אַזוי ווערן אַרויסגעבראַכט די איבעריקע באַווייזן (געוויינלעך איז דאָ נישט דער פּלאַץ פון אָנצוגעבן אַלע באַווייזן). און זיין ענטפער אויף דער פראַגע: „ווי קען די וועלט האָבן ג־ט באַשאַפן פון אַ יש מאין״ — איז פשוט: „דערפאַר איז ער ג־ט״! — ער קען טאָן זאַכן, וועלכע מענטשן קענען נישט באַנעמען.

נאָך דעם, ווי ר׳ סעדיהו גאון דערקלערט דעם פון — וואָס ג־ט האָט באַשאַפן די וועלט, ענטפערט ער אויך אויף דער פראַגע, צוליב וואָס ער האָט באַשאַפן די וועלט. דער ענטפער איז, אַז פון זיין זייט איז עס געווען אַן אַקט פון חסד, פון גוטסקייט; ער האָט געוואָלט האָבן די ברואים אויף דער וועלט. ובכדי צו מאַכן די מענטשן גליקלעך, האָט ער די יידן געגעבן די תורה מיט אַלע געבאָטן און פאַרבאָטן א.א.וו.

אגב, אַנשטייט פאַר אים אַ פראַגע: צי דען האָט ג־ט נישט געקענט די יידן מאַכן גליקלעך אָן די פאַרשיידענע געבאָטן און פאַרשווערונגען? ענטפערט ער, אַז דאָס איז דער בעסטער אופן ווי צו מאַכן מענטשן גליקלעך, ווייל מענטשן קענען קיינמאָל נישט זיין גליקלעך. אויסער ווען זיי ווייסן, אַז זיי האָבן דאָס גליק אַליין פאַרדינט.

און וואָס שייך צו מציאות השם — די עקזיסטענץ פון גאָטהייט, זאָגט דער רמב״ם גאָר פשוט: קיין שום באַוועגונג קען נישט פאָרקומען אָן עמעצן, וואָס ברענגט די באַוועגונג אַרויס.

אַזוי אַרום, שטעלן אונדז פעסט אָט די דאָזיקע באַהויפּטונגען, אַזוי דער אמת געפינט זיך. וואָרום דער הויפּט שטיץ־פונקט ביי די רעליגיעזע דענקער, איז באַזירט אויף דער געטלעכער אינספּיראַציע פון די נביאים, און ביי וועמען געטלעכע אינספּיראַציע דיקטירט, דאָרט רעדט דער אמת. — איז אונדזער תורה דערפאַר אַ תורת אמת. נו, איז דען ניט בעסער זיך צו פאַרטיפן אין דער תורה הקדושה, וואָס אַנטהאַלט דעם ריינעם אמת, איידער סתם פילאָזאָפירן און בלייבן בספק?

— ב —

## וואָס באַלויכט דעם מענטשנס לעבנס וועג?

דער תנא ר' יוסי, אין פרקי אבות, וואָרנט אונדז בזה הלשון: „גרייט זיך גוט צו, צו לערנען תורה, וואָרום זי גייט ניט איבער צו דיר בירושה" (והתקן עצמך ללמוד תורה, שאינה ירושה לך — ב', י"ז).

און אויב מיר האָבן זי מקבל געווען בירושה פון אברהם, יצחק און יעקב, איז עס איבערגעגעבן געוואָרן אַלס ירושה פאַר כלל ישראל. ווי די תורה שרייבט: „מורשה קהלת יעקב" — זי איז אַ ירושה פאַר כלל ישראל, נישט קיין ירושה „לך" — פאַר דיר, אַלס אַ יחיד.

פיליכט וועט אימעצער פרעגן: אייגנטלעך, ווערט דאָך געזאָגט: ווען דריי דורות נאָכאַנאַנד זיינען תלמידי חכמים, דאַן ווייכט די תורה שוין ניט אָפּ פון זייערע קינדער? — (שוב אין התורה פוסקת מזרעו ומפי זרעך!). יאָ, דאָס איז טאַקע ווירקלעך. די תורה קערט זיך טאַקע אום צוריק צו איר אַלטער אכסניא. ווי געזאָגט: „התורה מחזרת על אכסניא שלה". — נאָר ס'דאַרף זיין „שלה" — איר אכסניא, דאַן קומט זי צוריק צו איר אַלטן אָרט. אָבער, אין פאַל, ווען דער באַלעבאָס פון דער אכסניא איז אַ נייער — מיט נייע תורות און נייע מעטאָדן, שטייט ער דאַן אויפן וועג און זוכט אורחים.

מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס: דער, וואָס לערנט תורה און נעמט זי אויף בכבוד, לאָזט זי זיך דערקענען צו אים (התורה מדבקת במי שדעתו נמוכה עליו). אָבער דער, וואָס אַרהאַקט די טיר, ער וויל זי נישט קענען, דאַן טרעט זי אָפּ און גייט אַוועק צו דעם וואָס וויל יאָ לערנען (תורה מנחת מי שדעתו גבוהה עליו).

דאָס מיינט דער תנא ר' יוסי, וואָס זאָגט: „תורה מוז מען לערנען, זי גייט ניט איבער בירושה" (והתקן עצמך ללמוד תורה, שאינה ירושה לך). — אַזוי אַרום, דער וואָס וויל האָבן אַ זכות אין דער תורה, מוז ער זיך צוגרייטן אויף מקבל צו זיין איר בסבר פנים יפות, און זיך פאַרטיפן בהתמדה רבה. וועט זי דאַן צוריקקומען צו איר אַלטן בעל־אכסניא, ווער ס'האָט זי געהאַלטן בכבוד. וממילא, ווערט אים דורך איר נישט זיין שווער צו פאַרטיפן זיך אין אונדזערע אוצרות החכמה. פאַר דעם צוועק, מוז מען זיך אין איר אַנשטרענגען, וועט זי דאַן בלייבן אין זיין רשות טייער און הייליק; און זיין לעבנס וועג וועט זיין באַלויכטן מיט תורה־ליכט, לשם ולתפארת!

הרב ישראל מ. פישלעדער

— ג —

# וואָס קען דעם מענטשן מאַכן פאַרגעסן אָן זינד?

אין פרקי אבות, ווערט געבראַכט אַזאַ מאמר: „גוט איז תורה לערנען מיט וועלטלעכקייט, וואָרום די מי פון זיי ביידן מאַכט פאַרגעסן אָן זינד" (יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ שיגיעת שניהם משכחת עוון). און דער מאמר פירט אויס: „תורה וואָס האָט ניט מיט זיך קיין מלאכה (ארבעט), וועט סוף־כל־סוף אונטערגיין" (וכל תורה שאין עמה מלאכה, סופה בטלה).

משמעות, אַז דער תנא רבי גמליאל שטעלט אונדז פעסט מיט דעם מאמר, אַז דרך ארץ מיינט — מ'זאָל קודם זיך באַמיען אויפהאַלטן דעם קיום אַליין, בכדי מ'זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו דעם אַנדערנס גאָב. אַזאַ גאָב וואָס איז אין ווערט ווינציק און די חרפה פון דעם איז גרויס; מ'דאַרף אָבער צו דער זעלבער צייט אָנווענדן מי, צו אַנטוויקלען קענען דעם אינטעלעקט אויף צו דערגרייכן וואָס מער חכמה און וויסן. דאַן, ווען ביידע זאַכן גייען גע־שלאָסן אין איינעם, מאַכט דעם מענטשן פאַרגעסן אָן זינד.

אגב איז כדאי צו באַמערקן דעם שינוי הלשון, וואָס רבי גמליאל באַנוצט אין דעם דאָזיקן מאמר. ער הויבט אָן לכתחילה בלשון „דרך ארץ" און פירט אויס בלשון „מלאכה". — טאָ וואָס פאַר אַ כוונה ליגט אין דעם שינוי הלשון? בכדי צו באַגרייפן די אינטערפּרעטאַציע פון דעם שינוי הלשון, וועל איך דאָ ברענגען אַ געוויסן מאמר, פון דעם ספר איוב, וואָס זאָגט פאָלגנדעס: „אָבער, פרעג אָקאָרשט די בהמות און זיי וועלן דיך לערנען און דעם פויגל פון הימל, און ער וועט דיר זאָגן, אָדער רעדט צו דער ערד, און זי וועט דיך לערנען" (ואולם שאל־נא בהמות ותורך, ועוף השמים ויגדלך. או שיח לארץ ותורך (י"ב, ז'־ח').

אויך דער דאָזיקער מאמר נייטיקט זיך אין אַ געוויסן הסבר. וואָרום, לכתחילה הייסט איוב לערנען חכמה פון די ברואים, וואָס זיינען אויף דער ערד, און דערנאָך זאָגט ער, אַז מ'זאָל זיך אויך לערנען פון דער ערד גופא, היתכן, וואָס פאַר אַ לימוד קען מען זיך אויסלערנען פון דער ערד, ניט בע־מענדיק און באַטראַכט די ברואים, וואָס געפינען זיך אויף איר?

ווי געוויינלעך, איז די כוונה פון דעם מאמר: אַזוי ווי די אַלגעמיינע טבע פון דער בריאה לערנט דעם מענטשן וויסן, לערנט אויך די ערד גופא דעם מענטשן ווי ער זאָל זיך אויפפירן אויף דער וועלט. דאָס הייסט: אַזוי ווי די ערד האָט איר באַוועגונג, ווי ס'האָט דערוויזן דער חכם קופּערניקוס, אַז די ערד האָט נאָך אַ דאָפּלטן גאַנג, אויסער ווי זי דרייט זיך אויף איר אַקס יעדע פיר און צוואַנציק שעה, באַוועגט זי זיך און מאַכט איר מאַרשרוט אַרום דער זון במשך פון דריי הונדערט פינף און זעכציק טעג, ביז זי קומט צוריק

אויף איר אָרט, אָווו זי איז פריער געשטאַנען. און אַזוי פירט זי דורך איר גאַנג טאָג־טעגלעך און יאָר־יערלעך, און צייגט דעם מענטשן ווי זיין לעבן זעט אויס.

לויט דער דאָזיקער אינטערפרעטאַציע, ווערט פאַרשטענדלעך די אויפ־פאַסונג פון די חז"ל, וואָס זאָגן: „די הנהגה פון דעם מין מענטש איז געווען אויף דרך ארץ מיט צוויי טויזנט יאָר פריער, איידער מ'האָט געקראָגן די תורה" (ב' אלף שנים קדמה דרך ארץ לתורה — פרקי דר"א). ד.ה. — אַז דער מענטש האָט זיך געלערנט פון דער אַלגעמיינער טבע און פון דער ערד באַוועגונג.

דאָס איז אייגנטלעך דער זין, וואָס דער תנא רבי גמליאל באַנוצט זיך לכתחילה בלשון „דרך ארץ" — לויט דער הנהגה פון דעם וועלט־גאַנג.

נאָר פיליכט קענען מייַנען געוויסע נאַראָנים, אַז די באַהויפּטונג וועגן דער ערד באַוועגונג, איז קעגן דער מיינונג פון דער תורה, קענען זיי גאַנץ רואיק זיין. וואָרום, ביי די חכמים איז דאָס גאָר נישט קיין חידוש. זיי האָבן תמיד געהאַלטן, אַז די ערד האָט איר באַוועגונג, נאָר די דאָזיקע מיינונג איז אין די שפּעטערע דורות פאַרהוילט געוואָרן. אָט אין דעם ספר „עשרה מאמרות", פון הרב ר' אליקום בן אברהם, חלק מלחמות ד', פ"יז, ווערט דאָרט געזאָגט בפירוש: ס'זאָל נישט אויסקומען אין אונדזערע אויגן שווער צו באַנעמען, ווען די נביאים און רז"ל דריקן זיך אויס וועגן דעם גאַנג פון דער זון און ניט וועגן דער באַוועגונג פון דער ערד, ווייל ס'איז באַוווסט רעדט די תורה אין דער שפּראַך ווי מענטשן רעדן" (ואל יקשה בעינינו מאמר הנביאים ורז"ל המורים על הליכת השמש, לפי שכבר ידענו שדברה תורה בלשון בני אדם). און מענטשן באַנוצן תמיד דעם לשון, לויט ווי זייערע חושים דיקטירן ד"מ — זיי רעדן מיט דער צושטימונג פון אויג און אויער.

ממילא, איז לייכט צו פאַרשטיין דעם אויסדרוק אין ספר יהושע, וואָס זאָגט: „זון, שטיי שטיל אין גבעון! — און יהושע האָט עס געזאָגט אין קעגנוואַרט פון פאָלק ישראל" ויאמר לעיני ישראל: שמש בגבעון דום!).

זיינען דאָך, אייגנטלעך, די ווערטער „אין קעגנוואַרט פון פאָלק ישראל" — (לעיני ישראל) איבעריק. נאָר מען באַנוצט עס צוליב דעם, ווייל דער מענטש אָפּעריִרט מיט זיינע חושים. ער זעט בדרך הטבע מיטן אויג, ווי די זון גייט, אָבער אין דער אמתן, איז גאָר דער נס געשען, וואָס די ערד איז געבליבן שטיין פון איר באַוועגונג. ס'האָט נאָר אויסגעוויזן פאַרן מענטשנס אויג ווי די זון איז געבליבן שטיין.

און ווי די בעלי דיקדוק באַמערקן, ווערט דער דאָזיקער איינטייטש באַשטעטיקט מיט דעם, וואָס דעם „טעם" (טראָפּ) פון „זקף קטן" נעמט אַריין ביידע ווערטער „בגבעון דום" און דאָס וואָרט „שמש" — באַזונדער. ד.מ. —

דער ענין „בגבעון דום" (דאָס שטיל בלייבן שטיין אין גבעון), באַציט זיך אויף דער ערד, זי זאָל אויפהערן מאַכן איר באַוועגונג.

איצט, אַזוי ווי די ערד האָט איר גאַנג יעדן טאָג אַרום איר אַקס, אַזוי דאַרף דער מענטש יעדן טאָג אַרבעטן פאַר זיין לעבנס־געברויך. און אויך, אַזוי ווי די ערד האָט איר „עליה"־אויפשטייג און „ירידה"־אַפשטייג, ווען זי מאַכט איר מאַרשרוט אַרום דער זון, אַזוי דאַרף דער מענטש זיך פאַר־טראַכטן וועגן זיין לעבנס גאַנג, וואָס באַשטייט אויך פון „עליה" און „ירידה", ביז ער קומט צו זיין רו, אַוו ער איז געשטאַנען פריער פאַר ג'־ב"ה.

די אייגענע אינטערפּרעטאַציע ווערט איבערגעגעבן דורך מפרשים אויף דעם אויסדרוק פון דויד המלך, וואָס זאָגט: „איך גיי אין דעם וועג פון דער גאַנצער ערד" (אנכי הולך בדרך כל הארץ — מ"א, ב', ב'). מיינט עס — לויט דער באַוועגונג פון דער ערד.

און אָט אַזוי, זעט אויס דעם מענטשנס לעבן — אַ מאָל „בעליה" און אַ מאָל „בירידה", ביז ער בלייבט שטיין אויפן זעלבן אָרט, פון וואַנען ר'האָט אָנגעהויבן גיין.

און דאָס איז, וואָס די חכמים זאָגן, אַז דער מענטש האָט געלעבט פאַר קבלת התורה בדרך ארץ — לויט דער טבע פון די ברואים, און פאַרגלייך צו דער ערד באַוועגונג. נאָר ווי דער מענטש האָט זיך גענומען איבערצייגן, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — ניט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש, איז אַזוי ווי ער האָט מקבל געווען די תורה, האָט ער דורך איר זיך דערהויבן שפּעטער צו גייסטיקע ענינים.

דאָס באַווייזט אונדז, אַז דער מענטש קען זיך דערהויבן צו דער פולשטענ־דיקער אינטעליגענץ (שכלית שלמה), ווען ער ווענדט אָן זיין מי אויף תורה אין איינעם מיט דרך ארץ. דאָס מיינט: ער דאַרף אָנווענדן זיין נאַטירלעכן שכל (אינטעלעקט), וואָס געפינט זיך אונטער דער השפעה פון דעם וועלט־באַשאַף, צוזאַמען מיט די אָנווייזונגען פון דער תורה. וועט ער דאַן זיין געזיכערט אין זיין לעבנס־וועג פון אַלע מיני שטרויכלונגען. דעריבער זאָגט דער תנא רבי גמליאל: „תלמוד תורה איז גוט אין איינעם מיט דרך ארץ — מיט וועלטלעכקייט" און פירט אויס, „אויב אַ תורה וואָס האָט ניט דערביי קיין „מלאכה" — „פאַך", וועט סוף־כל־סוף אונטערגיין". און ער ענדערט דאָס לשון פון „דרך ארץ" אויף „מלאכה", ווייל ער איז מיט דער מיינונג פון שמעיה ואבטליון, וואָס זאָגן: „האָב ליב מלאכה (אַרבעט)"! און די כוונה פון דעם איז: דאָס לערנען זאָל ניט פאַרנאַכלעסיקן די אַרבעט, און די אַרבעט זאָל ניט פאַרנאַכלעסיקן דאָס לערנען — (רמב"ם). נאָר דאַן, ס'וועלן אָנגיין תורה און מלאכה אין איינעם מיט דרך ארץ, וועט עס מאַכן פאַרגעסן דעם מענטשן אָן זינד.

— ד —

# דער מענטש קען זיך ניט באַנוצן בלויז מיט זיין שכל!

אַט אַזוי ווי דער מענטש איז באַשאַנקען מיט אַ כוח הדמיון, וואָס דער־הויבט אים צו די העכסטע ספערן און מיט אַ שכל, וואָס שטעלט אים איין דעם סדר החיים און שאַפט אים עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, ווערט ער ווירק־לעך דער מתקן, דער רעפאַרמאַטאָר פון דער גאַנצער בריאה, אַט פליט ער איבערלופטן, אַט לאָזט ער זיך אַרונטער אין די טיפענישן פון ים; אַט פוצט ער די נאַטור און באַרייכערט זי מיט כלערליי פּראָדוקטן. און אַלץ ווערט עס געטאָן צוליב דעם ווילזיין און באַקוועמלעכקייט פון זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט.

און ווי געוויינלעך, העלפט אַרויס זיין כוח הדמיון און שכל, בעיקר, דער כוח הדיבור (דאָס רעדן). ער דינט אים אַלס דער עקזעקוטיוו און גיט אַרויס אַלע זיינע פּלענער, בכדי צו פאַרשנעלערן און פאַרגרינגערן זיין לעבנס־וועג. אַט אויף סמך, בויט דאָס רוב בעלי שכל און דענקער די טעאָריע פון דעם מענטשנס תכלית. און קומען צום באַשלוס, אַז דער גוף אַן און פאַר־זיך אַנטהאַלט נישט קיין שום חשיבות. ער דינט בלויז אַלס אַ כלי, אַווו ס׳האַלט זיך אויף דעם מענטשנס שכל (אינטעלעקט). איז ווי נאָר דער שכל לאָזט איבער דער גוף, פאַרמאָגט ער שוין מער נישט קיין יתרון לגבי אַלע אַנדערע בעלי חיים.

איז אָבער אַזאַ מין אידעע מחלל דעם מענטשנס כבוד. מחמת זי שטעלט דעם מענטשנס גוף אַוועק נאָך נידעריקער פון אַלע מיני ברואים. בעת די בעלי חיים באַזיצן נישט קיין כוח הדמיון אין לעבן זיך אויס אינסטינקטיוו, אָן שום אַנטוויקלונג פון שכל, באַזיצט דער מענטש אַ גוף, וואָס דינט אים אַלס אַן אינסטרומענט אין דער אַנטוויקלונג פון זיין דמיון און שכל, און דערמעגלעכט אים אַז ער זאָל אַרויסברענגען פאַר דער וועלט אַלע מיני טעכנישע מיטלען און מעטאָדישע אָנווייזונגען פאַר דעם אויפהאַלט פון זיין קיום אונטער אַלע זיינע באַדינגונגען.

דערפאַר גייען זיך פונאַנדער, אין דער דאָזיקער השגה פון מענטשנס תכלית, די חכמים מיט די פרעמדע פילאָזאָפן. דער תנא, אין פרקי אבות ב׳, וואָרנט אונדז בזה הלשון „ווער ס׳האַלט זיך מיט דער אידעע פון דער **תורה**, ווערט אויך זיין גוף געאַכטעט, אַפילו ווען ער באַזיצט שוין ניט קיין **חיות**" (כל המכבד את התורה, גופו מכובד על הבריות).

ומהאי טעמא דריקט ער זיך אויס מיטן וואָרט „גופו" (זיין גוף). **בעת ער** האָט געקענט זאָגן סתם „כל המכבד את התורה — מכובד על **הבריות**",

בכדי צו צייגן, אַז אויך דער גוף האָט זיין חשיבות, ווען דהיינו — ביים לעבן, האָט עס געדינט אַלס אַן אינסטרומענט פאַר גייסטיקער דערהויבונג.

מאַנכע מפרשים גיבן איבער, אַז דער דאָזיקער רעיון איז ספּעציעל געזאָגט געוואָרן אויפן חשבון, וואָס ווערט דערציילט אין נאָמען פון דעם פילאָזאָף דיאָגנעס, אַז ער האָט באַפוילן, מ׳זאָל זיין גוף איבערלאָזן אויפן פרייען פעלד. האָבן אים זיינע תלמידים געפרעגט: ס׳טייטש, וועלן דאָך פייגל אויפעסן דיין פלייש? — האָט ער זיי געענטפערט: אויב אַזוי, זאָלט איר אין מיין האַנט אַריינטאָן אַ שטעקן, וועל איך זיי דאַן אָוועקטרייבן פון זיך. האָבן די תלמידים זיינע זיך אָפּגערופן: היתכן, ווען דו קענסט דאָס קענען טאָן, נישט האָבנדיק מער קיין חיות?! — אויב אַזוי — טאָ וואָס אַרט מיך, ווער ס׳וועט עסן מיין גוף!

דאָס צייגט אונדז, אַז אַזאַ מין רעיון קען נאָר באַזיצן אַ פילאָזאָף, וואָס דאָס וויכטיקסטע איז ביי אים נאָר דער שכל. ממילא, ווען דער גוף ווערט אָן זיין חיות, האָט ער שוין דאַן מער קיין חשיבות נישט. אפשר נאָך נידעריקער פון אַן אַנדער בעל־חי, ווייל עס עקזיסטירט אין דעם גוף שוין מער ניט קיין שכל. דערפאַר אַרט אים, נאָך אַלעם, שוין נישט אָוו זיין קערפּער וועט בלייבן ליגן, אָדער ווער ס׳וועט עסן זיין פלייש.

גאָר אַנדערש איז דער תורה־געדאַנק. אָט מיר געפינען אין מדרש (ויקרא פ׳ ל״ד), ווען דער תנא רבי הלל האָט געהאַלטן זיך ביים געזעגנען מיט זיינע תלמידים, האָבן זיי אים געפרעגט: רבי, וווהין גייסטו? — האָט ער זיי געזאָגט: איך גיי טאָן אַ מצוה. און די מצוה איז דאָס וואָס אין גיי זיך באָדן, נעמענדיק אין אכט אָט־וואָס: „מה־דאך, ווען אַ מלך בשר ודם דאַרף זיך געפינען צווישן אַנדערע גרויסע מלוכה־לייט, וואַשט מען אים, כדי ער זאָל אויסזען מאַיעסטעטיש, דאַרפן מיר דאָך אוודאי האַלטן ריין אונדזער קערפּער, וואָס ער איז באַשאַפן בצלם ודמות. ווי ס׳ווערט געזאָגט: פּאַסט אויף זייער אייערע קערפּערס (ושמרתם את נפשותיכם), ווייל דער גוף ביי אַן ערלעכן ייד דינט אַלס אַ וווינונג פאַר זיין נשמה, מוז דעריבער די דאָזיקע וווינונג ווערן אָפּגעהיט בכבוד.

יאָ, ס׳איז אָבער ניט גענוג אָפּצוהיטן די דאָזיקע וווינונג בלויז מיטן אַבסטראַקטן שכל, ווייל אָפטמאָל פאַרמיאוסט דער דאָזיקער שכל דעם גוף, אַז ס׳קומט אָן אויף אים אַזעלכע שמערצן, נישט צו געפינען פאַר אים קיין רפואה, נאָר סיידן אַז דער שכל געפינט זיך אונטער דער שליטה פון דער תורה, וואָס צאַמט אים און פאַרהיט זיין גוף פון אַלע מיני ענויים (פּייניקונגען).

ומהאי טעמא, זאָגן די חכמים: „דער וואָס ריכט אָפּ תעניתים, איז ער אַ זינדיקער (היושב בתענית — נקרא חוטא), ווייל מ׳טאָר ניט פּייניקן דעם קערפּער סתם אין דער וועלט אַריין. — ווי געוויינלעך, טוט ער, דער מענטש דאָס, ווייל אַזוי דיקטירט אים זיין שכל.

איז פון דעם אַלעם געדרונגען, אַז אונדזער תורה באַנוגנט זיך ניט בלויז מיטן מענטשנס שכל אַליין, וואָס איז דער יתרון לגבי אַנדערע בעלי חיים, נאָר אַחוץ דעם, הייסט זי אויפפּאַסן דעם גוף, ווייל ער דינט אַלס אַ וווינונג פאַר זיין נשמה, ובכדי די נשמה זאָל נישט פאַרמיאוסט ווערן פון דעם שכל, וואָס האַלט דעם גוף אונטער דער השפעה פון תאוה און גאוה און פאַרפירט אים לתרבות רעה, מוז זי טראָגן די שוץ פון אונדזער תורה הקדושה. ד. ה. — דער שכל פון מענטשן דאַרף זיין באַשטראַלט מיט תורה־ליכט, בכדי די וווינונג פון זיין נשמה, זאָל זיין אויפגעפּאַסט ריין און זויבער, ביז דער באַשטימטער צייט פון זייער צעשיידן זיך. ממילא, מוז אַזאַ וווינונג געאַכטעט ווערן, אַפילו ווען די נשמה לאָזט זי איבער.

— ה —

## דער חילוק צווישן מחזיקי תלמידי חכמים און שלוחי מצוה

אונדזער תורה הקדושה שילדערט, ווי משה רבנו בענטשט דעם שבט זבולון, בזה הלשון: „פריי זיך זבולון ביי דיין אַרויסגיין, און יששכר אין דיינע געצעלטן" (שמח זבולון בצאתך ויששכר באהליך). דאָס מיינט, פריי זיך, זבולון, מיט דעם, וואָס אַ דאַנק דיר קען יששכר זיצן אין געצעלטן פון תורה.

זאָגט רש"י ז"ל אויף דעם מאמר: „ווייל זבולון און יששכר האָבן געשלאָסן שותפות, כדי ער זאָל קענען רואיק לערנען.— ווען זיי ביידע צוזאַמען קענען געניסן פון דער תורה".

באַמערקט אויף דעם דער „אור החיים": „הגם קיינע מאַטעריעלע ענינים באַפרידיקן נישט דעם מענטשן, ווי שלמה המלך דריקט זיך אין קוהלת: וואָס טוט אויף די פרייד אויף דער וועלט (ולשמחה מה זו עושה), צי קען די פרייד מאריך ימים זיין, איבערלאָזן עפּעס נצחיות? — אָבער די שמחה פון מעשה זבולון, זאָגט משה רבינו, איז גאָר אַנדערש. ער האָט זיך מיט וואָס צו פרייען. כאָטש ער פאַרבייט דעם בית המדרש אויף מסחר (אויף עולם־הזהדיקע ענינים), דערמעגלעכט ער אָבער מיט זיינע פאַרדינסטן, אַז יששכר זאָל זיך קענען אויפהאַלטן אין די געצעלטן פון תורה. און נאָך צופרידענער וועסטו זיין, זבולון, ווען דו וועסט מצליח זיין בעת יציאתך, ווי דו וועסט אַרויספאָרן צום מסחר, נישט ווי אַנדערע סוחרים, וואָס ווייסן ניט ביים אַרויסגיין, צו זיי וועלן מצליח זיין אָדער נישט, נאָר סיידן ווען זיי

קערן זיך צוריק פון מסחר. אויף אַזאַ אופן ווערט זבולון דער שליח פון מחזיק צו זיין לומדי תורה. איז עס פונקט ווי זיי וואָלטן געלערנט בחברותא״.

ובכלל, איז שמחה איינע פון די טייערסטע מתנות. יעטווידער מענטש שטרעבט מיט אַלע כוחות זי צו דערגרייכן. און מ׳איז גליקלעך ווען אַזאַ מתנה באַגלייגט אויף יעדן טריט און שריט.

ווי געוויינלעך, וואָלט דאָס רוב מענטשן אָפּגעגעבן אַ גרויסן חלק פון זייער פאַרמעגן, ווען ס׳וואָלט געווען במציאות זיך איינצושאַפן אַ פאַרזי־כערונג אויף פרייד. נאָר ס׳איז אַן אומזיסטע האָפענונג, ווייל אַזאַ פאַרזי־כערונג וואָלט אַ גרויסער סיורפּרייז געווען, וואָס אַזוינס איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען.

אַלנפאַלס, „איז ניטאָ קיין נייס אונטער דער זון״ (אין כל חדש תחת השמש). ס׳זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען געבענטשט מיט אַזאַ מתנה און זיינען גליקלעך און צופרידן. און ס׳זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס הערשט אויף זיי די קללה פון מעלאַנכאָליע און פאַרביטערונג, און זיינען גייסטיק צעבראָכן און האָבן נישט קיין רו. זיי זוכן נאָר עצות און מיטלען ווי פטור צו ווערן פון אַזאַ צרה, און ווי לכל הפחות אויף אַ שעה צייט אַוועקטרייבן די שאָטנס וואָס פאַרטונקלען זייערע אויגן און פאַרביטערן זייער האַרץ, רחמנא ליצלן.

נאָר דער בורא אַליין ווייסט דעם אמת, וויפל סוחרים אויסגעצייכנט אין באַוווסטע פירמעס, ס׳זיינען פאַראַן פון זיי, וואָס פאַרמאָגן פאַבריקן און ריזיקע בנינים, און זיצן זיך אין זייערע רחבותדיקע קאַנצעלאַריעס (ביוראָס) און פאַראָרדענען זייער עקספּאָרט איבער דער גאַנצער וועלט, און זיינען קראַנק פּסיכיש, און ער ווייס וויפל פון זיי עס באַזוכן דאָקטוירים און פּסי־כיאַטאָרס, כדי צו פאַרטרייבן דעם שלעכטן גייסט וואָס הערשט איבער זיי, און כדי צו פאַרלייכטערן לכל הפחות די יסורים, וואָס זיי ליידן פון דער עצבות ומרה שחורה און פון דער גייסטיקער צעבראָכנקייט. דעריבער, האָט דער איש האלוקים, דער גרויסער מנהיג בישראל, משה רבינו איבערגעלאָזט אַ גרויסע ברכה פאַר אַלע דורות, צו דעם שבט זבולון און צו די וואָס טוען מעשה זבולון — צו די מחזיקו לומדי תורה. און ער האָט אויסגערופן: „שמח זבולון בצאתך״, פאַר דעם וואָס יששכר איז זיך עוסק בתורת ד׳, אין גע־צעלטן פון תורה. ווייל פרייד דערגרייכן איז די גרעסטע מתנה, וואָס דער מענטש ווינטשט זיך.

דאָס באַווייזט אונדז, ווי זיכער ס׳איז געווען דער גרויסער מנהיג בישראל, אַז פאַר דעם, וואָס מ׳איז מחזיק תלמידי חכמים, אַז די שמחה אַ

שטאַנדהאַפטיקע, און ס'איז ניט שווער זי צו דערגרייכן, ווען ס'איז נאָר דאָ דערביי די הסכמה און דער רצון צו איר. קומט דערפאַר די גמרא אין פסחים דף ח' און שטעלט פעסט, אַז די מחזיקי תלמידי חכמים הייסן שלוחי תורה, וואָס זיינען פיל וויכטיקער פון שלוחי מצוה, ווייל ביי די מחזיקי תורה איז די הבטחה פון הצלחה און שמחה צוזאַמען, מחמת זיי האָבן אַ שותפות געשלאָסן.

# קאַפּיטל 15

„תלמידי חכמים זיינען די, וואָס עוסקן זיך אין תורה, אין דער געט־לעכער קונסט פון בריאת העולם".

(אלו ת"ח שעוסקים בבנינו של עולם. — שבת קי"ד — מהרש"א)

# תורה שבכתב ושבעל־פה

א.—דער אויפטו פון תושבע"פ.

ב.—תושב"כ ותושבע"פ זיינען איינס.

ג.—תורה שבעל-פה ווערט אַן אויפגעשריבענע תורה.

— א —

## וואָס איז דער אויפטו פון תושבע"פ?

כידוע, איז די תורה שבכתב געגעבן געוואָרן צו משה רבינו מפי הגבורה. ער האָט זי דערנאָך איבערגעגעבן צו די כוהנים, בכדי די דאָזיקע לערע זאָל פאַרשפּרייט ווערן צווישן פאָלק.

און דאָס פאָלק האָט איבערגענומען די תורה ביראה ובאהבה, און זי האָט געקראָגן איר כוח הנצחי. אַזוי אַרום, האָט זי פאַרשאַפט גרויס כבוד דעם יידישן פאָלק עד היום.

ובכדי דער ייד זאָל בעסער פאַרשטיין און וויסן ווי אָפּצוהיטן די דאָזיקע מצוות ומשפּטים צו אַלע צייטן, אונטער וואָס פאַראַ באַדינגונגען און אומ־שטענדן ער זאָל זיך ניט געפינען, האָבן די חכמים דערקלערט אויסוועייניק די חוקים ומשפּטים פון דער תורה. און אויף אַזאַ אופן, האָט דורך זיי זיך געשאַפן אַ תורה שבעל־פה.

דעריבער זאָגן מיר „ברוך שבחר בהם ובמשנים" — געלויבט איז ג־ט, וואָס ער האָט אויסדערוויילט די חכמים מיט זייער לערנונג, וואָס זיי האָבן אונדז געלערנט.

וואָרום, ווען די חכמים וואָלטן אונדז נישט געלערנט די משניות מיט דער גמרא, וואָלטן מיר נישט געוווּסט ווי אַזוי מ׳זאָל לייגן תפילין, ווי אַזוי מ׳זאָל מאַכן ציצית, אָפּהיטן כדבעי שבת, פסח און אַלע איבעריקע מצוות; און אויך, ווען די חכמים וואָלטן אונדז נישט געגעבן זייערע מצוות, צו דערווייטערן זיך פון אַן עבירה וואָלטן מיר נישט געקענט געהעריג אָפּהיטן די תורה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך משה רבנו מפי הגבורה. ומהאי טעמא זאָגט רבי יהושע בן לוי: טאָג־טעגלעך גייט אַרויס אַ בת־קול פון באַרג סיני און רופט אויס: „ווי צו די לייט, וואָס זיינען מבייש די תורה"! — (בכל יום ויום בת־קול יוצאת מהר סיני ומכרזת ואומרת — אוי להם לבריות מעלבינה של תורה).

זאָגט אויף דעם דער בעל־שם־טוב, אַז אַ בת־קול איז דאָס, וואָס קומט אַריין ביי יעדן מענטש אין דער מחשבה אַ הרהור תשובה — אַ געדאַנק צו טאָן תשובה.

אַזוי אַרום, איז דורך דער תורה שבעל־פה געפּלאַסטערט געוואָרן אַ וועג ווי אַזוי אַדורכצופירן די מצוות התורה אין דער פּראַקטיק, בכדי מ׳זאָל ניט נכשל ווערן אין קיינע עבירות. — אָט דאָס איז דער הויפּט־אויפטו פון דער תורה שבעל־פה!

— ב —

## תורה שבכתב און תורה שבעל־פה

אייגנטלעך פאַרמאָגן מיר אַ דאָפּלטע תורה: אַ תורה וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך משה רבינו און אַ תורה, וואָס איז געלערנט געוואָרן אויסווייניק. אָבער אין דער ווירקלעכקייט זיינען זיי ביידע פאַררעכנט ווי איין תורה. וואָרום תורה שבעל־פה דינט בעיקר אַלס אַ מין פירוש אויף תורה שבכתב. ואגב האָבן אויך די חכמים אַרויסגעבראַכט על־פי דרש געוויסע נייע פאַלן, וואָס זיינען אין דער תורה שבכתב בפירוש ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

דער חילוק צווישן די דאָזיקע ביידע תורות איז בלויז, וואָס תורה שבכתב איז געשריבן געוואָרן אויף פאַרמעט און תורה שבעל־פה, איז בימי התלמוד, געלערנט געוואָרן אויסווייניק. ד"מ — דאָס מויל האָט געדינט פאַר דער תורה שבעל־פה כעין פאַרמעט. און אַזוי ווי דאָס פאַרמעט פון תורה שבכתב מוז זיין אויסגעאַרבעט דווקא לשמה — ס׳מוז זיין פון אַ בהמה טהורה,

נישט פון קיין טמאה, אַזוי מוז אויך זיין דאָס מויל פון תורה שבעל־פה אַדורכגעדרונגען לשם עבודת הבורא.

ווי געוויינלעך האָבן די אומות העולם אָנגענומען, אַז תורה שבכתב איז אַבסאָלוט אַ גאַנץ באַזונדערע תורה און זיי האָבן זיך מיט איר טאַקע מתייחס געווען. אָבער וואָס שייך תורה שבעל־פה, איז ביי זיי פאַררעכנט גאָר פאַר אַ צווייטע תורה, אָן שום שייכות צו דער תורה שבכתב, זי איז בלויז אַ שאַפונג פון די יידן און צו די יידן.

ומהאי טעמא, פלעגן געוויסע געלערנטע נוצרים אַרויסטרעטן מיט עזות קעגן די רייד פון די חכמי התלמוד און פאַרשפרייטן האַס און שנאה צו דעם עם ישראל, בנוגע צו דעם אורטייל פון די חכמים לגבי נכרים און נאָך אַנ־דערע ענינים.

אָבער ס׳איז כדאי דאָ אָנצווייזן די כוונה פון רבי שמעון בן יוחאי, וואָס זאָגט: „די וואָס זיינען געווען ביים באַרג סיני, האָבן געדאַרפט האָבן צוויי מיילער, איינס פאַר קדושת התורה און איינס פאַר דברי חול (וואָכע־דיקע רייד). — (אלו הוינא בסיני, הוי בעינא תרי פומי חד למעלי דאורייתא וחד למילי דעלמא. — מאמר בירושלמי). —— זאָגט וועגן דעם די הקדמה צום „שב שמעתתא״ — (מבעל הקצות החושן), אַז די כוונה פון חד פומא למילי דעלמא, איז ניט לגנאי, נאָר דאָס גייט אַרויף אויף דעם, וואָס מ׳לערנט בפה. ד״ה — תורה שבעל־פה. וואָרום, דעם טעם פאַרוואָס תורה שבעל־פה איז ניט דערלויבט געווען, זי זאָל ווערן געשריבן, ווייל זי וואָלט פילייכט נישט פאַררעכנט געוואָרן ספּעציעל צום עם־ישראל. די אומות העולם וואָלטן זיך צו איר אויך באַהעפטן און רעדאַקטירט לויט זייער השגה. ווי זיי טוען עס ביי היינט צו טאָג מיט דער תורה שבכתב.

דעריבער האָבן די חכמי התלמוד אויפגעהאַלטן די דאָזיקע תורה נאָר בפה: זי נישט פאַרשריבן אויף קיין פאַרמעט, בכדי זי זאָל זיין ספּעציעל באַהאַפטן נאָר צום עם־ישראל.

לויט דעם דאָזיקן הסבר, ווערט קלאָר פאַרשטאַנען די רייד פון דעם געטלעכן משורר, וואָס זאָגט „וואָס וועט מען מען דיר געבן, און וואָס וועט ער דיר צולייגן, די צונג פון באַטרוג״ ? — (מה יתן לך ומה יוסיף לך, לשון רמיה־תה לים ק״כ). ד״מ — ווי באַלד מ׳קען זיך נישט אויסהיטן פון לשון הרע און רכילות מיט איין מויל, וועט מען דאָך אוודאי מיט צוויי מיילער נאָך מער זינד מוסיף זיין; מ׳וועט עובר זיין מיט אַ צוגאָב פון אַ פאַלשער צונג, נאָך אויף פיל אַנדערע האַרבערע איסורים!

אָבער גאָר אַנדערש איז, ווען דאָס מויל דינט אַלס פאַרמעט פון תורה־שבעל־פה, וועט דאַן די צונג זיין פאַרנומען צו פרעדיקן יראת שמים ואהבת הבריות; און אַלע שלעכטע נייגונגען און אינסטינקטן וועלן ממילא ווערן

נכנע צום רוח התורה, און וועט זיכער אָפּהיטן קענען די מצוות ומשפטים כדין וכדת, לויט די אָנווייזונגען און דערקלערונגען פון די חכמים.

— ג —

## תורה שבעל־פה ווערט אַ תורה שבכתב

כאָטש ס'איז געווען אַן אָנגענומענער כלל, אַז אַלע יענע לערעס, וואָס משה רבינו האָט איבערגענומען אויפן באַרג סיני בעל־פה, טאָר מען נישט איבערגעבן און כתב (זע, גיטין ס׳, ב׳), האָט אָבער רבי יהודה הנשיא און מאַנכע אַנדערע חכמים פון זיין צייט איינגעזען, אַז מען קען נישט אַזאַ פּרינציפּ אָנהאַלטן, נישט אויפצושרייבן די אַזוי אָנגערופענע „תורה שבעל־פה", האָבן זיי געזאָגט: „ס'איז ליבערשט ס'זאָל בטל ווערן די מצוה פון נישט־אויפשרייבן די „תורה שבעל־פה", איידער די תורה זאָל חלילה אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן" (מוטב שתעקר מצוה ואל תשתכח תורה מישראל. — תמורה י״ד, ב׳).

און ווי ס'איז באַוווסט, זיינען דערנאָך אַרויסגעקומען קריטיקער פון „תורה שבעל־פה". באַזונדערס שאַרף זיינען שפּעטער קעגן דער תורה שבעל־פה אַרויסגעטראָטן די „קאַראַימען" (די וואָס האַלטן זיך שטרענג טעקסטועל ביי תורה שבכתב), אין דער צייט פון ר׳ סעדיהו גאון, וועלכער איז געווען געצוווּנגען אָנצופירן קעגן זיי אַ שרעקלעכן ביטערן קאַמף. ער האָט די קאַראַאימען באַקעמפט. ער האָט זיי באַוויזן, ווי ווייט נייטיק די „תורה שבעל־פה איז פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דער „תורה שבכתב". אַט למשל — זאָגט ער — האָט די תורה פאַרבאָטן צו טאָן אַ מלאכה אום שבת; און ווער ס'טוט אַ מלאכה אום שבת, האָט די תורה אָנגעזאָגט, אַז ער דאַרף קריגן טויט־שטראָף, האָט אָבער די תורה נישט דערקלערט, וואָס הייסט אַזוינס „טאָן אַ מלאכה". אַז אַ מענטש זאָל צוליב דעם זיין „חייב מיתה". עס איז אויך נישט מעגלעך, האָט ר׳ סעדיהו גאון ווייטער אַרגומענטירט, אַז די תורה האָט זיך געזאָלט פאַרלאָזן אויפן פאַרשטאַנד פונעם בית־דין, ווייל די באַגריפן פון די מענטשן ענדערן זיך, קען זיך אַמאָל איינעם אויסדוכטן, אַז אַ מלאכה הייסט בלויז שלעפּן אַ משא אָדער אַרבעטן מיט אַ האַמער. דאַקעגן קענען אַנדערע וועלן מיינען, אַז טאָן אַ מלאכה הייסט פאַרטיק מאַכן אַ געוויסע אַרבעט, און מאַכט מען אַזאַ אַרבעט ניט פאַרטיק, הייסט דאָס נישט, אַז מ'האָט געטאָן אַ מלאכה און מען איז נישט חייב מיתה. וואָלט דאָן אָן אַ תורה שבעל־פה מעגלעך געווען, אַז וואָס בית־דין וואָלט באַטראַכט פאַר אַ מלאכה, וואָלט אַן אַנדער בית־דין נישט באַטראַכט פאַר אַ מלאכה און עס וואָלט דערפאַר נישט באַשטראָפט. דאָס

אייגענע קען געזאָגט ווערן, וואָס אַ תורה האָט פאַרבאָטן צו עסן געוויסע זאַכן און ס'איז נישט דערקלערט דעם שיעור פון דעם דאָזיקן עסן, צי עס מיינט עסן צו זעט, אָדער אַז נעמען דאָס קלענסטע שטיקל אין מויל אַריין, הייסט שוין געגעסן; און אויך אין דער באַציאונג איז נישט מעגלעך, אַז די תורה האָט דאָס געזאָלט איבערלאָזן צו דער מיינונג פון אַ בית־דין.

ר' סעדיהו גאון האָט דער צו אַרגומענטירט, אַז די אַלע זאַכן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו משה רבינו בעל־פה, ווייל אַפילו דאָרט ווו די תורה זאָגט אויסדריקלעך, אַז פאַר טאָן אַ מלאכה אום שבת, איז מען חייב מיתה, האָט משה רבינו נישט געוווסט, וואָס מ'דאַרף טאָן צום „מקושש עצים" (מען מ'קלייבט האָלץ אום שבת). פאַרשטייט מען דערפון, אַז דער ענין „חלול שבת", האָט נאָך דעמאָלסט געדאַרפט האָבן אַ פירוש, ווייל עס איז נאָך נישט געווען פרעציזירט דעם ענין מלאכה. אויסער דעם ווייסט יעדער, אַז פון יעדן יתירה־לשון אין דער תורה, האָט די תורה שבעל־פה אויסגעפונען די ריכטיקע איינטייטשונג און אויסגלייך פון פאַרשיידענע אום־פאַרשטענדלעכע פסוקים.

אָבער די „קאַראַימען" האָבן געפרעגט: ווי אַזוי קומט עס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אַזעלכע שטאַרקע ווידערשפּרוכן אין דער תורה שבעל־פה? און מער פון אַלעמען האָבן זיי זיך געוווּנדערט וועגן די מחלוקות, וואָס זיי־נען אַרויסגעקומען צוליב יענע הלכות וועלכע זיינען אָנגענומען אַלס אַ „הלכה למשה מסיני".

האָט ר' סעדיהו גאון אויף דער דאָזיקער טענהט געענטפערט, אַז די אורזאַך פון די ווידערשפּרוכן אין דער „תורה שבעל־פה" איז, וואָס די חכמים האָבן צו לאַנג געוואַרט מיטן אויפשרייבן די משנה און די אַנדערע ספרים פון דער תורה שבעל־פה. דאָס איז געשען, ווייל די פריערדיקע חכמים האָבן געהאַט אָנגענומען אַ פרינציפּ, אַז מ'טאָר נישט אויפשרייבן די תורה שבעל־פה.

אין שמות רבה, פרשה מ"ז, פסיקתא א'. ווערט דאָרט אָנגעגעבן אַטעם פאַר דעם דאָזיקן פרינציפּ: „ווען דער אויבערשטער האָט זיך באַוויזן צו משה רבינו אויפן באַרג סיני, צו געבן די תורה צו די יידן, האָט ער דער־קלערט צו משה רבנו די גאַנצע תורה כסדר. גאָר צו ערשט האָט ער דער־קלערט די מצוות פונעם חודש, דערנאָך האָט ער דערקלערט די אגדה. האָט משה רבנו געזאָגט צום אויבערשטן: לאָמיך דאָס אַלס אויפשרייבן"! — האָט אים ג'-ב"ה געענטפערט: „איך וועל דאָס נישט געבן אויפשרייבן, ווייל די פערמדע פעלקער וועלן אַמאָל הערשן איבער מיינע יידן און די יידן וועלן זיין פאַראַכטעט צווישן זיי, וועלן די אומות קריגן חשק אָוועקצונעמען די תורה פאַר זיך, וועל איך דערפאַר געבן בלויז דעם תנ"ך אין כתב און די משנה מיטן תלמוד צוזאַמען מיט דער אגדה וועל איך געבן, אויף צו לערנען

אויסוויינִיק, כדי אַז, ווען די האומות העולם וועלן הערשן איבער די יידן, זאָלן זיך די יידן קענען האַלטן אָפּגעזונדערט מיט זייער תורה". אַזוי אַרום, איז אין פּרינציפּ אָנגענומען געוואָרן נישט איבערצוגעבן די תורה שבעל־פה אין כתב. ביז יהודה הנשיא האָט דערקלערט, ווי וויכטיק ס'איז צו האָבן אַן אויפגעשריבענע תורה שבעל־פה. און אַדאַנק דער אויפגעשרי־בענער תורה שבעל־פה, איז אונדז געוואָרן פאַרשטענדלעך די תורה שבכתב און איז געבליבן תמיד ווי ניי און פאַרהייליקט עד היום!

# קאַפּיטל 16

די נביאים וואָרענען די יידן ניט צו טאָן קיין עבירות.
נביאי ישראל מזהירין את ישראל מן העבירות (במ"ר פ"כ).

# נבואה ביי יידן

א.— דער אויפקום פון נבואה. ב. — די שריפט־נביאים.
ג.— עמוס הנביא. ד. — עמוס און הושע . . .
ה.— דער נביא ישעיהו. ו. — די פאַלשע פרומקייט.
ז.— די רגילות פרומקייט. ח. —די שטעלונג צו מצוות.
ט.— די שטעלונג צו מאכלות אסורות. י. — די זעאונג וועגן דער צוקונפט.

— א —

## דער אויפקום פון נבואה ביי יידן

לויט דער מסורה הויבט זיך אָן די געשיכטע פון נבואה ביי יידן פון משה רבינו. ער איז געווען דער ערשטער און גרעסטער נביא. ווי די תורה דריקט זיך אויס: וואָס נאָך אים איז שוין מער אַזאַ נביא ניט געווען ביי יידן (דברים ל"ד) דעריבער ווערט ער באַצייכנט דער „אדון הנביאים". נאָך אים איז געווען יהושע, זיין תלמיד, אָבער אַ סך קלענער פון אים. ווי די גמרא ברענגט אין בבא בתרא ל"ה: „משהס פנים איז געוון ווי די זון און יהושעס פנים ווי די לבנה". איז פון דעם צו זען, אַז די נבואה האָט זיך אַנטוויקלט ניט פון נידעריקערע צו העכערע פאָרמען, נאָר אומגע־

קערט: זי איז געגאַנגען פון משהן אַן אויף צוריק, ביז זי איז אינגאַנצן נסתלק געוואָרן.

און אַז משה איז געווען דער „אדון הנביאים" איז געדרונגען פון פאַרשיידענע שטעלן אין תנ"ך. אַט ווי מיר געפינען ווי ג־ט האָט איין מאָל געטראָפן משהן אונטערוועגנס און האָט אים געוואָלט טויטן (שמות ד', כ"ד). אויך האָט ער געקוקט אויף ג־ט און גערעדט מיט אים מויל צו מויל (במדבר י"ב). דאָס באַווייזט אַז משה איז געווען אַ בן־בית ביי ג־ט, בעת די אַלע אַנדערע נביאים האָט גאָט זיך צו זיי באַוויזן אין אַ זעאונג אין אַ חלום. אין אַנדערע ווערטער איז דער אונטערשייד צווישן משהן און אַלע אַנדערע נביאים געווען אין דעם, וואָס משהס שייכות צו גאָט איז געווען אַ מיטאָלאָגישע, בעת די שייכות פון אַלע אַנדערע נביאים צו ג־ט איז בלויז אַ פּסיכאָלאָגישע. דאָס מיינט: אַז משה הערט ג־טס קול, ווי איינער רעדט צום אַנדערן פּנים אל פּנים, ווי דורך אַ דורכזיכטיקן שפּיגל, בעת די אַלע אַנדערע נביאים, האָבן בלויז געזען די נבואה, ווי פון אַן אומדורכזיכטיקן שפּיגל — בלויז אין דער פאַנטאַזיע. אָבער אויסדריקלעך אַלס פאָפּולערסטער, פירער פון פאָלק, האָט זיך דער ערשטער אויסגעצייכנט מיטן נאָמען נביא, אין די „נביאים ראשונים" שמואל.

די ערשטע נביאים טרעפן מיר טאַקע אין שמואלס צייט, און זייער הויפּט כאַראַקטעריסטיק איז געווען עקסטאַז, רעליגיעזע התלהבות. דאָס האָט זיי אויסגעצייכנט פון דעם „ראוה" און „חוזה", וועלכע האָבן געזען דורך אויסערלעכע צייכנס, אָבער זייער אינערלעכע פערזענלעכקייט איז דערפון ווייניק באַרירט געוואָרן. די צייכנס, וואָס דער „רואה" אָדער דער „חוזה", האָט באַמערקט, זיינען געווען פאַרשיידענע, און מ'געפינט זיי ביי אַ סך פעלקער אין דער אַלטער צייט. אַ גרויסע ראָלע אין די דאָזיקע פּרימיטיווע זעאונגען האָבן געשפּילט די חלומות, וואָס מ'האָט געזען אין אַ שלאָפנדיקן אָדער האַלבשלאָפנדיקן צושטאַנד, אין סתם פאַנטאַסטישע בילדער, וואָס מ'האָט געזען אין אַ פינצטערער נאַכט. אָפטמאָל האָט מען ביינאַכט ניט בלויז אַ פאַנטאַסטיש בילד, נאָר מ'האָט אויך געהערט אַ פאַרבאָרגענע שטים. (אַט ווי יעקב הערט אַזאַ שטים, אין אַ נאַכט־זעאונג, (בראשית מ"ו). אויך אברהם הערט ג־טס וואָרט אין אַ „מחזה" ביי נאַכט (בראשית ט"ו). אויך שמואל הערט ג־טס שטים ביינאַכט (שמואל א' ג').

דער „רואה" האָט דערפאַר געקענט „זען" אַלעמאָל, ווען נאָר ער האָט באַמערקט געוויסע אויסערלעכע צייכנס. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען דער נביא. ער האָט געזען נאָר אין מאָמענטן פון עקסטאַז, און זיין זעאונג איז געווען ניט קיין אויסערלעכע נאָר אַן אינערלעכע, פון זיך אַליין אַרויס. ער האָט געפילט, אַז ער איז פאַראייניקט מיט ג־ט און אַז ער זעט אַ וועלט וועלכע ליגט הינטער אונדזערע חושים און אונדזער שכל.

מיט דער צייט איז דער נביא געוואָרן אַ פּאָרויסזאָגער פון דער צוקונפט, אַ קאָנקורענט פון די זעער און די אָראַקל־געבער, מער ניט ער, דער נביא, האָט געזען פאַרבאָרגענע זאַכן און האָט געהערט אַ שטים פון ג־ט אין מאָמענטן פון עקסטאַז, פון „עלית נשמה".

און די נבואה האָט אַלץ מער און מער זיך דערהויבן ביי יידן צו העכערע שטופעס, וואָס ווייטער, אַלץ גרעסערע איינצלנע נביאים זיינען אויפגע־שטאַנען, וועלכע זיינען געווען ווייט פון די מאַסן־נביאים, ביי וועמען דער רוח־הנבואה איז געווען אַ פּריוואַטע זאַך, אַ מיטל צו לעבן דערפון, ווי מיכה המורשתי האָט זיך אויסגעדריקט (מיכה ג׳ י״א).

אָט די איינצלנע, אָריגינעלע געשטאַלטן צווישן די נביאים זיינען עס געווען, וועלכע האָבן אָראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּסולת פון זייער סביבה און האָבן אַלץ העכער זיך דערהויבן אין זייער השגה פון ג־ט און פון לעבן, — ביז די נבואה האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה אין די ריזיקע נביאים פיגורן פון דער אשורישער און באַבילאָנישער עפּאָכע.

— ב —

## די שריפט-נביאים

אין מיטן אַכטן יאָרהונדערט (פאַר דער קריסטלעכער ערא), אין דער רעגירונגס־צייט פון ירבעם בן יאוש, דער אוראייניקל פון יהוא בן־נמשי, איז אויפגעקומען אַ נייער טיפּ נביאים. ווי ס׳איז אויבנדערמאָנט געוואָרן, אַז דאָס זיינען ניט די מאַסן נביאים, נאָר די איינצלנע, גרעסערע געשטאַלטן צווישן זיי. אין דער געשיכטע פון אָט די אינדיווידועלע נביאים, וועלכע זיינען געוואָרן פירער פון פאָלק, הויבט זיך עס אָן מיט עמוסן אַ נייע תקופה. ער געהערט צו דעם טיפּ פון די שריפטלעכע נביאים, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ נייעם, העכערן טיפּ פון נבואה. אויב אין דער צייט פון אליהו און אלישע איז נאָך דער בין השמשות, הויבט זיך מיט עמוסן אָן דער ליכטיקער מאָרגן.

עמוס גופא, דער ערשטער פון די שריפט־נביאים (די נבואות וואָס זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין ביכער), האָט אַ פּנים געפּילט, אַז ער איז אַנדערש פון אַלע נביאים פאַר אים. ער זאָגט דערפאַר אַמציהן, דעם כוהן פון בית אל: „לא נביא אנכי ולא בן־נביא אנכי" (עמוס ז׳). ער לייקנט, הייסט עס, שטיין און ביין, אַז ער איז גאָר קיין נביא ניט און אַז מיט די בני הנביאים האָט ער קיין שום מגע־ומשא ניט. וואָרום אליהו און אלישע זיינען געשטאַנען נאָנט צו די נביאים פון זייער צייט. אלישע איז זיכער געווען דער פירער און פאָרשטייער פון די בני־הנביאים, און ס׳קאָן זיין, אַז אויך אליהו איז עס

געווען. עמוס אָבער אַנטזאָגט זיך לגמרי פון זיי. ער האָט מיט זיי גאָרנישט צו טאָן. איינזאַם און אַליין לעבט ער מיט זיין סטאַדע שאָף אויפן גרענעץ פון דעם מדבר, און איינזאַם און אַליין קומט ער איבערגעבן ג־טס שליחות צו זיין פאָלק ישראל. און פון דעם טיפּ נביאים — די שריפט־נביאים, זיינען אויך געווען רעליגיעזע עקסטאַטיקער. נאָר ס'שיידט אָפּ די שריפט־נביאים פון די נביאים פאַר זיי, בעיקר, דער אינהאַלט פון זייערע רייד, די אינערלעכע, גייסטיקע גרויסקייט זייערע, די רעליגיעזע און מאָראַלישע הויך, אויף וועלכער זיי שטייען, דער אוניווערסאַלער וועלט באַנעם זייערע און די גוואַלדיקע עטישע קראַפט, וואָס ליגט אין זייערע ווערטער. פאַר אָט דער גייסטיקער גרויסקייט פון די שריפט־נביאים שטייען שטיל אין אַ צוריק־געהאַלטענער באַוואונדערונג אַלע מענטשן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. וואָרום זיי זיינען עס געווען די טעאָרעטיקער און באַגרינדער פון עטישן מאָנאָטעאיזם. ערשט ביי זיי איז פון י־ה־ו־ה, דער ג־ט פון ישראל, געוואָרן י־ה־ו־ה, ג־ט פון די פעלקער, דער ג־ט פון דער וועלט, דער איינאיינציקער ג־ט, וועלכער פאָדערט פון אַלע מענטשן נאָר איין זאַך: אַ פאָלקאָם מאָראַלישן לעבן, אַ לעבן אָן עוולות, אָן פאַלשקייט און אָן אונטערדריקונג פון די שוואַכע און די אָרעמע.

אָט מיט דעם עטישן מאָנאָטעאיזם פון די שריפט־נביאים דערגרייכט דערפאַר די נבואה איר העכסטן שטאַפּל. וואָרים רעליגיעזע עקסטאַטיקער, וועלכער האָבן גערעדט אין ג־טס נאָמען, זיינען ביי אַ סך פעלקער געווען. מיט דער שריפט־נבואה שטייען יידן איינציק אין דער וועלט־געשיכטע. די העכסטע גיטער, וואָס די מענטשהייט פאַרמאָגט, האָבן אין איר זייער שורש.

אַזוי אַרום, זיינען די נביאים געווען די איינציקע גרויסע מענטשן אין דער גייסטיקער געשיכטע פון דער מענטשהייט, וועלכע האָבן אַליין לחלוטין ניט געוווסט פון זייער אייגענער גרויסקייט. וואָרים דער נביא פון דעם טיפּ שריפט־נביאים, איז געווען זיכער, אַז דאָס וואָס ער זאָגט, איז ניט זיינע אייגענע געדאַנקען און זיינע אייגענע ווערטער, נאָר דאָס האָט ג־ט אים געשיקט איבערגעבן צו די מענטשן אַ פּערזענלעכע שליחות פון אים. די דאָזיקע שליחות איז געווען אַן אינערלעכע איבערלעבונג זיינע, זי האָט אויסגעפילט אַלע טיפענישן פון זיין נשמה, און ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און זיין גאַנצע פּערזענלעכקייט זי דורכצופירן. און טאַקע אין דעם ליגט די גוואַלדיקע מאָראַלישע קראַפט פון די נביאים, וועלכע האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט געלאָזט בויגן. זיי האָבן גערעדט אין נאָמען פון אַ ג־ט, וועלכן זיי האָבן געקאָנט פון זיך אַליין אַרויס. ער אז פאַר זיי געווען אַן איבערלעכע איבערלעבונג. זיי האָבן קיין מאָל ניט געהאַט דעם מינדסטן ספק וועגן אים. ער איז פאַר זיי געווען אַזוי געוויס, און אפשר נאָך געוויסער, ווי זייער אייגענע נשמה. דער נביא איז, אַלזאָ, געווען אומבייגזאַם, ווייל ער האָט דעם

אמת ניט געשעפּט פון קיין אויסערלעכן קוואַל; ער האָט אים פון קיין אַנדערן ניט געהערט; ער האָט אים ניט אַרויסגעדרונגען נאָך איבערקערונגען וועגן געוויסע פאַקטן און דערשיינונגען. נאָר ער האָט אים געשעפּט פון זיין איי־גענעם קוואַל, פון דעם „קודש הקדשים" פון זיין האַרץ, און דאָס איז אין זיין באַוווסטזיין געווען אידענטיש מיט ג־ט, דעם נביאס אמת און דעם נביאס ג־ט זיינען דעריבער געווען איינס ביי אים. ביידע זיינען זיי געווען פּאָר אים געוויסנקייטן, איבערלעבונגען, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט גע־קאָנט אין אים זיך אַ וואַקל טאָן.

דעריבער האָט קיין מאָל ניט געקאָנט פּאַסירן, אַז עמיצער זאָל קומען צו עמוסן, צו ישעיהן, אָדער צו ירמיהן, און אים זאָגן, אַז ג־ט האָט נאָר־וואָס צוריקגערופן זיין שליחות צו זיי. אָט ווי ס׳ווייזט דער פאַל וועגן דעם „איש־אלוקים" פון יהודה און דעם נביא פון בית אל (מלכים א, י"ג), ווי איין נביא קומט צום אַנדערן אָפּצונאַרן, זאָגנדיק אים, אַז ג־ט האָט נאָר־וואָס צוריקגערופן זיין וואָרט פון פריער, („ויאמר גם אני נביא כמוך ומלאך דבר אלי בדבר ד׳ לאמר השובהו אתך אל ביתך ויאכל לחם — כחש לו" — „ער האָט צו אים געזאָגט: איך בין אויך אַ נביא אַזוי ווי דו, און אַ מלאך האָט גערעדט צו מיר דורך דעם וואָרט פון ג־ט, אַזוי צו זאָגן: קער אים אום מיט דיר אין דיין הויז, און ער זאָל עס ברויט... ליגן האָט ער אים געזאָגט" — די רייד אָבער פון די שריפט־נביאים זיינען געבליבן זיכער און פעסט ווי זייער נשמה. „זייער ג־ט געוויסקייט רייסט אַלעמען מיט זיך מיט און שטייט העכער ווי אַלע חכמות".

— ג —

## עמוס הנביא

עמוס, דער ערשטער נביא פון די שריפט־נביאים, האָט אין דער שטילער איינזאַמקייט פון מדבר איבערגעלעבט מאָמענטן פון רעליגיעזן עקסטאַז, פון „עלית נשמה", פון אַן אינערלעכער באַהעפטונג מיט ג־ט, און האָט געהאָט זעאונגען. אַזעלכע מאָמענטן האָבן אויך די אַנדערע נביאים איבערגעלעבט. זיי האָבן דעמאָלט געזען פאַרשיידענע געשטאַלטן, סצענעס און זאַכן אָפּטמאָל פון אַ ווייטער וועלט און אָפּטמאָל אויך פון דער נאָענטער סביבה; אָפּטמאָל פון דער רעאַלער וועלט און אָפּטמאָל אויך פון אַן איבערמענטשלעכער וועלט. אָבער נאָך מער ווי געזען האָבן די גרויסע נביאים געהערט. די אויסטייטשונג פון דער זעאונג איז געקומען צו זיי ווי אַ שטים פון ג־ט, וואָס האָט צו זיי ווי אַ שטים פון ג־ט, וואָס האָט צו זיי גערעדט קלאָרע ווערטער, אָפּטמאָל אין אַ קורצן שפּרוך און אָפּטמאָל אויך אין אַ לאַנגער נבואה אין פערזען.

צווייטן מאָל האָט עמוס געהאַט זעאונגען, וואָס האָבן אים קלאָר געוויזן ווי א קאַטאַסטראָפע האַלט אין אָנקומען אויף יידן. האָט זיך ביי אים אַרויס־געריסן פון האַרצן א תפילה פאַר דעם שוואַכן יעקב־ישראל, און ער האָט געהערט דעם קול פון ג־ט, אַז די תפילה איז אָנגענומען געוואָרן. אָבער די דריטע און פערטע זעאונג זיינען לכתחילה ניט געווען קלאָר פאַר אים. די אויסטייטשונג איז געקומען צו אים געלאָזט וויסן אַז ער וועט מער ניט פאַרשוויגן די זינד פון ישראל און אַז די שטראָף וועט זיין א חורבן, אַן אונטערגאַנג. עמוס איז אויפגעטראָטן אין ישראל, ניט אין זיין אייגענעם לאַנד, אין יהודה. ער איז געגאַנגען אין די שטעט פו מלכות ישראל, ווו ס׳איז געווען דער צענטער פון די רעליגיעזע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען ביי יידן.

פאַר דעם גרויסן יום־טוב פון האַרבסט, איז עמוס אויפגעטראָטן אין שומרון, אויף דעם מאַרק פּלאַץ פון שטאָט, אָדער אין אַן אַנדער אָרט, ווו א גרויסער עולם פלעגט זיך פאַרזאַמלען. פון שומרון איז ער דערנאָך געגאַנגען אויף יום־טוב קיין בית אל, דעם באַרימטן הייליקן אָרט אין ישראל. אין עמוסעס צייט האָבן יידן, סיי אין ישראל און סיי אין יהודה, געדינט ג־ט און מקריב געווען קרבנות אין אַ סך הייליקע ערטער פון דעם לאַנד. מ׳האָט זיי גערופן „במות" (בערגלעך, הויכע ערטער, ווייל די הייליקטימער זיינען געשטאַנען אויף הויכע ערטער). פון די במות אין מלכות ישראל זיינען געווען זייער באַקאַנט בית אל און גלגל. (אַ הייליקער קרייז פון שטיינער).

אין יעדער „במה" איז געשטאַנען אַ הייליקער שטיין. אַזאַ שטיין האָט געהייסן „מצבה". אויך אין בית אל איז פון די אַלטע צייטן אָן געשטאַנען אַ מצבה. אונטער ירבעם דעם ערשטן (ירבעם בן נבט) איז בית אל געוואָרן אַ קעניגלעך הייליקטום, אויפגעהאַלטן פון דעם מלך, און אַן „עגל הזהב", אַ געשניצטער יונגער אָקס באַדעקט מיט גאָלד, איז דאָרטן אַריינגעשטעלט געוואָרן. ביי די כנענים און אַראַמער איז דער אָקס, מיט וועלכן מ׳אַקערט די ערד, געווען די הייליקע חיה פון דעם גאָט „בעל" — דער גאָט פון אַ שטיק לאַנד, וועלכער מאַכט פרוכטבאַר די ערד. אין געוויסע יידישע קרייזן, האָט מען אַפילו איבערגענומען פון די כנענים דעם קולט פון די הייליקע אָקסן.

עמוס רעדט אָפט אין דעם טעמפּל פון בית אל צו דעם גרויסן עולם, וואָס איז דאָרטן צוזאַמענגעקומען פייערן דעם „חג האסיף". אין דעם דאָזיקן טעמפּל האָט ער אויך געהאַט אַ זעאונג. די דאָזיקע זעאונג דריקט אויס אַ קאַטאַסטראָפע פון דעם אונטערגאַנג פון מלכות ישראל.

עמוס זעט, ווי ג־ט שטייט איבער מזבח גרייט, ניט אָנצונעמען די קרבנות וואָס דער כוהן וועט מקריב זיין צו אים, נאָר אויסצוגיסן זיין גרימצאָרן אויף זיין זינדיק פאָלק, און אין דער רגע הערט ער, ווי ג־ט

הייסט אַ קלאַפּ טאָן די קנעפּ פון די זיילן, אַז די שוועלן פון די טויערן זאָל ציטרן און דער טעמפּל זאָל צוזאַמענברעכן און פאַלן אויף די קעפּ פון פאַר־זאַמלטן פאָלק. עמוס זעט, ווי יידן צולויפן זיך אין אַלע זייטן זיך צוראַטעווען פון דער קאַטאַסטראָפע, אָבער ג־ט אין זיין גרימצאָרן יאָגט זיי נאָך מיטן שווערד. ער הערט אויך, ווי ג־ט זאָגט, אַז קיינער פון זיי וועט ניט אַנטרינען. אַז אויב זיי זאָלן אַפילו אַרונטער אַזוי טיף, ווי אין „שאול" (אַ פינצטערער אָרט טיף אונטער דר'ערד), וועט זיי דאָרטן זיין האַנט דערגרייכן. אויב זיי זאָלן אַרויף אין הימל, וועט ער זיי פון דאָרטן אַראָפּשלעפּן. אויב זיי זאָלן זיך באַהאַלטן אויפן שפּיץ פון באַרג כרמל, וועט ער זיי דאָרטן אויסזוכן; און אַפילו אויב זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן גרונט פון ים, וועט ער דאָרטן הייסן דער ריזיקער וואַסער־שלאַנג, דעם ים־מאָנסטער, דעם לויתן, ער זאָל זיי בייסן. אויך מיט דער שטראָף פון גלות וועט זיך ניט שטילן זיין צאָרן. אַפילו אין זייער געפאַנגענשאַפט וועט ער שיקן דעם שווערד זיי צו דער־הרגענען.

עמוס ווענדט זיך ניט נאָר צו די יידן, נאָך אויך צו אַנדערע פעלקער. ס'איז דאָ, זאָגט עמוס, איין ג־ט מיט איין מאָראַלישן געזעץ פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט, און ג־טס משפּט וואָס קומט באַלד, וועט דערפאַר זיין אַ וועלט־משפּט. ער וועט ברענגען אַ וועלט־חורבן אויף די פעלקער אין און אַרום ארץ ישראל, ווייל זיי זיינען אַלע פאַרדאָרבן. ער וועט באַלד אַראָפּשיקן אַ מעכטיקן פיינט און זייערע הויפּט־שטעט וועלן אַוועק מיטן פייער און די מלכים וועלן אומקומען אָדע פאַרטריבן ווערן אין גלות. די ערשטע מלוכה לעבן ישראל, וואָס וועט פאַלן אין דעם וועלט־שטורם, וועט זיין דמשק (די הויפּט־שטאָט פון סיריע). די אַראַמער, זאָגט עמוס, וועלן פאַרטריבן ווערן קיין קיר, ווייט אין מעסאָפּאָטאַמיע, פון וואַנען זיי זיינען לכתחילה געקומען. און עמוס דערוויזט מיט ביישפּילן פון טעגלעכן לעבן, אַז אַלץ וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט קומט פון עפּעס. אויך דער וועלט־אומגליק, וואָס האַלט אין קומען, האָט אַן אורזאַך; ג־ט צאָרנט אויף די פעלקער פאַר זייערע זינד.

וואָרום ווייטיק איז ביי ג־ט בלויז מאָראַל, יושר. אויך זיין בונד מיט יידן איז בלויז אַ מאָראַלישער, אַזוי אָבער ווי יידן זיינען זינדיק און פאַר־דאָרבן, זיינען זיי דערפאַר די זעלביקע יחסנים ביי ג־ט ווי די שוואַרצע כושים, און אויב איך האָב אַרויפגעבראַכט ישראל פון מצרים, האָט אויך ג־ט אַרויסגעפירט די פלישתים פון כפתור און ארם פון קיר.

— עמוס הנביא רופט פאַר עדות די שכנים־פעלקער פון אַרום, זיי זאָלן קומען זען דעם טומל פון די רייכע און די דערשלאָגנקייט פון די אָרעמע אין שומרון.

דער אָרעמאַן געפינט אין ערגעץ קיין גערעכטיקייט ניט, אַפילו ניט אין טויער פון שטאָט, וואו די זקנים, די עלטסטע פון די משפחות זיצן און משפטן. פון רעכט האָט מען געמאַכט אומרעכט, ביטער ווי ווערמוט, און יושר האָט מען צו דער ערד געוואָרפן. די ריכטער נעמען מתנות פון ביידע צדדים נאָכן אויסגלייכן זייער שטרייט. אָבער וויל נאָר די רייכע קאָנען געבן שיינע מתנות, קריוודעט מען דערפאַר די אָרעמע. מ׳נעמט אַוועק פון דעם אָרעמען פויער זיין ביסל תבואה פאַר צינזן צו דעם רייכן פריץ. עמוס וואָרנט דערפאַר די רייכע, אַז אַ קאַטאַסטראָפע וועט קומען און זיי וועלן ניט געניסן פון דער רייכקייט, וואָס זיי האָבן אויסגעזויגן פון די אָרעמע.

די רייכע סוחרים צעדריקן דעם אָרעמען איינוווינער פון שטאָט. זיי קאָנען זיך שוין קוים דערוואַרטן ס׳זאָל אַריבער דער שבת און דער ראש־חודש און זיי זאָלן שוין קאָנען עפענען די קראָמען און אָנהויבן באַשווינדלען די קונים: געבן זיי אַ קלענערע מאָס, זיך באַנוצן מיט אַ פאַלשער וואָגשאָל און נעמען אַ גרויסן מקח אַפילו פאַר דעם אָפפאַל פון תבואה. כדי צו מאַכן דאָס בילד לעבעדיקער, לייגט עמוס אַריין זיינע רייד די סוחרים אין מויל: „הערט צו, איר וואָס שלינגט איין דעם אביון, און פאַרטיליקט די אָרעמע פון דעם לאַנד — געשוואָרן האָט ג־ט ביי דעם שטאָלץ פון יעקב: איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן אַלע זייערע מעשים״.

עמוס ווענדט זיך אויך מיט שאַרפע, בייסנדיקע רייד צו די רייכע פרויען פון שומרון. ער רופט זיי מיט אַ צונאָמען „קי פון בשן״ (אין צפון פון עבר הירדן, האָט פאַרמאָגט גוטע פיטערניש און איז געווען באַרימט מיט אירע פעטע בהמות). זיי לאָזן זיך אויך ווילגיין, פונקט ווי זייערע מענער. זיי עסן און טרינקען אָן אַ מאָס אויפן חשבון פון די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע אָרעמע לייט. עמוס וואָרנט זיי אין ג־טס נאָמען און זאָגט זיי פאָרויס אַ ביטערן סוף. ווען דער פיינט וועט דורכברעכן דעם מויער פון שטאָט, וועט מען דעמאָלט פאַנגען די דאָזיקע פרויען און זיי אַוועקשלעפן דורך דעם איינגעבראָכענעם מויער, ווי דער פישער פאַנגט פיש מיט זיין ווענטקע און וואַרפט זיי אַרויף אויף דעם פיש־פּלאַץ ביים ברעג ים.

עמוס שילדערט דעם חורבן פון מלכות ישראל, ווי ער וואָלט אים געזען מיט זיינע אויגן. ס׳הערשט טויט אין פאַרוויסטונג אויף אַלע פּלעצער און גאַסן, און וואו נאָר מ׳קערט זיך און ווענדט זיך הערט מען קלאָג לידער.

ג־ט וועט איבערגעבן שומרון אין די הענט פון דעם פיינט, וועלכער וועט צעשטערן סיי די הייזער פון די רייכע, סיי די קליינע הייזער פון די אָרעמע, די „במות״ וועלן פאַרוויסט ווערן, די טעמפּלען וועלן חרוב ווערן און די קעניגלעכע פאַמיליע וועט אויסגעראָט ווערן.

עמוס האָט אין זיין צייט ניט באַדאַרפט קעמפן קעגן דינען די פרעמדע געטער, ווי דאָס האָבן געטאָן אליהו און אלישע. דער קולט פון פרעמדן,

פעניקישן „בעל" איז שוין אויסגעראָט געוואָרן דורך יואבן־נמשי. יידן האָבן איצט געדינט נאָר דעם יידישן ג־ט. אָבער עמוס האָט שאַרף באַקעמפט די השגה פון דעם פאָלק וועגן דעם מהות פון ג־ט און דעם אופן ווי יידן האָבן צו אים געדינט. דאָס פאָלק האָט געגלויבט, אַז פרומקייט באַשטייט דער עיקר אין קולט, אין צערעמאָניאַל, און בויען פראַקטיקע אין די הייליקע ערטער פון דעם לאַנד, אין מקריב זיין אַ סך קרבנות און אין פייערן יום־טובים מיט הייליקע געזאַנגען און פראַגרעס. אין היפוך צו דער דאָזיקער רעליגיע פון דעם פאָלק האָט עמוס אָוועקגעשטעלט זיין העכערע רעליגיע, אַן עטישן מאָנאָטעאיזם באַגרינדעט אויף דער אידעע פון אייך ג־ט, וואָס הערשט איבער דער גאַנצער וועלט, און איין מאָראַלישע פאָדערונג, וואָס ער שטעלט צו מענטשן: גערעכטיקייט. דער מהות פון דעם איינאיינציקן ג־ט איז „צדק", און אַ לעבן געבויט אויף גערעכטיקייט, אויף יושר, איז דאָס וואָס ער פאָדערט פון מענטשן.

מיט דער דאָזיקער שליחות איז עמוס געקומען צו די יידן אין בית אל. ס'איז געווען אין רעכטן מיטן פון דער טומלדיקער פרייד פון דעם יום־טוב. אויפן מזבח האָבן זיך גערויכערט אַ סך קרבנות. געקלונגען פון אַלע זייטן און אַ יום־טובדיקע פרייד האָט אָנגעפילט די הערצער פון די עולי־רגלניקעס. דאָ האָט מיט אַמאָל זיך באַוויזן צווישן דעם עולם דער נביא פון תקוע, און ער האָט מיט די שאַרפסטע ווערטער פאַרדאַמט דעם גאַנצן צערעמאָניאַל. ניט דאָס וויל ג־ט, האָט עמוס געזאָגט. אין מדבר האָבן יידן ניט געוואוסט פון קיין שעכטאָפּפער און מעלאָפּפער. עמוס איז געווען זיכער, אַז דער גאַנצער קולט פון קרבנות איז אויפגעקומען ביי יידן ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.

— ד —

## עמוס און הושע — זייער אַרט נביאות

הושע איז אויפגעטראָטן אַ קורצע צייט נאָך עמוס. ער איז דער צווייטער פון די גרויסע שריפט־נביאים. אויך הושע האָט געשטראָפט יידן מיט די שאַרפסטע ווערטער און געמאָלן שוואַרצע בילדער פון דעם באַלדיקן אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה. אָבער הושע, דער נביא און דער מענטש, איז געווען פון אַן אַנדער כאַראַקטער און האָט געהאַט אַן אַנדער טעמפּעראַמענט ווי עמוס.

עמוס איז געווען אַ מענטש מיט אַ האַרטער, שטרענגער נאַטור, באַהערשט פון זיין שטאַרקן ווילן. הושע איז געווען אַ צאַרטער מענטש, באַהערשט פון זיינע געפילן. עמוס איז געווען דער נביא פון ג־טס צאָרן, הושע —

דער נביא פון ג־טס ליבע און רחמנות. עמוס זעט אין דעם חורבן, וואָס קלייבט זיך קומען אויף יידן ג־טס גערעכטע שטראָף פאַר דער פאַרדאָרבנ־קייט פון דעם פאָלק און זיינע פירער. און ער האַלט די שטראָף פאַר אַ פאַרדינטע, ווי עפּעס וואָס דאַרף און מוז קומען. ניטאָ קיין צאַרטע טענער אין זיינע שטרענגע רייד. מיר הערן ניט פון אים קיין זיפץ אויף דעם גורל פון זיין פאָלק. הושעס נבואות אָבער זיינען אומעטום אָנגעהויכט מיט לירישער צאַרטקייט. הושע רעדט אין נאָמען פון ג־ט, וואָס שלאָגט, אָבער האַלט אויך, ווען מ׳קערט זיך אום צו אים מיטן גאַנצן האַרצן. אַפילו ווו הושע זאָגט יידן בייסנדיקע שטראָף־רייד און שרעקט זיי מיט אַ שוידער־לעכן חורבן, הערט זיך אין די ווערטער אַ ווייכער אונטערטאָן, אַן אייגנ־האַלטענער קרעכץ, אַ געפיל פון ליבע צו זיין פאָלק, וואָס דער נביא קאָן קיין מאָל אין זיך ניט אונטערדריקן.

הושע האָט ניט דעם אוניווערסאַליסטישן קוק אויף דער וועלט, וואָס מיר טרעפן ביי דעם נביא פון תקוע. ער איז אינגאַנצן באַהערשט פון דעם געפיל פון ליבע צו זיין פאָלק, און אויך זיין געדאַנק איז אינגאַנצן פאַרנומען מיט זיין פאָלק. עמוס קען די ווייטע וועלט און רעדט אין זיינע נבואות ניט נאָר וועגן יידן, נאָר אויך וועגן אַנדערע פעלקער. ער זעט ג־ט ווי דער פירער פון דער געשיכטע פון די פעלקער, און דער גורל פון ישראל איז ביי אים אַ טייל פון דעם גורל פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. הושע, פאַרקערט, קען נאָר די יידישע סביבה. ער רעדט אין זיינע נבואות נאָר פון יידן, און דער ג־ט, אין וועמענס נאָמען ער רעדט, איז פאַרבונדן מיט ישראל דורך אַ ליב־שאַפט פון די אַלטע צייטן.

עמוס איז רואיק, קלאָר און אויסגעהאַלטן אין זיינע נבואות. אַלע זיינע רייד פירן צו אַ קלימאַקס — די מלוכה וועט אונטערגיין און דאָס פאָלק וועט גיין אין גלות. הושע, פאַרקערט, איז שטענדיק אומרואיק, אויפגעצוי־טערט און פול מיט אינערלעכע קאָנפליקטן. אָט איז ער פאַרצווייפלט פון דער מאָראַלישער צעפאַלנקייט און רעליגיעזער טעמקייט פון דעם פאָלק און זיינע פירער, און אָט זוכט ער צייכנס, אַז יידן קערן זיך פאַרט אום צו ג־ט.

אויך הושעס אויפטרעטן ווי אַ נביא איז געווען אַנדערש ווי עמוסעס. עמוס קומט אויף אַ ווײַלע ווי אַ מענטש פון אַן אַנדער לאַנד, פירט אויס זיין שליחות און גייט אַראָפּ פון דער היסטאָרישער סצענע. הושע אָבער איז אַ נביא אין זיין אייגענעם לאַנד אין אַ משך פון אַ סך יאָרן.

ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש די רייד פון דעם נביא הושע, וואָס זאָגט: ג־ט וועט ברענגען אַ חורבן אויף יידן. אָבער ניט כדי זיי צו שטראָפן פאַר זייערע זינד, נאָר כדי זיי צו מאַכן פאַר אַ בעסערן פאָלק. ער וועט זיי ניט פאַרטרייבן אין גלות, אין אַ פרעמדן לאַנד, נאָר וועט זיי אין אַ מדבר אַוועק־פירן. דאָרטן וועט ישראל ווידער ווערן גאָטס כלה, ווי אין די טעג פון איר

יוגנט, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים; און פונקט ווי אין יענע אור־אַלטע טעג וועט „דער טאָל עכור" (שטיינערדיקער ווילדער טאָל) לעבן יריחו ווערן פאַר יידן די טיר פון האָפענונג, דורך וועלכער ג־ט וועט זיי ווידער אַריינפירן אין זייער לאַנד און זיי דאָרטן צוריק אַוועקגעבן זייערע ווייַנגערטנער. ווידער וועט ג־ט נעמען ישראל פאַר זיין פאָלק, אָבער דעם מאָל וועט די פאַרקנסונג פון ישראל מיט ג־ט זיין אויף אייביק. (וארשתיך לי לעולם). ישראל וועט דעמאָלט וויסן, אַז די פאַרבינדונג צווישן מענטשן און ג־ט איז אַ מאָראַלישע, געבויט אויף רעכט און יושר, ליבע און רחמנות!

הושע קומט אַרויס מיט אַ באַשלוס, אַז: בלויז מיט פרומע צערעמאָניעס און קרבנות איז מען ניט יוצא, וואָרום ניט קיין קרבנות וויל ג־ט, נאָר אַ לעבן געבויט אויף גוטסקייט און ליבע, אויף אַ ריכטיקער דערקענונג פון ג־ט און זיינע פאָדערונגען צו מענטשן.

הושע הויבט אָן ריידן מיט צאַרטע ווערטער: קליין, שוואַך און צעשלאָגן איז געבליבן די יידישע מלוכה, וואָס איז מיט אַ דור פריער געווען אַזוי שטאָלץ און שטאַרק, אין דער צייט פון ירבעם בן יואש. אין זייער נויט רופן יידן צו ג־ט, ער זאָל זיי ביישטיין אין זייער צרה און ניט פאַרטרייבן זיי אינגאַנצן פון זייער לאַנד, זייער געבעט האָט ג־ט אָנגענומען. ס'האָבן זיך אין אים דערוועקט די געפילן פון ליבשאַפט און רחמנות צו ישראל און ער וועט אים ניט איבערגעבן אינגאַנצן צו דעם ברוטאַלן שונא און ניט מאַכן פון אים דאָס וואָס ער האָט געמאַכט פון „אדמה" און „צבואים", די שוועסטער־שטעט פון „סדום" און „עמורה". וואָרום ער איז ג־ט און ניט קיין מענטש. ער קאָן ליב האָבן אויך די, וואָס זיינען געווען אומגעטריי צו אים און האָבן אים פאַרלאָזן.

פאַר הושען איז יעקב ניט דער אידעאַליסטער מענטש. ער האָט איבער־געקלוגט זיין ברודער, זיך געשטריטן און געראַנגלט מיט אַ מלאַך און גע־דינט און געהיט די שאָף פאַר אַ ווייב. דער אידעאַלער מענטש איז משה, דער נביא, וואָס האָט אַרויסגעפירט ישראל פון מצרים און אים באַהיט און באַשיצט אין מדבר. דער נביא איז אויך איצט דער אמתער פירער און לערער פון דעם פאָלק, אים גיט ג־ט זעאונגען און דורך אים רעדט ער און פאַרגלייכונגען.

הושעס נבואות זיינען געבליבן פאַרשריבן אין אַ ספר ווי עמוסעס נבו־אות, און זיינען אויפגעהיט געוואָרן פאַר די שפּעטערדיקע דורות.

— הושעס נבואות קלינגען אַנדערש ווי עמוסעס. בעת עמוסעס נבואות לייענען זיך ווי רייד צו דעם פאָלק, אין אַ פאָלעמישן טאָן, לייענען זיך הושעס נבואות ווי געזאַנגען, ווי טיפזיניקע לירישע מאָנאָלאָגן.

אָט די דאָזיקע נביאים האָבן פאַרויסגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה. אָבער דער עיקר אין זייערע רייד איז דאָס וואָס זיי האָבן

באַרעכטיקט דעם אונטערגאַנג אויפֿן יסוד פון אַ רעליגיעז־עטישן וועלט־באַנעם. זיי האָבן מיט דעם געשאַפֿן העכערע גייסטיקע ווערטן, וואָס וועלן קיין מאָל ניט אָנווערן זייער באַדייטונג פאַר דער מענטשהייט.

— ה —

# דער נביא ישעיהו טרעט אויף אין ירושלים

אין דער צייט ווען מלכות ישראל איז נאָך געשטאַנען, איז אויפגעטרעטן אין יהודה ישעיהו בן אמוץ. זיין טעטיקייט ווי אַ נביא האָט זיך געצויגן ביז אָבער ער איז געווען פריי פון דער איינזייטיקער שטרענגקייט פון עמוסן און פון דער איבערלעכער צעריסנקייט פון הושען. ער האָט אין זיך האַר־מאָניש פאַראייניקט עמוסעס שאַרפקייט און הושעס צאַרטקייט. ער האָט אויך אין אַ סך פּרטים זיי ווייט אַריבערגעשטיגן. ער האָט זיי אַריבערגע־שטיגן מיט דער פילזייטיקייט פון זיין וועלטבאַנעם, מיט דער שפע און טיפ־קייט פון זיינערעליגיעזע געדאַנקען, מיט זיין קענטעניש פון דער ווייטער וועלט און מיט זיין לעבעדיקן אינטערעס און אַקטיוון אָנטייל אין אַלע פאַזן פון דעם פּאָליטישן לעבן אין זיין צייט. אויך אין פּאָעטישער קראַפט האָט ער אַריבערגעשטיגן זיינע פאַרגייער מיט דער שיינקייט, שטאַרקייט און בויגי־קייט פון זיין שפּראַך, מיט דער רייכקייט און שאַרפקייט פון זיינע געפליגלטע ווערטער און ווערטשפילן און מיט דער לעבעדיקייט פון די בילדער, וואָס ער מאָלט פאַר אונדז.

אָבער ניט די שיינקייט פון וואָרט איז אַזוי וויכטיק אין ישעיהס נביאות, נאָר די רעליגיעזע דערהויבנקייט מיט וועלכער זיי זיינען אָנגעזאַפּט. זיי זיינען דערהויבן און מאַיעסטעטיש ווי דער קדוש ישראל", דער ג־ט פון אַבסאָלוטער הייליקייט און גערעכטיקייט, אין וועמעס נאָמען ער רעדט. ישעיהו ווערט אָנגערופן דער קעניג פון די נביאים.

אין דער צייט פון ישעיהון איז ירושלים, אונטער עוזיהו מלך יהודה, געוואָרן אַ רייכע, שיינע און מומלדיקע שטאָט. עוזיה האָט איינגענומען אילת, די פּאָרטשטאָט אין אדום ביים ים־צונג פון אקאבא, און יידן האָבן באַקומען דעם צוגאַנג צו דעם רויטן ים און דעם רייכן האַנדל מיט אַראַביע. אַ שפע פון זילבער און גאָלד, פון פערד און רייטוועגן, האָט זיך צוגאָסן איבערן לאַנד. מ'טראָגט רייכע קליידער און מ'פוצט זיך מיט אַלערליי צירונג.

עס וואַרפן זיך אין די אויגן די גרויסע און שיינע הייזער, וואָס די רייכע האָבן זיך אויפגעבויט. איבעוויינ:יק, אין די גרויסע און שיינע וווינונגען, גרייט מען כסדר סעודות און מ'מאַכט הולאַנקעס. גלייך אין פרימאָרגן טרינקט

מען שוין מער, און שפעטער אין דער נאַכט טרינקט מען נאָך ווײַן. מ׳רעדט נאָר פון ווײַן און מוזיק, און מ׳קימערט זיך ווייניק מיט ג־טס מעשים, מיט די גרויסע געשעענישן אין דער וועלט.

אויף די ברייטע גאַסן ביי די טויערן פון שטאָט איז טומלדיק און פרייד־לעך. שטאָלץ און האָפּערדיק שפּאַצירן דאָרטן אַרום די רייכע מיוחסים פון דער הויפּטשטאָט פון יהודה. די פרויען זיינען שטאַרק פאַרפּומירט, אויס־געפּוצט אין אַלערליי עלעגאַנטע קליידער און באַהאַנגען מיט אַ מאַסע צירונג. די שטאָלצע טעכטער פון ציון האַלטן פאַרריסן דעם האַלדז, ווינקען מיט די אויגן און קלינגען מיט די רינגען, וואָס זיי טראָגן אויף די פיס, כדי אַרויס־צורופן אויפמערקזאַמקייט צו זיך.

אָבער ניט אַלע איינוווינער פון ירושלים געניסן פון דער שפע, וואָס הערשט אין דעם לאַנד און אין דער הויפּטשטאָט. ניט אַלע גייען אויסגע־פּוצט און מאַכן סעודות. עס איז אויך דאָ אַן אָרעמע און געדריקטע מאַסע, וואָס ווערט באַאַרבעט פון די רייכע, איבערהויפּט זיינען דאָ אַ סך יתומים און אלמנות, וואָס האָבן ניט ווער ס׳זאָל זיי באַשיצן און זיך אָננעמען זייער קריוודע. וואָס מער עס וואַקסט די רייכקייט און דער לוקסוס, אַלץ שאַרפער ווערט דער היפוך צווישן רייך און אָרעם.

אין אַזאַ צייט האָט זיך אָנגעהויבן ישעיהס טעטיקייט ווי אַ נביא. ס׳האָט זיך זיין טעטיקייט געצויגן קרוב צו פופציק יאָר, ס׳איז געווען די עפּאָכע, ווען אשור האָט אויסגעשפּרייט איר הערשאַפט איבער אַלע לענדער און איז געוואָרן אַ וועלט־אימפּעריע, וואָס האָט אַריינגענומען דעם גאַנצן נאָענטן מזרח, פון פּרעסע ביזן מיטללענדישן ים פון אַראַביע ביז די בערג פון אַרמעניע. אין די דאָזיקע פופציק יאָר האָבן די מלכים פון אשור, תגלת־פלאסר, סרגון און סנחריב אויסגערויבט די לענדער פון נאָענטן מזרח און אַרויסגעריסן די פעלקער פון זייערע היימען. פאַר אַלעמען איז עס געווען אַ צייט פון פּאָליטישער צעטרייסלונג און רעליגיעזער צעטומלטקייט. אָבער איינער איז געשטאַנען פעסט ווי אַ פעלז און האָט קיין מאָל ניט פאַרלאָרן זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט — דער נביא ישעיהו בן אמוץ פון ירושלים.

אין אַלע וועלט־היסטאָרישע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פאַר זיינע אויגן, האָט ער געזען ג־טס גראַנדיעזן פּלאַן: צו ברענגען אַ נייע צייט אויף דער וועלט, אַ נייע מאָראַלישע וועלט־אָרדענונג.

ישעיהו האָט געזען זיין ערשטע זעאונג אין דעם בית־המקדש פון ירו־שלים. ער פילט זיך דאָרטן נידערגעשלאָגן און צעשראָקן פון דעם, וואָס ער זעט און הערט. ווי קומט ער, אַ זינדיקער מענטש, מיט טמאדיקע ליפּן, צו זיין אין דער נאָענטקייט פון ג־ט, וועלכער איז הייליק און דערהויבן? ערשט נאָכדעם ווי איינער פון די שרפים רייניקט אים פון זיינע זינד אויף אַ וווּנ־דערלעכן אופן, גייט דער שרעק אַראָפּ פון אים. ער הערט איצט ג־טס קול.

ג־ט פרעגט (משמעות דעם „צבא השמים", וואָס רינגלט אים אַרום) ווען ער זאָל שיקן, און ישעיהו רופט זיך אָפּ: „שיק מיך".

ישעיהו האָט אין דעם מאָמענט גענומען אויף זיך אַ שווערע שליחות. ער האָט געוווּסט, אַז ער גייט רעדן צו אַ טעמפּן און קורצזיכטיקן פאָלק. ער האָט פאָרויס דערוואָרט, אַז זיינע רייד וועלן ניט ווירקן צום בעסערן, נאָר גיכער גאָר צום ערגערן. אָבער דאָך מוז ער גיין איבערגעבן ג־טס וואָרט צו זיין פאָלק. ער פילט אין זיך דעם כוח דורכצופירן די דאָזיקע שליחות פון דעם הייליקן פון ישראל. ישעיהו מאָלט אַ לעבעדיק בילד פון דעם פּאָליטישן צוזאַמענברוך, וואָס ער דערוואַרט אין ירושלים. ער האָט געזען דעם כאַאָס און בירגערקריג אין מלכות ישראל נאָך דעם טויט פון ירבעם בן יאוש, און ער שילדערט אַן ענלעכן צושטאַנד, וואָס וועט קומען אין מלכות יהודה.

ס'וועלן אָפּגעווישט ווערן די מיוחסים, די העכערע קלאַסן, וואָס זיינען די זיילן פון דער מלוכה. דאָס פאָלק וועט בלייבן אָן געניטע פירער. „יינגלעך" וועלן פאַרכאַפּן די מאַכט, ס'וועט פאַרשווינדן יעדער שפּור פון אָרדענונג און יראת הכבוד, און ס'וועט הערשן קעגנערשאַפט און פיינטשאַפט פון איינעם צו אַנדערן, אַזוי פאַראָרעמט וועלן ווערן די מאַסן פון פאָלק, אַז ווען עמיצער וועט נאָך פאַרמאָגן אַ שטיקל ברויט און אַ „שמלה", דעם אויבערשטן בגד, וואָס מ'האָט געטראָגן אויף דער כותונת, וועט מען זיך בעטן ביי אים, ער זאָל ווערן אַ האַר און אַ פירער. אָבער ער וועט אָנטזאָגן צו ווערן אַ הערשער איבער אַזאַ צוזאַמענגעבראָכענער חורבה, ווי ירושלים וועט ווערן.

די סיבה פון דעם קומענדיקן צוזאַמענברוך זאָגט ישעיה אין דעם, וואָס סיי די רייד און סיי די מעשים פון שטאָט און לאַנד זיינען אַ מרידה קעגן ג־ט.

און ישעיהס נבואות טרעט ג־ט אויף ווי אַן אָנקלאָגער אין אַ משפט מיט יידן. ער קלאָגט אָן די גרויסע לייט, די „זקנים" און די „שרים", די עלטסטע פון די אַריסטאָקראַטישע משפחות און די קעניגלעכע באַאַמטע, אויך זיי נוצן אויס זייער הויכן ראַנג צו אונטערדריקן און צו באַראַבעווען דאָס פאָלק.

ישעיה שטעלט זיך אָפּ אויף דער גאוה און דעם פּוץ פון די טעכטער פון ציון, ווען זיי ווייזן זיך אויף די גאַסן פון שטאָט, גייען זיי מיט קליינע, קאָקעטישע טריט. דעם קאָפּ האַלטן זיי פאַרריסן, זיי וואָרפן אויגן, און די טריט־קייטלעך, וואָס זיי טראָגן אויף די פיס, קלינגען. זיי טראָגן טייערע, עלעגאַנטע קליידער, זיי זיינען שטאַרקע פאַרפּומירט, און זייערע האָר זיינען געקרויזט אין לאָקן. ג־ט, זאָגט ישעיהו, וועט מאַכן אַ סוף צו דעם. ער וועט אַראָפּרייסן דעם גאַנצן פּוץ פון די טעכטער פון ציון. אויפן אָרט פון די געקרויזטע לאָקן וועט ווערן אַ פּליך, און אויפן אָרט ווו זיי באַגיסן די האָר מיט פאַרפום וועט אויסגעריסן ווערן און דאָס פליש וועט ווערן פאַרפוילט.

מיט די און מיט אַזאַקטוך אויף די לענדן, די צוויי בולסטע סימנים פון אבלות, וועלן זיי באַקלאָגן די טויטע, וואָס וועלן פאַלן פון שווערד, און זיי אַליין וועלן אַוועקגעפירט ווערן אין געפאַנגענשאַפט ווי שקלאַפן, מיט אַ שטריק אַרום לייב און אַ צייכן אויסגעברענט אין הויט.

ישעיה ווענדט זיך צו ירושלים און רעדט צו איר. ער מאָלט אויס פאַר איר אַ טרויעריק בילד, ווי זי וועט אויסזען נאָכדעם ווי די יידן פון יהודה וועלן צעשלאָגן ווערן פון דעם פריינט. די העלדישע מענער, די יונגע גבורים וועלן פאַלן אין מלחמה. אין די טירן פון די הייזער וועט מען טרויערן און קלאָגן אויף די מענער, וועלכע וועלן מער ניט קומען צוריק אַהיים. אַן אויסגעליידיקטע פון מענטשן און פרייד, וועט ירושלים זיצן אויף דר׳ערד, ווי אַן אלמנה. זי וועט זיין אַ שטאָט אָן מענער. און אַז אַ מאַן וועט זיך באַוויזן, וועלן זיבן פרויען זיך בעטן ביי אים, ער זאָל זיי ראַטעווען פון דער חרפה צו לעבן אַליין.

און אַ ריי פון זיבן קורצע נבואות גיסט אויס ישעיה זיין ביטערן צאָרן אויף די מיוחסים און תקיפים פון ירושלים. יעדע נבואה הויבט זיך אָן מיט „הוי״, ווי, און ברענגט אַרויס בולט אַ געוויסן שעדלעכן שטריך אין זייער לעבן. (זע קאַפּ. ה׳ 8־14, 18־24; י׳, 1־3).

— ו —

# די שטעלונג קעגן פאַלשע פרומקייט

אָט צו וויסן אַלע שטרענגע רייד, וואָס דער נביא ישעיהו דריקט אויס אין זיינע נבואות, טרעט ער פעסט אַרויס קעגן דער פאַלשער און רגילות־דיקער פרומקייט:

„צו וואָס ברויך איך אייערע פיל אָפּפער, זאָגט השם, איך בין זאַט מיט גאַנץ־אָפּפער פון באַראַנעס און די פעטקייט פון געשטאָפּטע אָקסן, און ס׳בלוט פון אָקסן, שעפּסן און בעק באַגער איך נישט.

ווען איר קומט צו געזען ווערן פון מיין אָנגעזיכט, ווער פאַרלאַנגט עס פון אייך צו צעטרעטן מיינע הויפן?

ברענגט מער נישט אייערע פאַלשע שפּייז־אָפּפער אייער דעמפּפונג איז מיר אומווירדיק, אייערע ראשי חדשים און אייערע שבתים. וואָס איר פאַר־הייליקט — איך קען נישט אַריבערטראָגן אייער בייזן געדאַנק, און דער צייט פון אייער פעסט־פאַרזאַמלונג.

אייערע ראשי חדשים און אייערע ימים טובים האָט פיינט מיין זעל, זיי זיינען מיר געוואָרן צו לאַסט. איך בין שוין מיד געוואָרן צו פאַרטראָגן עס.

און ווען איר שפּרייט אויס אייערע הענט פאַרהויל איך מיינע אויגן פון אייך און אויך ווען איר דאַוונט זייער פיל הער איך נישט, ווייל אייערע הענט זיינען פול בלוט.

וואַשט אייך! רייניקט אייך! טוט אָפּ די בייזקייט פון אייערע מעשים פון פאַר מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס צו טאָן!

לערנט גוטס טאָן, פאָדערט רעכט, שטאַרקט דעם באַרויבטן, ריכטעט דעם יתום, שטרייט פאַר דער אלמנה".

און אַט זוכן זיי מיך טאָג־טעגלעך און צו דערקענען מיינע וועגן ווינטשן זיי, ווי אַ פאָלק וואָס האָט גאָר דאָס גוטע געטאָן און דאָס רעכט פון זיין ג־ט האָט עס נישט פאַרלאָזן, פרעגן זיי מיך וועגן פאַרשריפטן פון גערעכטיקייט, די נאָענטקייט פון אלוקים באַגערן זיי.

„וואָרום פאַסטן מיר און דו זעסט גאָר ניט, מיר פּייניקן אונדזער לייב און דו באַמערקסט גאָר ניט?

אין אייער פאַסט־טאָג געפינט איר דאָך אָבער אייער אייגן נוצן און אַלע אייערע בעלי־חובות דערדריקט איר דאַן.

צו שטרייט און צו קריגן פאַסט איר דאָך און אויף צו שלאָגן מיטן בייזן פויסט. איר פאַסט גאָר ניט. ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ טאָג, אום צו לאָזן הערן אין דער הויך אייער שטים, זאָל דאָס זיין אַ פאַסטן, וואָס איך וויל אויס, אַ טאָג ווען דער מענטש פּייניקט זיין לייב? צי צואייַנבויגן ווי אַ שילף־רער דעם קאָפּ און אַ זאַק מיט אש זיך אונטערבעטן, צי צו דעם רופסטו פאַסטן און אַ טאָג, וועלכער איז באַוויליקט פאַר ג־ט?

אָט דאָס הייסט דאָך אַ פאַסטן, וועלכן איך וויל אויס: עפענען די קייטן פון בייזקייט, לויז מאַכן די באַנדן פון יאָך, אונטערדריקטע פריי לאָזן, און יעדן יאָך זאָלט איר צערייסן! ברעך אָפּ דעם הונגעריקן דיין ברויט און היימלאָזע אָרעמע לייט ברענג אין דיין הויז אַריין, ווען דו זעסט אַ נאַקעטן זאָלסטו אים באַקליידן און פון דיין פריינד זאָלסטו זיך נישט פאַרהוילן" (ישעיה נ"ח, ב'־ז').

אויב אַזוי, טאָ וואָס וואָלט ישעיה געזאָגט וועגן היינטיקער פאַלשער פרומ־קייט?

ס'איז בלתי ספק, אַז ישעיה וואָלט וועגן דער היינטיקער פאַלשער פרומ־קייט געזאָגט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געהאַט געזאָגט וועגן דער פרומקייט פון זיין דור, נישט מער, וואָס אויף דעם אָרט פון קרבנות וועלכע זיינען זיך היינט נישט נוהג, וואָלט ער דערמאָנט אַנדערע אויסערלעכע געבאָטן, וועלכע מ'דאַרף געוויס מקיים זיין, מיט אַלע פּרטים און וועלכע האָבן אָבער זייער הויכן זין און זייער גרויסן ווערט נאָר דאַן, ווען זיי זיינען אַן אויסדרוק פון ריינעם גלויבן, ליכטיקן געדאַנק, שטאַרקע ליבע און הייליקע יראה, אָבער נישט דאַן ווען זיי זיינען פאַר זיך און פאַר אַנדערע סיי די אינערלעכע געמיינ־

הייט און סיי דאָס אויסערלעכע שלעכטע; ווען מען איז אינערלעך פאַרליגנערט און פאַרפעלשט; ווען מ'זעט אַ שפּענדל אין די ציינער פונעם צווייטן און מען זעט נישט דעם באַלקן, וואָס הענגט איבער די אייגענע אויגן; ווען מ'טוט די מעשים פון זמרי און מען וויל פאַר זיי דעם געצאָלט פון פנחסן; ווען מ'זעט די גאַנצע יידישקייט נאָר אינעם אויסערלעכן לבוש, אינעם אויסערלעכן הילוך און אינעם דערפילן דריט־ראַנגיקע מנהגים, בעת מ'איז עובר מיט אַ לייכטן געמיט אויף אַלע גופי־תורה; ווען די „דרכי נועם" און די „דרכי שלום" פון דער תורה ווערן פאַרוואַנדלט אין וועגן קרומע און פאַרקרימטע, וואָס פירן צו אַלערליי קריגערייען.

ישעיה וואָלט אויך היינט געזאָגט צו אַלע מעגלעכסטע צבועים: „ידיכם דמים מלאו"! נישט מער וואָס היינט וואָלט ער באַנוצט דאָס וואָרט „דמים" אין זיין צווייטער באַדייטונג („דמים"־געלט) אין נישט אין זיין ערשטער באַדייטונג („דמים"־בלוט), ווייל אַפילו די צבועים פון היינטיקע דורות קאָן מען נישט פאַרוואַרפן דעם שרעקלעכן חטא פון איינפאַכער שפיכות דמים, אָבער מ'קאָן זיי דרייסט פאַרוואַרפן: „ידיכם דמים מלאו" — אייערע הענט זיינען פול פרעמד געלט...

ישעיה וואָלט היינט אויך געקאָנט פאַרוואַרפן דער פאַלשער פרומקייט: „ריב ומצה", נישט מער וואָס ער וואָלט היינט נישט צונויפגעבונדן אָט די טרויעריקסטע געשעענישן מיטן „יום צום" (פאַסט־טאָג"), ווייל נישט און „יום צום" קומען זיי היינט פאַר נאָר אין אַלע שבתים און ימים־טובים פון אַ גאַנץ־יאָר, ווען די פאַלשע פרומקייט רייסט זיך אַרום און שלאָגט זיך אַרום און פאַרשוועכט דעם אויבערשטנס נאָמען צוליב מיין „רב" און דיין „רב", „מיין פאַרטיי" און „דיין פאַרטיי" — מ'האָט אַבסאָלוט ניט אין זינען די תורה־געזעצן און יידישקייט בכלל, נאָר בלויז צו שטאָלצירן מיטן עגאָ — זיין איך" זאָל נאָר פיגורירן!

— ז —

## ישעיהו קריטיקירט אויך די רגילות־פרומקייט

פיל מענטשן, אַפילו באמת פרומע, מיינען, אַז שלעכט איז נאָר די פאַלשע פרומקייט, די ליגנערישע, די צביעותדיקע, אָבער נישט די רגילותדיקע פרומקייט. זאָל זיך זיין פון רגילות, טראַכטן זיי, דאָך אָבער פרומקייט. ווי ס'זאָל נישט זיין לעבט מען דאָך דער ווייל פאָרט אין קדושה, מען וויקלט זיך אין יראת שמים, מ'איז באַקרוינט און באַשיינט מיט טלית און תפילין און מיט אַנדערע מצוות מעשיות.

אמת, מ׳וואָלט אַזוי געקענט דענקען, אָבער דער נביא ישעיה זאָגט וועגן דער ר״גילות־פרומקייט דאָס זעלבע, וואָס וועגן דער פאַלשער פרומקייט.

אָט וואָס דער נביא זאָגט: און ג־ט האָט אַזוי געזאָגט: ווייל אָט דאָס פאָלק איז צו מיר צוגעקומען: מיט זיין מויל און מיט זיינע ליפּן האָבן זיי מיך געהערט און זיין האַרץ האָט עס דערווייטערט פון מיר און ס׳איז זייער פורכט פאַר מיר נאָר אַ מענטשן־געבאָט אַן אויסגעלערנטער.

דעריבער וועל איך מיך פאַר אָט דעם פאָלק וואונדערבאַר באַווייזן, וואונדער איבער וואונדער טאָן, און די קלוגשאַפט פון זייערע חכמים זאָל פאַרלאָרן גיין און דער פאַרשטאַנד פון זיינע נבונים זאָל פאַרבאָרגן ווערן. (כ״ט, י״ג־י״ד).

און וועט זיך עמיצער איינער עקשנען, אַז אין דעם אָרט רעדט ישעיהו נישט וועגן רגילות פרומקייט, נאָר וועגן פאַלשער פרומקייט, ווייל ער זאָגט: „ולבם רחק ממני״ — „זייער האַרץ האָט עס דערווייטערט פון מיר״, זאָל ער הערן ווי עס פאַרשטייט דער מחבר פון „ספר חסידים״.

אָט וואָס ער זאָגט:

אַ מענטש זאָל נישט טאָן (דאָס גוטע און דאָס פרומע) ווי איינער, וואָס לאָזט אַרויס ווערטער פון מויל אָן דעם געדאַנק פון האַרץ, צוליב דעם האָט דאָך דער אויבערשטער געצאָרנט אויף זיין פאָלק און האָט געשיקט זיין קנעכט ישעיהו אַזוי צו זאָגן „יען כי נגש העם הזה בפיו ובשפתיו כבדוני ולבו רחוק ממני, ותהי יראתם אותי מצות אנשים מלמדה״ — (ווייל דאָס פאָלק האָט זיך דערנענטערט מיט זיין מויל און זיינע ליפּן. טוט עס מיך ערלעך האַלטן, און זיין האַרץ האָט ער דערווייטערט פון מיר; און זייער מורא פאַר מיר איז נייט געוועזן מיט זייער גאַנצן האַרצן, נאָר דורך דעם געבאָט וואָס מענטשן לערנען עס) — דער אויבערשטער האָט אַזוי געזאָגט צו ישעיהו: זע נאָר, ישעיהו, זע נאָר, וואָס מיין זון (ישראל) טוט. ער טוט דאָך אַלץ נאָר לפנים. זיי האַלטן זיך אָן די מנהגים פון זייערע עלטערן. זיי קומען אין מיין הויז און זייגען מתפלל פאַר מיר די באַשטימטע תפילות, לויטן מנהג פון זייערע עלטערן, נישט מיטן גאַנצן האַרצן, זיי רייניקן זייערע הענט און מאַכן אַ ברכה על „נטילת ידים״, ברעכן אָפּ אַ שטיקל ברויט און מאַכן „המוציא, טרינקען און מאַכן ברכות לויט דער רגילות, און בשעת זיי בענטשן טראַכטן זיי גאָר נייט וועגן לויבן מיך, דעריבער האָט דער אויבער־שטער געצאָרנט און האָט געשווירן מיט זיין גרויסן נאָמען צו מאַכן פאַרלירן די חכמה פון די חכמים, וואָס ווייסן זיין נאָמען און לויבן אים דאָך נאָר אויס געוווינהייט און נישט אויס כוונה. אָט אַזוי פאַרשטייט דעם אויס־דרוק פון „ולבם רחק ממני״ דער מחבר פון „ספר חסידים״ (סי׳ ט״ו).

..זיי רייניקן זייערע הענט״. — „זיי מאַכן ברכות״, זיי פילן אָן די שולן מיט זייערע תפילות, קיין האַרץ און קיין נשמה אָבער נישטאָ דערין...

זעען מיר דען אויך איצט נישט ווי מיר קערן זיך און ווענדן אָט אַזאַ מין פרומקייט ?

און איז דען אויף דער היינטיקער רגילות־פרומקייט נישט געזאָגט געוואָרן, וואָס אויף דער אַמאָליקער פרומקייט: איך וועל דאָס פאָלק ווונדערבאַר באַשטראָפן און די קלוגשאַפט פון זיינע חכמים וועט פאַרלאָרן גיין" ?

— ח —

## ישעיהוס שטעלונג צו מצוות מעשיות

אָט געוויסע ביבל־קריטיקער פון איין זייט און באַקאַנטע מדיחים פון דער צווייטן זייט האָבן שטענדיק ליב אונטערצופירן אַ שאַרפע ליניע צווישן „תורת משה" און „תורת הנביאים", אונטערשטרייכנדיק שטענדיק, אַז „תורת הנביאים", וואָס ישעיהס נבואה איז איר שטאַרקסטער, קלערסטער און בולטסטער אויסדרוק, האָט אַ פאָלקאָם נעגאַטיווע שטעלונג צו מצוות מעשיות. מען שטיצט זיך דערביי אויף די שטעלן אין ישעיהו, ווו ס'רעדט זיך וועגן קרבנות.

אויב אַזוי, אָט לאָמיר זען, וואָס זאָגט ישעיהו אַליין וועגן דעם?

„ווען דו וועסט צוריק האַלטן פון שבת דיין פוס, נישט צו טאָן דיין געשעפט אין מיין הייליקן טאָג און דו וועסט רופן דעם שבת: פאַרגעניגן, דעם פון השם געהייליקטן — געהערט און דו וועסט אים ערן דאָס דו וועסט נישט טאָן דיינע וועגן, וועסט נישט געפינען דיין געשעפט און וועסט פון אים קיין וואָרט נישט רעדן.

דאַן וועסטו זיין זעפטיק פאַר ג־ט און איך וועל דיך מאַכן רייטן אויף דער הויך פון דער ערד און איך וועל דיך מאַכן געניסן די ירושה פון יעקב דיין פאָטער, דען דאָס מויל פון ג־ט האָט עס גערעדט" (ישעיה' נ"ח).

„וויל איז דעם מענטשן, וואָס טוט אַזעלכעס און דעם מענטשנקינד וואָס האַלט עס —

דער, וואָס היט דעם שבת אום נישט צו פאַרשוועכן אים און היט זיין האַנט אום נישט צו טאָן קיין בייז —

און זאָל נישט זאָגן דער פרעמדער, וואָס טוט זיך באַהעפטן צו ג־ט אַזוי: אָפּזונדערן וועט מיך ג־ט פון זיין פאָלק און זאָל נישט זאָגן דער סריס: איך בין דאָך אַ פאַרדאַרטער בוים —

דען אַזוי האָט געזאָגט ג־ט צו די סריסים, וואָס וועלן היטן מיינע שבתים און זיי וועלן אויסוויילן דאָס וואָס מיר געפעלט און זיי וועלן זיך האַלטן אָן מיין בונד —

איך וועל זיי געבן אין מיין הויז און אין מיינע מויערן אַ דענקמאָל און אַ נאָמען וואָס איז בעסער פון זין און פון טעכטער, אַן אייביקן נאָמען וועל איך אים געבן, וואָס וועט נישט פאַרטיליקט ווערן —

און די פרעמדע, וואָס באַהעפטן זיך אָן ג־ט צו דינען אים און צוליב האָבן דעם נאָמען פון השם, אים צו זיין אַ קנעכט, יעדערער, וואָס היט שבת און האַלט פעסט אָן מיין בונד —

אָט אַזוי לאָזט זיך הערן די אמתע שטים פון ישעיהו בן אָמוץ וועגן אין מיין געבעט־הויז, זייערע גאַנץ־אָפּפער און זייערע שלאַכטאָפּפער וועלן באַוויליקט ווערן אויף מיין מזבח; וואָרום מיין הויז וועט הייסן אַ געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער. („ישעי׳ נ״ו, ב׳־ז׳).

אָט אַזוי לאָזט זיך הערן די אמתע שטים פון ישעיהו בן. אַ מוץ וועגן מצוות מעשיות בכלל און וועגן דער וויכטיקסטער און הייליקסטער צווישן זיי — שבת!

אַלזאָ, איז פון דעם צו זען, אַז שבת, ווי אַלע מצוות מעשיות דאַרפן, לויט ישעיהו ווי לויט תורת משה און ווי לויט אַלע נביאי האמת, אָפּגעהיט ווערן מיט דער גאַנצער האַרבקייט און דער גאַנצער הייליקייט.

איז ווי צו די פון היינטיקן דור, וואָס פאַרשוועכן מיט אַזאַ גרינגען געמיט דעם טאָג, וואָס ישעיהו רופט אים אָן „יום קודש" און „קדוש השם"!

און ווי איז צו די אַפילו, וואָס מיינען אַז צו וווינען בלויז אין הייליקן לאַנד איז גענוג, פאַרשוועכנדיק דאָרט דעם שבת!

וואָרום דער נביא פאַרזיכערט אונדז די „נחלת יעקב", נאָר דאַן, ווען מיר וועלן אָפּהיטן דעם שבת מיט זיין גאַנצער הייליקייט. — נאָר דאַן, און נישט אַנדערש!

— ט —

## די שטעלונג פון דעם נביא וועגן מאכלות אסורות

פיל מכלומרשטע משכילים ווילן אויך איינשמועסן די וועלט, אַז ישעיהוס נבואה איז אַ פאַרגאַנג פאַר דער לערע, וואָס זאָגט, אַז „אַלץ וואָס גייט אַריין אין מויל איז נישט מטמא דעם מענטשן, נאָר דאָס וואָס גייט אַרויס פון מויל איז מטמא דעם מענטשן". ד"ה אַז נאָר אומריינע און שלעכטע רייד, וואָס גייען אַרויס פון מויל, זיינען מטמא דעם מענטשן, אָבער נבילה־און טריפה מאכלים, וואָס גייען אַריין אין מויל זיינען נישט מטמא דעם מענטשן. אָט לאָמיר זען, וואָס זאָגט וועגן דעם דער אמתער ישעיה?

ער האָט גלייך געזען אַלדאָס סיי אויף די, וואָס זיינען זיך מטמא דורך שלעכטע און געמיינע רייד, סיי אויף די, וואָס זיינען זיך מטמא דורכן עסן דאָס, וואָס איז דורך דער תורה פאַרווערט געוואָרן.

וואָס זאָגט ישעיהו וועגן שלעכטס־ריידער און ניבולפהניקעס ?

„דעריבער וועט זיך איבער זיינע בחורים ג־ט נישט פרייען און איבער זיינע יתומים וועט ער קיין רחמנות נישט האָבן, ווייל אַלץ איז חניפהדיק און שלעכט וועט יעדעס מויל רעדט שענדלעכע רייד. איבער דעם אַלעמען באַרואיקט זיך זיין צאָרן נישט און נאָך איז זיין האַנט אויסגעשטרעקט" !

און וואָס זאָגט ער וועגן די, וואָס עסן מאכלות אסורות ?

די וואָס עסן חזיר־פלייש, דאָס קריכנדיקע און מייז, אָט די אַלע וועלן צו גרונד גיין, זאָגט השם"...

— י —

# ישעיהוס זעאונג וועגן דער צוקונפט

ישעיהו האָט געזען די צוקונפט פון דער גאַנצער מענטשהייט איז ענג פאַרבונדן מיט דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק. אָט אַזוי האָבן עס אויך געזען אַלע נביאיהאמת. נאָר ביי ישעיהו איז עס מעכטיקער און דערהויבענער ווי אומעטום.

דאָס אייגנטלעך באַטייט, אַז די גאולה פון דער גאַנצער מענטשהייט איז אָפּהענגיק פון דער יידישער גאולה. און ס'איז דערביי פאַראַן צוויי טעמים:

א) ווייל אַלע זינד, וואָס אייניקע פעלקער זינדיקן קעגן די צווייטע הענגען איבער גאָר דער וועלט, ווי אַ שרעקלעכער פאַטום. אָט די זינד לאָזטן אויף אַלע פעלקער און לאָזן זיי נישט צוקומען צום אמתן גליק. נישט נאָר די פעלקער, וואָס זיינען אָט די זינד באַגאַנגען ליידן פאַר זייערע זינד, נאָר אויך פיל אַנדערע פעלקער, אומשולדיקע ווערן אַריינגעצויגן אין אומגליק. פאַרוואָס? ווייל די פעלקער זיינען ענג פאַרבונדן און פאַרקניפּט איינע מיט די צווייטע אַזוי, אַז די ליידן פון אייניקע פעלקער מוזן מיטשלעפּן מיט זיך די ליידן פון אַלע איבעריקע פעלקער, אַזוי ווי דאָס ליידן פון איין אבר צי אייניקע אברים מוז פאַראורזאַכן דאָס ליידן פון אַלע איבעריקע אברים פונעם אָרגאַניזם.

און וועגן געוויינלעכע זינד פון פעלקער, וואָס ווערן באַגאַנגען אין פאַרהעלטניסמעסיק קורצע צייטן, וואָס זאָל מען שוין זאָגן וועגן זינד, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם פאָלק ישראל סיי אין אַלטערטום, סיי איז

מיטלאַלטער, סיי אין דער נייער צייט, סיי אין דער נייסטער צייט, מצד דער גרעסטער מערהייט פון פעלקער!

ב) אַלע פעלקער געפינען זיך איצט אין די נאָך מכמה יאָרן, אין צושטאַנד פון „באו בנים עד משבר וכוח אין ללדה" (די קינדער האָבן אָנגעשפּאַרט ביזן בראָך שטול; ס'איז אָבער קיין כוח נישטאָ צום געבאָרן). מיליאָנען הרוגים בעת דער וועלט־מלחמה, מיליאָנען פאַרהונגערטע און פאַרעלנדטע נאָך איר, צעפלאַקערטער בירגער־קריג אין פאַרשיידענע לענדער, צעפלאַקער־טער קלאַסן־קאַמף, וואָס גייט־איבער אין שרעקלעכן קלאַסן־האַס און מאַכט אַ תל פון פעלקער און לענדער, שטאַרק אָנגעצויגענע באַציאונגען צווישן פעלקער און לענדער און דער אַלגעמיינער פחד פאַר אַ נייעם וועלט־אומקום, דורך אַטאָם־כוחות, אָט די אַלע דערשיינונגען זיינען „חבלי לידה". ווו איז אָבער די „לידה" זעלבסט? די אַלערליי פאַשיזמען פון רעכטס און סאָציאַ־ליזמען און קאָמוניזמען פון לינקס ברענגען דער פאַרפייניקטער און פאַר־עלנדטער מענטשהייט קיין שום ישועה נישט. אדרבה! זיי פאַרשטאַרקן נאָך דעם ווייטאָג. זיי זיינען זאַלץ אויף די מלחמהדיקע און נאָך מלחמהדיקע וואונדן. דער שווערד מיטן פויסט קאָנען דאָ גאָר נישט אַנטשיידן. זיי פאַר־שטאַרקן נאָר די בלוטדורכשטיקייט אין מענטשן און די טיירו־לאָנישע קנאה־שנאה צווישן מענטשן. די ישועה וועט קומען נאָר פון דער מלכות־הצדק, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער אָנקומען. אָט די מלכות הצדק וועט אויפ־געשטעלט ווערן צום ערשט דאָרט, ווו זי איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט געוואָרן — אין ציון. פון דאָרט וועט זי פאַרשפּרייט ווערן איבער גאָר דער וועלט.

„און ס'וועט זיין — זעט דער געטלעכער נביא — אין די לעצטע טעג אָנגעברייט וועט זיין דער באַרג פון ג־טס הויז אויף דעם פאָרנעמסטן פון די בערג און ער וועט דערהויבט ווערן איבער אַלע הויכקייטן און ס'וועלן שטראָמען צו אים אַלע פעלקער —

און ס'וועלן גיין פיל פעלקער און זיי וועלן זאָגן: לאָמיר אויפגיין צום באַרג פון ג־ט, צום הויז פון יעקבס ג־ט, און זאָל ער אונדז לערנען פון זיינע וועגן און לאָמיר גיין אין זיינע שטעגן, דען פון ציון וועט אַרויסקומען די לערע און דאָס וואָרט פון השם — פון ירושלים.

אָבער ווי אַזוי זשע וועט עס דער ענטפער דערויף דאַרפן געבן: ישראל און די פעלקער.

ישראל — דורכן איבערבויען און איבערפלאַנצן דאָס גאַנצע לעבן זיינס אין גייסט פון אמתער, טיפער, ריין־האַרציקער תשובה, אמתע, נישט גע־פעלשטע און נישט רגילותדיקע פרומקייט, שטילע, אומאויפהערלעכע שאַ־פונגס־אַרבעט, סיי אין די תפוצות, סיי אין ישראל־לאַנד, פעסטע אחדות צווישן אַלע בני ישראל, שטרענג אָפּהיטן שבת און אַלע הייליקייטן, טיילן

זיך מיטן ביסן מיט הונגעריקע, באַקליידן נאַקעטע, עפענען ס׳הויז פאַר היימלאָזע, אויסמיידן מיט אַלע כוחות דאָס הפקר־לעבן און דאָס לוקסוס לעבן, נישט מטמא זיין דעם קערפער מיט טרפהנע מאכלים און דאָס מויל — מיט מיאוסע, געמיינע און שלעכטע רייד, נישט אָנטייל נעמען אין קיינע געזעלשאַפטן און ריכטונגען, וואָס פירן צו אומרעכטן, דערפאַר אָבער טאָן שטענדיק פאָזיטיוו — גוטע מעשים — „משפט וצדקה״.

אַלע פעלקער, — דורך דער שטרעבונג צו צוקומען צו דער לערע, וואָס איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק געגעבן אויפן באַרג סיני, און באַנייען דאָס גאַנצע לעבן אינעם גייסט פון אָט דער לערע, העלפן דער פולער אויפריכטונג פונעם יידישן פאָלק, סיי אין די תפוצות ישראל, סיי אין ציון, נישט, ווי היינט, מיט צביעות און דיפּלאָמאַטישע געגג, וואָס ברענגען יידן נאָר צו אַנטוישונג און פאַרצווייפלונג, נאָר מיט אמת און מיט תמימות, מיט פולן, ריינעם און אויפריכטיקן האַרצן פאַרן יודע מחשבות: — פאַר דעם „יוצר יחד לבם, המבין אל כל־מעשיהם״, — וואָס פורעמט זייער אַלעמענס האַרץ, וואָס פאַרשטייט אויף אַלע זייערע מעשים.

דער אויספיר פון ישעיהוס נביאות זאָגט אונדז, אַז די נייע ירושלים וועט ווערן דער צענטער פון דער גאַנצער וועלט. אַלע פעלקער וועלן קומען קיין ירושלים צו לערנען ג־טס וואָרט, — און וועלן דאָרט איבערשמידן זייערע שווערדן און שפּיזן אויף אַקעראייזנס און צווייגמעסערס. ד״מ — מיט דעם נצחון פון דעם יידישן גייסט וועלן אויפהערן מלחמות, און עס וועט זיך אָנהויבן אַ נייע צייט פון אַן אייביקן פרידן און אַ ברידערלעכן צוזאַמענ־לעבן צווישן די פעלקער. ס׳וועט מער ניט געשען קיין בייז און אומרעכט; ווייל די וועלט וועט פול ווערן מיט אַ נייער דערקענונג פון ג־ט, ווי די ימען זיינען פול מיט וואַסער, (ישעיה י״א, א — ט).

אָט דער נביא ישעיהו, דער קעניג פון די נביאים, האָט איבערגעלאָזט אַ טרייסט־וואָרט, אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ צייט פון שלום און ברידערלעכקייט ניט נאָר צווישן מענטשן; נאָר ס׳וועט זיין אַן אוניווערסאַלער פרידן, דורך אַ דור וואָס וועט זיין באַשאַנקען מיט געטלעכער חכמה און געטלעכער קראַפט.

# קאפיטל 17

„די רייד פון די חכמים קירעווען דעם מענטשן צו די העכסטע אידעאלן".

(דברי חכמים מכוונים את האדם לדרכיו של הקב"ה. — במ"ר פי"ד).

„תלמידי חכמים זיינען זיך עוסק אין דער וועלטס געביידע".

(תלמידי חכמים עוסקין בבנינו של עולם.—שבת קי"ד).

# חכמי־התלמוד

איינלייטונג.

א.—די תקנות און גזרות פון די חכמים.

ב.—זייערע ווארענונגען.

ג.—זייער מיינונגס פארשיידנהייט.

ד.—זייערע באשלוסן.

ה.—הייליק איז זייער ווינארט.

**איינלייטונג:**

די אנטשטייאונג פון „תלמוד" נעמט זיך א דאנק די „סופרים" און די אנשי כנסת הגדולה, וועלכע האבן זיך געצויגן פון עזרא הסופר ביז שמעון הצדיק. זיי זיינען אלע געווען „שרייבער", געשריבן געזעצן און פארשריפטן; חכמים אין פולן זין פון ווארט. א דאנק זייער גייסטיקער ארבעט איז ביי אונדז פארבליבן די תורה, געשריבן אין אשורישע אותיות, און מיט דעם נוסח ווי זי איז פאר אונדז און אויף וועלכער עס באזירט זיך די גאנצע תורה שבבעל־פה. זיי, די סופרים, האבן אויך געשאפן ביאורים און פירושים.

וועלכע זיינען באַקאַנט מיטן נאָמען „פירושי סופרים". זיי האָבן אויך באַ־שטימט די צאָל אותיות אין אלף־בית. און דעם שיעור פון ווערטער — „שעורי סופרים", וועלכע זיינען איינציקע מאָל קעגן דעם איינפאַכן פשט פון דער תורה און דאָך שטייען זיי אין דער זעלבער הויך און אין דער זעלבער מעלה ווי די תורה. פון זייערע פאַרשיידענע גייסטיקע אַרבעט קען אויך אַריינגערעכנט ווערן די מסורה, דער „קרי וכתיב". אָט די „דקדוקי סופרים". אויך האָבן זיי געמאַכט סייגים און גדרים צו דער תורה.

אין די צייטן פון די תנאים זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן און סיס־טעמאַטיש איינגעאָרדנט געוואָרן די נייע הלכות, וועלכע האָבן זיך לאַנג־זאָם געשאַפן אין דער צייט פון די סופרים און אַ נשי כנסת הגדולה, פלעגן פאַרצייכנט ווערן אין מאַנוסקריפּטן, אָדער זיינען באַקאַנט געוואָרן דורכן דורכפירן זיי אין דער פּראַקטיק. אָט דורך זיי איז געשאַפן, גע־וואָרן אַ דעפיניטיווע אָרדענונג און אַ באַשטימטע ריכטונג בנוגע דעם „קיום התורה" און גרינדן נאַציאָנאַלע ישיבות, אין וועלכע ס'זאָל געשאַפן ווערן באַשטימטע תקנות, פאַר אַלע פראַגן, וועלכע זיינען שוין און וועלכע קאָנען ערשט ווייטער פאָרקומען. אַזוי אַרום, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן ישיבות און געשאַפן כללים, אונטער וועלכע ס'געפינען זיך די הויפט כללים, וואָס רופן זיך „שלש עשרה מדות". (דרייצן כללים דערקלערן די תורה און ברענגען אַרויס הלכות.—ספרא).

נאָכדעם ווי די משנה איז אָנגענומען געוואָרן ביים פאָלק, ווי אַ הלכה אויף לדורות, וואָס רבי יהודה הנשיא האָט זי מסדר געווען, איז זיין תלמיד אבא אריכא, וועלכער האָט זיך גערופן — פון זיין כבוד וועגן מיטן נאָמען „רב", האָט ער, אַריבערגעבראַכט די משנה נאָכן לעצטן נוסח אירן, און די שוין אויף דורות באַשטימטע, קיין בבל, וואָס איז אין זיין צייט געווען אונטער דער פּערסישער הערשאַפט. ער האָט מיט דער הילף פון זיין חבר שמואל געשטעלט אויף אַ הויכער מדרגה און געשאַפן איר אַן אייביקן נאָמען. רב האָט צוזאַמען מיט זיין פעטער און חבר רבי חייא, און אין צווייטן דור אויך רבי אושיעה, וועלכער האָט זיך גערופן „אב למשנה", צונויפגעקליבן די הלכות היצוניות, אָדער אַפּאָקריפן, און זיי האָבן זיך גערופן: „משנה היצונה" און אין אַראַמיש ברייתא, מתניתא.

און די דאָזיקע רעדנער, דערקלערער און איבערזעצער פון דער „משנה" ווערן אָנגערופן „אמוראים".

און במשך פון די דריי קאַטעגאָריעס: אנשי כנסת הגדולה, תנאים און אמוראים, איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער ליטעראַרישער בנין און אים אויפגעהויבן גאַנץ הויך לדורות.

אין דער צווייטער העלפט פונעם פינפטן יאָרהונדערט זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די ישיבות אין בבל, צוליב די רדיפות פון יעזדעגערד, פירוז און

קאַבאַד. זיי, די גרויזאַמע און באַרבאַרישע הערשער, האָבן צעשטערט די אַזוי וויכטיקע תורה אַנשטאַלטן — די ישיבות, אָפּגעהאַקט די שלשלת הקבלה, פאַרוועוערט סמיכה. אויף אַזאַ טרויעריקן אופן האָבן די חכמים פון יענער צייט ניט געוואַגט אויף זיך צושטעלן און זיך רעכענען פאַר אויטאָריטעטן — ניט זייענדיק דיפּלאָמירטע — און שאַפן אַזעלכעס וואָס ס'זאָל ניט שטימען מיט דער קבלה פון די ראשונים, ווען די צייט אַפילו האָט געפאָדערט און האָבן זיך צופרידנגעשטעלט נאָר מיט דערקלערן די אומפאַרשטענדלעכע שטעלן פון די איבערגענומענע לערע פון זייערע רבי'ס, נאָך זייערע סברות און השקפות, און צוליב דעם האָבן זיי זיך גערופן „סבוראים". פון זיי איז מיט דער צייט אַריינגעבראַכט געוואָרן אייניקע „הוספות" אין „תלמוד בבלי". און אַנשטאָט וואָס פריער איז געווען די „משנה" באַזונדער און „תלמוד" באַזונדער, האָבן זיי פאַראייניקטביידע, משנה מיט תלמוד און גערופן מיטן נאָמען „גמרא".

שפּעטער, נאָך דער מלחמה פון די רוימער מיט די פּערסיער, זיינען באַנייט געוואָרן די ישיבות. ווען די ישיבה אין טבריה איז געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה, האָבן די יידן געפּרוווט צו באַנייען זייער הערשאַפט אין לאַנד (יאָר 610 נ. ק.). זיי האָבן אָבער געהאַט אַ דורכפאַל. און צוליב דעם שטאַטלעכן דורכפאַל, איז ארץ־ישראל געפאַלן אויך אין גייסטיקן צושטאַנד. ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט אירע געצייכנטע רבנים און חכמים, איז אַראָפּ פון דער היכער מדרגה, און אויף איר אָרט האָט זיך געשטעלט „בבל", מיט איר גייסטיקער הערשאַפט, און מערערע הונדערטער יאָרן האָט די הערשאַפט אָנגעהאַלטן. די גרעסטע ישיבות זיינען דאָרט געגרינדעט געוואָרן, און די גרעסטע חכמים זיינען געוואָרן די לערער אין די ישיבות פון סורא און פומבידיתא. און ווי די היסטאָריע וויל האָבן, איז דער ראש־ישיבה חנן געווען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך גערופן מיטן נאָמען „גאון". אויך די גאונים צוגלייך מיט די סבוראים האָבן קיין נייע ספרים און הלכה ניט געשאַפן. זיי האָבן זיך אָבער געגעבן די מי צו פאַרשפּרייטן די וויסנשאַפט פונעם תלמוד צווישן פאָלק. אין די צייטן פון די גאונים האָט די ליטעראַטור אָנגעהויבן אויפצובליען. דאָס איז געווען אין דער העלפט פונעם אַכטן יאָרהונדערט. דער ערשטער וועלכער האָט פיל געשאַפן אין תלמודישער ליטעראַטור איז געווען ר' שמעון פון קוריאַן. ער האָט פאַרפאַסט די „הלכות גדולות" צוזאַמענגענומענדיק אַלע הלכות, די גאַנץ בייטיקע פון ביידע תלמידים: פון בבלי און ירושלמי, אין דער צאָל תרי"ג. נאָך אים זיינען אויפגעשטאַנען אַנדערע, ווי דער גאון ר' יהודה סגי נהור, און די תלמידים פון זיין בית המדרש, אַמייסטן ר' חנינאי און געשאַפן די הלכות פסוקות און שאלתות.

הרב ישראל מ. פישלעדער

— א —

# די תקנות און גזרות פון די חכמים

כידוע, זיינען די סופרים (תלמידים פון עזרא הסופר) געווען די ערשטע, וואָס האָבן איינגעזען, אַז מזאָל מאַכן אַ צאַם אַרום דער תורה. ווי ס'ווערט געבראַכט אין פרקי אבות א': „איר זאָלט מאַכן אַ צאַם אַרום דער תורה" (ועשו סייג לתורה), וואָס זאָל פאַרהיטן אירע מצוות און געזעצן.

און כאָטש די תורה גופא האָט געוואָרנט, אַז: „איר זאָלט ניט צו לייגן צו דעם וואָרט און איר זאָלט ניט מינער דערפון" (לא תוסיפו ולא תגרעו ממנו). דאָך האָבן די חכמים געפונען פאַר נייטיק צו צוגעבן געוויסע תיקונים (אויסבעסערונגען) און גזירות, אין געוויסע באַדינגונגען פון לעבנס־גאַנג. און זיי האָבן געפונען אַ באַרעכטיקונג, שטיצנדיק זיך אויף דעם, וואָס די תורה דריקט זיך אויס: „לא תסור מן הדבר אשר יגידו לך ימין ושמאל" (דברים ו"ז, י"א). „זאָלסט זיך ניט אָפּקערן פון דעם וואָרט וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, רעכטס אָדער לינקס" — זיינען די חכמים מפרש דאָס וואָרט „יגידו" (זיי וועלן זאָגן), אַז די חכמים וועלן דיר זאָגן, צי לקולא אָדער לחומרא (צום גרינגן, צי צום האַרבן), זאָלסט זיך ניט אָפּקערן. דאַן באַקומט דער צווי „לא תוסיפו ולא תגרעו" אַן אַנדער כוונה, אַז אויך די רייד פון די חכמים זאָלסטו ניט מינערן און ניט צולייגן. דאָס הייסט, אַז די תורה גופא האָט דערלויבט די חכמים צו מאַכן פאַרשיידענע תיקונים און אַרויסגעבן געוויסע גזירות, אין פאַל, ווען זיי געפינען איין, לויט די באַדינגונגען פון דער צייט. ווי די גמרא ברענגט אין ר"ה (כ"ה): „די תיקונים באַלאַנגען אַן בית־דין פון דיין צייט" — (אין לך אלא בית דין שבימיך), וואָס מען מוז זיי נאָכ־קומען לויטן געבאָט פון „לא תסור" — דו זאָלסט זיך ניט אָפּקערן פון זייערע תיקונים און גזירות.

אַזוי אַרום, האָט אַפילו די תורה באַרעכטיקט צו ענדערן אַ דבר תורה לתועלת דער יידישער אמונה. וואָרום אַלע זייערע תקנות און גזירות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן לצורך השעה, „ווען דער מאָמענט האָט געפאָדערט", בכדי ניט צו דערלאָזן צו קיין חילול הקודש, אָדער לטובת דער געזעלשאַפט. און די דאָזיקע תיקונים זיינען געווען גילטיק, כל־זמן מ'האָט זיך אין זיי גענייטיקט. נאָר ווי די חכמים האָבן איינגעזען, אַז מ'קען זיך אַן זיי באַגיין, האָבן זיי אַליין מבטל געווען.

ווי געוויינלעך, האָבן די דאָזיקע תקנות און גזירות געהאַט זייער סיבה און יסוד. אַט לויט די אָנווייזונגען אין תלמוד, זיינען די תקנות געווען באַזירט אויף ספּעציעלע כללים און אויף אַ מספר פון צען יסודות:

א) די חכמים האָבן זיך געשטיצט אויפן פסוק: „ס'איז אַ צייט פאַר ג־ט צו טאָן; זיי האָבן פאַרשטערט דיין תורה" (עת לעשות לד' הפרו תורתך.— (תהלים קי"ט). ד"מ — ווען די צייט פאָדערט צו טאָן פאַר ג־ט און זיין תורה, איז מען באַרעכטיקט לפי שעה צו ענדערן אַ געוויסן געזעץ פון דער תורה (ברכות נ"ד).

ב) בעת ס'האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן פאַרברעכנס און פריצות (שבת מ'), האָבן די חכמים באַפוילן: „מ'זאָל מאַכן גדרים, כדי צו פאַרהיטן דעם מענטשן פון אַן עבירה" (ועשו סייגים כדי להרחיק אדם מן העבירה. — (ברכות כ').

ג) די חכמים האָבן זיך גערעכנט מיט דעם מענטשנס שוואַכן כאַראַקטער. איינזעענדיק אַז ער איז ניט בכוח אָפּצוהיטן דעם איסור התורה, וואָס זיי האָבן אַרום אים געמאַכט אַ צאַם. האָבן זיי פרייער געמאַכט זייער צאַם, בכדי ער זאָל בעסער עובר זיין אויף אַן איסור דרבנן איידער אויף אַן איסור דאורייתא (שבת קנ"ג).

ד) די חכמים האָבן אויך געלייגט אכט אויף דער מצב פון פאָלק, צי ס'וועט קענען ביישטיין די גזירה. האָבן זיי אָנגעגעבן אַ כלל: „מ'זאָל ניט גוזר זיין קיין גזירה, נאָר סיידן אַז דער רוב ציבור וועט עס קענען באַשטיין (ב"ב ס').

לויט דעם דאָזיקן כלל האָט מען געמוזט זיך רעכענען מיט געוויסע סיבות: א) אויב דער ציבור געפינט זיך אין אַ מעמד פון פאַרלוסט און צער, זאָל מען די גזירת ניט אַרויסגעבן (כתובות ע'); ב) אויב די תקנה קען פּילייכט דערפירן צו פאַרלוסט און צער, זאָל מען קיין תקנה ניט מאַכן (ב"מ ק"י).

ג) אויב אַפילו די תקנה קען פאַרשאַפן דעם ציבור טרחה און אָנשטרענגונג, האָט מען זי ניט אַרויסגעגעבן, ווייל מ'האָט עס אָנגענומען פאַר אַ הפסד (שאָדן) — שבת כ"א).

ה) ווען צוליב צייט־ענדערונג איז דער טעם פון דער תקנה אָדער גזירה בטל געוואָרן, פאַלט אויך דאַן אַוועק די תקנה אָדער די גזירה. נאָר די חכמים זיינען בכוח צו ענדערן די דאָזיקע תקנה אָדער גזירה ס'זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דער צייט (מ"ק, ג').

ו) קיין תקנה ווערט אַליין ניט בטל, אַפילו ס'האָט שוין קיין מאָטיוו, נאָר בית־דין קענען זי מבטל מאַכן (ביצה ה').

ז) ווען בית דין מאַכן אַ תקנה אָדער גיבן אַרויס אַ גזירה, קען קיין אַנדער בית־דין זי ניט מבטל מאַכן, נאָר סיידן ס'איז גרעסער אין צאָל און אין חכמה (עדיות פ"א, מ"ה).

ח) דאָס וואָס די חכמים האָבן מתקן געווען, האָט עס דעם כוח ווי די תורה וואָלט עס מתקן געווען (פסחים ל').

ט) די רייד פון די סופרים דאַרפן ווערן פאַרפעסטיקט, ווייל זיי האָבן ווייל יעטווידער מנהג, וואָס דאָס פאָלק איז זיך נוהג, איז געוויס באַזירט געלייגט דעם יסוד פאַר חיזוק התורה (יבמות פ"ט).

י) אַ מנהג ביי יידן האָט די הכרעה פעסטצושטעלן אַ געוויסע הלכה. אויף די רייד פון די פריערדיקע חכמים. דערפאַר, ווען אַ געוויסע הלכה איז פאַר בית־דין ניט קלאָר, האָט מען זיך געשטיצט אויפן מנהג, ווי דער ציבור איז זיך נוהג (ירושלמי פאה פ"ז, ה"ז).

אָט אויף די אַלע אויבנדערמאָנטע כללים, האָבן די חכמים געבויט זייערע תקנות און גזירות און געוויסע מנהגים.

און זיי האָבן אויף אַזאַ אופן דערמעגלעכט, אַז די תורה זאָל ניט פאַרלירן איר כוח און ס'זאָל אָפּגעהיט ווערן אירע געזעצן און מצוות און די גאַנצקייט פון יידישן גייסטיקן מצב.

— ב —

# די כוונה פון זייערע וואָרענונגען

וויפל די חכמים האָבן תמיד געוואָרנט, מ'זאָל זיך אויסהיטן פון צו טאָן אַזאַ מצוה, וועלכע קען בלויז געטאָן ווערן דורך אַן עבירה (מצוה הבאה בעבירה), אַ שטייגער ווי מ'זאָל עטוואָס אָוועקנעמען אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן, כדי צו טאָן דערמיט אַ מצוה (ברכות טז; סוכה ל'; ב"ק צ"ד), האָט פונדעסטוועגן געקענט אַמאָל פאָרקומען אַ פאַל, וואָס דאָס פאַרקוקן אַ מצוה פון דער תורה קען העלפן אָנצוהאַלטן אַן אַנדער מצוה. אַ שטייגער ווי מען אונטערברעכט דאָס לערנען צוליב אַ פילאַנטראָפּישער טאָט (מנחות צ"ט, ז').

געוויינלעך איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס זאָל קענען אַריבערוועגן דעם ענין פון „פיקוח נפש", מען זאָל נישט מעגן טאָן אַ פאַרבאָטענע זאַך, ווען דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז אין געפאַר, אויסער ווען מ'זאָל איינעם וועלן צווינגען צו הרגענען אַ מענטשן (שפיכות דמים), זיין אויסגעלאַסן (גלוי עריות), דינען עבודה־זרה, אויף אָפּצוראַטעווען דאָס אייגענע לעבן (יומא פ"ב, א'). אָט די דריי עבירות (עבודה־זרה, גלוי עריות ושפיכות דמים) זיינען אַזוי שטאַרק, אַז ווען איינער איז אַפילו געפערלעך קראַנק און ער קען דורך איינע פון יענע דריי עבירות געהיילט ווערן, טאָר מען נישט פאַר אים אַזאַ מיטל באַנוצן (פסחים כ"ה).

אָבער אַנדערש איז, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן „שמירת שבת", וועלכעס איז אויך זייער אַ האַרבער ענין, ווייל המחלל שבת איז חייב מיתה, איז פונדעסטוועגן אָנגענומען אַז ביי אַ מינדסטער לעבנס־געפאַר מעג מען

שוין מחלל שבת זיין, צו ברענגען יענעם מענטשן אַ הילף (יומא פ"ג, א'). אין דעם זעלבן זין זאָגט דער תנא רבי שמעון בן מנסיא, אַז דער שבת איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די מענטשן און נישט די מענטשן אין די הענט פונעם שבת (מכילתא, מסכתא דשבתא, י"ד), ווייל מ'דאַרף אָפּראַטעווען אַ מענטשנס לעבן, האָט דער תנא רבי יונתן געזאָגט, מעג מען וועגן אַזאַ מענטשן מחלל זיין איין שבת, כדי ער זאָל דערנאָך קענען אָפּהיטן פיל שבתים (מכילתא, תשא מ"ו).

ענלעכעס ברענגט די גמרא סנהדרין (ל"ז, א'): „ווער ס'מאַכט צו גרונט גיין איין איינציק יידיש נפש, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט אומגעבראַכט אַ גאַנצע וועלט. און ווער עס דערהאַלט איין יידיש נפש ביים לעבן, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט אַ גאַנצע וועלט ביים לעבן דערהאַלטן". וואָרום די תורה איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן, כדי זי זאָל זיין פאַר אים אַ הילף אין לעבן.

אויך האָבן די חכמים געזאָגט, אַזוי ווי ס'איז פאַרבאָטן צו מאַכן אַ שאָדן פאַר אַ צווייטן מענטשן אין זיין קערפּער אָדער אין זיין אייגנטום, טאָר דער מענטש אַפילו זיך אַליין נישט באַשעדיקן (ב"ק צ"א). און ווען די תורה זאָגט, אַז מ'זאָל נישט אונטערהאַקן אַ פרוכט־בוים ביי דער באַלאַגערונג פון אַ שטאָט, האָבן די חכמים געזאָגט, מען טאָר נישט אונטערהאַקן אַ פרוכט־בוים אַפילו אין אייגענעם גאָרטן. און ווער ס'טוט עס אַזאַ זאַך טראָץ דעם פאַרבאָט, דאַרף באַשטראָפט ווערן (מכות כ"ב).

ביי מאַנכע געלעגנהייטן האָבן די חכמים געזאָגט, אַז דאָס אַריינגיין אין אַ געפאַר פונעם לעבן, איז ערגער ווי טאָן אַן אַנדער עבירה (חולין י'; תענית י"א).

די תורה — זאָגט די גמרא — האָט זייער שטאַרק אַכטונג געגעבן אויפן כבוד פון די מענטשן. אין אירע אויגן איז דער כבוד פון די מענטשן אַזוי גרויס, אַז מען מעג אַמאָל צוליב אים פאַרקוקן אַפילו אויף אַ „לא תעשה" (ברכות י"ט).

אָט למשל, האָט מען אַ גנב געוויינלעך געמאַכט פאַר אַ שקלאַף, נאָכדעם ווי מען האָט אים געצווונגען צו באַצאָלן צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי די גניבה האָט באַטראָפן. איז ווען ער האָט געגנבעט אַ לעבעדיקע בהמה, האָט ער געדאַרפט באַצאָלן פיר אָדער פינף מאָל אַזוי פיל, ווי ס'איז געווערט איר ווערט, צו מאָל איז אַ גנב באַשטראָפט געוואָרן מיט טויט, אָדער מ'האָט אים געגעבן מלקות (שמיץ). — טויט־שטראָף, האָט אונדזער תורה געגעבן, בלויז פראַגנבענען אַ מענטש און אים פאַרקויפן. דאָך האָט די תורה פאַרשווינט די מענטשלעכע ווערדע אַפילו ביי אַ גנב. ווי די גמרא דערקלערט, אַז וואָס אַ גנב דאַרף באַצאָלן פינף מאָל אַזוי פיל ווי דאָס ווערט פון אַ געגנבעטן אָקס, און ווען ער גנבעט אַ שאָף, דאַרף ער עס בלויז באַצאָלן פיר מאָל אַזוי

פיל, איז די אורזאַך, וואָס דער אָקס גייט אַליין און מ'דאַרף אים נאָר פירן, אָבער ביים גנבענען אַ שאָף האָט דער גנב אַ שווערע אַרבעט, ווייל ער דאַרף די שאָף טראָגן אויף די פּלייצעס, דאַרף דערפאַר די שטראָף זיינע זיין אַ גרינגערע. — (ב"ק ע"ט, ב').

אין אַ חוץ טויט שטראָף און שמיץ פאַר געוויסע זינד קעגן ג-ט אָדער קעגן די מיטמענטשן, האָט מען אין יענער צייט געהאַט אויך אַנדערע שטראָפן. אַזוי האָבן אויך עקזיסטירט תפיסות, צוהאַלטן דאָרט אַ שולדיקן פאַר אַ שטראָף. און ווען איינער האָט געקראָגן שמיץ פאַר אַ זינד און ער איז דערנאָך ווייטער באַגאַנגען די נעמלעכע זינד „האָט מען אים גענומען אין אַרעסט. ווי די גמרא זאָגט: „מי שלקה ושנה כונסין אותו לכיפה" (סנ־הדרין פ"א).

אָט די אַלע מיני וואָרענונגען און אויסטייטשונגען פון די חכמים זיינען געווען בכונה צו פאַרהיטן די מצוות התורה, וואָס באַלויכטן דעם מענטשנס לעבנסוועג.

— ג —

## די מיינונגס פאַרשיידנהייט פון די חכמים

אין דער אור־אַלטער צייט, האָט דער מענטש שוין געוווּסט צו פייניקן זיין לייב לכבוד זיין ג-ט. די וועגן אָבער פון דער דאָזיקער פייניקונג זיינען געווען פאַרשיידענע. אייניקע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון איבעריקע מאכלים און געטראַנקען. אַנדערע האָבן זיך דערווייטערט פון האַפערדיקייט. אַלס אַן איבעריקע זאַך אינעם לעבן האָט דאַן דער מענטש אַנערקענט דאָס טרינקען וויין. און ווען ס'איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז ער דאַרף זיך פייניקן לכבוד זיינ ג-ט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון וויין. אין אַנדער פאַל האָט מען באַטראַכט דאָס לאָזן ווילד וואַקסן די האָר אָדער דאָס גענצלעכע אָפּגאָלן די האָר פונעם קאָפּ אַלס אַ מיטל קעגן האַפערדיקייט. אָט וועגן דער ווערדע פון די אַלע מיני פייניקונגען, איז די מיינונג פון אונדזערע חכמים געווען אַ פאַרשיידענע.

מאַנכע חכמים האָבן געהאַט פאַר זיי אַ לויב. דאַקעגן האָבן אַנדערע (ווי שמואל ירחינאה און רבי אליעזר הכפר) געזאָגט, אַז די וואָס פייניקן זייער קערפּער זיינען „זינדיקע" (תענית י"א). יעדנפאַלס האָבן זיך פיל געאייניקט אויף דער מיינונג פון ר' יוסי, אַז אַ יחיד טאָר זיך ניט פייניקן מיט תעניתים (תענית כ"ב).

און דער מנהג צו טרויערן נאָך אַ טויטן קרוב, לויט ווי ס'איז ביי אונדז אָנגענומען אַלס אַ מצוה פון דער תורה, איז געווען אַן ענין פון שאלות ביי

אונדזערע חכמים, וועלכע האָבן אַרויסגעלערנט פון יוספן, אַז מ׳דאַרף מאַכן טרויער אויף זיבן טעג. אַנדערע האָבן אַרויסגעלערנט פונעם פסוק „וה־פכתי חגותם לאבל״ — אַזוי ווי אַ יום־טוב — דויערט זיבן טעג, איז פונקט אַזוי באַשטימט די טרויער נאָך אַ טויטן אויף זיבן טעג.

ס׳איז פאַראַן אויך אַ מיינונגס פאַרשיידנקייט אין דער גמרא צו די טרויער נאָך אַ טויטן איז „מדאורייתא״ אָדער „מדרבנן״ — צי דאָס איז אַן אָנזאָג פון דער תורה, אָדער דאָס איז אַן אויסטייטש פון די חכמים. — זאָגט דער תלמוד ירושלמי: „משה האָט מתקן געווען פאַר די יידן זיבן טעג טרויער און זיבן טעג פרייליכע״ (משה תיקן להם לישראל שבעת ימי אבלות ושבעת ימי מעתה.—כתובות פ״א, ה״א). — איז עס כעין דאורייתא.

בכלל, האָט אין אַלע צייטן געהערשט דער טרויער געפיל ווי דער שרעקלעכסטער שמערץ: — אברהם האָט באַקלאָגט שרהן און זי באַוויינט. יצחק האָט געזוכט אַ טרייסט ביי זיין ווייב רבקה נאָכן טויט פון זיין מוטער. יעקב האָט צעריסן זיינע קליידער, ווען ער האָט געהערט, אַז זיין זון יוסף איז טויט און ער האָט געטרויערט נאָך אים לאַנגע יאָרן. איז דורך דעם כאַראַקטעריסטיש, וואָס די תורה האָט זיך באַשטרעבט, צו פאַרמינערן די טרויער נאָכן טויטן, ווען זי האָט אָנגעזאָגט, מ׳זאָל זיך נישט צעקראַצן דאָס פלייש, אָדער מאַכן אַ שניט אינעם קערפּער צוליב דער טרויער נאָכן טויטן.

דאָך האָבן די חכמים זייער פיל געהאַלטן פון הספדים אויף קרובים אָדער אויף אַנדערע וויכטיקע מענטשן פונעם פאָלק. און זיי האָבן געזאָגט: ווער ס׳וויינט און טרויערט אויפן טויט פון אַן ערלעכן מענטש, איז אים דער איבערשטער מוחל אַלע זיינע זינד (מועד קטן ר״ב). און ווער ס׳פוילט זיך צו טרויערן אויפן טויט פון אַ געלערנטן מענטש, איז ווערט מ׳זאָל אים לעבעדיקערהייט באַגראָבן, און ער קען אויך נישט לעבן (שבת ק״ה, א׳). איז אָבער דעקעגן ביי אַנדערע געלעגנהייטן, געזאָגט געוואָרן: ווער ס׳פאַר־האַרטעוועט זיך אין זיין טרויער איבער אַ טויטן קרוב מער ווי ס׳איז נייטיק, וועט דערנאָך וויינען אויף אַן אַנדער טויטן (מ״ק כ״ז). און אַ מיידל, וועלכעס איז רייף צו הייראַטן, איז נישט דערלויבט, זי זאָל מיאוס ווערן אין די טעג פון דער טרויער נאָך איר פאָטער (תענית י״ג, ב׳).

די גמרא דערציילט אונדז, ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, האָבן זיך פיל אָפּגעזאָגט פון עסן פלייש און טרינקען וויין. איז ר׳ יהושע בן חנניא צו זיי צוגעשטאַנען און ער האָט זיי געפרעגט: קינדערלעך!

— פאַר וואָס ווילט איר נישט עסן און ווילט נישט טרינקען קיין וויין? — האָבן אים יענע מענטשן געענטפערט: „ווי קענען מיר עסן פלייש, ס׳איז בטל געוואָרן דאָס מקריב זיין פלייש אויפן מזבח? און ווי קענען מיר טרינקען וויין, ווען דאָס גיסן וויין אויפן מזבח איז בטל געוואָרן״?

גאַנץ רעכט, קינדערלעך! — האָט יהושע בן חנניא אויף דעם געענט־פערט — „ווען מיר זאָל אָבער ווערן אַזוי טאָן, דאַרפן מיר אויך נישט עסן קיין ברויט פון מעל, ווייל מ'האָט אויך מקריב געווען מעל אויפן מזבח. וועט איר זאָגן „אַ מענטש קאָן זיך דערהאַלטן אָן מעל, ווייל ער קען עסן פירות, דאַרפן מיר פירות אויך נישט עסן, ווייל ס'זיינען בטל געוואָרן די ביכורים, וואָס מ'האָט געבראַכט צום כוהן; מיר דאַרפן אויך נישט טרינקען קיין וואַסער. ווייל מען גיסט נישט מער קיין וואַסער אויפן מזבח"!

האָבן דאַן יענע מענטשן נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. — אין ר' יהושע האָט ווייטער געזאָגט: מ'דאַרף אַלזאָ טרויערן אויף אַזאַ שטייגער, אַז יעדער זאָל דאָס קענען טאָן און עס זאָל אים נישט שטערן אין דער פירונג פון זיין לעבן (ב"ב ז', ב').

אָט די דאָזיקע פאַרשיידענע מיינונגען האָבן, נאָך אַלעם, דערפירט ביז צו אַ געהעריקער הלכה, געבויט אויפן יסוד פון דער תורה.

— ד —

## די תקנות פון די חכמים זיינען תמיד גילטיק!

ס'זיינען פאַראַן משכילים וואָס גריבלען זיך אין די מאמרי חז"ל. זייער כוונה איז ניט צולערנען פון זיי, נאָר אויסצוגעפינען אַ גרויסן חסרון און עס אַרויסברענגען לשם גנאי.

זיי טרעטן אָפּט־אַרויס מיט אַקריטיק, איבערהויפּט, אויף די גזירות, וואָס די חכמים האָבן גוזר געווען, בכדי דער ייד זאָל זיך ניט אָפּקערן פון ג־טס וועגן... דאָס איז דאָך אין גרונט גענומען, געווען דער הויפּט־ציל פון די חכמים. ווי ס'ווערט געבראַכט אין מדרש רבה פי"ד: „די רייד פון די חכמים פירן דעם מענטשן צו די העכסטע אידעאַלן" (דברי חכמים מכוונים את האדם לדרכיו של הקב"ה).

די מיינונג פון געוויסע משכילים איז גאָר אַן אַנדערע. פאַר זיי דינען די גזירות החכמים לגבי דעם פשוטן המון ווי אַ מין תקיפות. מחמת זיי האַלטן אַז די דאָזיקע גזירות קומען ניט מפי הגבורה ווי תורת משה. זיי גיבן נאָר בלויז צו באופן, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן ג־טס וואָרט, וואָס דאָס איז די מעשה בראשית. איז אַזוי ווי ג־ט איז אייביק, איז זיין וואָרט אייביק, אָן שום ענדערונג, אָבער בנוגע אַ מענטשנס וואָרט — אַזוי ווי ער איז אַ בריאה אַ שטערבלעכע און ענדערט זיך לויט די באַדינגונגען פון לעבנס־גאַנג, מוזן אויך זיין השגות ווערן געענדערט. קענען דעריבער זייערע גזירות ניט זיין שטאַנדהאַפטיק.

אַט אַזוי מיינונג איז געוויינלעך שטאַרק משפיע אויפן המון. ס'שטויסט אים אַוועק פון אונדזערע הייליקע ווערטן, און אונטער זיין באַוווסטזיין ווערט פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו רעכענען זיך מיט די רייד פון אונדזערע חכמי התלמוד, ווייל זייערע סברות זיינען נאָר געווען גילטיק אין די גאָר אַמאָליקע צייטן.

ובכדי אָבער, צו מאַכן קלאָר און פאַרשטענדלעך אַט דעם דאָזיקן ענין, מ'זאָל ניט בלייבן ביי קיין טעות, וועל איך דאָ זיך באַנוצן מיטן באַוווסטן מאמר פון דעם תנא רבי אליעזר, וואָס וואָרנט אונדז אַזוי: „וואָרעם זיך פאַר דעם פייער פון די חכמים" — (והוי מתחימם כנגד אורן של חכמים. אבות ב') — ד"ה — דער תנא פון דער משנה פאַרגלייכט די רייד פון די חכמים צו אַ גרויסן פייער, וואָס די פלאַמען זייגע ציען זיך גאַנץ ווייט, באופן, ווען עמיצער זאָל שטיין פונדערווייטן, וועט ער זיך קענען אַ אַנוואַרעמען און הנאה האָבן פון זיי.

משמעות, איז דער תנא מיט דעם אויסן צו זאָגן, אויב ס'וועט זיך אַמאָל טרעפן, אַז געוויסע טעמים פון זייערע גזירות וועלן ניט זיין גילטיק פאַר אונדזער צייט, זאָל מען אָבער האַלטן טייער און הייליק דעם יסוד פון זייערע רייד; מ'זאָל עס ניט צעשטערן, נאָר זוכן אַ תיקון אויף אַ שיינעם אופן, אַז זיי זאָלן זיין צוגעפּאַסט אויך פאַר דעם לעבנסגאַנג פון אונדזער צייט. ס'דאַרף דאָך ניט זיין אַנדערש ווי צו דעם, וואָס מאַכט זיך אַ טייער מלבוש פון וואָל אָדער פּוזן ייד. און ס'קומט אַ געוויסע צייט וואָס דער פאַסאָן פון אים איז אַרויס פון דער מאָדע. נו, וועט ער דען אָט דעם טייערן בגד אַוועקוואַרפן, בעת ער קען אים נאָך צערעכט מאַכן, לויט דער מאָדע פון דער צייט. איז ווען, עס זאָל אַזוי טאָן, וועט מען אַרויסזען זיין נאַרישקייט.

קומט דער תנא און פירט אויס: „אָבער היט זיך פאַר זייער קויל, דו זאָלסט זיך ניט אָפּבערענגען" (והוי זהיר בגחלתן שלא תכוה). — וואָרום דער נאַר, ווען ער זעט קוילן וואָס אויף זיי איז פאַרשפּרייט פונאויבן אַ שיכט פון אש, דוכט זיך אים, אַז מ'קען אַהין אַריינטאָן שוין די האַנט, און זי וועט ניט געשעדיקט ווערן. וואָס זעט זיך אַרויס, ווי דער דאָזיקער שטעקט אַריין דאָרט זיין האַנט, כאַפּט זי תיכף אַ ברען און ווערט אַ גרויסע וווּנד. אַזעלכעס אָבער וועט נישט פּאַסירן ביי דעם חכם ווייל ער ווייס גאַנץ גוט, כאָטש קיין פייער זעט זיך פון אונטער דעם אש ניט אַרויס, אָבער מ'קען אים נאָך באַנוצן, ווען מ'זאָל נאָר צולייגן דינע שפּענדלעך, וועט עס פונדאַסניי זיך אָנצינדן און זיך אויפהויבן אַ פלאַם, אַזוי ווי ס'איז פריער געווען.

מיט דעם איז אונדז דער דאָזיקער תנא מכוון, אַז מ'זאָל גוט נעמען אין באַטראַכט די רייד פון אונדזערע חכמים. כאָטש דער פלאַם פון זייערע גזירות זעט זיך במשך פון אַ לאַנגער צייט ניט אַרויס, געפינט זיך אָבער טיף באַהאַלטן; און אין אַ געוויסן מאָמענט ווען עמיצער זאָל דאָרט צולייגן

זיין האַנט, וועט עס כאַפּן אַ ברען און אַרומגיין מיט אַ ווונד. מחמת צייטן בייטן זיך, פונקט ווי די מאָדע פון קליידער: דאָס אַלטע ווערט פון דאָס ניי באַליבט און מ'האַלט עס באַהאַלטן בחדרי חדרים.

אַזוי אַרום, דאַרף פאַר קיינעם ניט זיין, חו"ח, לגנאי די רייד פון אונ־דזערע חכמים, ווייל אויך זיי זיינען דיקטירט געוואָרן מפי הגבורה. וואָרום משה רבנו האָט מקבל געווען די תורה פון באַרג סיני מיט אירע אַלע כללים ופרטים. און אַזוי זיינען זיי דערגאַנגען צו די אנשי כנסת הגדולה. ווי דער נביא ישעיה' זאָגט: „פאַרבינד די וואָרעניש, פאַרחתמע די לערנונג צווישן מיינע לערנער"! — (צור תעודה, חתום תורה בלימודי). — ד"מ — האַלטן זאָל מען הייליק די רייד פון די חכמים זיי זאָלן בלייבן ביי דיר אייביק!

— ה —

## אַוו תלמידי חכמים ווינען — איז דאָס אָרט הייליק!

ס'ווערט געבראַכט אין פרקי אבות: „ס'איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס האָט ניט קיין אָרט — (אין לך דבר שאין לו מקום). אייגנטלעך, וואָס איז דער תנא אויסן מיט דעם דאָזיקן מאמר?

זאָגן אויף דעם מדרשים„ „דער תנא איז מיט דעם מכוון, אַז ג'־ב"ה האָט געקוקט אין דער תורה און באַשאַפן די וועלט". אָט ווי ס'ווערט געבראַכט אין „זוהר"; „ווען ג־ט האָט געוואָלט באַשאַפן די וועלט, האָט ער אַ קוק געטאָן אין דער תורה און זי באַשאַפן" (וכד בעא קב"ה למברי עלמא, אשגח באורייתא וברא ליה).

לויט דער דאָזיקער אויסטייטשונג איז פעסטגעשטעלט, אַז די וועלט פירט זיך לויטן פּלאַן פון דער תורה. ד"מ — יעטווידער זאַך וואָס איז פאַראַן אין דער תורה, איז פאַרבונדן מיט אַ ספּעציעלן אָרט.

דערפאַר וואָרנט אונדז די תורה: „ווען ס'וועט פון דיר פאַרהוילן אַ „זאַך" צו וועלכן ס'איז משפט (כי יפלא ממך דבר למשפט), — און דו וועסט נישט קענען אָנווייזן דאָס אָרט אַוו דער געהעריקער פתרון געפינט זיך, דאַן „זאָלסטו אויפשטיין און אַרויפגיין צום אָרט, וואָס ג־ט וועט אים אויסדערוויילן" (וקמת ועלית אל המקום אשר יבחר ד' אלוקיך בו).

דאָס איז ירושלים, וואָס זי איז דער צענטראַל־פונקט פון דער גאַנצער וועלט און אַנטהאַלט אין זיך אַלע מיני מקומות, אַוו מ'געפינט דאָרט דעם פתרון הדבר, וואָס איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

בקיצור מיינט עס: ווען דאָס אָרט איז אַ מקום תורה, געפינט מען דאָרט דעם פתרון פון אַלע מיני שאלות, וואָס קומען אויף אויפן סדר היום.

ומהאי טעמא האָט דער תנא רבי יוסי בן קסמא געענטפערט דעם מאַן, ווען ער האָט אים פאַרגעלייגט: איך בין גרייט דיר צוגעבן די טויזנ־טער גאָלדענע רענדלעך און די מענטשן און פערל, ווען דו זאָלסט נאָר וועלן וווינען מיט אונדז, אין אונדזער שטאָט. איז זיין ענטפער געווען: „ווען דו זאָלסט מיר אַפילו געבן די גאַנצע גאָלד און זילבער דימענטן און פערל פון דער וועלט, וועל איך נאָר וווינען אין אַ שטאָט, וווּ ס'איז דאָ תורה.

איז לויטן ענטפער פון רבי יוסי בן קסמא משמע, אַז אין יענעם אָרט וווינען מענטשן, וואָס זיינען אַריינגעטאָן אין תאוות הממון, בלויז אין עולם־הזה, ווייל דער מאַן האָט אים נישט דערמאָנט, אַז ער זאָל לערנען מיט זיינע שטאָט־לייט. דאָס באַווייזט, אַז ס'איז אַן אָרט, וואָס איז נישט צוגע־פאַסט פאַר תורה.

דערפאַר האָט רבי יוסי אים געענטפערט: „נאָר אין אַן אָרט, וווּ תלמידי חכמים זיינען זיך עוסק אין תורה. אַזאַ אָרט ווערט פאַר ג־ט פאַררעכנט ווי מ'וואָלט פאַר אים מקטיר און מקריב געווען קרבנות לשם שמים.

דאָס אייגענע ברענגט רבא אין דער מסכת מנחות (ק"י: „ווער ס'איז זיך עוסק אין תורה, דער דאַרף נישט קיינע קרבנות" — (כל העוסק בתורה אינו צריך לא עולה ולא חטאת ואשם). דאָס איז דערפאַר, ווייל דורך דער תורה, ווערט מען אַזוי דערהויבן, אַז מ'פאַרנעמט אַליין דאָס אָרט פון בית המקדש, פון מזבח און פון כוהן, וואָס איז מקריב קרבנות. ד"מ — אַוווּ תלמידי חכמים זיינען זיך עוסק בתורה, זיינען זיי מקדש — פאַרהייליקן זיי — דאָס אָרט אַוווּ זיי לערנען.

אָט דאָס איז די כוונה פון דעם מאמר: „אין לך דבר שאין לו מקום" — אַוווּ ס'איז דאָ תורה, איז אויך די שכינה דאָ. און דאָרט ווערט אַנטשיידן אַלע מיני פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן לעבן, הן פונעם יחיד והן פונעם כלל.

## קאַפּיטל 18

„ווערט פאַרהוילן פון דיר אַ הלכה, גיי אַרוים און פרעג״!
(הלכה שנתעלמה מעיניך, צא ושאל! — רו״ד פ״ד).

# הלכה און דין

א.—די השגה וועגן „הלכה״ און „דין״.
ב.—דער ענין „הלכה למשה מסיני״.

— א —

## די אינטערפּרעטאַציע פון „הלכה״ און „דין״

אין פלוג קלינגט דאָס וואָרט „הלכה״ אָדער „דין״ — הני הך — איינס און דאָס זעלבע.

אָבער, ווען מיר נעמען אינטערפּרעטירן דעם ענין „הלכה״ און „דין״, איז דער באַגריף גאָר אַן אַנדערער. ובכדי צו אַנאַליזירן אָט דעם דאָזיקן ענין, מוז מען עס פאַרבינדן מיטן אינהאַלט פון „תלמוד״.

כידוע, איז דער תלמוד צעטיילט אויף צוויי טיילן: הלכה און אגדה. הלכה איז דער טייל, וואָס באַאַרבעט דאָס געטלעכע געזעץ אין אַלע ריכטונגען, כדי ס׳זאָל פעסט און אומבאַשעדיקט קענען ביישטיין אַנטקעגן אַלע שטורעמס פון דער צייט, און עס פעסטשטעלן ביז אין זיינע לעצטע קאָנסעקווענצן, נישט דאַגהנדיק וועגן דער נויט און דער פּיין פון דער קעגנוואַרט, און אגדה האָט איר אויפגאַבע צו טרייסטן און וועקן דאָסליידנדע פאָלק, וואָס האָלט ביים גייסטיקן און קערפּערלעכן צוזאַמענבראָך, לויט די איבערלעבענישן פון יענער צייט.

דאָס באַווייזט, אַז הלכה ווערט פאַרגליכן צו אַן אייזערנע פעסטונג פון פאָלק ישראל, פאַר וועלכער יעדער איינציקער מיטגליד פון דעם שטאַט איז גרייט געווען צו איינשטעלן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

און אַזוי ווי אין „הלכה" ווערט אויסגעדריקט פּינקטלעך און פאָלקאָם דאָס דענקען און כאַראַקטער פונעם פאָלק, האָבן אירע געזעצן תמיד געמוזט זיין אַזוינס, וואָס זאָלן אויסדריקן זיינע פאַרלאַנגען, זאָלן האַרמאָנירן מיט זיינע געפילן און זאָלן צופרידנשטעלן זיינע אידעאַל וועגן רעליגיע און זיינע אַספּיראַציעס. נעמט די „הלכה" דערפאַר אַרום סיי די טראַדיציאָנעלע, דאָס וואָרט פון שריפט אויסטייטשנדיקע אָדער די אַנטוויקלנדיקע הנחות, וועלכע גייען מיטנאַנד לעבן דעם שריפטלעך געזעץ, סיי אויך די דיסקוסיעס, וועלכע זיינען אויסגערופן געוואָרן ביים פעסטשטעלן די דאָזיקע הנחות.

מיר געפינען ווידער אין תלמוד, ווו די חכמים גיבן אָן, אין געוויסע פאַלן פון חקירה ודרישה אַזעלכע הלכות, ווי: „הלכות רגילות" — געוויינלעכע הלכות; „הלכות של עמעום" — פאַרנאַכלעסיקע הלכות, אָדער וואַקלענדיקע הלכות, וואָס דאָס פאָלק האָט אין זיי איינגעפירט אַ היתר, און די חכמים האָבן זיך נישט געמאַכט וויסנדיק — (ברכות י"ב; ירושלמי שבת פ"א) און „הלכות פסוקות" — פעסטגעשטעלטע הלכות, וואָס דינען אַלס סייג לתורה, אָדער צוליב תיקון העולם. דאָ זיינען הלכות באַזירט אויף דרש פון דער תורה.

מאַנכע הלכות האָבן די חכמים געמוזט ענדערן, צוליב די געענדערטע באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס פאָלק איז געווען געצוווּנגען צו לעבן. ווי די גמרא ברענגט אין נידה (ז'): „די חכמים האָבן משנה געווען די הלכה, וואָס רבי אליעזר האָט געהאַט באַגרינדעט, צוליב אויסערלעכע סיבות". — מ'האָט אַזש געקנסנט אויף אַ מנהג, ווען מ'האָט עובר געווען, פונקט ווי מ'איז עובר אויף אַ הלכה (ירושלמי וגיגה פ"א).

איז משמע פון דעם, אַז די חכמים האָבן אויך אָנגענומען מנהגים פאַר הלכות. נאָר די דאָזיקע הלכות, זיינען געענדערט געוואָרן לויט די לעבנסבאַדינגונגען, אָדער צוליב שכלדיקע איינזעעענישן.

דער יידישער פילאָזאָף פילאָן אַלעקסאַנדראָני, זאָגט אויסדריקלעך, אַז די יידישע מנהגים זיינען איבערגעגעבן געוואָרן על־פה און דאָס וואָרט „הלכה" אין תלמוד באַדייט „מנהג", און גיט נאָך צו, אַז די הלכה איז אַזוי אַלט, ווי די תורה אין אַלגעמיין איז אַלט, און זי איז ביסלעכווייז פאַרהייליקט געוואָרן גלייכצייטיק מיט איר אַנטוויקלונג.

אויף אַזאַ אופן האָט די תורה שבעל־פה אינטערפּרעטירט און מאָדיפיצירט די תורה־שבכתב. די תורה שבעל־פה האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט, אַז די הלכה זאָל זיך אַריינפּאַסן אין די געענדערטע באַדינגונגען פון יעט־

ווידער צייט און פון יעדן אָרט פונעם יידישן געשיכטלעכן לעבן. און מיט דעם נייעם געדאַנק פון הלכה, האָט זיך געעפנט אַ נייער קוואַל פאַר ווייטערדיקער גייסטיקער שאַפונג און אויך פאַר גייסטיקער אַקטיוויטעט. — דאָס שטעלטפעסט, אַז „הלכה" מיינט אין תוך די איינריכטונג, — די איינשטעלונג, לויט געוויסע דיסקוסיעס, בנוגע צו אַ פאַלקס מנהג אָדער צו אַרויסברענגען אַ וועלכן ס'איז געזעץ, וואָס זאָל זיך אַריינפּאַסן אין די לעבנסבאַדינגונגען. אַט ווי די גמרא ברענגט אין ברכות(טו): „ווען צוויי תלמידי חכמים זיינען זיך מפלפל אין אַ הלכה, איז מען מצרף צו זיי אַ דריטן, און זען צו זי קען בלייבן אַלס הלכה קצובה — אַ פעסטגעשטעלטע געזעץ". און דאַן, ווען זי ווערט פעסטגעשטעלט אַלס אַ הלכה קצובה, האָט זי דעם כוח פון „דין", און קיין אָפּפרעגן קען אויף אַ דין מער נישט זיין. ווי די גמרא דריקט זיך אויס אָפטמאָל: „והלא דין הוא"! — ס'איז דאָך אַ דין, און אויף אַ דין איז קיין אָפּפרעג נישטאָ!

אָבער די אַלע מיני הלכות האָבן געמוזט באַשטעטיקט ווערן אין סנהדרין גדולה.

אַ מער בולטערן באַווייז אַלס אַ חילוק צווישן „הלכה" און „דין", געפינען מיר אין דער גמרא מגילה (כ"ט). דאָרט ווערט געבראַכט פאָלגנדעס: „מ'טאָר נישט נהנה זיין פון נייער תבואה, איידער מ'נעמט מעשר אומעטום, אָבער נהנה זיין פון „ערלה" (די ערשטע דריי יאָר פון אַ פרוכט-בוים) טאָר מען נישט אין ארץ-ישראל, אָבער אין חוץ לארץ איז לויטן מנהג — (החדש אסור מן התורה בכל מקום והערלה -- הלכה). ד"מ — „החדש" איז על-פי דין אסור און „ערלה" איז על-פי הלכה. — זעט מען פון דעם באַשיינפערלעך, אַז „הלכה" און „דין" זיינען נישט איינס און דאָס זעלבע.

— ב —

## דער ענין „הלכה למשה מסיני"

מאַנכע חקרנים שטעלן זיך אָפּ וועגן דעם ענין „הלכה למשה מסיני", און פרעגן: אויב די תנאים און די אמוראים האָבן זיך אין יענער צייט, באַטראַכט אַלס די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פונעם פאָלק, און האָבן דערפאַר אויפגעשטעלט אַ פרינציפּ, אַז אַזוי ווי ס'איז אַוועקגענומען געוואָרן די נבואה פון די נביאים, איז זי נישט אַוועקגענומען געוואָרן פון די חכמים. און אַ חכם איז אין זיין ווירדע מער פון אַ נביא (ב"ב, י"ב, א'), ווייל די ווערטער פון די חכמים פירן די מענטשן צו די וועגן, וואָס געפעלן דעם אויבערשטן — (פּסיקתא רבתי, פרשה ג'). טאָ ווי קומט עס, אַז די דאָזיקע חכמים, זאָלן

אַליין ניט וויסן צו באַשליסן די הלכה, און זיין געצוואונגען אָנצוהענגען זי, אַז אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן דורך משה רבינו, אָן שום ראיה און סברא?

לפי האמת זאָגנדיק, איז בעיקר די הלכה וואָס האָט אַ שייכות צום יידישן שטייגער לעבן, געווען פאַררעכנט אַלס אַ „הלכה למשה מסיני".

אָט אַזעלכע מיני הלכות ווערן געבראַכט אין דער משנה (פאה פ"ה, ה"ז): „נחום הלבלר האָט געזאָגט, אַז ס'איז אַ הלכה למשה מסיני, ווען מ'פאַרזייט צוויי סאָרטן ווייץ און דערביי איז אויפגעשטעלט איין שייער, לאָזט מען איבער ביים שניידן די תבואה, איין ברעג פאה; האָט מען אָבער פאַר דעם צוגעגרייט צוויי שייערס, לאָזט מען איבער צוויי ברעגן פעלד. און דאָס איז אַ הלכה למשה מסיני, פון וועלכער שמעון הזקן, דער נשיא, האָט פון דעם נישט געוווסט. דאָך איז די דאָזיקע הלכה געוואָרן באַשטימט און מפורסם.

אין דער משנה „עדיות" ווערט געבראַכט: רבי יהושע האָט מקבל געווען אַ הלכה למשה מסיני פון רבי יוחנן בן זכאי, אַז אליהו קומט נישט מטמא זיין אָדער מטהר זיין. ד"מ — דאָס וואָס האָט אַ שייכות צו טומאה וטהרה, איז אליהו נישט קיין פוסק. כאָטש דער שכל טאָלערירט נישט אַז אַזאַ זאַך זאָל מען מקבל זיין דורך משה רבינו פון באַרג סיני.

נאָר דאָס איז דערפאַר, ווייל ר' יוחנן האָט איבערגעלאָזן אַ כלל, אַז פון דעם טאָג, ווען ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן די תורה צום כלל ישראל, איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן צו די חכמים אַ רעכט צו אַנטשיידן געוויסע ספקות, לויט זייער באַגריף און לויט רוב דעות, באַנוצנדיק זיך מיטן אויס־דריק „הלכה למשה מסיני".

אויך אין דער משנה „ידים" (פ"ד, מ"ג) ווערט דערציילט: „עמון און מואב האָבן געבראַכט מעשר שני בשביעית".

איז דאָך אַזאַ זאַך געוויס נישט איבערגעגעבן געוואָרן מסיני, נאָר אַ שפּעטערע תקנה וואָס די חכמים האָבן מתקן געווען, און אַזעלכע הלכות האָבן מיר אין תלמוד צוויי און פערציק, וואָס זיי ווערן אָנגעגעבן אַלס אַ הלכה למשה מסיני. בכלל זיינען פאַראַן צווייערליי הלכות, ווי: פאָלקס הלכות וואָס האָבן נישט קיין אָנדייט אין דער תורה שבכתב און הלכות וואָס זיינען באַזירט אויף אַ דרש אין דער תורה. האָט מען די פאָלקס־הלכות געמוזט תולה זיין למשה מסיני, בכדי זיי זאָלן אויך זיין פאַרהייליקט ווי די הלכות על־פי דרש התורה. (זע הקדמת הרמב"ם לפירוש המשניות).

ס'איז פאַראַן אָבער אַזעלכע הלכות למשה מסיני, וואָס איז וועגן זיי קיין מאָל נישט געווען אַ מיינונגס פאַרשיידנהייט. אַ שטייגער ווי: תפילין דאַרפן זיין געשריבן אויף פאַרמעט (שבת ע"ט), אָדער די פאַרשריפטן וועגן דער שין" פון די תפילין, גלייך ווי וועגן דעם „קשר", אָדער די רצועות דאַרפן זיין שוואַרצע און אַזוי ווייטער (מנחות ל"ה), אַזוי אויך מ'דאַרף

דורכגיין די „בתים" פון די תפילין מיט אָדערן פון אַ כשרער בהמה (שבת כ"ח), ווי אַזוי צו לינירן דעם פּאַרמעט און צו שרייבן מיט טינט (מסכת סופרים, פרק א').

און ביי אַנדערע הלכות זאָגט די גמרא „מסכם הכתוב לחכמים". דאָס מיינט, אַז די חכמים מעגן דאָרט טאָן, לויט ווי ס וועט זיי געפעלן ווערן. און דאָס וואָרט זייערס וועט דערנאָך זיין אַ געזעץ. און די חכמים האָבן געהאַט אַ תירוץ, אַז אַזאַ דין ווי זיי האָבן מחדש געווען, איז שוין געווען פון פריער, נאָר מ'האָט אים פאַרגעסן (זבחים ק"י).

און לויט רב האי גאון, זיינען די אַלע דינים געוואָרן באַצייכנט אין דער גמרא אַלס אַ „הלכה למשה מסיני", ווייל זיי זיינען וואַרשיינלעך אַלט איינגע־פירטע מנהגים. און די דאָזיקע מנהגים שטאַמען פון יענער צייט, וואָס משה רבינו האָט געקראָגן די תורה. ד"ה אַז ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן טראַ־דיציאָנעל פון עלטערן צו קינדער, פון לאַנג דורות צוריק ביז די דורות פון די נביאים, אַז אַלע מנהגים, וואָס יידן האָבן אָנגענומען און ס'איז נישט פאַראַן וועגן זיי קיין אָנזאָג אין דער תורה, שטאַמען פון אונדזערע נביאים, וועלכע האָבן זיי איבערגענומען בקבלה פון משה רבנו אַלס אַ „הלכה למשה מסיני".

איז פון דעם אַלעם געדרונגען, אַז דער אויסדרוק „הלכה למשה מסיני", האָבן די חכמים באַנוצט, בכדי עס זאָל ווערן פאַרהייליקט ביים פאָלק די הלכה, וואָס איז נוגע צו זיין שטייגער־לעבן, לויט זייער באַגריף און רוב דעות.

## קאַפּיטל 19

„רבנן, צו וואָס שטרעבט איר״?

(רבנן, במאי קא תשתדלון? — זוהר בראשית כ״ז).

# רבנן דאגדתא

א.—זייער שטרעבונג. ב.—זייער אויסטייטשונג.

— א —

## די שטרעבונג פון די רבנן דאגדתא

די רבנן דאגדתא זיינען געווען אַזעלכע חכמים, וועלכע האָבן זיך ספּעציעל פאַרנומען מיט לעגענדאַריש-פּאָעטישע שילדערונגען וועגן אַמאָליקע און גלייכצייטיקע געשעענישן, וואָס האָבן אין תוך גאָר ניט קיין שום שייכות מיט הלכות. זייער אויפגאַבע איז געווען צו דערמוטיקן דאָס פאָלק, וואָס ס'האָט געלעכצט נאָך טרייסט-ווערטער, אויף צו קענען סובל זיין די שווערע־סטע לאַסט פון דער רוימישער מאַכט. און דאָס פאָלק האָט דאַן געזען מיט אַ קלאָרן בליק אין דער „אגדה״ די מעלות פון זיין אמונה, און האָבן אין איר געלערנט צו פאַרשטיין די מעלות פון דער תורה און פון די תלמידי חכמים; די מעלות פון גוטס טאָן צו אַנדערע און צו צייגן ליבע צו מענטשן, גלייך ווי פון זוכן דעם אמת און פון ניט אַרויסקוקן אויף אַ געווינס. ואגב האָט די אגדתא אויך אויפגעוויקלט די געשעענישן פון אַלטע צייטן און אַריינברענגען כוח, איבערצוטראָגן די אַלע צרות פון דער קעגנוואַרט. בכלל זיינען די אַלע אגדות אַ קוואַל פון מאָראַל און קלוגע געדאַנקען, וואָס מ'קען פון זיי אַרויסנעמען אַ באַלערונג פאַר אַלע אומשטענדן פונעם לעבן. דערפאַר

איז די אגדתא ממש געווען אַ גויטוועגדקייט פאַרן פאָלק. אָט ווי די גמרא ברענגט בלשון: „לימא מר אגדתא" — „זאָל אונדז, דער הער זאָגן, אַן אגד־תא"! (שבת ס"ג). די כוונה פון דעם איז, בכדי צו געפינען אין איר אַ טרייסט פאַר זיך.

אויך האָט די אגדתא מאַנכעס מאָל געדינט פאַר אַ גייסטיקער אויפפרי־שונג, מיט וועלכע אמוראים האָבן זיך באַנוצט ווען ס'האָט אויסגעדאַכט, אַז די תלמידים זיינען שוין פונעם פילפול מיד און זיי הערן שוין צו מיט אַ האַלבן אויער צו דער הלכה.

דאָך זיינען געווען מאַנכע חכמים, וואָס האָבן צו די בעלי אגדתא ניט געוואָלט געבן דעם טיטול „רבי" און זיי האָבן וועגן זיי גערעדט מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג, אָנרופנדיק זיי בלויז „אילין דאגדתא". ד"ה — די פאַרשוינען פון דער אגדה.

און טראָץ דעם, וואָס דאָס פאָלק האָט אין דער אגדה געפונען אַ טרייסט פאַר זיך, און אגב באַגרינדעט געוויסע געשעענישן אין יענער תקופה, האָט עס אויך געהאַט דעם צוועק, אָפּצוהיטן די יידן פון די קריסטלעכע לערעס, וועלכע האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן פאַרשפרייטן, אַז מ'זאָל וויסן ווי אָפּצוענט־פערן אויף די טענות פון די קריסטן און מבטל צו זיין זייערע ראיות, וואָס זיי ברענגען פון תנ"ך.

אָט, למשל, האָבן פיל פון די קריסטלעכע לערער געבראַכט אַ ראיה פאַר זייער אידעע פונעם פסוק „נעשה אדם" — (לאָמיר מאַכן אַ מענטש), ווי דער איבערשטער רעדט בלשון רבים (מיר), דערקלערן זיי דאָס, אַז ביי דער באַשאַפונג פונעם מענטש האָט זיך דער איבערשטער באַראָטן מיט זיין זון (?) וועמען ער האָט דאַן געזאָגט: „לאָמיר ביידע צוזאַמען באַשאַפן אַ מענטש"!

קומט ר' שמואל בר נחמני — דער בעל־אגדתא — אויפן נאָמען פון ר' יוחנן און זאָגט וועגן דעם אָט־וואָס: „ווען משה רבינו האָט געדאַרפט אָנשרייבן אין דער תורה „נעשה אדם", האָט ער אַ זאָג געטאָן צום אויבער־שטן: רבונו של עולם!

צו וואָס גיסטו דאָ די געלעגנהייט צו די מינים (יידן, וואָס האָבן גע־גלויבט אין דער קריסטלעכער אמונה), זיי זאָלן קענען זאָגן אַז דו האָסט געהאַט אַ העלפער ביי דער באַשאַפונג פונעם מנטש"? — האָט אים ג־ט געזאָגט: דו שרייב ווי איך הייס דיר און ווער ס'וועט וועלן האָבן אַ טעות אין דער באַדייטונג פונעם וואָרט, דער מעג זיך טועה זיין! (בראשית רבה, פרשה ח').

איז רש"י ז"ל דאָרט מפרש דעם לשון „נעשה אדם", אַז דאָס באַווייזט די ענוות פון ג'־ב"ה. אַזוי ווי דער מענטש האָט די געשטאַלט פון די מלאכים, זאָלן זיי זיך אין אים ניט מתקנא זיין, האָט ג'־ב"ה דערפאַר זיך

באַראַטן מיט די מלאכים. און רש״י איז זיך סומך אויף דעם פסוק פון מלכים א׳ (כ״ב, י״ט), וואָס זאָגט: „איך האָב געזען ווי ג־ט זעצט אויף זיין טראָן, און דער גאַנצער חיל פון הימל שטייט לעבן אים פון זיין רעכטער זייט און פון זיין לינקער". — זאָגט דער נביא: די, וואָס פון דער רעכטער זייט צו פאַרטיידיקן און די, וואָס פון דער לינקער זייט צו באַשולדיקן. ד״ה — ג־ט האָט זיך מיט זיי באַראַטן. — אָבער, לפי האמת, האָט ג־ט אַליין באַשאַפן דעם מענטש אין זיין געשטאַלט, אָן קיינע העלפער. ווי דער פסוק לויטעט: „ויברא אלוקים את האדם".

— ב —

## רבנן דאגדתא — זייער אַרט-אויסטייטשונג און שילדערונג

בכדי צו האָבן אַ טיפערן באַגריף וועגן דער עובדא פון די „רבנן דאגדתא". וועל איך דאָ פרווון אָנגעבן געוויסע אַמוראים, וואָס האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט אגדתא, וואָס אַנטהאַלטן שכלדיקע אויסטייטשונגען און קלוגע געדאַנקען איינגעפּאַסט אין אַ ראַם פון אַ מין דערציילונג.

אָט געפינען מיר, ווי דער אמורא רבי לוי סטאַרטעט זיך אין פיל פון זיינע דרשות, צו געבן אַ טרייסט און האָפענונג. — אַ שטייגער ווי ער זאָגט, ווען משיח וועט קומען, וועט דער אויבערשטער אַריינוואַרפן די געצנ־דינער אין גיהנום. דערביי וועט ער זאָגן: „פאַר וואָס האָט איר געפייניקט מיינע קינדער"? — וועלן זיי ענטפערן: מיר וואָלטן זיי ניט געפייניקט, ווען איינער זאָל נישט געווען רעדן לשון הרע אויפן אַנדערן! (ב״ר, פ״ד). איז ער מיט דעם מרמז, אַז מ׳זאָל אָפּהיטן די צונג פון לשון הרע. — „נצור לשונך מרע".

און אַז ער איז געקומען צום פסוק: „טוב שם משמן טוב, ויום המות מיום הולדו (קוהלת ז׳ א׳) — האָט ער דערקלערט מיט אַ משל, ווי צוויי שיפן זיינען אַמאָל אַרויסגעשווומען צום מיטללענדישן ים. איינע איז געגאַנגען פונעם ברעג און די אַנדערע איז געגאַנגען צום ברעג. האָט איינער באַ־מערקט וואָס איז אָנגעקומען צום ברעג, האָבן זיך נישט אַלע געפרייט. האָט אַ קלוגער מענטש געזאָגט: אָן איבערגעקערטע דערשיינונג זע איך דאָ! מענטשן, וואָס גייען אַוועק פונעם ברעג, דאַרפן זיך נישט פרייען, ווייל זי ווייסן נישט וויפל צייט זיי וועלן פאַרברענגען אויפן ים און וויפל ווינטן ס׳וועלן זיך צו זיי צוטשעפּען. אָבער מענטשן, וואָס קומען צום ברעג, דאַרפן זיך דווקא יאָ פרייען, ווייל זיי ווייסן, אַז זיי זיינען אַרויסגעקומען פונעם ים בשלום צום ברעג. אָט אַזוי איז אויך דאָס לעבן פונעם מענטשן, וואָס וואָלט קיין מאָל נישט געדאַרפט רעכענען די צייט פון זיין געבוירן, וויפל ער

האָט שוין געלעבט, נאָר מ׳האָט גיכער געדאַרפט רעכענען וויפל צייט ס׳פעלט אים נאָך צום טויט. (בראשית רבה פ׳ מ״ח). ד״מ — דער מענטש זאָל זיך מאַכן אַ חשבון הנפש, צו זען בעסער מיט וואָס פאַרא מעשים, ער קומט אָן צום ברעג פון זיין לעבן. וואָרום ניט דער אָנקום איז דער עיקר, נאָר דאָס אָוועקגיין פון דער וועלט, ווייל נאָר דאַן מאָנט מען אויף פאַר אַלע זיינע מעשים, צו ער איז באַרעכטיקט צו טראָגן דעם שם־טוב (גוטן נאָמען).

גאָר פון די פראָמינענטע רבנן דאגדתא איז געווען רבי יהודה בר סימון, ווי מ׳האָט אים אָנגערופן אין מדרשים, — אין תלמוד ירושלמי, הייסט ער יהודה, ר׳ יהודה בר׳ שמעון בן פזי. ער האָט כמעט אין אַלע זיינע דרשות זיך געסטאַרעט צו דערקלערן די פסוקים פון תנ״ך אויף אַ מערקווירדיקן אופן, אַריינצוגעבן אין זיי אַזעלכע כוונות און אויסטייטשונגען, וואָס זאָלן דעם צוהערער איבעראַשן.

אָט, ווען מהאָט אים אַ מאָל געפרעגט וועגן דער קריסטלעכער „דריי־איינקייט״ און מ׳האָט אים געבראַכט אַ ראיה פונעם פסוק אין זכריה — (י״ג, ה׳): „און ס׳וועט געשען אין גאַנצן לאַנד — צוויי טיילן דערין וועלן פאַרשניטן ווערן און פאַרגיין. און אַ דריט חלק וועט בלייבן דערין״ (והיה בכל הארץ פי שנים בה יכרתו ויגועו והשלישית יותר בה). — האָבן זיי, די קריסטן, איינגעטייטשט, אַז די וואָס גלויבן אין צוויי מינים געטער, אַ שטייגער ווי די פערסיער, וועלכע האָבן געגלויבט אין אַ גאָט פון ליכט און אין אַ גאָט פון פינצטערניש, וועלן פאַרשניטן ווערן און צו גרונט גיין, אָבער „והשלישית״, די וואָס גלויבן אין „דריי־איינקייט״, די וועלן איבער־בלייבן״.

— האָט רבי יהודה מסכים געווען צו זייערע רייד בנוגע די פערסיער, אָבער „והשלישית״, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס מיינט די יידן, וועלכע באַשטייען פון דריי גרופּן — (כוהנים, לויים און ישראלים), און זיי גלויבן דעם אויבערשטן אין דרייען, ווען זיי זאָגן דריי מאָל „קדוש״ (דברים רבה פ״ה).

דאָס לערנט אונדז, אַז מזאָל זיך ניט סומך זיין אויף די פאַלשע איינ־טייטשונגען פון די פסוקים פון תנ״ך.

אָט וועגן די דריי פלעצער אין ארץ־ישראל — האָט רבי יהודה בר סימון געזאָגט — קענען נישט די גויים פאַרוואורפן, אַז די יידן האָבן זיי צוגענומען און ניט באַצאָלט, דהיינו די „מערת המכפלה״ (די הייל פון מכפלה), דער „בית המקדש״ און יוספס קבר. ביי מערת המרפלה, זאָגט דער פסוק בפירוש, ווי אברהם אבינו האָט אָפּגעקויפט דעם פּלאַץ פאַר פיר הונדערט זילבערנע שקלים, ביי „בית המקדש״ ווערט דערציילט, ווי דויד המלך האָט באַצאָלט פאַרן פלאַץ צו ארנן היבוסי זעקס הונדערט גאָלדענע שקלים און ביי יוספס קבר דערציילט דער פסוק, ווי יעקב אבינו האָט געקויפט אַ שטיקל פעלד

ביי די בני חמור פאַר מאה קשיטה (אָזוי מטבע) — בראשית רבה פ"עט). מיט דעם איז רבי יהודה מרמז, אַז די בני ישראל האָבן אַ פולשטענדיקע באַרעכטיקונג צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די מיינונג פון דעם בעל־אגדתא, ר' יוסי בן חלפתא, וועגן נבואה. אַלע נביאים — האָט ער געזאָגט — האָבן גערעדט און זיי האָבן נישט געוווסט וואָס, ווייל די נבואה האָט פון זיי אַרויסגערעדט און זי האָט געזאָגט נישט דווקא דאָס, וואָס דער נביא האָט געוואָלט זאָגן. די איינציקע נביאים, וועלכע האָבן יאָ געוווסט, וואָס זיי זאָגן, זיינען געווען משה רבינו און ישעיהו הנביא. (מדרש שוחר טוב, פ"ב). מיט דעם האָט ער דערקלערט, אַז ס'איז פאַראַן אַ חילוק צווישן דער נבואה גדולה און נבואה קטנה. ד"מ — ווער ס'זעט די נבואה ווי פון אספקלריא מאירה — (אַ דורכזיכטיקן שפּיגל), וואָס מ'זעט זיך און אויך דעם אַרום, און דער וואָס זעט די נבואה, ווי פון אַן אומדורכזיכטן שפּיגל, — ער זעט זיך ניט — ער רעדט דאָס, וואָס ווערט אים דיקטירט, כאָטש ער אַליין האָט ער ניט בדעה צו זאָגן.

אויך געפינען מיר אין זייערע דרשות אַ מער ברייטערע פאָרעם אין די ספורי התורה. אָט למשל: ווי אברהם אבינו דערוועדבט תורה און חכמה, ווי ער ווערט דערהויבן אין די אויגן פון זיין דור און צווישן די פעלקער ווערט ער פאַררעכנט אַלס נביא — דער פרעדיקער פון מאָנאָטעאיסטישן גלויבן. ס'ווערט אויך געשילדערט, ווי אברהם שפּאָט אָפּ פון זיין טאַטנס געצנדינסט; ווי ער ווערט דורך זיין טאַטן תרח איבערגעגעבן אין די הענט פון דעם קעניג נימרוד, אים צו משפּטן פאַרן חוזק מאַכן פון זייערע אָפּגעטער; ס'גיט זיך איבער, ווי אברהם פאַרפירט אַ וויכוח מיט נימרודן וועגן דעם בורא עולם; ווי נימרוד באַשליסט אים אַריינצוואַרפן אין אַ פייערדיקן קאַלך־אויוון: דאָס ווי אַברהם ווערט ניצל פון דעם דאָזיקן כבשן האש; ווי זיין ברודער הרן שטייט דערביי און זאָגט מיט גרויס באַוווּנדערונג: „וועט מנצח זיין אברהם, וועל איך זאָגן, אַז איך געהער צו אים, און אויב נימרוד ווערט מנצח זיין, וועל איך זאָגן, אַז איך געהער צו אים". איז ווי מ'האָט אַריינגעוואָרפן אַברהמען אין קאַל־אויוון, האָט מען אַ פרעג געטאָן הרנען פאַר וועמען האַלטסטו? — האָט ער געענטפערט: איך פאַר אַברהמען, האָט מען אים תיכף אויך אַריינגעוואָרפן אין פייער, און איז פאַרברענט געוואָרן און קעגנוואַרט פון זיין פאָטער תרח. (תדב"א, ב"ר פ"לח). אָבער אַברהם איז אין דער זעלבער צייט ניצול געוואָרן פון פייער. דאָס פייער האָט אויף אים קיין שליטה ניט געהאַט. אין זיין זכות זיינען אויך זיינע קינדס־קינדער חנניה, מישאל און עזריה, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם, געראַטעוועט געוואָרן פון כבשן האש (פסחים ק"יח).

אַברהם ווערט מפורסים און לאָזט זיך אַוועק איבער דער וועלט פרעדיקן די אידעע פון אחדות הבורא, ביז ער באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל. און

פון דאָרט שטראַלט אַרויס דאָס ליכט פון דער יידישער אמונה אויף די אַלע אָבערגלויבערישע פעלקער פון זיין צייט.

נאָך אַן אויסערגעווייינלעכע שילדערונג גיט זיך איבער פון די רבנן דאגדתא וועגן דעם ענין „עקידת יצחק". דער תוכן פון דעם סיפור איז: דאָס געשפּרעך צווישן אַברהם און זיין זון יצחק; ווי דער שטן שטערט זייער גאַנג און וועג — ער פאַרשפּרייט אַ גרויסן טייך, כדי זיי זאָלן ניט קענען מקיים זיין ג־טס באַפעל; ווי אַברהם טוט תפלה, אַז דער טייך זיין אויסגע־טריקנט ווערן; ווי זיי קומען צום אָרט, ווו יצחק דאַרף געבראַכט ווערן אַלס קרבן עולה פאַר ג־ט. דער נסיון פון יצחקן: ער לאָזט זיך פרייוויליק בינדן און הייסט דעם טאַטן, ער זאָל עס מאַכן וואָס שנעלער, צו דערפילן ג־טס געבאָט אים צו פאַרברענען ווי עס באַדאַרף צו זיין, כדי ס׳זאָל זיך חו״ש ניט אַריינכאַפּן קיין פסול; ער זאָל דערנאָך זיין אַש אַוועקטראָגן צו זיין מוטער שרהן און ווי לאַנג זי וועט עס זען, זאָל זי זאָגן, אַז דאָס איז מיין זון, וואָס זיין פאָטער אַברהם האָט אים געשאָכטן. אין דעם מאָמענט באַמערקט אַברהם פונדערווייטן אַ הויכן באַרג, און פרעגט יצחקן: „זעסטו דאָס אייגענע וואָס איך זע"? — האָט ער געזאָגט: איך זע אַ שיינעם באַרג און איבער אים הענגט אַ וואָלקן. אַברהם פרעגט אויך זיינע יונגען: איר זעט דאָ גאָר נישט? — האָבן זיי אים געענטפערט: מיר זעען בלויז מדבריות (וויסטענישן). נאָך דעם ווי אברהם האָט אויפגעשטעלט דעם מזבח, האָט זיין יצחק אַ פרעג געטאָן: טאַטע, וואָס וועסטו טאָן אויף דער עלטער? — האָט אים אַברהם געענטפערט: זיי וויסן, מיין קינד, אַז אונדזער טויט דערנענטערן זיך; איז ווער ס׳האָט אונדז געטרייסט ביז איצט, דער וועט אונדז טרייסטן ביז ענדע לעבן. ביי דעם געשפּרעך האָט אַברהם אויסגעלאָזט מיט די ווערטער: „איך וועל אויפ־הויבן מיינע אויגן צו די הויכן, צו זען פון וואַנען ס׳וועט קומען מיין הילף" (אשא עיני אל ההרים מאין יבא עזרי). אויך יצחק האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און האָט דערזען די „חדרי המרכבה" (די טיפענישן פון די אויבערשטע וועלטן) און ס׳האָט אים אַרומגענומען אַ ציטער פאַר שרעק. דאָ הערט אַברהם אַ בת־קול (עכא) וואָס זאָגט: „רבונו של עולם"! — ווי וועט מקויים ווערן דיין שבועה וואָס דו האָסט געוואָרן: „כה יהיה זרעך" — „דיינע קינדער וועלן אייביק עקזיסטירן, ווי די שטויב פון דער ערד"? — האָט זיך תיכף געלאָזט הערן דאָס געטלעכע וואָרט: „זאָלסט ניט אויס־שטרעקן דיין האַנט צום קינד, — זאָלסט אים גאָר נישט טאָן"! (תנחומא; סנהדרין פ"ט; ירושלמי־תענית).

און גאָר מייסטערהאַפטע דערציילונגען געפינען מיר אין מדרש (איכ"ה) וועגן די אבות ווי זיי טרויערן נאָכן חורבן בית המקדש און "על נהרות בבל" (פסק"ר ל"א). און ווי ס׳ווערט דערציילט אין דער גמרא גיטין (נ"ה) וועגן די דריי גבירים: נקדימון בן גוריון, בן כלבא שבוע און בן ציצית הכסת;

וועגן פיר הונדערט קינדער, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן, בכדי זיי זאָלן עובר זיין אויף עבירות; וועגן דעם זון און טאָכטער פון רבי ישמעאל בן אלישע, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן צו צוויי גרויסע גוט־באַזיצער, צו האַלטן זיי פאַרשקלאַפן. און נאָך ענלעכע דערציילונגען, ווערט געבראַכט אין אבות דרבי נתן פ״יז.

אָט די אַלע דרשות און סיפורים פון די רבנן דאגדתא האָבן אויסגעהיפּט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן פאָלק און זיי דערמוטיקט מיט זייערע הערלעכע געדאַנקען אין אַלע זייערע צרות. ואגב דערהויבן דעם המון צו אַ העכערער מאָראַל.

ומהאי טעמא דאַרפן מיר זיך ניט אָפּשטעלן אויף געוויסע אגדות, וואָס זיינען פאַר אונדז אומפאַרשטענדלעך, ווייל מיר האָבן פאַרלאָרן דעם פאָדים, וואָס האָט געהאַט פאַרבונדן צו די געשעענישן פון יענער תקופה. דערפאַר זאָגן די חכמים „אין מקשים באגדה״ — מ׳פרעגט ניט קיין קשיא אויף קיין אגדה. וואָרום דאָס איז אַ מין דערציילונג, געשריבן אין אַ לעגענדאַריש־פּאָעטישע שילדערונג, באַזירט אויף די געשעענישן, וואָס די יידן האָבן געהאַט איבערגעלעבט, אונטער דער רוימישער הערשאַפט.

ס׳איז דאָ אינטערעסאַנט איבערצוגעבן אַ געוויסע איינטייטשונג פון דעם פּראָמינענטן בעל אגדתא, ר׳ ברכיה, וואָס קאָן דינען אַלס מאָטאָ פון יעט־ווידער איינעם. ער טייטשט אין דעם פסוק „אשרי נשוי פשע״ (תהילים ל״ב, א׳) — (ווייל צו דעם וואָס זיין פאַרברעך איז פאַרגעבן) — ווייל איז דעם מענטשן, וואָס קען זיך אויפהויבן העכער פון זיינע זינד, אַז די זינד זאָל נישט אַרויסקומען העכער פון אים. (בראשית רבה פ, כ״ב). דאָס וויל זאָגן, אַז דער מענטש זאָל תמיד זיין דער מושל איבער זיך. ער זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם יצר הרע, וואָס רעדט אים איין, ער זאָל אַנט־קעגן קומען אַלע זיינע תאוות הגוף און עובר זיין אויף אַלע מיני חטאים.

און די אַלע ווונדערלעכע איינטייטשונגען זיינען ווי איינגעפאַסט אין אַ ראַם פון דערציילונגען, געשילדערט דורך געוויסע אַמוראים, בימי התלמוד און זיינען באַטיטלט געוואָרן מיטן נאָמען „רבנן דאגדתא״.

# קאַפּיטל 20

„ארץ-ישראל איז ניט ווי אַלע אַנדערע לענדער,
זי האַלט ניט אויס קיין בעלי-עבירות".
(ארץ-ישראל אינה כשאר כל הארצות,
אינה מקיימת בעלי-עבירות.—ספרא י"ז).

## ארץ-ישראל ומדינת ישראל

איינלייטונג.

א.—די האָפענונג צו שיבת ציון.

ב.—ישראל סבא און זיין יונגע מדינה.

ג.—עם ישראל און מדינת ישראל.

ד.—אַ וואָרט צום „יום העצמאות".

### איינלייטונג

כידוע, ווען ארץ ישראל איז געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דער רוימישער אימפּעריע, האָבן אירע פּראָקוראַטאָרן אוממענטשלעך אונטערדריקט די יידן און שטאַרק באַליידיקט זייערע הייליקע געפילן.

און ווי די רוימישע קולטור האָט פאַרפּעסטעט די לופט פון ארץ-ישראל און דעמאָראַליזירט דאָס גאַנצע לאַנד, האָבן די געטרייע זין פון יידישן פאָלק דערוואַכט און באַשלאָסן צו רעוואָלטירן. מ'האָט אָנגעהויבן גרייטן זיך צו מלחמה. און דאָס קליינע פאָלק ישראל האָט אָנגעפאַנגען זיין אויפשטאַנד קעגן דעם גרויסן אַלמעכטיקן רוים.

ס׳איז דאַן אָנגעקומען דער רוימישער העלד טיטוס און באַלאַגערט די שטאָט ירושלים. און אין דעם ניינטן טאָג אין דעם חודש אב, אין דעם זיי־בעציקסטן יאָר פון דער נייער ציַיטרעכענונג, האָט דער רוימישער אָדלער אַריינגעשטאָכן זיינע אייזערנע נעגל אין דעם צעבלוטיקטן קערפּער פון יידישן פאָלק.

די רוימער האָבן פאַרברענט דעם בית המקדש און באַפאַלן די באַוווינער פון ירושלים און אויסגעקוילעט ווי שאָף. מער פון אַ מיליאָן יידן זיינען געפאַלן אין דער מלחמה פון שווערד און הונגער. און מער פון הונדערט טויזנט יידן זיינען געפאַנגען געוואָרן פון טיטוסן. מ׳האָט געמאַכט אין רוים אַ גרויסע פּראָצעסיע צו פייערן דעם זיג איבער ארץ־ישראל. אין דעם אָנ־דענק פון דעם טאָג האָבן די רוימער אויסגעגאָסן מטבעות מיט דעם בילד פון אַ פרוי געשמידט אין קייטן און מיט אַן אונטערשריפט: „יודעאַ קאַפּטאַ, יודעאַ דוויקטא״ — די געפאַנגענע יהודה, די באַזיגטע יהודה.

יאָ, די מעכטיקע גרויזאַמע רוימער האָבן באַזיגט דאָס יידישע לאַנד, אָבער דאָס יידישע פאָלק איז געבליבן אומבאַזיגט. אונדזערע גייסטיקע פי־רער זיינען געווען גרעסערע סטראַטעגיקער פון די רוימער, זיי האָבן פאַר־שטאַנען ווי אַזוי צו בויען פאַר זייער פאָלק אַ גייסטיקע פעסטונג, וועלכע זאָל ניט קענען צעשטערט ווערן פון דעם שונאס הענט. דער שונא האָט געקאָנט פאַרברענען אונדזער בית המקדש, אָבער ער האָט ניט געוווּסט, אַז אונדזער ג־ט קאָן אויסקומען אָן אַ טעמפּל, און ער איז מיט זיין פאָלק צו־זאַמען געגאַנגען אין גלות. דער פיינד האָט געקאָנט פאַרניכטן די הייליקע שריפטן, אָבער ער האָט ניט געקענט אויסמעקן די ווערטער פון דער תורה, וועלכע זיינען געווען טיף איינגעקריצט אין דעם יידנס האַרץ און נשמה.

אָט דאָס האָט גוט פאַרשטאַנען רבי יוחנן בן זכאי, איינער פון די באַ־וווסטע חכמים, אַז באַשיצן דעם באַזיגטן פאָלק, און אים פאַרהיטן פון אונ־טערגאַנג, קען נאָר די גייסטיקע פעסטונג. האָט ער זיך געווענדט צום רוימישן קריגספירער וויספּאַסיאַנעס, ווען ער האָט באַלאַגערט ירושלים, און געבעטן אַ דערלויבעניש צו באַזעצן זיך אין דעם שטעטל יבנה, און עפענען דאָרט אַ ישיבה. דער רוימער האָט ניט באַגריפן, אַז די ישיבה איז די שטאַרקסטע פעסטונג פאַרן קיום פונעם יידישן פאָלק; און ער האָט דערלויבט עפענען אַ ישיבה, פון וועלכער ס׳זיינען אַרויסגעקומען גרויסע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אַלס גוטע, גרויסע גייסטיקע לערער, און אַלס איבערגעגעבענע, געטריייע, פעאיקע פירער פון פאָלק.

אַזוי אַרום, איז ארץ ישראל געוואָרן פּאַראייביקט אין האַרץ פון דעם עם ישראל, ווי ס׳ווערט געבראַכט אין אדר״נ פל״ד: „ארץ ישראל נקראת חיים״ — ארץ־ישראל איז דאָס לאַנד, וואָס האַלט אויף דאָס יידישע פאָלק ביים לעבן!

הרב ישראל מ. פישלעדער

— א —

# די חכמים פאַרשטאַרקן די האָפענונג צו שיבת ציון

אַזוי ווי די חכמים האָבן איינגעזען נאָכן חורבן בית שני, אַז בבל האָט שטאַרקע צוציאונגסקראַפט פאַר די ארץ־ישראלדיקע יידן, ווייל דער לשון פון דער באַבילאָנישער באַפעלקערונג, איז געווען זייער ענלעך צום לשון פון דער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל. און דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער עמיגראַציע קיין בבל. ס'איז דאַן אָנגענומען געוואָרן אַ מיינונג, אַז וואָס דער אויבערשטער האָט פאַרטריבן די יידן קיין בבל, האָט ער דאָס בלויז געטאָן, ווייל דער לשון פון די בבלים איז נאָענט צום לשון פון דער תורה (פסחים פ"ג, ח').

איז אַזוי ווי די חכמים האָבן מורא געהאַט, אַז ארץ־ישראל זאָל נישט אויסגעליידיקט ווערן פון די יידן, האָבן זיי געזאָגט, אַז וועלכער ייד ס'וווינט אין ארץ ישראל, איז ער שוין מיט זיין וווינען אַליין מקבל אויף זיך דעם עול מלכות שמים, און ווער ס'גייט אַוועק אין חוץ לארץ, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט געגאַנגען דינען צו דער עבודה־זרה (כתובות ק"י, ב').

קומט דערצו די משנה און זאָגט: ארץ ישראל איז הייליקער פון אַלע לענדער אין דער וועלט. און די אורזאַך פון דער דאָזיקער הייליקייט איז, וואָס די יידן אין ארץ־ישראל האָבן געדאַרפט אָפּהיטן אַזעלכע מצוות, וואָס זיינען אָפּהענגיק פונעם וווינען אין ארץ־ישראל (מצות התלויות בארץ). און ווער ס'האָט געוווינט אין חוץ־לארץ, האָט די דאָזיקע מצוות נים גע־דאַרפט אָפּהיטן. אַ שטייגער ווי: תרומות און מעשרות, שמיטה, לקט, שכחה ופאה וכדומה, אין ארץ־ישראל האָט מען אויך געדאַרפט ברענגען דעם „עומר" (אַ בינדל־זאַנגען), די „ביכורים" (די ערשטע צייטיקע תבואה און פירות) און די „שתי הלחם" — צום כוהן, אין ירושלים. דאָסגלייכן האָבן די חכמים געזאָגט, אַז ווער ס'וווינט אין ארץ־ישראל און ער זאָגט „קריאת שמע" אין דער פרי און ביי נאַכט און ער רעדט לשון קודש, קען מען אים אָנזאָגן, אַז ער איז זיכער מיט זיין עולם־הבא. (ירושלמי שקלים פרק ג', הלכה ג').

אויך איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז ווער ס'וווינט אין ארץ־ישראל, לעבט אָן זינד. תמיד דאַרף אַ ייד וווינען אין ארץ־ישראל, אַפילו אין אַ שטאָט, וואָס דער רוב פון אירע מענטשן זיינען גוים. און ער דאַרף ניט וווינען אין חוץ־לארץ, אַפילו דאָרט, וווּ דער רוב פון די מענטשן באַשטייט פון יידן (כתובות ק"י, ב').

ביי אַנדערע געלעגנהייטן האָבן די חכמים אויפגעשטעלט אַ כלל פון „כופין לעלות", וועלכעס מיינט, אַז מ'קאָן איינעם צווינגען, ער זאָל גיין וווינען אין ארץ־ישראל. דהיינו, ווען אַמאָל וויל גיין דער מאַן קיין ארץ־

ישראל און די פרוי זיינע וויל ניט, קען מען די פרוי צווינגען צו גיין קיין ארץ־ישראל (ירושלמי כתובות פרק י״ג, הלכה י״א).

רבי יוחנן (דער מסדר פון תלמוד ירושלמי) האָט אַפילו איינגעטייטשט דעם פסוק, וואָס זאָגט: „טוב פת חרבה ושלוה בה" — (בעסער אַ טרוקענער ביסן ברויט אין רואיקייט) — „בעסער עסן אַ שטיקל ברויט אין ארץ־ישראל, איידער אַ הויז פול מיט פלייש־סעודות אין חוץ־לארץ".

אַנדערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז מ׳טאָר ניט אַוועקגיין פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ, סיידן ווען מ׳זאָל דאַרפן צאָלן אַ גאָלדענעם גילדן פאַר צוויי מאָס תבואה. און רבי שמעון בן יוחאי האָט נאָך אויף דעם צוגעגעבן, אַז דאָס איז בלויז געזאָגט, ווען מ׳זאָל צאָלן אַ גאָלדענעם גילדן פאַר צוויי מאָס תבואה און מ׳זאָל עס נישט קענען קריגן. אָבער, ווען מ׳קען נאָך קריגן די תבואה צוקויפן און איין מאָס תבואה זאָל אַפילו קאָסטן אַ גאָלדענעם גילדן, טאָר מען נישט אַוועק פון ארץ־ישראל (ב״ב צ״א, ב׳).

אָט מיט אַלע מאמרים האָבן די חכמים באַצוועקט, אַז דער עולם זאָל בלייבן וווינען אין ארץ־ישראל, אויס ליבשאַפט צו דעם לאַנד.

ובעיקר זיינען די חכמים געווען אויסן אויסצוקויפן דעם באָדן פון ארץ־ישראל, ווייל ס׳האָבן זיך דעמאָלט געפונען די מערסטע פעלדער ביי גויים אין די הענט, איז דאָס אויסקויפן די ערד פון ארץ־ישראל דאַן באַטראַכט געוואָרן פאַר איינע פון די גרעסטע מצוות.

און די חכמים האָבן ביים אויסקויפן די ערד פון ארץ־ישראל אויפגע־שטעלט פאַרשיידענע כללים: ווען איינער האָט געקויפט אַ פעלד אין סיריע (אויסערהאַלב די גרענעצן פון ארץ־ישראל), איז פאַררעכנט געווען גלייך ווי ער וואָלט געקויפט אַ פעלד אין פאָרשטאָט פון ירושלים, אאַ״וו.

אָט די אַלע אויבנדערמאָנטע מאמרים פון די חכמים האָבן פאַרשפּרייט אַ גלויבן, אַז ארץ־ישראל איז אין אַלע הינזיכטן בעסער פון בבל. ארץ־ישראל איז דאַן באַטראַכט געוואָרן פאַרן צענטער פון דער ציוויליזירטער וועלט. און די דאָזיקע נאַציאָנאַלע ליבע, וואָס די חכמים האָבן פאַרפלאַנצט אין די הערצער פון די יידן, האָט געשטאַרקט די האָפענונג צו שיבת ציון, עד היום.

— ב —

## ישראל סבא און זיין יונגע מדינה

קרוב צוויי טויזנט יאָר האָט דער ישראל סבא אַרומגעוואַנדערט איבער דער וועלט. אומעטום האָט ער געטראָגן אויף זיך די גלות קייטן. נאָר זעלטן האָט ער דורך פיל השתדלנות קוים געפועלט. אַז מ׳זאָל אים דערלויבן פאַ־נאַנדערוויקלען זיינע גייסטיקע אוצרות, וואָס ער פלעגט תמיד טראָגן מיט

זיך „און דערביי פלעגט ער זיך אָנשטרענגען בכל אמצי כוחות אויף מקיים צו זיין די מצוה פון „ושננתם לבניך" — איינצופלאַנצן אין דעם יונגן דור די תורה־געדאַנקען. וואָרום די תורה איז ביי אים געווען זיין נשמה — דער נר תמיד, וואָס פלעגט אים כסדר באַלייכטן דעם וועג פון זיין לאַנגן גלות. ער איז געווען גרייט צו פאַרלאָזן דאָס פרעמדע לאַנד, ווי בגפו יבא, און נעמען דעם וואַנדער שטאָק אין האַנט, און זיך לאָזן פון לאַנד צו לאַנד, פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט, איינגעהילט ווי אַן אבל, אין טרויער. און צו דער זעלבער צייט האָט ער געהאָפט און זיך געטרייסט, זאָגנדיק: „יבוא יומי" — זיין צייט וועט קומען ער וועט נאָך אַראָפּוואַרפן פון זיך די גלות־קייטן; ער וועט זיין אַלט־איינגעבויגענעם רוקן אויסגלייכן נאָר אין דעם לאַנד פון די אבות. די שבועה פון: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" — „אויב איך וועל דיך ירושלים פאַרגעסן, זאָל מיין רעכטע האַנט געליימט ווערן". — האָט אים געוועקט און גערופן צום קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ער איז אַריבער מכוח אל הפועל — צו די מעשים אונטער אַ לאָזונג פון: „עשה והקב"ה יסייעך באותו מעשה" — מ'מוז טאָן און ג־ט וועט העלפן!

ס'האָבן זיך באַוויזן, בראש פון פאָלק ישראל, גדולי תורה און סופרים, וואָס האָבן געלעכצט נאָך שיבת ציון, און גערופן צו בנין הארץ. דער רוף פון „בית יעקב לכו ונלכה" — האָט זיך געלאָזט הערן בכל תפוצות ישראל. —ייד, קום און לאָמיר בויען אונדזער אומפאַרגעסן לאַנד — ארץ־ישראל! — מאַכנדיק דערביי אַ קלאָרן חשבון, וואָס איז די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק, אויב נישט די עקזיסטענץ פון זיין נאַציאָנאַלן גייסט? וואָס איז די וויכטיקייט פון אַ פאָלק, אויב נישט די וויכטיקייט פון זיינע גייסטיקע רייכטימער, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער מענטשלעכער קולטור? און וואָס איז די פרייהייט פון אַ פאָלק, אויב נישט די אינערלעכע פרייהייט צו אַנטוויקלען זיינע קרעפטן אין דעם וועג, וואָס איז אויסגעטראָטן דורך זיין אייגענער געשיכטע? — פאַר דעם אַלעם מוזן מיר, האָבן אונדזער לאַנד — ארץ־ישראל!

און כאָטש גאָר ציוויליזירטע פעלקער זוכן מיטלען ווי אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק, ראַטעוועט זי ג־ב"ה פון זייערע הענט אַרויס. ווי דער „מדרש לחנוכה" זאָגט: „אומות העולם שבכל דור ודור יועצים על ישראל לאבדם, והקב"ה מצילם מידם". און מיר זעען עס באַשיינפערלעך: „דער וואָס באַרויבט אָדער ער באַגזלט דעם יידישן פאָלק, מאַכט ער אים אייליק זיינע ציין — ער האָט פון אים קיין הנאה ניט. ווי דער במ"ר זאָגט: „כל מי שהוא בוזז או גוזלן הוא מקהה את שיניו" (פ"ב).

און ס'דערוועקט זיך צו דער זעלבער צייט ביי די מנהיגי העולם אַ הומאַניטאַרישער געפיל צום עם ישראל, און מען מאַכט אַן ענד פון זיין שפלדיקייט, און מ'רעכנט אים אַריין אין דעם רובריק צווישן אַלע פעלקער. דער

ישראל סבא, להכעיס אַלע זיינע שונאים, ווערט ווי פון דאָס־ניי געבוירן מיט רעכט פון אַן אייגן שטאַט, אויף זיין היסטאָרישן באָדן — ארץ ישראל. און דאָס אַלט־ניי לאַנד באַקומט איר נאָמען מדינת־ישראל. משמעות, אַז נצח ישראל לא ישקר. — דער ייד, נאָך אַ פאַרלויף פון קרוב צוויי טויזנט יאָר וואַנדער־לעבן, באַקומט אַן אייגענע היים, אויף ג־טס וועלטל.

אַט די דאָזיקע ווונדערלעכע דערשיינונג שטעלט פעסט אַז דער ישראל סבא איז אַן עם נצחי — אַן אייביק פאָלק, מיט אַ גאָר געהויבענעם גייסט, וואָס האָט בייגעטראָגן דער גאַנצער מענטשהייט חכמה און קענטעניש, זינט ער האָט זיך פאָרמירט אַלס אַ קולטור פאָלק.

— ג —

# עם ישראל און מדינת ישראל

דער עם ישראל ווערט פאַררעכנט פאַר דעם עלטסטן פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער. — אַזוי לויטעט די אַלגעמיינע געשיכטע. און דאָס איז דערפאַר, ווייל ער באַזיצט אַ ספּעציפישן כוח פון צוזאַמענבונדן אַלע דערפאַרונגען און פּראַקטיק, האָבנדיק די געלעגנהייט מער פון אַלע פעלקער צו באַאָבאַכטן און לערנען די וועלט און די מענטשן, און לעבן מיט הויכע פּרינציפּן פון יידנטום, וועלכע זיינען געבויט אויף סאָציאַלער גערעכטיקייט, צו וועלכער ס׳שטרעבט די גאַנצע מענטשהייט.

בכלל, איז דאָס יידישע פאָלק, אַ פּיאָנער פאַר אַ מאָראַלישער וועלט־אָרדענונג. די וועלט געשיכטע האָט עס שוין פון לאַנג באַשטעטיקט. וואָרום זיין דערציונג איז פון תמיד אָן געווען אין גייסט פון אונדזערע נביאים און חכמים, וואָס זאָגן: „געליבט איז דער, וואָס ליבט ג־ט, וואָס ליבט מענטשן און ליבט גערעכטיקייט" — אהוב אוהב את המקום, אוהב את הבריות, אוהב את הצדקות).

אַזוי אַרום, איז לית מאַן דפליג, אַז דער ייד פילט זיך, ביי היינט־צו־טאָג, ווי ער וואָלט געוווינט צוזאַמען מיט זיינע פאָלקסברידער אין זיין נאַציאָנאַלן היימלאַנד. כאָטש ער געפינט זיך אין חוץ־לארץ, טראָגט ער די זעלבע אחריות אויף זיך פאַר קיום המדינה, ווי די יידן וואָס ווינען אין צפת, טבריה, תל־אביב און חיפה.

ס׳איז בלתי ספק, אַז די יידישע מדינה מאַכט איר חשבון וועגן דער ספּעציפישקייט פון יידישן פאָלק און בכלל וועגן זיין גרויסער השפעה, וואָס ס׳האָט אין דער וועלט.

אָט נעמענדיק אין באַטראַכט למשל, די יידן אין דער שטאַט ניו־יאָרק, האָט ער אַ ווערט נישט בלויז אין זייער כמות־צאָל, נאָר אויך אין זייער

איכות־קוואַליטעט. דאָס איז אַ דאַנק דעם אָרט, וואָס זיי פאַרנעמען אין וויסנשאַפט, קאָמערץ, אינדוסטריע און אין דער פרעסע, ליטעראַטור, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. מיט אַזאַ כוח, מוז דאָך די אויסערלעכע וועלט געוויס זיך רעכענען. האָבן טאַקע די יידן בכלל אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ לע־גיטים און עטיש רעכט צו באַאיינפלוסן גייסטיק די פּאָליטיק פון אַמעריקע, נאָך מער ווי די, וואָס באַנוצן דעם איינפלוס פון אויל־קוואַלן. מהאי טעמא, שטעלט אַוועק מדינת ישראל דעם דעת הקהל און די הילף פון וועלט־יידנטום אין דער זעלביקער ריי, זיי זאָלן מיט אַנטשלאָסנקייט פאַרזיכערן דעם קיום פון יידישן נאַציאָנאַלן היימלאַנד. ובפרט, אין אַנגעזיכט פון די סכנות, וואָס לויערן אויף דער יידישער מדינה. מוז איטלעכער ייד טראָגן אויף זיך דעם מאַקסימום חוב צו שטיצן און באַהילפיק זיין, בכדי דער פאַרעקשנדער שונא זאָל פאַרלירן די עזותקייט און מוט אַנצוגרייפן די יידישע מדינה.

פאַר אַזאַ הייליקן צוועק, מוז דער ייד בכל התפוצות, שטיין מאָביליזירט גרייט, צו האַלטן פעסט דעם קרן־ישראל אויף אַלע געביטן — עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל. ווי דער משורר פון תהלים זאָגט: „סובו ציון והקיפוה" — גייט אַרום ציון, און רינגלט זי אַרום — פאַרזיכערט זי! „ספרו מגדליה" — ציילט איבער אירע טורעמס — שטאַרקט זי מיליטעריש! „שיתו לבכם לחילה" — לייגט צו אייער הארץ צו איר מויער — זי זאָל זיין געזונט עקאָנאָמיש! פסגו ארמונותיה" — באַפעסטיקט אירע פּאַלאַצן — איר קולטור אוצרות! „למען תספרו לדור אחרון" — כדי איר זאָלט קענען דערציילן דעם שפּעטערדיקן דור, וועגן בנין הארץ און איר פראַכטפולע דערגרייכונג, — ממשיך צו זיין איר קיום לעולם ועד!

— ד —

## אַ וואָרט צום „יום העצמאות"

„כאָטש זיי וועלן מיך עטלעכע מאָל אַרומרינגלען, האָב איך ביטחון, אַז זיי וועלן באַלד אויסגעלאָשן ווערן, ווי דאָס פייער פון דערנער" — (תהלים קי"ז).

זינט ס'איז אַנשטאַנען די יידישע מדינה, איז זי אַרומגערינגלט מיט שווערע פּראָבלעמען. מוז דערפאַר, אין דעם טאָג פון דעם גרויסן נאַציאָ־נאַלן יום־טוב, קלאָר־דייטלעך אַרויסגעבראַכט ווערן בפני כל עם ועדה, וועגן איר אינערלעכן מצב, בכדי יעטווידער ייד זאָל זיך קענען אָפּגעבן אַ חשבון וועגן זיין אייגענעם גורל און צוקונפט.

ס'מוז, קודם כל, געגומען ווערן און באַטראַכט, אַז די יידישע מדינה האָט איר אויפגאַבע איינצופירן דעם דרך החיים פון דעם עם ישראל אויף די יסודות פון תורת ישראל, וואָס זאָל באמת דינען אַלס אַ לייכט־טורעם פאַר דער אויסערלעכער וועלט. און מיט גרויס באַוווּנדערונג זאָלן אומות העולם אויסרופן: „וואָסער גרויס פאָלק איז פאַראַן, וואָס האָט חוקים און געזעצן גערעכטע, אַזוי ווי תורת ישראל"! (ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדיקים).

ובכדי דער דאָזיקער אידעאַל זאָל פאַרווירקלעכט ווערן, מוז דאָס יידישע פאָלק ווידער ווערן דער פיאָנער פאַר אַ מאָראַלישער וועלט־אָרדענונג, אַז אַלע פעלקער זאָלן זיך ציען צו דעם עם ישראל. ווי דער נביא זאָגט: „ונהרו אליו כל הגוים", — אָנערקענענדיק אים פאַר אַן עם חכם ונבון.

איז צו האָפן, אַז אויך דער נאָמען „מדינת־ישראל", וועט קריגן דעם איינדרוקספולן אָפקלאַנג אין די אויערן פון דער ציוויליזירטער מענטש־הייט, און מיט ערנסטקייט וועלן זיך באַציען די מנהיגי־העולם, בנוגע דער פאַרזיכערונג פון אונדזער יונגער מדינה — מדינת ישראל.

## קאַפּיטל 21

# דער ענין גרים אין ארץ־ישראל...

א.—די השיבות פון אַ גר צדק. ב.—די באַציונג צו גרים בכלל.

— באַמערקונג —

— א —

## די השיבות פון אַ גר צדק

ווערליק ווי דער מדרש גיט איבער, האָט מען שוין געהאַט צוגענומען גרים נאָך אין דער צייט פון די אבות. אונדזער אור־פּאָטער אברהם, ווערט געלויבט פאַר מגייר זיין מענטשן צו זיין גלויבן אין איינציקן ג־ט. אָט ווי די חכמים לערנען אַרויס פון דעם פּסוק: „ואת הנפש אשר עשו בחרן" — (בראש' י"ב) — „די נפשות וואָס זיי האָבן זיך איינגעשאַפט אין חרן", אַז אברהם האָט מגייר געווען מענער און שרה — פרויען. און דערביי פירט אויס ר' אליעזר בן זימרא: דאָס קומט דיך צו לערנען, אַז ווער ס'איז מקרב אַ נייעם ייד און איז אים מגייר, איז ווי ער וואָלט אים באַשאַפן (ב"ר, ל"ט).

אָט אויף דעם דאָזיקן מאמר האָט זיך געשטיצט דער באַוווסטער ציוניסטישער פירער און זשורנאַליסט אב. גאָלדבערג ז"ל, אַז מיר יידן, דאַרפן זיך אָפּגעבן מיט פאַרשפּרייטן אונדזער אמונה צו די פעלקער און שטאַרק דערמוטיקן, פשוט אַגיטירן פאַר גרות, כאָטש מיר זיינען ווייט פון מיסיאָנערישקייט. און דער דאָזיקער רעיון איז געוואָרן פּובליקירט, דורך דעם באַרימטן ארץ־ישראלדיקן שריפטשטעלער, ר' בנימין (יהושע רדלר־פעלדמאַן) אין „ארשת" (ספר שנה של אגודת סופרים דתיים) — יאָרבוך פון די ארץ־ישראלדיקע רעליגיעזע שרייבער. ער דערציילט דאָרט, אַז דער גאון הרב אברהם הכוהן קוק זצ"ל, האָט מיט צופרידנקייט אויפגענומען דעם געדאַנק.

ס'מוז אָבער גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז דער דאָזיקער רעיון איז נאָר געצילט לגבי גרי צדק וועגן אַזעלכע טייערע נשמות וועלכע האָבן דערשפּירט יידישקייט, מיטגעזונגען דעם גמרא־ניגון, אַריינגעשעפּט אין זיך מוט, באַגייסטערונג פון יידישער הנהגה און געזאָגט „יהי חלקנו עמכם" — לאָמיר זיין גלייך מיט אייך!

אָבער ס'איז נישט געווענדט צו „גרים בשער" — „גרים תושבים", וואָס וווינען אין ארץ־ישראל און עסן נבלות און טרפות. די תורה האָט אונדז בעיקר געלאָזט וויסן, אַז מ'דאַרף זיי אויפנעמען מיט ליבשאַפט און זיי באַהאַנדלען אויפן שענסטן אופן. ווייל אונדזער אייגענער אָנהויב איז געווען מיט גרות. ווען ג־ט האָט פאַרשפּראָכן אונדזער אור־פאָטער אברהם אַ לאַנד, האָט מען אים פאַרגעזאָגט, אַז זיינע קינדער וועלן דאַרפן זיין גרים, אין אַ פרעמד לאַנד.

וואָס שייך אָבער אַ גר צדק, זאָגן די חכמים, אַז די ליבשאַפט צו אים איז נאָך חשובער ווי די ליבשאַפט פון איין ייד צום צווייטן. די חכמים זיינען געווען אַזוי באַזאָרגט וועגן גורל פון אַזאַ מין גר, אַז מ'זאָל אויף אים נישט קוקן קרום, און מ'זאָל אים נישט באַטראַכטן ווי אַ צווייקלאַסיקער בירגער.

ס'איז פאַראַן אין דער גמרא יבמות (מ"ז) אַ ברייתא, וואָס זאָגט: „אַז אַ גר האָט זיך געמלט און נישט טובל געווען אין מקוה, האַלט רבי אליעזר, אַז ער איז אַ גר. ווייל מיר געפינען אַזוי ביי אונדזערע אבות, אַז אַ גר האָט זיך טובל געווען און נישט געמלט, איז אַ גר, ווייל אויך אונדזערע מוטערס האָבן געהאַט בלויז טבילה". (דער דין אָבער איז ווי רבי עקיבא). און אויך ווערט געפּסקנט להלכה ווי ר' יהודה, אַז אַ גר וואָס ברענגט בכורים (ערשט צייטיקע פרוכט), קען זאָגן „לאבותינו" — (צו אונדזערע עלטערן) ביים אָנגעבן די לויב צו ג־ט, ווייל אברהם איז דער „אב המון גויים" — דער פאָטער פון אַלע גרים.

אַזוי האָבן אונדזערע חכמים אויפגעקלערט אויף פאַרשיידענע אופנים די חשיבות פונעם גר און אַז מ'דאַרף זיך מיט אים נישט שעמען.

דאָס באַווייזט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט צוויי מינים גרים: א) „גר תושב", ב) „גר צדק". אַ גר תושב איז אַ מענטש פון אַן אַנדער פאָלק, וואָס קומט וווינען אין ארץ־ישראל און נעמט אויף זיך שטרענג צו היטן די זיבן מצוות (דינים, עבודה־זרה, ברכת השם, גלוי עריות, שפירת דמים, גזל און אבר מןהחי). ער עסט אָבער נבילות און טריפות. די תורה, ווילנדיק אים באַזאָרגן, זאָגט, אַז מען זאָל אים אַוועקגעבן אומזיסט די נבלות, אומגעשאָכטענע אָדער שלעכט געשאָכטענע בהמות (כל נבלה לגר אשר בשערך תתננה ואכלה). און אַ גר צדק איז דער וואָס נעמט אויף זיך דעם „דת ישראל", וואָס נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די גאַנצע תורה. דאָס איז אַזאַ

גר, וואָס האָט נישט קיין פּניה ביים ווערן אַ גר, נאָר ער איז זיך מגייר דורך איבערצייגונג. אַזעלכע גרים נעמט מען שטענדיק אַריין אין כלל ישראל.

— ב —

## די באַציִונג צו גרים בכלל

אָט די תורה אָנערקענט דעם גר תושב אַלס אייגענער ברודער. דער פּסוק זאָגט: „און אַז דיין ברודער וועט אָרים ווערן, און זיין האַנט וועט זיין געפאַלן ביי דיר, זאָלסט אים אָויפהאַלטן ווי אַ גר און איינגעוואַנדערטן, אַז ער זאָל לעבן ביי דיר" (ויקרא כ"ה) „אויך קיין פּראָצענט טאָר מען ביי אים נישט נעמען. גרים האָבן אויך געקענט ברענגען קרבנות פּונקט אַזוי גוט ווי יידן (ויקרא כ"ה).

דער מדרש ווידער איז מאריך וועגן די מעלות און חשיבות פון גרי־צדק: „„אשרי כל ירא ד'", אינו אומר אשרי ישראל, — אשרי כל ירא ד' — אלו הגרים „ויגיע כפיך כי תאכל" — תהלים קכח — (ווייל איז איטלעכן וואָס האָט מורא פאַר ג־ט — ווען דער מענטש עסט פון זיין אַרבעט) — מיינט עס דעם גר וואָס לעבט אין אייגענעם זכות און וועט האָבן אויך עולם הבא ווי אַ ייד. און קען אפילו זוכה זיין צו האָבן אייניקלעך כוהנים, נביאים און פירער ביי יידן. און אַזוי ווערט ציטירט אין מדרש אומצייליקע פּסוקים, וועלכע דערציילן אונדז פון ג־טס ליבשאַפט צום גר, פון זיין פאַטערלעכער באַנעמונג צו גרים, וואָס פאַרלאָזן זייער גלויבן, זייערע פאַמיליעס און נעמען אויף זיך דעם יידישן גלויבן, די יידישע תורה, און ווערן אַ טייל פון יידישן פאָלק. און דאָס, וואָס דעם גר תושב איז דערלויבט צו עסן נבלות און טרפות און צו געניסן בירגערלעכע רעכט, איז דאָס געווען באמת אַ געוואַלטיק פאָרגעשריטענער שריט, אין דער אַנטוויקלונג פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר אַ מינאָריטעט.

נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט די הייניטיקע גרים, וואָס איז אַ דער־שיינונג צוליב הייראַטס און ליבעס פּראָבלעמען; זין אָדער טעכטער פון אַנדערע פעלקער פאַרליבן זיך אין אונדזערע און זייבען גרייט זיך מגייר זיין. ד"ה — זיי ווערן גרים מחמת מאָמענטאַלע סיבות, זיינען, לפי האמת, פאַלשע גרים. וואָרום אַזעלכע גרים זיינען ווייט נישט איבערצייגנד אין יידנטום. זייער לאָזן זיך מל זיין, איז נאָר בלויז צוליב דער אייגענער פּניה. קומט פּלוצים אַ צווייטע סיבה, קערן זיי זיך צוריק צו זייער פריערדיקן גלויבן און צו זייער משפּחה, און לאָזן נאָך זיך איבער שלעכטן ריח.

באַמערקונג:

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער מאמר אין תלמוד (קדושין ע'): ר' חלבו האָט געזאָגט: גרים זיינען אַזוי שלעכט צו יידן ווי שלעג (קרעץ) — (קשים גרים לישראל כספחת) און שטיצט זיך אויפן פסוק, וואָס דריקט זיך אויס בלשון: „ונספחו אל בית יעקב" — און זיי האָבן זיך באַהעפט צו יעקבס הויז: — און דאָס וואָרט „ונספחו" מיינט דאָס אייגענע ווי די נגעים — „שאת וספחת" — אַזעלכע פלאָג. באַווייזט עס, אַז דער נביא ישעיה האָט געמיינט: די באַהעפטונג פון גרים, איז פונקט אַזוי שלעכט צו די יידן ווי פלאָג און צרעת. מעגלעך, אַז דער מאמר „קשים גרים כספחת" איז געזאָגט געוואָרן און אַ מאָמענט, ווען מ'האָט געליטן פון שלעכטע גרים, אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ היסטאָרישער דערשיינונג, האָבן אַזוי די חז"ל געטייטשט דעם „ונספחו" (זע בנימין „ארשת" ע"ה-ע"ו).

אָבער דאָס מערקווירדיקע איז, וואָס אין מדרש רבה (פרשת ב'א), ווערט דאָס וואָרט ונספחו געדרשנט, פונקט פאַרקערט, אַלס אַ לשון חשיבות און גרויסקייט. ווי ר' ברכיה זאָגט „ונספחו" — מיינט „באַהעפטונג", ווי צו „כהונה". אַט ווי דער פסוק דריקט זיך אויס, אין שמואל א' (ב'ל"ו): „ספחנו, נא, אל אחת הכהונות" — נעם מיך צו, איך בעט דיר, צו איינער פון די כהונות. ד"ה — אַז דורך גרות קען ער זוכה זיין צו האָבן קינדער כוהנים גדולים.

יעדנפאַלס, זעען מיר אַז „ונספחו" ווערט פון אַ טייל געדרשנט לגנאי און פון אַ טייל לשבח. ס'ווענדט זיך וועגן וועלכן גר מען רעדט און מיט וואָס פאַר אַ גר מ'האָט צו טאָן.

מיר ווייסן אָבער, אַז די יידן האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט צונעמען קיין גרים, כדי נישט אַרויסצורופן צאָרן ביי די גויים. מחמת, די רוימישע מאַכט אין אַלטערטום און יעזואיטן אין אַלע צייטן האָבן געפּרעדיקט טויט-שטראָף פאַר יידן, וואָס נעמען צו גרים.

אמת, מ'קאָן מסכים זיין מיט דער מיינונג פון דעם באַרימטן שריפטשטעלער ר' בנימין, בכדי צו באַקעמפן דעם גייסט פון אַנטיסעמיטיזם, זאָל מען זען צו פאַרשפּרייטן די געדאַנקען פון אונדזער תורה צווישן די פעלקער, און דורך דעם וועלן מיר פּילייכט דערגרייכן די רעאַליזירונג פון ישעיה הנביאס נבואה, וואָס האָט געזאָגט: „און פיל פעלקער וועלן זיין און וועלן זאָגן: קומט און לאָמיר אַרויפגייך צום באַרג ציון, צום הויז פון דעם ג־ט פון יעקב, און ס'וועט אונדז לערנען פון זייערע וועגן, און מיר וועלן גייך אין זיינע שטעגן. וואָרום פון דאָרט וועט אַרויסגיין אַ תורה, און ג־טס וואָרט פון ירושלים". — אָבער מיר טאָרן בשום אופן נישט אָנווענדן פאַר דעם געדאַנק דעם מיסיאָנערישן מעטאָד. אַט וועגן אַזעלכע גרים, זאָגט די גמרא יבמות (קי"ט) האַלטן אויף די גאולה. מחמת, זיי זיינען ניט טיף איבערציגט אין יידנטום, ווערן זיי, מיט דער צייט, פאַרן יידישן פאָלק שלעכט כספחת (ווי אַ געוויקס, אָדער אַ שלאָג).

# קאַפּיטל 22

„ווי ליב זיינען דיינע וווינונגען, ג-ט פון צבאות״!

(מה ידידות משכנותיך, ד׳ צבאות, — תהלים פ״ד).

# בית הכנסת

א.—די קדושה פון א בית הכנסת.

ב.—די השפעה פון אַ בית הכנסת.

ג.—די באַציונג צו אַ בית הכנסת.

— א —

## דער ציל פון אַ בית הכנסת.

כידוע, זינט ס׳איז חרוב געוואָרן דער בית המקדש, איז אויך אונטער־געגאַנגען די עבודת הכוהנים און שירות ותשבחות פון די לויים.

במשך ימי הגלות פאַרנעמט ביי אונדז דער בית הכנסת, אַנשטאָט דעם בית המקדש, דאָס אָרט פון קדושה. דערפאַר איז דער בית הכנסת ביי אונדז פאַררעכנט פאַר אַ „מקדש מעט״.

במילא, וואָס שייך צו קדושה (הייליקייט) טראָגט דער בית הכנסת איין און דעם זעלבן כאַראַקטער ווי דער בית המקדש.

די פראַגע איז נאָר: צי האָט אויך דער בית הכנסת איין און דעם זעלבן ציל, ווי דער בית המקדש האָט געהאַט.

בכדי צו פאַרשטיין דעם עיקר תכלית פון בית הכנסת, מוז מען קודם כל זיך באַקענען מיטן עיקר תכלית פון בית המקדש. ד״מ — וואָס דער בית המקדש האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

אָט וועגן דעם עיקר ציל פון בית המקדש, האָט שלמה המלך ע"ה שוין געהאַט אָנגעדייט ביים בויען. ס'ווערט דערציילט אין מלכים א' (ו'): און ער האָט געמאַכט די פענצטער פון בית המקדש פון אינעווייניק שמאָל און פון דרויסן ברייט, נישט ווי די פענצטער פו געוויינלעכע הייזער. ער האָט אַזוי ספּעציעל געמאַכט, כדי צו צייגן דעם פאָלק, אַז דער הויפּט־ציל פון בית המקדש איז נישט געווען אַריינצוברענגען ליכטיקייט אינעווייניק, ווייל דער בורא עולם איז די ליכטיקייט און ער דאַרף איבערהויפּט נישט קיין פּאַלאַצן. ייי דער נביא ישעיה דריקט זיך אויס: „דער הימל איז מיין שטול און די ערד איז מיין פוסבענקל". אָט־וואָס פאַר אַ הויז קענט איר פאַר מיר בויען? נאָר דער עיקר תכלית פון בית המקדש איז פאַר אונדז מענטשן. מיר זאָלן דאָרטן אַריינאָטעמען הייליקע לופט דורך דער הייליקער עבודה פון די כוהנים און די שירות ותשבחות פון די לויים, און די קדושת התורה והלכות פון די סנהדרין פון לשכת הגזית (דאָס צימער פון לעגיסלאַטיוון ראָט), כדי מיר זאָלן נאָכהער זיך האַלטן הייליק, ריין און איידל אויך אין דער היים און אין גאַס.

דאָס באַווייזט, אַז דער בית המקדש איז געווען די שולע פון בילדונג, אַרויסצוברענגען ליכטיקייט אויף דער וועלט. אַלע זאָלן דערקענען דעם בורא עולם, וואָס זיין לערע איז אַזוי ווירקזאם, אַ חוץ וואָס זי אדלט דעם מוח, ווירקט זי אויך זייער שטאַרק אויפן כאַראַקטער. און אויך, אַ חוץ וואָס אַלע וועלן זאָגן: „נאָר דער עם ישראל איז אַ קלוג און אַ פאַרשטאַנדיק פאָלק", נאָר ער באַלויכט מיט זיין תורה און חכמה דעם וועג פאַר דער מענטשהייט, וועלן זיי נאָך זען די „דרכי נועם ושלום" פון דער תורה — ווי אַלע וועגן פון דער תורה פירן צום גוטן און נאָר צו שלום, און זיינען מפרסם אין דער וועלט די לויב פון השם יתברך. ווי דער נביא ישעיה זאָגט: „איך האָב דאָס פאָלק באַשאַפן און אויסגעבילדעט צו ציל, אַז זיי זאָלן פּובליקירן אין דער וועלט מיין לויב, בכדי אַלע זאָלן זיך ציען צום אמת".

אָט דעם זעלבן תכלית האָט ביי היינט צו טאָג אויך דער בית הכנסת. וואָרום די „בתי הכנסיות" האָבן אין זיך פיל ווינציק די סגולה פון בית המקדש, אַז דורך אונדזערע תפילות און חבורות קדושות למקרא, משנה, הלכה ואגדה, אחוץ וואָס דאָס ווירקט זייער פיל אויף דער נשמה, ווירקט דאָס אויך אויף אונדזער כאַראַקטער.

און בכדי צו דערגרייכן צום תכלית, פאָדערט זיך מזאָל זיין ממש באַ־האָפטן צו די בתי כנסיות, און דאָרטן אַריינאָטעמען די הייליקע לופט דורך קדושת התורה והתפילה, וועלן דאַן די בתי כנסיות אונדז דינען אומעטום אַלס אַ שולע פון בילדונג, אַרויסצוברענגען ליכטיקייט אויף דער וועלט.

ובאופן זה. וועלן מיר זוכה זיין אַז — „כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ד׳׳ — אַלע וועלן אונדז באַטראַכטן און וועלן אונדז אָנערקענען פאַר אַ געבענטשט פאָלק פון ג־ט.

— ב —

## די ווירקונג פון בית הכנסת אויף דער הנהגה

מאַנכע יידן שטעלן זיך די פראַגע: פאַרוואָס ווירקט נישט די הייליקע לופט פון דער שול אויף אונדזער פירונג אין גאַס?

אַט וועגן דעם ענין, האָט דער נביא ישעיהו געהאַט שוין באַמערקט, און גיט אָן די פאָלגנדיקע דערקלערונג, זאָגנדיק, בזה הלשון: „איך האָב מיר באַשאַפן דאָס פאָלק, זיי זאָלן דערציילן מיין לויב, און מיך האָסטו נישט גערופן, יעקב, אַז דו זאָלסט זיין מיד פון מיר, ישראל״ (מ״ג, כ״א־כ״ב). רופט דער נביא אָן דאָס פאָלק מיטן נאָמען יעקב, בעת ס׳איז אין גאַס: אָבער בעת ס׳איז אין בית הכנסת, רופט ער אים מיטן נאָמען ישראל.

אייגנטלעך, וואָס איז דער נביא מיט דעם אויסן, וואָס ער מאַכט אַ חילוק צווישן יעקב און ישראל?

משמעות אַז דעם נביא אַרט אויך די אייגענע פראַגע: פאַרוואָס, איז דיין פירונג און גאַס אַזוי נידעריק, אַז ס׳איז גאָר נישט קענטיק, אַז דו ביסט אַ תלמיד פון „מקדש מעט״?

איז דער ענטפער: ווייל, בעת דו ביסט אין שול, ביסטו מיד. דאָס דאַווענען איז ביי דיר אַ שווערע לאַסט. עס פאַרמאַטערט דיך, דו זאָלסט קוים פריי ווערן פון אים; דו זופסט ניט אַריין די הייליקייט פון די ווערטער אין דיינע לונגען און האַרץ, ס׳זאָל סטאַלירן דיינע בלוטן, פאַרהייליקן דיינע געפילן, נאָר מיטן מויל מאַלסטו זיך אָפּ אַבי פטור געוואָרן.

אַזוי אַרום איז גאָר נישט קיין חידוש, פאַרוואָס די הייליקע לופט פון דער שול ווירקט נישט אויף אונדזער בלוט, און די ליכטיקייט פון שול שיינט נישט אַרויס אין גאַס צו באַלויכטן אונדזער פירונג אין האַנדל און בדרך ארץ. ד״מ — אַז דער ייד האַלט זיך בלויז במדרגת „יעקב״ — אין אַ מדרגה פון חומריות, צו קענען אַנטקעגנקומען אַלע זיינע מיני תאוות הגוף.

בכדי אָבער צו קענען זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון „ישראל״, מוז מען קודם כל קריגן אַ געשמאַק אין די הייליקע תפילות, וואָס מ׳זאָגט. וועלן במילא אַריינגיין די הייליקע ווערטער ביי יעדן מתפלל טיף אין האַרצן, און זיין פעולה וועט זיין טאָפּלט: הן בעת התפילה וועט ער זיין איבערגעגעבן בלב ונפש צו די הייליקע ווערטער און הן אַריינגייענדיק אין גאַס, וואָס ער איז דאָרט במדרגת „יעקב״, וועט עס אויף אים ווירקן און וועט זיין יידישן

דרך, סיי ביי דער אַרבעט און סיי ביים האַנדל, נישט פאַרלירן. די הייליקע לופט פון דער שול, וועט האָבן אויף אים געווירקט, אונטער אַלע זיינע באַדינגונגען פון לעבן, און ס׳וועט זיין „כי הם זרע ברך ד׳״, אַז אַלע וועלן זאָגן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ ברכה פון ג־ט.

איז נאָר אויף אַזאַ אופן, וועט ער זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון „ישראל״, און ס׳וועט מקויים ווערן די רייד פון דעם נביא, וואָס זאָגט: „ישראל. נאָר מיט דיר וועל איך זיך קענען באַרימען (ישעיה מ״ד). אַפילו אַלע בילעמס וועלן מוזן זאָגן — „מה טובו אוהליך יעקב״ — ווי שיין דייך אויפפירונג איז אין גאַס, יעקב; ווייל זיינען — „משכנותיך, ישראל״ — דיינע שולן, ישראל, ווייל דו האַלטסט זיך אין זיי הייליק!

אַזוי אַרום, איז בלתי ספק, אַז דער בית הכנסת קען האָבן אַ ווירקונג אויך אויף דער גאַס, נאָר באַופן, אַז מ׳וועט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון „ישראל״.

— ג —

# די באַציונג צו אַ בית הכנסת

מאַנכע פון יונגן דור האָבן פאַריבל, הלמאי ס׳איז געשטעלט געוואָרן אַ מחיצה אין בית הכנסת, צווישן מענער און פרויען. ומצד געוויסע אָנהענגער פון מכלומרשטן מאָדערניזם, לאָזן זיך הערן פאַרשידענע טענות, און די טענות זיינען:

א) ס׳איז דאָך ממש אַ באַליידיקונג פאַר דער פרוי אין מאָדערנעם 20סטן יאָרהונדערט, צו זיין בעת תפילה אָפּגעזונדערט פון איר מאַן.

ב) מיר טאָרן ניט אין היינטיקער צייט באַטראַכטן די פרוי אַלס אַ צווייט קלאַסיקער בירגער אויף דער ערד, ווען זי טראָגט די זעלבע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט ווי דער מאַן, און איז גלייכבאַרעכטיקט אין אַלע הינזיכטן; זי נעמט דאָך אַן אַקטיווון אַנטייל אין סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן ווי דער מאַן.

ג) גלייכצייטיק איז דער ענין לטובת דער פאַמיליע צוזאַמענלעבן דאָס דאַווענען אין שול. ד״ה — ווען אַ מאַן און אַ פרוי און קינדער זיצן אויף איין באַנק און דאַווענען, שמידט עס ביי זיי אַ געפיל פון פאַמיליע־צוגעבונדנקייט.

אָט דאָזיקע טענות, האָבן לויט דער יידישער טראַדיציאָנעלער אויפפאַסונג קיין יסוד ניט. וואָרום, דער דאָזיקער ענין ווערט דערקלערט אויף אַ גאָר פשוטן אופן. בעיקר ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך באַציען צו אַ מקום קדוש, אַפילו אין היינטיקער מאָדערנער תקופה.

קודם כל, האָט די תורה גאָר אַרויסגעשטעלט די פרוי אַלס די, וואָס איז באַשאָנקען מיט „בינה יתירה״ — מיט מער פאַרשטענדעניש. אָט ווי די חכ־

מים ברענגען עס אַרויס אין דער גמרא נידה (מ"ח): „אַז ג־ב"ה האָט אַריינ־געגעבן אין דער פרוי מער פאַרשטענדעניש ווי ביים מאַן", נאָר דער חילוק איז אין דער פונקציע, וואָס די תורה האָט צוגעטיילט דעם מאַן באַזונדער און דער פרוי באַזונדער. איר פונקציע אין לעבן איז אַזאַ, אַז פון געוויסע מצוות איז זי פריי און דערפאַר האָט זי אַנדערע מצוות וואָס אַ מאַן האָט נישט. ד"ה — די תורה רעכנט זיך מיטן ביאָלאָגישן צושטאַנד פון דער פרוי.

אַ געוויסער אַנטראָפּאָלאָג זאָגט, אַז די טראַדיציע פון דער מאָדערנער צייט, נעמט זיך דערפון וואָס די פרוי מאַכט דעם פאַטאַלן טעות פון אויס־טייטשן אירע גלייכע רעכט אויך אויפן ביאָלאָגישן געביט, מיינענדיק, אַז זי דאַרף קאָנקורירן מיטן מאַן אין זיין וועלט. פּסיכיאַטרישע שפּיטאָלן — זאָגט דאָ די זעלבע אויטאָריטעט — זיינען פול מיט קינדער פון היימען ווו די פרוי פאַרגעסט איר פונקציע אַלס פרוי און מוטער און וויל איינגעמען די וועלט נאָך בעסער ווי דער מאַן.

און וואָס אָנבאַלאַנגט געמישטע זיצפלעצער, וואָס קאָן האַלטן אַ פאַמיליע צוזאַמען, איז בעסער „לעבן צוזאַמען אין דער היים". ניט ווי ס'פירט זיך, אַז דער טאַטע גייט אַוועק צו זיינע פריינד פאַרוויילן, די מאַמע גייט זיך אַוועק צו אַ טיי מיט אירע פריינדינס און די קינדער לויפן אַרום ווער־ווייסט־ווו, אָדער זיינען פאַרנומען מיט דרייען די קנעפּלעך פון טעלעוויזיע. אַ גאַנצע וואָך לעבט די פאַמיליע באַזונדער. יעדער אין זיין אָפּגעשלאָסן וועלטל, נאָר ס'קומט צו די פרייטיק־„סוירוויסעס", דאָ ווערט מען מיטאַמאָל באַזאָרגט וועגן דער פאַמיליע צוגעבונדנקייט און מען מוז דאַווענען צוזאַמען.

גאָר אַנדערש זען אויס די היימען, ווו ס'ווערט פּראַקטיצירט עכט טראַ־דיציאָנעל יידישקייט. דאָרט ווו טאַטע־מאַמע דאַווענען נישט צוזאַמען אין איין באַנק, האַלטן זיך אָט די היימען דווקא צוזאַמען!

און אַפילו די וואָס טענהן, אַז די פרוי פילט זיך מער געשטיצט, מער געזיכערט, ווען זי דאַוונט צוזאַמען מיטן מאַן, אַליין איז איינזאַם, איז צו זאָגן אָט־וואָס:

ערשטנס, באַגייען די טשאַמפּיאָנען פון פרויען גלייכהייט און אומפּאַר־געסלעכע עוולה קעגן דער פרוי מיט דעם וואָס זיי מאַכן איר אַזוי שוואַך און אָפּהענגיק נאָר אין מאַן. און אַז אָן דעם מאַן ביים זייט, בעת דעם דאַווענען, קען זי נאָך חס ושלום אויסגיין פון עלנדקייט. אדרבא, דער טראַדיציאָנעלער שטאַנדפּונקט איז, אַז די פרוי קען איר שטעטל אַליין באַשטיין און קען אַליין מתפלל זיין צום רבונו של עולם (זי זאָל נאָר אַזוי וועלן) אָן דער באַשיצונג פון איר שטאַרקן מאַן.

און צווייטנס, דאַרף אַ מתפלל וויסן זיין, אַז ער געפינט זיך אין אַ מקום קדוש, ווו זיין תפילה דאַרף זיין בכוונה, ביראת שמים — זיך פילן ווי אומזיכער, צו די תפילה וועט אים דינען אַלס קרבן, וואָס זאָל אים מכפר זיין. אָט ווי ס'האָט געהאָט זיך אויסגעדריקט הרב הגאון ר' יוסף דוב סאָלאָ־

וויטשיק: (אין אַן אַרטיקל, געשריבן דעם 22טן נאָוועמבער 1945, אין „טאָג מאָרגן זשורנאַל") „אַז אַ ייד דאַרף טאָקע בעת דאַוונען זיין דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון אומזיכערקייט, מיט אַ צעבראָכן געמיט און מיט דער אי־בערצייגונג, אַז דאָס איינציקס אויף וועמען ס'איז דאָ אָנצושפּאַרן זיך איז אַ ישועה פון הימל".

איז ווען, אַפילו מיר וואָלטן נישט געהאַט פאַר זיך קיין פּאַרטיקע הלכה, אַז פרויען און מענער זאָלן זיין אָפּגעזונדערט ביים דאַוונען, וואָלטן מיר עס באַדאַרפט איינפירן מיט אונדזער אייגענעם געזונטן שכל. וואָרום, ס'מוז דאָך גענומען ווערן און באַטראַכט, אַז דאָס אָרט וווּ אַ ציבור דאַוונט, טראָגט דעם נאָמען „מקום קדוש"; און אַ בית הכנסת ביי היינט צו טאָג — הייסט „מקדש מעט" — אַ קלענער בית המקדש. אַזאַ אָרט מוז זיין דורכגעדרונגען מיט קדושה, וואָס דאָס מיינט פּרישות דרך ארץ זיין, אין דעם מאָמענט פון תפילה אָפּגעזונדערט פון דער פרוי.

כידוע, איז אפילו די קריסטלעכע קירכע געווען אָריגינעל פאַר דער אָפּזונדערונג פון מענער און פרויען, ביז ס'האָט דאָרט געזיגט די ריכטונג פון די פּאַגאַנער, ביי וועמען די אויסמישונג פון געשלעכטער איז געווען אַ טייל פון זייער עבודה־זרה (געצנדינסט). און דאָס איז, וואָס די תורה האָט אונדז אָנגעזאָגט „ולא תלכו בחוקות הגויים" — איר זאָלט זיך ניט פירן, לויט די מנהגים פון די ניט־יידן. און נאָך מער, מ'זאָל אַפילו נישט נאָכמאַכן די מכלומרשטע מאָדערנע איינפירונגען, אונטער אַ געוויסן אויסרייד. ווי די חכמים האָבן עס אָנגעדייטעט: „שלא יחקה את הצדוקים" (חולין מ"א) — מ'זאָל ניט נאָכמאַכן די צדוקים — די מכלומרשטע רעפאָרמער, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו זיין מתנגדים פון תורה שבעל־פּה און קעגן די אויטאָריטעטן פון דער הלכה. נאָר ס'מוז גענומען ווערן תמיד אין באַ־טראַכט, אַז אַ ייד איז דער, וואָס איז שטאָלץ מיט זיין תורה און טראַדיציע און פירט זיך לויט דעם פּסק־הלכה פון אונדזערע גדולי התורה, ווי אַזוי ס'דאַרף זיין די באַציונג צו אַ מקום קדוש. (ווי ס'איז דערקלערט אויבן, קאַפּ' 10, ב).

# קאַפּיטל 23

„שבת ביים עסן און טרינקען, זיינען די יידן זיך עוסק און תורה ותשבחות, אָבער די עובדי כוכבים — מיט תיפלות (אומציכטיקייט)"

(שבת היתה, שישראל אוכלין ושותין מתחילין בדברי תורה ותשבחות, אבל עכו"ם — מתחילין בתפלות. — מגילה י"ב).

# ש ב ת

א.—„שמור וזכור". ב.—קדושת שבת. ג.—שמירת שבת.

## שבת איז דער יסוד פון אמונה, באַזירט אויף „שמור וזכור"

די תורה הקדושה וואָרנט אונדז אָפּט — „ושמרתם את השבת כי קודש הוא לכם" (שמות ל"א) — „היטן זאָלט איר דעם טאָג פון שבת, וואָרום ער איז הייליק פאַר אייך".

ברענגט אויף דעם די „מכילתא", אַז דער לשון „כי קודש הוא לכם" מיינט, אַז דער שבת איז מוסיף אויפן עם ישראל מער קדושה. וואָרום אין דער קדושה פון שבת איז ניכר די יידישקייט, וואָס מ'זעט אין אים אַרויס בולט דעם אונטערשייד צווישן דעם עם ישראל און די אומות העולם. אָט ווי ס'לויטעט דער פסוק: „אשר קדשנו במצוותיו" — וואָס ער האָט אונדז גע־הייליקט מיט זיינע מצוות און אַזוי אַרום אונדז אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע פעלער. ד"ה — מיט דעם וואָס דער ייד וועט האַלטן טייער און הייליק דעם טאָג שבת, ווערט ער מתייחס צו שביתת הקב"ה, אָט אַזוי ווי ג'־ב"ה האָט

נאָך די ששת ימי המעשה געדרוט אויפן זיבעטן טאָג, אַזוי דאַרף דער ייד רוען דעם טאָג שבת.

ומהאי טעמא, זאָגן די חז"ל: כל המשמר את השבת כאלו מקיים כל התורה כולה, המחלל את השבת כאלו כפר בכל התורה כולה" — „ווער ס'האַלט טייער דעם טאָג שבת, איז ווי ער וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה, און דער וואָס איז מחלל שבת, איז ווי ער וואָלט געלייקנט אין דער גאַנצער תורה".

כידוע, איז דער עיקר קדושת שבת באַזירט אויף דער מצוה פון „לא תעשה בו כל מלאכה" — „קיין שום אַרבעט זאָל אום שבת ניט געטאָן ווערן". דעריבער האָט עזרא הסופר זיך באַצויגן וועגן חילול שבת זייער שטרענג. ער האָט די יידן געוואָרנט ב.ה הלשון: „ואריבה את חורי יהודה ואמרה להם מה הדבר הרע הזה אשר אתם עושים ומחללים את יום השבת... ואמרה ויסגרו הדלתות ואמרה לא יפתחום עד אחר השבת... אם תשנו יד אשלח בכם, מן העת ההיא לא באו בשבת (נחמי' י"ג, י"ז, כ') — „איך האָב זיך געקריגט מיט די אַדלליט פון יהודה און האָב צו זיי געזאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ שלעכטע זאַך, וואָס איר טוט און פאַרשוועכט דעם טאָג פון שבת! — און איך האָב אָנגעזאָגט, אַז מ'זאָל די געשעפטן ניט עפענען ביז נאָך שבת; און אַז איר וועט עס טאָן אַ צווייט מאָל, וועל איך אַ האַנט לייגן אויף אייך, פון יענער צייט אָן זיינען די סוחרים מער ניט געקומען אום שבת".

אויך האָבן די לויים געדעדט צום פאָלק: „ועל הר סיני ירדת ותתן לעמך תורה ומצוות ואת שבת קדשך הודעת להם (דאָרט ט', י"ג) — „אויפן באַרג סיני האָסטו אַראָפּגענידערט און האָסט געגעבן דיין פאָלק אַ תורה און מצוות, און האָסט זיי געלאָזט וויסן דיין הייליקן שבת".

ווי געוויינלעך, האָט עס אַזוינס געקענט פּאַרקומען אין דער צייט פון עזרא הסופר, ווען די שופטים זיינען געווען די שומרי שבת און די רעגי־רונג האָט זיי געשטיצט, בכדי צו פאַרמיידן חילול שבת בפרהסיא. וואָרום המחלל את השבת בפרהסיא הרי הוא כעובד כוכבים לכל דבריו". און די חז"ל זאָגן: דער וואָס איז מחלל שבת בפרהסיא טאָר זיך ניט צו רירן צום יידישן וויין און זיין ברויט וואָס ער באַקט טאָר מען ניט עסן, ווייל ער איז פאַררעכנט פאַר אַ געצנדינער. און פוסקים ווי דער רשב"א (יו"ד ס"י קי"ט) און רש"י (חולין ה') האַלטן, אַז דער מחלל שבת בפרהסיא איז נאָך האַרבער ווי דער עובד כוכבים.

מיר לעבן אָבער, בעוה"ר, אין אַ תקופה, וואָס אפילו אין מדינת ישראל איז מען כמעט ווי ניט מקפיד אויף חילול שבת בפרהסיא. אַ היפּשער טייל פון דעם ישוב טוט דאָרט בפני עצמו כל מיני מלאכות אום שבת בפרהסיא. אַט ווי ער וואָלט גאָר ניט געהערט צו די פליכטן פון אונדזער תורה הקדושה.

ער נעמט אַפילו ניט אין באַטראַכט, אַז אַ דאַנק דעם הייליקן שבת, האָט דער עם ישראל געקאָנט סובל זיין אַלע מיני רדיפות און גזירות, ווייל דער תורה־אידעאַל איז אים תמיד געשטאַנען אַנטקעגן; און דערפאַר געקעמפט פאַר קדושת שבת במסירת נפש, וואָס איז געווען דער שטאַלץ פונעם יידישן פאָלק, אונטער אַלע באַדינגונגען. דאָס פאָלק האָט געפילט, אַז ניט דער ציון־צייכן האַלט אויף יידישקייט. יידישקייט פאַר אים איז אומטיילבאַר, ענג געשלאָסן מיט אַלע חוקים ומשפטים פון דער תורה, וואָס דער ייד האָט מקבל געווען מסיני. ממילא, איז דער וואָס איז מחלל שבת, איז גלייכצייטיק אויך מחלל השם. וואָרום שבת קודש איז דער יסוד פון אמונה, וואָס איז באַזירט אויף „זכור" — צו געדענקען יציאת מצרים, וואָס אויף אַזאַ אופן האָט דער ייד באַקומען די השגה וועגן דעם בורא עולם, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט אין זעקס טעג און אויפן זיבעטן טאָג האָט ער גערוט. אויך אין דעם טאָג שבת האָט דער ייד געקראָגן די תורה, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז „שמור את יום השבת" — מ'זאָל אָפּהיטן דעם טאָג שבת און אַלע מצוות פון דער תורה.

אַזוי אַרום, אַז דער טאָג שבת געהייליקט געוואָרן פאַר דעם עם ישראל עד היום הזה, אויפן יסוד פון „שמור וזכור" — (היטן און געדענקען), וואָס האָט דערהויבן דעם עם ישראל צו אַ מדרגה פון עלית נשמה און פאַר־אייביקט זיין קיום לעולם ועד.

— ב —

## די השגה וועגן קדושת שבת

מיר געפינען ווי די תורה רופט אָן דעם טאָג שבת מיט צוויי נעמען: „מנוחה" און „שביתה". אָט ווי ס'ווערט געזאָגט: „וינח ביום השביעי" — „וישבות ביום השביעי".

— אייגנטלעך, מאי נפקא מיניה צווישן דיביידע ווערטער. אין פלוג האָבן זיי דאָך איין און דעם זעלבן באַדייט: „רו".

משמעות, אַז די תורה האָט פאָרויסגעזען, אַז ס'וועלן אויפקומען צוויי־ערליי טיפּן ביי יידן מיט באַזונדערע השגות וועגן דעם ענין פון קדושת שבת. אָט, למשל, ביי איינעם איז דער טאָג שבת אַ טייערע מתנה, בלויז דערפאַר, וואָס ביי אים איז עס ניט מער ווי „מנוחה" — אַ טאָג אָפּצורוען זיך פון דער שווערער אַרבעט פון דער גאַנצער וואָך. ווען ניט דער טאָג שבת, וואָלט ער געפאַלן ווי דער אָקס אין סאָכע. איז דער וואָס היט שבת לויט דעם געפיל, הגם דאָס איז אויך אַ תפארת — אַ שיינקייט פאַר יידן: מ'גייט אַרויס אין מאַרק און מ'זעט געשעפטן זיינען צוגעמאַכט, איז טאַקע

אַ תפארת. אָבער נאָר אין דער בחינה פון „עטה" ווי איינגעוויקלט אין אַן אויבער־בגד, וואָס אַ שטאַרקער ווינט קען אַראָפּרייסן.

וואָרום, מיר זעען, בעוה"ר, אַז דער זעלביקער מענטש, וואָס ער האָט זיך אין דער אַלטער היים געפרייט מיטן שבת, אַרבעט ער אין די אַמעריקעס נאָר שבת. וואָס שייך מכוח פאַלן ווי דער אָקס אין סאָכע. טראַכט מען שוין ניט. מ'האָט געמאַכט אַ חילוף — אַן אויסבייט פון שבת אויף זונטיק, און זאָגט אַז מ'רוט זונטיק, פאַלט מען שוין אויך ניט אין סאָכע. לפי האמת, קען מען זיין זיכער מיטן שבת דאַן, ווען מ'פאַרשטייט דעם אמתן געדאַנק וואָס שבת באַווייזט, אַז דער עיקר איז, מ'זאָל זיך באַפרייען פון אַלע מיני אַרבעטן און זיך באַהעפטן צו די הייליקע געדאַנקען פון תורה ומצוות. און סוף־כל־סוף, וועט די מענטשהייט קומען צום רעכטן געפיל פון לעבן און וועט פאַרשטיין, אַז די עניני החומר — די קערפּערלעכע פאַרגעניגנס, איז הבל הבלים, נאָר אהבת הבורא איז דער איינציקער תכלית און פאַרגעניגן פון לעבן. און אַז דער מענטש, וועט קומען צו דער השגה „וועט ער דאַן ניט פאַרבייטן דעם שבת אויף זונטיק פאַר כל הון דעלמא.

אָט אין דעם באַשטייט דער חילוק צווישן „מנוחה" און „שביתה": דער וואָס רעכנט שבת נאָר פאַר אַ יום מנוחה, איז נאָך ניט אַריין אין די פנימיות פון שבת, ער זעט נאָר די חיצוניות פון שבת. פאַר אים זיינען בלויז די געשעפטן פאַרמאַכט. דאָס מיינט תפארת עטה ליום המנוחה" — אַ רו־טאָג בלויז, וואָס איז „עטה" איינגעהילט אין אויבער בגד — באַפּוצט פון אויבן. אָבער דער, וואָס וויל האָבן דעם אמתן עונג שבת, מוז אַריינקוקן אין די פנימיות, וואָס אויף דעם ווייזט דער נאָמען „שבת — ענג קרא ליום השבת. ווייל ער פאַרשטייט, אַז „זה שיר שבח של יום השביעי שבו שבת מכל מלאכתו", — ער האָט ניט בלויז צו געבן אַ רו זיין קערפּער, נאָר ער קומט צו אַ העכערן געדאַנק פון — „ויום השביעי משבח ואומר מזמור שיר ליום השבת" — צו זיין באַהאַפטן צו די הייליקע געדאַנקען פון תורה ומצוות. וואָס נאָר אין זיי פילט מען די קדושה פון טאָג שבת.

— ג —

## שמירת שבת אין היינטיקער תקופה

אַזוי ווי מיר לעבן אין אַ תקופה פון דער סאַמע העכסטער אַנטוויקלונג אין דער טעכניק, איז געוואָרן אַ פּראָבלעם פאַר די בעלי הלכה, צו מ'איז באַרעכטיקט צו ניצן אום שבת אַלע מיני טעכנישע איינריכטונגען און עלעקטרישע מכשירים.

בכדי צו באַגרייפן וואָס פאַר אַן איסור, ס'איז לפי דינא, פאַראַן אין באַנוצן די דאָזיקע מכשירים אום שבת, וועל איך דאָ קודם אָנגעבן דעם ענין

עלעוויטער. אַט אין שו״ת „משפטי עוזיאל״ (ח״א, שי״ח) ווערט באַהאַנדלט ווענגן דעם ענין עלעוויטער, און גיט דאָרט אָן אַ געוויסע עצה: אויב אַנכרי (ניט ייד) עפנט דעם עלעקטרישן שטראָם, וואָס מאַכט באַוועגן דעם עלע־ווייטער און פאַרט צוזאַמען מיטן ייד אַרויף און אַראָפּ, איז מען אויף אַזאַ אויפן באַרעכטיקט צו פאָרן. ווייל ס׳זעט אויס ווי דער נכרי טוט עס צוליב זיין אייגן געברויך. נאָר דאָס איז גערעדט געוואָרן אין אַ נויט־פאַל, ווען מ׳איז אַליין ניט ביכולת אַרויפצוגיין צו פוס.

ס׳איז אָבער, בלתי ספק, לויט אַלע דעות, אַז מ׳טאָר זיך ניט באַנוצן מיט קיינע עלעקטרישע כלים, ווי קאָכן, מאָלן אין זיי, אָדער שטאַרקער מאַכן דעם עלעקטרישן פלאַם, אויף אַנצוברענען אַ געוויסע שטיק מעטאַל, ווייל דער עלעקטרישער שטראָם באַהעפט זיך דורך אַ דריי טאָן דאָס קנפּעל, ווערט מען דערמיט דער כוח הראשון (ערשטער כוח). איז עס ווי מ׳וואָלט געטאָן דירעקט די מלאכה בידים, ווי אָן אָן עלעקטרישן כוח. אין אַזאַ פאַל איז מען עובר, אויב מ׳טוט עס אום שבת, אויף אַן איסור דאורייתא. (זע אין שי״ת, „בית יצחק״; יור״ד סימן ק״כ; שו״ת אחיעזר, ח״ג, סימן ס׳).

ממילא, קומט אויס לויט דער דאָזיקע דעה, אַז מ׳איז אסור אָנצוצינדן אַן עלעקטרישן לאָמפּ. כאָטש דער לאָמפּ גופא ברענט ניט, נאָר וואָס לייכט בלויז, דאָך איז מען עובר אויפן לאו „לא תכבה״ (מ׳זאָל נישט פאַרלעשן), וואָס איז אַן איסור מן התורה. הגם די חז״ל, זאָגן, אַז מען פאַרלעשט אַן אָנ־געברענטן אייזן אום שבת איז מען פּטור, ווייל דאָס מעטאַל אַן און פאַר זיך ברענט דאָך ניט, נאָר בלויז וואָס ער איז אָנגעברענט, וואָלט דאָך אַלנפאַלס אַליין זיך פאַרלאָשן. איז אָבער גאָר אַנדערש מיט אַן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס אין אים געפינט זיך דער פלאַם וואָס ברענט, דאָס וואָס קומט מכוח פון דעם עלקטרישן שטראָם, איז ער עובר מיטן פאַרלעשן אויף אַן איסור דאורייתא, פון „לא תכבה״ און אויף „לא תבער אש״ — מ׳זאָל ניט אָנצינדן קיין שום פייער אום שבת (שבת ע״ג).

און אַפילו די בעלי הלכה וואָס האַלטן, אַז דאָס אַ דריי טאָן מיטן קנעפּל, הייסט עס ניט קיין כוח הראשון, ווייל די דראָטן באַהעפטן זיך דאָך אַליין. אַלנפאַלס איז ער דאָך אַ גורם לדבר, וואָס מיט דעם איז ער עובר אויף אַ שבות. ס׳קען נאָר זיין באַרעכטיקט צו הייסן אַז אַ נכרי זאָל עס טאָן. אַזוי ווי ס׳איז באַרעכטיקט צו הייסן אַ נכרי אָנשטעלן אַן אויטאָמאַטישן זייגער אום שבת, ווייל ס׳איז נישט מער ווי אַ שבות, ניט קיין איסור דאורייתא. דאָס איז נאָר אין פאַל, ווען ס׳קען ברענגען שאָדן, אַז מ׳וועט עס ניט טאָן (שו״ת מהר״ש, ח״ב, סימן צ״ב).

אַזוי אַרום, איז פאַראַן חלוקי דעות צווישן געוויסע בעלי הלכות, צו ס׳איז באַרעכטיקט צו עפענען אום שבת אַן עלעוויטער, אַ ווינטעלאַטאָר, אַ פרידזשידער א״אַ, ווייל ס׳געהערט ניט צו די ל״ט (39) אב מלאכות, — איז

מען בלויז אַ גורם לדבר, אָדער מ׳ווערט דערמיט אַ כוח הראשון, ווי מ׳וואָלט אַליין געטאָן אַ דירעקטע מלאכה?

איז וועגן דער דאָזיקער שאלה דער מכריע הגריא הענקין. ער האַלט אַז ס׳איז אין דעם פאַראַן אַן איסור פון הבערה און כבוי (אָנצינדן און פאַר־לעשן), צוליב תיקון און חיבור הזרם (דאָס צערעכטמאַכן און דאָס באַהעפטן דעם עלעקטרישן שטראָם), ווערט מען גלייכצייטיק אַ מוליד, וואָס שאַפט דורך דעם אַ נוצלעכע כלי. טראָגט עס ממילא אַן איסור דאורייתא. און איז צו דעם נאָך מוסיף, אַז מ׳מוז בכלל גיין לחומרא (הארבער צו מאַכן), בכדי דער המון זאָל ניט מאַכן קיין טעות און מיינען, אַז מ׳איז באַרעכטיקט צו עפענען דעם עלעקטרישן לאָמפּ וואָס איז חל אויף אים דער איסור פון „לא תבערו אש”.

נאָר וואָס שייך צום ענין ווינטילאַטאָר, איז פאַראַן אַ יש אומרים, וואָס זאָגן, אַז דער כוח העלעקטרי איז אַ ספק מן התורה. און אין פאַל פו ספיקא דאורייתא, איז מדרבנן לחומרא, ווייל מיטן עפענען אַ ווינטילאַטאָר איז מען גורם צו הבערה און מ׳איז גלייכצייטיק אַ מתקן מנא — מ׳פאַרריכט דערמיט אַ כלי, זי זאָל ברנעגען נוצן. איז מען במילא עובר אויף הבערה און כבוי, וואָס באַרעכטיקט ניט צו הייסן אַפילו, אַז אַ נכרי זאָל עס טאָן. נאָר סיידן אַז דער נכרי טוט עס פאַר זיינעטוועגן. (זע שו״ת, בהרש״ג).

אויך איז פאַראַן אַ דעה, וואָס זאָגט אַז די סיבה פון אַ ווינטילאַטאָר, קומט ניט דורך כוח האש — מיט דעם וואָס מ׳גיט אַ דריי דאָס קנעפל, נאָר בלויז צוליבן שטאַרקן שטראָם, וואָס מאַכט באַוועגן שנעל דאָס רעדל, בכדי צו פאַרטרייבן די וואַרעמקייט און אַריינברענגען קילקייט, איז דאָס ענלעך צו אַ קראַן פון אַ געוויסער כלי פול מיט וואַסער, ווען מען עפנט דעם קראַן שטראָמט דאָס וואַסער שנעל, און אַזוי טרייבט עס דאָס רעדל פון אַ ווינטי־לאַטאָר. אָבער דער דין בלייבט, על־פּי רוב פוסקים, אַז ס׳איז ניט באַרעכטיקט צו עפענען שבת אַ ווינטילאַטאָר, צוליב תיקון מנא — ווי מ׳וואָלט פאַר־ריכט אַ כלי אום שבת.

און וואָס אָנבאַלאַנגט צו אַנדערע מיני עלעקטרישע מכשירים, קומט מען צום שלוס: ווער ס׳איז מקפיד ניט צו באַנוצן אָט די אַלע מיני עלעקטרישע כלים אַליין אום שבת פאַרמיידט אויף אַזאַ אופן פיל פריצות, בעת דער חילול שבת איז אומגייהער פאַרשפרייט אויף יעדן טריט און שריט.

אַזוי אַרום, מוז דעריבער גענומען ווערן אין אכט, ווען מען פאַרלירט די סאַמע עלעמענטאַרסטע פליכט פון יידישקייט בנוגע צו שמירת שבת, ברענגט עס איין עבירה צו אַ צווייטער. ווי געזאָגט עבירה גוררת עבירה. איז בכדי ניט צום עובר זיין אויף אַן עבירה חמורה, דאַרף מען זיין אַ זהיר אַפילו אויף אַן עבירה קלה. ובפרט, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ מצוה פון שמירת שבת. וואָס איז דער יסוד פון דער יידישער אמונה.

# קאַפּיטל 24

און ג־ט וועט איבערהיפּן איינגאַנג,

און ער וועט ניט לאָזן דעם אומברענגער אַריינקומען . . .

— ופסח ד׳ על הפתח ולא יתן המשחית לבוא . . .

## פּ ס ח

— א —

## דער יום־טוב פּסח אין גאַנג פון געשיכטע

ראשית, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן וועגן דעם באַדייט פון דעם נאָמען „פּסח״. און אַז פּסח אַלס יום־טוב פון פרי־יאָר (פרילינג), האָבן די יידן שוין געהאַט געפּייערט נאָך איידער זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, האָט אונדז משה רבינו מרמז געווען. לויט ווי ס׳באַשטעטיקט דער נוסח פון דער תורה: „משה בעט פּרעהן, ער זאָל די בני ישראל לאָזן אַרויסגיין אין מדבר, זיי זאָלן דאָרטן שעכטן אַ קרבן צו ג־ט, אַזוי ווי ער האָט געהייסן „כי חג ד׳ לנו״ — וואָרום ס׳איז אַ יום־טוב צו ג־ט ביי אונדז״.

דאָס באַווייזט, ווען די יידן זיינען געווען פּאַסטוכער שבטים אין מדבר, האָבן זיי אין דעם חודש פון פרילינג, ווען שעפּסן שעפּסלען זיך, אין דער נאַכט, ווען די לבנה ווערט פול (פון 14טן אויפן 15טן אין חודש), פלעגן זיי אין יענע צייטן האָבן אַ יום־טוב, אין וועלכן די גאַנצע משפּחה האָט זיך באַטייליקט. אויף דעם דאָזיקן יום־טוב האָט מען געאָפּפערט אַ שעפּס, וואָס מ׳האָט שוין עטלעכע טעג פריער אויסגעקליבן פון דער סטאַדע. מ׳האָט דעם שאָף געשאָכטן פאַרנאַכט, אים אָפּגעבראָטן כמעט גאַנצערהייט, און אַלע מיטגלידער פון דער משפּחה האָבן צוזאַמען אים געגעסן אין מיטן דער נאַכט. מ׳האָט נישט געטאָרט צעברעכן קיין ביין אין אים נישט איבערלאָזן עפּעס פון אים אויף מאָרגן.

איינע פון די הויפּט צערמאָניעס פון דעם יום־טוב איז באַשטאַנען אין באַשמירן דעם אַריינגאַנג פון געצעלט מיטן בלוט פון שעפּס. לויט אַ גע־

וויסער השערה, זיינען די אַלע זאַכן געטאָן געוואָרן, ווייל מ'האָט אין יענער צייט געהאַלטן עס פאַר אַ סגולה קעגן מגפות, אומגליקן און קראַנקהייטן, און, אַז מ'האָט די דאָזיקע זאַכן אָפּגעהיט, איז דעם קומענדיקן יאָר געווען אַ מזל־ברכה אין דעם תבואה שניט. מיר געפינען די דאָזיקע השערה אין ספר היובלים, פרק מ"ט, בזה הלשון: „אויב יידן וועלן אָפּהיטן ריכטיק פסח, וועט אין דעם יאָר נישט קומען קיין מגפה איבער זיי".

משמעות, אַז די יידן האָבן אין יענער צייט געוווסט פאַר וואָס דער יום־טוב האָט געהייסן „פסח". נאָר במשך פון תקופות, איז עס פאַרגעסן געוואָרן. ס'זיינען פאַראַן געוויסע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס וועגן דעם נאָמען „פסח". לויט איין טעאָריע האָט פסח באַדייט דער „שפרינגנדיקער", און דאָס איז געווען אַ באַדייטונג פאַר דעם יונגן שפרינגנדיקן שעפּס. לויט אַ צווייטער טעאָריע, האָט דער נאָמען „פסח" געשטאַמט פון אַ רעליגיעזן שפרינגנדיקן טאַנץ, וואָס מ'האָט געמאַכט אַרום דעם שעפּס. אַ דריטע טעאָריע וויל פאַר־בינדן דאָס וואָרט פסח מיט דער פאַזע פון דער לבנה. נאָר די דאָזיקע טעאָ־ריעס זיינען נישט מער ווי השערות, ווען ס'איז געפּייערט געוואָרן נאָך איידער יידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. אָבער, וואָס שייך לאחר יציאת מצרים, האָט דער נאָמען פסח געקראָגן זיין אמתן באַדייט. ווי די תורה איז מפרש דאָס וואָרט פסח „אשר פסח על בתי בני ישראל במצרים, בנגפו את מצרים" (שמות י"ב) — אַ קרבן פסח איז דאָס צו ג־ט, „ווייל ער האָט איבערגעהיפּט איבער די הייזער פון די בני ישראל אין מצרים, ווען ער האָט געשלאָגן די מצרים".

אָבער ווי ס'שיינט האָבן די יידן ניט אויפגעהערט צו פייערן דעם יום־טוב פון פרילינג אַפילו, ווען זיי האָבן זיך שוין געהאָט באַזעצט אין ארץ־ישראל. נאָר זיי האָבן אים דאָרטן גערופן מיטן נאָמען „חג אביב" (פרילינג יום־טוב). דער נאָמען „חג אביב" האָט אָבער אין זייער לאַנד געטראָגן שוין אַן אַנדער כאַראַקטער. מחמת, ס'האָט זיך דאָרט געשאַפן שוין אַ פּויערים־קלאַס, וועלכער האָט געלעבט פון דער פרוכט פון ערד, און איז געוואָרן פאַרבונדן מיט שניט פון דער תבואה. דערמאָנענדיק זיך דענסמאָל אָן גירוש מצרים, איז ער געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „חג המצות" — דער יום־טוב פון מצות. און אַזוי ווי דער תבואה־שניט האָט זיך אָנגעהויבן אין פרי־יאָר מיטן שניידן די גערשטן, און געענדיקט האָט זיך מיטן שניידן די ווייץ, איז ער אַזוי אַרום אויסגעפאַלן אין דער זעלבער צייט מיטן חג הקציר. — ביי דער דאָזיקער פייערונג פון מצות, איז אין יענער צייט געווען שטרענג איינגעפירט, אַז מ'זאָל אויסראַמען דעם זויערטייג (שאור), און גאָר די חמץ: אַלץ וואָס איז געבאַקן געוואָרן מיט דעם זויערטייג פון פריערדיקער תבואה.

פאַרוואָס מ'האָט אַזוי געמוזט טאָן, איז משמע לויטן ספר היובלים, אַז דאָס איז אויך געווען אַ סגולה אַזאַ צו אַ גערעטעניש. די תורה אָבער פאַר־

בינדט דעם ענין חמץ מיט גירוש מצרים, און איז מזהיר בלשון „לא יראה לך חמץ" — ס'זאָל ביי דיר ניט געזען ווערן קיין חמץ, אַלס זכר, ווען מ'האָט די יידן געטריבן פון לאַנד מצרים האָבן זיי דאָן נישט באַוויזן צו זייערן דאָס טייג אויף צו באַקן ברויט — צידה לדרך.

זעען מיר פון דעם, אַז „פסח" און „חג המצות" זיינען לכתחילה געווען צוויי באַזונדערע יום־טובים, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אין דער זעלבער צייט: „פסח" — דער עלטערער יום־טוב, וואָס יידן האָבן געבראַכט פון מדבר און „חג המצות" — דער יינגערער יום־טוב, וואָס איז אויפגעקומען ביי יידן ערשט, ווען זיי האָבן זיך איינגעלעבט אין ארץ־ישראל. ביידע זיינען געווען יום־טובים פון פרי־יאָר, נאָר „חג המצות" איז געפייערט געוואָרן פון דער גאַנצער געמיינדע, פון דעם גאַנצן דאָרף אָדער שטעטל, אין דעם הייליקטום, בעת דער „חג הפסח" איז געפייערט געוואָרן ביי זיך אין הויז און איז געווען אַ פאַמיליען־יום־טוב.

לאַנג זיינען אָט די צוויי יידישע פייערונגען פון פרי־יאָר נישט געבליבן אין דעם דאָזיקן צושטאַנד, אַ נייע צייט קומט אָן און די ימים־טובים באַ־קומען אַ נייעם כאַראַקטער.

אָט במשך פון די יאָרהונדערטן, האָט זיך אַנטוויקלט און געענדערט די יידישע קולטור און דאָס גאַנצע יידישע לעבן, ס'זיינען אויפגעקומען נייע, העכערע השגות און געדאַנקען, און ס'איז מיט דער צייט גאָר פאַרגעסן גע־וואָרן דער זין, וואָס די אַלטע מנהגים און צערעמאָניעס פון „פסח" און „חג המצות" האָבן לכתחילה געהאַט. ס'האָט איבערהויפּט אויפגעהערט אַפּעלירן צו יידן דער געדאַנק פון פייערן, ווי אַלע פעלקער, דאָס לעבן אין דער נאַטור, די סעזאָנען פון יאָר. ס'האָט פיל מער אַפּעלירט צו זיי דאָס פייערן אין פרי־יאָר אַ טוב־טוב מיט אַ היסטאָרישער באַדייטונג. אַ יום־טוב וואָס זאָל אויסדריקן סימבאָליש די סאָציאַלע און גייסטיקע שטרעבונגען און אידעאַלן. און אַזוי אַרום האָט מען אָנגעהויבן שטעלן דעם טראָפּ אין דעם פסח יום־טוב אויף יציאת מצרים. ער איז דעריבער געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „זמן חרותינו" — דער יום־טוב פון דער באַפרייאונג פון יידישן פאָלק; דער יום־טוב פון זיין אויסלייזונג פון קנעכטשאַפט און זיין אויפ־וואַכונג צו אַ נייעם לעבן.

און דער ענין יציאת מצרים האָט זיך ביי יידן איינגעקריצט אין זכרון לדור דורות, ס'האָט תמיד געשטאַרקט די האָפענונג פון יידישן פאָלק אונטער אַלע שווערע איבערלעבונגען, במשך פון זיינע וואַנדער־יאָרן, אויסגעלייזט צו ווערן פון אַלע מיני רדיפות און אונטערדריקונגען, בדרך נס ווי ביי יציאת מצרים. ווי דער נביא מיכה זאָגט: „ג־ט פאַרזיכערט דעם נביא, אַז דאָס פאָלק ישראל וועט געזיכערט ווערן אין זיין לאַנד און ס'וועט אים געוויזן ווערן ניסים, ווי ביים אַרויסגיין פון מצרים".

— ב —

## א) דער סימבאָל „פיר" — פסח ביים סדר

דער בעל הגדה האָט דעם צערעמאָניאַל פון סדר באַזירט אויף דער צאָל פיר, ווי: פיר קשיות, פיר כוסות, פיר אייגנאַרטיקע מאכלים (פסח. מצה, מרור און חרוסת) און די פיר טיפן זין, וואָס פרעגן קשיות.

משמעות, אַז די צאָל פיר, איז ביי יידן שוין געווען פאַרהייליקט אין דער גאָר אור־אַלטער צייט.

אָט געפינען מיר אין ספר בראשית (ב, י), וואָס דערציילט, אַז: „אַ טייך איז אַרויסגעגאַנגען פון עדן אָנצוטרינקען דעם גאָרטן, און פון דאָרטן האָט ער זיך צושיידט און איז געוואָרן פיר טייכן" — (ונהר יצא מעדן להשקות את הגן, ומשם יפרד והיה לארבעה ראשים), — זאָגן מפרשים, אַז דער פסוק סימבאָליזירט פאָלגנדעס: „ונהר" — מיינט דאָס גרויסע ליכט, „עדן" — דער צדיק גמור. דאָס איז מרמז, אַז ס'וועט אַרויסגיין אַ גרויסע ליכט פון דעם צדיק גמור; „להשקות את הגן" — „אָנצוטרינגען דעם גאָרטן" — מיינט משפיע צו זיין אויף דער וועלט, און פון דער וועלט ווען אַרויסקומען פירערליי פאָרשטייער: איינער בשם „פישון" — אַלס נוטריקן (אָפּקירצונג) מיינט עס: פי, שונה הלכות — ער לערנט דער מענטשהייט הלכות; אַ צווייטער בשם „גיחון" (איינגעבויגן) — ער וועט צייגן דער מענטשהייט, אַז מ'זאָל זיך האַלטן אין לעבן באַשיידן, הכנעהדיק; אַ דריטער בשם „חידקל", וואָס וועט ווייזן דער וועלט, אַז מ'זאָל דינען ג־ט באופן „חד", „קל" — שאַרף און גרינג (בזריזות); אַ פערטער בשם „פרת", וואָס וועט פאַרשפרייטן די תורה אויף דער גאַנצער וועלט (פרת אין אַראַמיש איז אַזוי ווי אין העברעיש פרש — פאַרשפרייטן).

לויט דעם דאָזיקן פירוש סימבאָליזירן די ווערטער „ארבעה ראשים" — פיר צדיקים (וועלט מנהיגים).

אויך באַנוצן זיך די נביאים מיטן מספר פיר. יחזקאל הנביא שילדערט די „מרכבה" (טעאָגאָניע), זאָגנדיק: „ער האָט געזען פון אינעווייניק פון דעם פייער אַ געשטאַלט פון פיר חיות. יעדער פּרצוף פון דער חיה האָט פיר פּנימער און יעדער פּנים פיר פליגלען". זכריה הנביא זעט אין דער נבואה פיר הערנער און דניאל זעט — פיר חיות.

משמעות אַז דער מספר „פיר" איז באַזירט אויף די פיר יסודות — די עלעמענטן פון דער וועלט, ווי: פייער, וואַסער, לופט, ערד. און דערפאַר איז דער מענטש דער מושל איבער אַלע ברואים, ווייל ער גופא באַזיצט די דאָזיקע פיר יסודות. נאָר דער חילוק איז אין דער מענטשהייט, ווער פון די פעלקער ס'צייכנט זיך אויס מער ברוחו (גייסטיק) און ווער בגופו (פיזיש).

און דער גוף ווייל תמיד משפיע זיין אויפן רוח (גייסט). איז אַזוי ווי דער עם ישראל האָט זיך אויסגעטיילט פון דער מענטשהייט מער ברוחו, איז ער תמיד גערודפט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע חומריותדיקע פעלקער.

דאָס האָט גוט באַמערקט דער נביא ישעיהו. ער איז אַרויס צום עם־ישראל מיט אַ טרייסט וואָרט: „ג־ט וועט אויפהויבן די פאָן פון ישראל אַלס צייכן פאַר די פעלקער און בכבוד אַוועקנעמען פון אים דעם גלות, און די פאַר־שפּרייטע פון יהודה וועט ער איינזאַמלען פון די פיר עקן וועלט".

אַלס סימן פון התחלתא דגאולה גיט אָן דניאל אין זיין וויזיע, אַז ס'וועלן דאַן נאָר בלייבן אויף דער וועלט פיר גרויסע מלוכות. ביז משיח וועט קומען.

און אַז די צאָל פיר איז מרמז אויף גאולה, האָט עס פעסטגעשטעלט דער ירושלמי פסחים (פ"כ, ה"א). ס'ווערט דאָרט געפרעגט: פון וואַנען ווייסט מען, אַז מ'דאַרף גרייטן ביים סדר פיר כוסות? — ענטפערט רבי יוחנן, ווייל די תורה באַצייכנט דעם ענין גאולה מיט פיר לשונות: „והוצאתי, והצלתי, וגאלתי, ולקחתי". און יעדער מאמר באַזונדער צייכנט אויף זיין אופן. דער מאמר — „והוצאתי" — איז בלויז אָן אָנזאָג, אַז מ'האָט דעם פאָלק ישראל פאַרגרינגערט די שווערע אַרבעט. ביז ס'איז געקומען די צייט פון „והצלתי", אַז ער איז געראַטעוועט געוואָרן אינגאַנצן פון דער אַרבעט; זיי האָבן זיך באַפרייט פון דער שקלאַפן־אַרבעט. דאָס האָט אָבער נאָך נישט געמיינט קיין גאולה שלמה, ביז ס'איז געקומען די צייט פון „וגאלת" — ער איז אויסגעלייזט געוואָרן אינגאַנצן פון גלות מצרים. האָט טאַקע דער עם ישראל זוכה געווען לגאולת מצרים. אָבער ער איז נאָך נישט געווען קיין עם מיוחד, אַלס אַ קנין פון ג'־ב"ה (זיינס אַן אייגנטום), ביז ס'איז געקומען דער פערטער ענין פון „ולקחתי" און געלאָזט וויסן, אַז דער עם ישראל איז נישט נאָר אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות מצרים, נאָר ער איז געוואָרן ווירק־לעך אַן עם הנבחר, אַלס אַ קנין פון ג־ב"ה.

דעריבער האָבן די חכמים מתקן געווען, אַז מ'זאָל ביים סדר אָפּהיטן די פיר כוסות. מחמת די דאָזיקע ארבע כוסות סימבאָליזירן, אַז דער עם ישראל וועט נאָך זוכה זיין צו אַ גאולה שלמה.

זעען מיר פון דעם, אַז די צאָל פיר אַנטהאַלט דעם סימן פון בטחון אין אַ גאולה שלמה.

## ב) דער כוס פון אליהו הנביא

אייגנטלעך וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער יום־טוב פון גאולת מצרים מיט אליהו הנביא, אַז מ'שטעלט פאַר אים אַוועק אַ ספּעציעלן כוס ווייַן?

ווערלעך ווי ס'ווערט דערציילט און מלכים ב': „אליהו איז אַרויף מיט אַ שטורעם ווינט אין הימל", באַווייזט עס, אַז ער איז נישט געווען קיין גע־

ווייבלעכער מענטש, און ער איז געבליבן לעבן אין פאָלקס־געדאַנק, ווי ס׳באַ־שטעטיקט דער נביא מלאכי, וואָס זאָגט: „אָט וועל איך צו אייך שיקן דעם נביא אליהו, איידער ס׳וועט קומען דער גרויסער און פאָרכטיקער טאָג״.

משמעות, האָבן די חכמים זיך געשטיצט אויף דעם פסוק, אַז אליהו וועט קומען און אָנזאָגן די בשורה פון גאולה שלמה. און צו יענער צייט וועט ער אויך לייזן אַלע ספקות און אויסגלייכן אַלע שווערע סיכסוכים. ומהאי טעמא באַנוצן זיך אָפט די חכמים בלשון „תיקו״, נאָך אַ שווערן הלכה־שטרייט, וואָס דאָס מיינט: אַזוי זאָל בלייבן, ביז אליהו וועט קומען און אַנטשיידן, אָדער „תשבי יתרץ קושיות ואיבעיות״ — אליהו וועט קומען און פאַר־ענטפערן אַלע קשיות און פראַגעס.

און אַזוי ווי אין דער גמרא איז פאַראַן אַ פלוגתא צי מען דאַרף גרייטן פיר אָדער פינף כוסות וויין ביים סדר. בלייבט די דאָזיקע פראַגע אָן אַנט־שיידונג. האָט מען דעריבער מתקן געווען, אַז מ׳זאָל אַוועקשטעלן אַ פינפטן כוס וויין און מ׳האָט אים באַצייכנט אַלס כוסו של אליהו — אליהוס כוס. דאָס מיינט: דער כוס וועגן וועלכן אליהו וועט דאַרפן אַנטשיידן (גר״א).

במילא, אַזוי ווי אליהו איז דער מבשר פון גוטע בשורות, האָט מען עס פאַרבונדן מיטן עפענען די טיר, בעת דער גאולה־פייערונג, לויט דער טראַ־דיציע, וואָס מ׳פלעגט האַלטן אָפן די טירן פון בית המקדש די אַנדערע האַלבע נאַכט פון פסח. האָט מען אַזוי אַרום איינגעפירט צו עפענען די טיר, כדי אליהו זאָל אין דעם מאָמענט פון דער פייערונג פון גאולת מצרים אַריינקומען און אונדז מגלה זיין גוטע בשורות. דערביי זאָלן מיר געדענקען, אַזוי ווי מיר זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות מצרים, וועלן מיר אויך אויסגעלייזט ווערן פון היינטיקן גלות. וואָס דאָס מיינט, אַז אַלע אומות וועלן אָנערקענען אונדזער רעכט אויף דער וועלט און ס׳וועט פאַרזיכערט ווערן דער קיום פון עם ישראל און מדינת ישראל.

## ג) דער ענין אפיקומן

קודם כל, דאַרף מען וויסן דעם באַטייט פון דעם וואָרט „אפיקומן״. לויטן באַרימטן בעל דיקדוק פון זעכצנטן יאָרהונדערט ר׳ אליהו בחור (דער פאַר־פאַסער פון דער בבא־מעשה), איז „אפיקומן״ אַ גריכיש וואָרט. וואָס האָט לכתחילה באַדייט די פריילעכע הוליאַנקע נאָך אַ באַנקעט: די געזאַנגען, טענץ און פאַרוויילונגען נאָך אַ יום־טובדיקער סעודה. אויך האָבן די יידן, אין די צייטן ווען דער צווייטער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, געפראַוועט נאָך אַ געהויבענער סעודה אַ לוסטיקע פאַרוויילונג אויפן גריכישן שטייגער, וואָס מ׳האָט עס באַצייכנט מיטן גריכישן נאָמען „אפיקומן״. (ווי למשל, נאָך סעודת חגיגה) דערפאַר איז, אין די יאָרן פון נאָכן חורבן בית שני, פאַר־

צייכנט געוואָרן דאָס וואָרט אפיקומן פאַר זיסער נאָכשפּייז, וואָס מ'פלעגט עסן נאָך דער סעודה.

אָבער גאָר אַנדערש איז געווען מיט דער קרבן־פּסחדיקע סעודה. ווייל ס'איז פאַרבאָטן צו האָבן אַן אַפיקומן נאָכן עסן דעם קרבן פּסח, וואָס דאָס האָט געמיינט צו מאַכן אַ לוסטיקע פאַרוויילונג און צו עסן זיסע מאכלים אַלס נאָכשפּייז. דאָס איז ווירקלעך די אורזאַך, וואָס די חכמים האָבן אָנגעזאָגט, אַז „אין מפטירין אחר הפסח אַפיקומן" (פּסחים קי"ט).

אָבער אין די שפּעטערע צייטן, ווען ס'איז מער קיין קרבן פּסח נישט געווען, האָט מען איינגעפירט אַז אַנשטאָט וואָס מ'פלעגט אָפּשליסן די סעודה מיט דעם כזית פון קרבן פּסח, זאָל מען אָפּשליסן מיט אַ „כזית" מצה. און אויף דער דאָזיקער שטיקל מצה איז איבערגעטראָגן געוואָרן דער אַלטער נאָמען פאַר דער נאָכשפּייז: אַפיקומען. איז תיכף ביים אָנהויב פון דער סעודה, באַהאַלט מען דעם כזית מצה אויף שפּעטער, נאָך דער סעודה, ביים סדר פון דער פּסח־נאַכט, צו מקיים זיין די מצוה, במקום כזית פון קרבן פּסח.

## ד) די זרוע און דאָס געבראָטענע איי

צו וואָס געהערן אָט די דאָזיקע צוויי געריכטן ?

יאָ, כאָטש ס'איז אונטערגעגאַנגען מיט צווייטן חורבן פון בית המקדש די צערעמאָניע פון קרבן פּסח. האָט דאָך פּסח, אַלס גרויסער נאַציאָנאַלער יום־טוב, פון דעם חורבן ניט געליטן פיל. מ'האָט אויך ווייטער געפייערט די פּסח־נאַכט כמעט אַזוי ווי אין די פריערדיקע צייטן. ס'איז דאַן געווען אויסגעטייטשט, אַז די דאָזיקע צוויי געריכטן זיינען אַ „זכר" ־ אַ דעראינערונג אָן דעם „קרבן פּסח" און דעם „קרבן חגיגה", וואָס איז דער קרבן, וואָס דער יחיד האָט מקריב געווען לכבוד יום־טוב. ער איז געבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיטן קרבן פּסח.

אַזוי אַרום, דינט דאָס שטיקל געבראָטענע פלייש (די זרוע) אַלס אַ סימבאָל פון „קרבן פּסח" און דאָס געבראָטענע איי אַלס אַ סימבאָל פון „קרבן חגיגה". און אַזוי ווי דאָס איי איז דער שורש פון קיום המין, אַזוי זאָל מען תמיד זוכה זיין צו פייערן יום־טובים און פראַווען שמחות בכל דור ודור.

— ג —

## פון פסח ביז שבועות — „ימי הספירה"

אָט פון פסח ביז שבועות איז אַ פּאַרלויף פון פופציק טעג. די דאָזיקע טעג הייסן „ספירה טעג". טאָ צוליב וואָס, אייגנטלעך, זיינען די דאָזיקע טעג געציילט געוואָרן?

בכדי צו באַגרינדן דעם דאָזיקן ענין, מוז גענומען ווערן אין באַטראַכט, אין וואָס פאַר אַ מצב האָט דער עם ישראל זיך דענסמאָל געהאַט געפונען.

לויטן באַפעל פון אונדזער תורה, וואָס זאָגט: „און איר זאָלט ציילן פון אויף מאָרגן נאָך דעם יום־טוב, פון דעם וואָס איר ברענגט די גאַרב פון אויפהייבונג; זיבן גאַנצע וואָכן זאָלן עס זיין"... — זעט מען באַשיינפּערלעך, אַז די יידן האָבן געלעבט פון דער פּרוכט פון דער ערד. איז ווי געוויינלעך, אויפגעקומען דאָן ביי די יידישע פּויערים אַ מין פרילינג יום־טוב. אַזאַ יום־טוב וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן שניט פון דער תבואה. ד"מ — אַז דער אָנהויב שניט האָט זיך אָנגעהויבן אין פרי־יאָר מיטן שניידן די גערשטן און געענדיקט האָט ער זיך מיט שניידן די ווייץ. און דער דאָזיקער סעזאָן האָט זיך געצויגן זיבן וואָכן.

דער עיקר אָבער פון דעם יום־טוב פון גערשטן שניט, איז לכתחילה באַשטאַנען אין צערעמאָניע פון דעם „עומר" — פון דער ערשטער גאַרב פון די פרי־אָפּגעשניטענע גערשטן, וואָס מ'האָט אין ערשטן טאָג פון שניט פּרעזענטירט צו דעם כוהן אַלס קרבן — אַ מתנה צו ג־ט. האָט מען דעריבער יעדן טאָג געמוזט ציילן די טעג, לויט דער צאָל פון דעם „עומר", וואָס איז געבראַכט געוואָרן. און מ'האָט אַזוי געציילט ביז אויף מאָרגן נאָך דער זיבעטער וואָך. ד"ה — פופציק טעג זאָל מען אַזוי ציילן און ברענגען אַ שפּייז־אָפּפער פון דער נייער תבואה צו ג־ט.

ביים סוף שניט האָט מען אויך מקריב געווען צוויי לעבלעך ברויט געבאַקן פון מעל פון די נאָר וואָס אָפּגעשניטענע ווייץ. דעם דאָזיקן קרבן האָט מע גערופן „בכורי קציר חטים" — די ערשט־צייטיקע פון דעם ווייץ שניט. און דעריבער האָט מען דעם יום־טוב שבועות אויך גערופן „יום הבכורים".

אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש איז אָנגעגאַנגען ביי יידן אַ שטרייט וועגן דעם דאַטום פון דעם יום־טוב שבועות. וואָרום אין דער תורה ווערט ניט דערמאָנט, אין וועלכן טאָג און חודש מ'זאָל מאַכן דעם יום־טוב. עס ווערט נאָר אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל געפּייערט ווערן אין דעם פופציקסטן טאָג נאָכן אָפּפערן דעם „עומר", אין דעם ערשטן זונטיק אין פסח. (עד ממחרת השבת); און אַז שבועות מוז דעריבער אַלעמאָל אויספאַלן אויף זונטיק, דעם זיבעטן נאָך פסח. די פירושים אָבער, וועלכע זיינען געווען מער פּראָגרע־סיוו און האָבן געזוכט אויסצוטייטשן און צוצופּאַסן די געשריבענע תורה

צו אומשטענדן פון לעבן, האָבן געטייטשט „ממחרת השבת" — ניט אויף מאָרגן נאָך דעם שבת, נאָר אויף מאָרגן נאָך דעם רו־טאָג, נאָך דעם יום־טוב, ס׳הייסט: נאָך דעם ערשטן טאָג פסח. מ׳האָט אַלזאָ לויט די פירושים גע־מוזט מקריב זיין דעם „עומר", דעם זעכצנטן טאָג אין ניסן און פייערן שבועות דעם זעקסטן טאָג אין סיון.

אָט די איינשטעלונג פון די פירושים איז געוואָרן די ריכטונג פון דער אָרטאָדאָקסישער יידישקייט און ביז היינטיקן טאָג הויבן יידן אָן דעם צווייטן טאָג פסח ציילן „ספירה". ציילט מען אַזוי אָפּ יעדן טאָג וויפל טעג און וואָכן ס׳זיינען שוין פאַרגאַנגען פון דעם „עומר" און דער פופציקסטער טאָג איז שבועות.

משמעות, אַזוי ווי שבועות איז דער יום־טוב פון דעם אָפּשלוס פון תבואה שניט, אַזוי איז אויך געווען אין דעם דריי און דרייסיקסטן טאָג אין „עומר" אַ וואַלד סעזאָן. אַ טאָג פון וואַלד אַרבעט און פאַרווײַלונג. צו זיין מיט פיילנבויגן אין וואַלד און זיך משמח זיין מחנות־וויז, און אויך צו פאַרצייכענען די ביימער, וועלכע זיינען נוצלעך פאַרן געבוי. דאָס איז אַזאַ מנהג געווען נאָך פון די אור־אַלטע צייטן. אַלס אָפּשלוס פון דעם מנהג, וואָס מ׳האָט געהאַלטן איז, ניט קיין שמחות און זיך ניט שערן אין די ספירה־טעג. אָבער אין די שפּעטערע צייטן, האָט מען דעם דאָזיקן שיינעם יום־טוב גע־מוזט פאַר יידישן, דורך פאַרבינדן מיט עפּעס געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע. מ׳האָט אָנגעקניפּט דעם ל"ג בעומר טאָג אָן דעם צופאַל, וואָס רבי עקיבאס תלמידים האָבן אויפגעהערט אויסצושטאַרבן. לויט ווי ס׳ווערט דערציילט אין דער מסכת יבמות (סב, ב'): „כולם מתו מפסח ועד עצרת" — אַלע ר' עקיבאס תלמידים זיינען אויסגעשטאַרבן אין פאַרלויף פון פסח ביז שבועות. איז אין פלוג, לויט דעם נוסח קיין שום באַגרינדונג ניטאָ, אַז ל"ג בעומר האָבן אויפגעהערט אויסשטאַרבן רבי עקיבאס תלמידים. נאָר ס׳ווערט אָנגעקניפּט אָן אַ צווייטן נוסח, וואָס זאָגט: „עד פרוס העצרת" — ביזן פופצן טעג פאַר שבועות.

אַנדערע מפרשים האָבן צוגעטראַכט אַן אַנדער היסטאָרישע פאַרבינדונג פאַר ל"ג בעומר, דערקלערנדיק אַז דאָס איז דער טאָג, ווען די שפּייז „מן" האָט אָנגעהויבן פאַלן פון הימל (מפרשים אין שמות ט"ז).

די מקובלים האָבן פאַרבונדן ל"ג בעומר מיט ר' שמעון בן יוחאי, דעם לעגענדאַרישן פאָטער פון דער יידישער מיסטיק, און דערקלערט, אַז אין דעם דאָזיקן טאָג האָט ער, פאַר זיין פּטירה, מגלה געווען זיינע סודות צו זיינע תלמידים — (יום־הילולא דרבי שמעון בן יוחאי). אָבער די „הדלקה", וואָס מ׳פראַוועט יום ל"ג בעומר אויף רבי שמען בן יוחאיס קבר, האָט באמת גאָרניט צו טאָן מיט רבי שמען בן יוהאי, נאָר דאָס איז אַן אור־אַלטער ליכט־פייערונג — אַזאַ מין פאָלקס־גלויבן נאָך פון די אור־אַלטע צייטן. די ספירה

טעג האָבן זיך אַזוי געצויגן אויך ווייטער ביז דעם זעקסטן טאָג אין חודש סיון, און אין דעם טאָג האָט מען געפייערט דעם יום־טוב שבועות.

דער יום־טוב שבועות האָט אָבער אַלס נאַטור יום־טוב ניט געקענט פאַרבלייבן. מחמת די ייִדן האָבן געהאַט פאַרלאָרן די צוגעבונדנקייט פון זייער לאַנד. האָט דער דאָזיקער יום־טוב מיט דער צייט געמוזט באַקומען אַ נייעם היסטאָרישע באַדייטונג און אַ נייעם גייסטיקן אינהאַלט.

ווי ס׳ווייזט אויס, איז שוין אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש שבועות געווען אַ צווייפאַכער יום־טוב. ער איז געווען דער יום־טוב פון ווייץ־שניט, ווען מ׳האָט געאָפּפערט צו ג־ט אַ קרבן פון די ערשטצייטיקע ווייץ, און ער איז דער צו אויך געווען דער יום־טוב פון דעם בונד וואָס ג־ט האָט געשלאָסן מיט נוחן ניט צו ברענגען מער קיין מבול אויף דער וועלט (זע, „ספר היובלים״). ווי ווייט פאַרשפּרייט די דאָזיקע אויסטייטשונג פון שבועות איז געווען אין די צייטן פון בית שני קענען מיר היינט ניט וויסן.

נאָר אַ גרעסערע באַדייטונג האָט שבועות ערשט באַקומען, ווען ער איז געוואָרן דעם יום־טוב פון מתן־תורה, פון ג־טס אַנטפּלעקן זיך אויפן באַרג סיני. אַזאַ אָנקניפּונג האָט זיך לייכט געלאָזט מאַכן, ווייל די תורה דערציילט אונדז: „אין מדבר סיני אויפן דריטן חודש נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, איז משה אַרויף צום באַרג סיני — (שמות י״ט). דורך דער פאַרבינדונג מיט מתן־תורה האָט שבועות באַקומען אַ נייע העכערע באַדייטונג און איז געוואָרן, און געבליבן ביז היינט אַ געהויבענער גייסטיקער יום־טוב, וועלכער איז מער ניט אָנגעבונדן אָן דער ערד און אָן דעם נאַטור־לעבן, נאָר איז אַ סימבאָל פון די גייסטיקע אוצרות, פון גייסטיקער קולטור, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק פאַרמאָגט.

דריי טעג פאַר שבועות רופט מען די „שלשת ימי הגבלה״ (די דריי טעג, אין וועלכע ייִדן זיינען געווען אָפּגעגרענעצט און האָבן ניט געטאָרט צו גיין נאָענט צום באַרג סיני). אויך דעם טאָג צווישן ראש־חודש און די שלשת ימי הג׳ האָט מען געמאַכט פאַר אַ האַלבן יום־טוב. מ׳רופט אים דער יחוס־דיקער טאָג. זיין יחוס באַשטייט אין דעם, וואָס אין דעם זעלביקן טאָג פון וואָך מוז אין דעם דאָזיקן יאָר אויספאַלן יום־כפור.

האָבן דערנאָך אונדזערע פּיטנים זיך אויסגעדריקט: „עליונים ששו ותחתונים עלזו — בקבלת התורה הכתובה מסיני״ — אונדזערע אבות האָבן זיך געפרייט, וואָס מ׳גיט אַזאַ הייליקע מתנה (אַ תורה) צו זייערע קינדער, ד׳עם עם ישראל, וואָס זי איז אויפגענומען געוואָרן מיט צוויי עטרות (קראַנצן) פון „נעשה ונשמע״ — מיר וועלן זי מקיים זיין און געבן צו פאַרשטיין די טעמי המצוות. צו פאַראייביקן זיי לדורות.

## קאפיטל 25

„די גאַנצע וועלט האָט אַ ציטער געטאָן, ווען ג׳־ב״ה האָט אַרויס־געזאָגט „לא תשא״.

(כל העולם נזדעזע בשעה שאמר הקב״ה „לא תשא״ — (מב״ר).

# שבועות

— א —

## דער חיוב פון עול התורה און עול מלכות שמים

אַט ווען מיר פייערן דעם יום־טוב שבועות, לייענען מיר די פרשה פון קבלת התורה און מיר הערן ווי ג־ב״ה פאַרזיכערט אונדז צו זיין אַן עם סגולה (אַ באַזונדער אייגנס) פון צווישן די אומות העולם, און מיט אַ פריי־לעכן ניגון זאָגן מיר אין די „אקדמות״, אַז ג׳־ב״ה איז גרייט אונדז צוגעבן אַלדאָס־גוטס. און גאַנץ אָפט קומט אונדז אויף אויפן געדאַנק די פראַגע: זיינען מיר באמת אַן עם סגולה? — דאַכט זיך אַז ג־ט״ס וועלט באַזיצן זיי. די אומות, און פאַר עם ישראל, דעם עם סגולה, איז אומעטום אַפילו קיין מנוחה ניטאָ. און אַפילו היינט־צו־טאָג, ווען דער ייד האָט ממש במסירת נפש אויסגעקעמפט פאַר זיך אַ מקום מקלט, אין דעם לאַנד פון זייערע אבות, אין ארץ ישראל, האָט ער פאַר דעם דאָזיקן חסד אָפּגעצאָלט קודם מיט אַ פאַרלוסט פון זעקס מיליאָן נפשות. די בעסטע זין און טעכטער פון זיין פאָלק, זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם, נאָר בלויז דערפאַר, וואָס ער טראָגט אויף זיך דעם חותם פון יהדות. און אין דער דאָזיקער צייט, ווען מ׳האָט געברענט און געבראָטן דאָס יידישע פאָלק אין די קרעמיטאָריעס, האָבן די מנהיגי העולם זיך אַפילו ניט געקימערט וועגן זיין גרויסן בראָך און אומ־גליק. זיי זיינען געווען אַזוי גלייכגילטיק צו די יידישע צרות, ווי ס׳וואָלט

אַזוינס גאָר נישט פאָרגעקומען, אָדער ווי מ׳זאָגט: „שתיקה כהודאה דמיא״ — זייער שווייגן האָט דעמאָנסטרירט, אַז די באַציונג פון דעם וועלט־טיראַן היטלער ימ״ש — צום עם ישראל, איז מכלומרשט אַ באַרעכטיקטע. און לעת עתה ברויזט נאָך אין די הערצער פון געוויסע מנהיגי העולם, אונטער משונהדיקער צביעות, ווי אָפּצוטייטן דעם יידישן באַוווסטזיין — צו פאַר־לירן דעם פרצוף אַלס ייד אין זייערע מדינות.

נו, אויב דער ייד געפינט זיך נאָך אין אַזאַ מעמד, בלייבט דאָך די פראַגע נאָך בולטער: מיט וואָס איז דאָס יידישע פאָלק פאַררעכנט פאַר אַן עם סגולה?

און נעמענדיק ווידער אין באַטראַכט די הנהגה פון די פעלקער, זעט מען באַשיינפערלעך, ווי זיי האַלטן זיך אָן אַן ערד, פיל מעכטיקער אין גרעסער פון אונדז און גיבן זיך אָן פאַר די אויסדערוויילטע פון ג־ט; און אַז אויך זיי האָבן מקבל געווען די תורה — די „ביבל״ און האַלטן זיך פאַר בקיאים אין איר. און דענקען גאָר פאַרקערט וועגן דעם ייד; ער איז גע־שטראָפט פון ג־ט צוליב זיינע זינד. האָט ער אים דערפאַר אָוועקגעשליידערט פון זיך און זיי האָט ער איינגעטיילט גאָר גרויסע חלקים און די בעסטע שטחים ערד פון זיין שיינער וועלט.

איז לויט זייער אויפפאַסונג, האָט יעדערער פון זיי אַ רעכט צו דענקען, אַז ער, נאָר ער איז ממש באַרעכטיקט צו זיין דער עם סגולה. און אויב ער איז מעכטיק אין כמות, קומט אים די העגעמאָניע אין דער וועלט, צו הערשן איבער די אַנדערע אומות.

גאָר אַנדערש דענקט דער ייד. ער ווייסט און קען זיי. ער ווייסט און זעט גוט ווי די מעשים זייערע זיינען סותר זייערע אייגענע רייד. זיי ברענגען דעם מוראדיקן שקר אפילו, ווען ער קומט אַרויס פון די מכלומרשטע דע־מאָקראַטישע מנהיגי העולם. דער ייד ווערט ממש דערשיטערט פון זייערע דירעקטע און אומדירעקטע אכזריות, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן לגבי אים אין דעם עבר און ס׳האַלט אַן אין הוה; אַ גרויל כאַפּט אים אַרום פון זייערע הבטחות און פון דעם בנין פאַר שלום, וואָס זיי ווילן אויפשטעלן.

יאָ, דער ייד פאַרשטייט זייער גוט דעם מאמר חז״ל, וואָס זאָגט: „די גאַנצע וועלט האָט אויפגעטרייסלט, ווען ג׳־ב״ה האָט אַרויסגעזאָגט דעם „לא תשא״ — זאָלסט ניט אויפברענגען גאָטס נאָמען צום פאַלשן. אָט ניט אומ־זיסט רופן מיר אָן די וועלט „עלמא דשקרא״, ווייל דער נאָמען איזווירקלעך צוגעפּאַסט פאַר איר.

וואָרום, לויט דער יידישער אויפפאַסונג, איז דער וועג פון מענטשנס לעבן גאָר אַן אַנדערער. זיין וועג מוז זיין געפלאַסטערט מיט צדק און יושר, כאָטש ס׳איז שווער צו לעבן מיט צדק אין אמת לכתחילה, ווייל מ׳דאַרף אויסשטיין גענוג צרות און לעבן בחיי צער, דערגרייכט מען אָבער דערפאַר

צום סוף שלוה און גליק. ווי מיר געפינען עס ביי אברהם אבינו. לכתחילה איז ער געווען פאַרהאַסט אויף דער גאַנצער וועלט. מ'האָט אים אין אַ קאַלכ־אויוון אַריינגעוואָרפן. ער איז געוואָרן נע־ונד, אַרומגעוואַנדערט איבערן לאַנד. אָבער צום סוף האָט אים ג־ט געבענטשט מיט אַלץ, און אַלע אומות האָבן אים באַשטימט איבער זיך פאַר דעם געטלעכן נשיא (פירשט).

איז פון דעם געדרונגען, אַז צו לעבן מיט צדק און אמת, מוז מען זיין אַ גרויסער סבלן; מ'מוז זיך אונטערנעמען אויסצושטיין פריער אַלע צרות און פיין. דערנאָך, אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט, וועלן אַלע זיך איבער־ציגן אין זיין אמונה, און וואָס פאַר אַ גוט האַרץ ער פאַרמאָגט, וועט ער זיך דערווערבן כבוד און עשירות.

אויף דעם זאָגט עדות דער פסוק, „אמת מארץ תצמח". — דער אמת וואַקסט פון דער ערד אַרויס, אומעטום, אין יעטווידער צייט; און אויך מיר קענען זיך אָפּלערנען פון דער ערד די מידה פון דרך האמת. דער מענטש קען קיינמאָל ניט פאַרראַטן און פעלשן די ערד. וועט ער זאָגן, איך וועל די ערד ניט באַאַרבעטן, אָדער, איך וועל זיך צו שטאַרק ניט באַמיען זי צו באַאַרבעטן, ווייסן מיר דאָך וואָס פאַר אַ רעזולטאַט ס'קען זיין. זי וועט אים געבן דאָס, וואָס ער האָט אין איר פאַרזייט, די ערד לערנט אים דעם וועג פון אמת, אַזוי ווי ער איז געצוואונגען אויפצופּאַסן און באַאַרבעטן זי מיט צדק און אמת. ד"מ — אַריינטאָן אין איר גוטע זריעה און קענען אויסוואַרטן, ביז וואַנען זי וועט אים באַצאָלן פאַר זיין מי און אַרבעט כפל־כפליים. אַזוי דאַרף דער מענטש אויך זיין אַן איש אמת און האָבן אויסדויער, ביז וואַנען ער וועט קריגן זיין לוין פאַר דער אַרבעט. וואָרום, ג'־ב"ה האָט דאָך מיט מעשה בראשית אויסגענומען אַ תנאי, און געזאָגט: „וועט דער ייד מקבל זיין די תורה, וועט איר עקזיסטירן, און אויב ניט, וועל איך אייך צוריק מאַכן תוהו ובוהו.

דערציילט אונדז די אגדה ווי ג'־ב"ה איז געקומען צו באַשאַפן דעם מענטש, האָט דער אמת פּראָטעסטירט, אַז מ'זאָל אים ניט באַשאַפן, ווייל ער וועט זיין הוילע שקר. האָט גענומען ג'־ב"ה דעם אמת און אים אַרונטער־געשליידערט צו דער רעד. ד"מ — זאָל דער אמת פון דער ערד אַרויפקומען"! (האמת מארץ תצמח).

מיט דעם האָט ג'־ב"ה באַוויזן, אַזוי ווי די ערד איז אמת, זאָל דער מענטש אויף איר לעבן מיטן אמת. און אויב דער מענטש וועט פעלשן און וועט זאָגן, אַז ער איז דער יחסן, און די גאַנצע וועלט איז זיינע, וועט ער צום סוף צו דער ערד זיך קערן און וועט מער קיין שקר ניט זאָגן. — דער מענטש איז נאָר בכוח צו פעלשן איידער ער קומט צו דער ערד, קומט ער נאָר דאָרטן פאַרכאַפּט אים גלייך דער אמת און מוז אָפּגעבן דין וחשבון

פאַר אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אויף דער וועלט. און דאָס איז וואָס מיר רופן אָן מיטן נאָמען עולם האמת.

האָט אונדז דערפאַר ג־ב״ה אָנגעזאָגט: „איר זאָלט ניט פעלשן אין מיין וועלט, אַלץ וועט זיין אמת אויך דער שקר אַפילו, ווייל ער וועט ווערן אַזוי מפורסם, אַז אַלע וועלן זען וואָס זיין וועזן אַנטהאַלט אין זיך. וואָרום דער שקר, ווען מ׳רעכנט אים צו צום אמת, און וואָס דער שקר איז גענטער צום אמת, איז ער דאַן דער פולשטענדיקער שקר. אָבער ווען דער שקר לאָזט זיך דערקענען אַז ער איז אַ שקר, דאַן קומט דער אמת און באַשטעטיקט עס. און אַלע זעען באַשיינפּערלעך אַרויס ווו דער אמת איז. ס׳איז דאָך אַ כלל, אַז די פּירות צייגן וואָס פאַר אַ זריעה ס׳איז געווען.

אָט דאָס שטעלט אונדז פעסט, אַז די אומות העולם וועלן אין ג־טס נאָמען ניט קענען גזלען, גנבענען און מאָרדן, ווייל די וועלט וועט אויפציטערן. אָט ווי ס׳איז געשען מיט דער פאַרשאָלטענער דייטשלאַנד, ווען זי איז דער־שינען אויף דער וועלט־אַרענע. זי האָט געפּעלשט, געגנבעט, גערויבט, געמאָרדעט, זיך געשטאַרקט און געוואָרן מיליטעריש מעכטיק, האָט איר צום סוף דער אמת אַ פּאַטש געטאָן אין פּנים, און האָט איר גאַנצע טעאָריע און קראַפט צו נישט געמאַכט. און די פאַרשאָלטענע דייטשלאַנד האָט אַלעמען איבערצייגט, אַז די פּרוכט פון שקר איז אמת — דער אמת איז אַרויפגעקומען אויבנאויף.

קורץ: דעם רבש״ע וועלן זיי (די אומות העולם) ניט פאַרראַטן, אים קיין ליגן ניט זאָגן. זיי וועלן ניט קענען זאָגן, אַז זיי האָבן מקבל געווען די תורה. אדרבא, ער וועט זיי פרעגן די זיבן מצוות, וואָס איר האָט מקבל געווען, צוו האָט איר מקיים געווען? — ס׳איז דאָך אַ כלל: ס׳קען אויף דער וועלט אין דער צמיחה (געוויקסן) און אין דער תולדה קיין שום שקר ניט זיין. און נאָר פון דער ערד, וואָס גיט לעבן פאַר יעטווידער באַשעפעניש, וואַקסט דער אמת אַרויס.

דאַרפן מיר דערפאַר זיך מאַכן אַ שטיקל חשבון, צו מ׳איז מקיים די מצוות התורה באמת, ווי ג״ב״ה האָט אונדז באַפוילן, בעת ס׳איז אוממעגלעך צו אַנטלויפן פון דעם אמת!

ומהא טעמא, רופן מיר אָן דעם יום־טוב שבועות זמן מתן תורתנו, ווייל דער חיוב פון עול התורה און עול מלכות שמים, איז עס טאָג־טעגלעך. וואָרום די תורה דאַרף שטענדיק זיין פאַר אונדז ווי אַ נייע, ווי מיר וואָלטן זי היינט באַקומען. איז אויב, מ׳וועט מאַכן אַ שטיקל חשבון מיט זיך, צו מ׳איז מקדים דעם „נעשה״ פאַרן „נשמע״, וועט מען דאַן ניט דאַרפן שרייען פאַרביטערט „אשר בחר בנו לעם סגולה״. ווייל די זאַך איז אָפּהענגיק אָן זיך גופא, צו מ׳איז מקבל די תורה. קומט, דערפאַר, דער יום־טוב שבועות

און דערמאָנט אונדז, אויב מיר וועלן מאַכן די אמתע הכנה צו קבלת התורה און מיר וועלן ווערן ווי איין מענטש מיט איין האַרץ, אָן תרעומות און מחלוקות, נאָר מיט אַ פעסטער ליבשאַפט וועלן מיר קענען איינזאַמלען אונדזערע אַלע כוחות, וואָס קלאָמערן זיך אַרום דער תורה הקדושה. און נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן מיר גורם זיין צו אַ רעטונג פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

באַמערקונג:

וועגן דעם טעם פון „זמן מתן תורה" קומט אַרויס דער געטלעכער דענ־קער, דער בעל עקידה (ר' יצחק ערמאה), מיט אַ האַרבער קשיא: למאי די תורה הקדושה האָט ניט אָנגעגעבן דעם עצם טעם פון דעם יום־טוב שבועות. אָט אַזוי ווי זי ברענגט בפירוש די טעמים וועגן די ימים טובים — פסח און סוכות, אַז זיי זיינען פאַרבונדן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. און נאָך מער: דעם דאָזיקן טאָג „שבועות" באַצייכנט דאָך די תורה אַלס אַ הייליקער טאָג,' ווי ס'ווערט אויסדריקלעך געזאָגט: „וקראתם בעצם היום הזה מקרא קודש יהיה לכם" (ויקרא כ"ג, כ"א). האָט זי צו דער זעלבער צייט אויך געקענט אָנגעבן דעם הויפּט־מאָטיוו פון „מתן תורה"? — בעת די תורה גיט אָן דעם טעם פון יום־טוב שבועות. אַז ס'איז אַ פייערונג פון „ביכורים". טאָ פאַר וואָס אייגנטלעך, האָט די תורה פאַרשוויגן און ניט דערמאָנט דעם עצם מאָטיוו פון שבועות, אַז מ'זאָל געדענקען דעם טאָג פון מתן־תורה?!

איז די דערקלערונג פון דעם „בעל־עקידה" אויף דער פראַגע זייער אַ טרעפלעכע: די תורה האָט ניט אָנגעגעבן דעם עצם מאָטיוו פון דעם יום־טוב שבועות אַלס אַן אָנדענק פון מתן תורה, ווייל דער ענין פון קבלת התורה איז ניט פאַרבונדן מיט קיין געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט. וואָרום די תורה וואָרנט אונדז, אַז: „דער היינטיקער טאָג, איז אַ טאָג וואָס ג־ט, דיין ג־ט באַפוילט דיר צו טאָן די דאָזיקע חוקים און געזעצן; און זאָלסט זיי אָפּהיטן און טאָן מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצע נשמה" (דברים ח', ט"ז). — באַמערקט דאָרט רש"י, בזה הלשון „טאָג־טעגלעך זאָל זיין אין דיינע אויגן ווי היינט וואָלט מען עס דיר באַפוילן". אָט אַזוי ווי מיר געפינען עס, ווי ג־ט דריקט זיך אויס אין זיין דיבור צו יהושען: „דאָס דאָזיקע בוך פון דער תורה, זאָל זיך ניט אָפּטאָן פון דיין מויל, און זאָלסט טראַכטן דערפון טאָג און נאַכט" (יהושע א', ח'). אָט דאָס זאָל זיין אַלס אַ זכר אויף דור דורות!

איז פון דעם צו פאַרשטיין, אַז ס'איז אַבסאָלוט ניט נייטיק אָנצוגעבן דעם מאָטיוו פון מתן־תורה, ווייל דער ענין פון קבלת התורה, איז ניט קיין ענין פון דער פאַרגאַנגענהייט. וואָרום די תורה מוז תמיד זיין ביי פאַר דיר ווי דו וואָלסט זי היינט געקראָגן פון באַרג סיני. נאָר דאָס איינציקס, מיט וואָס די תורה האָט געקענט פאַרבינדן דעם יום־טוב שבועות איז מיט דער פייערונג

פון „ביכורים", וואָס איז אייגנטלעך געפייערט געוואָרן אַלס אַ „יום הקהל" — אַ טאָג פון אַ גרויסער אייגזאַמלונג, וואָס סימבאָליזירט דעם טאָג פון מתן־תורה.

דעריבער זאָגט אָן די תורה: „איר זאָלט ברענגען אַ נייע מתנה" — נאָך די „ספירה טעג", זאָלט איר ברענגען אַ שפּייז־אָפּפער פון דער נייער תבואה אַלס אַ סימבאָל פון מתן תורה, כדי די תורה זאָל אויך בלייבן תמיד ניי, ווי איר וואָלט זי היינט געקראָגן אַלס אַ נייע מתנה פון באַרג סיני.

לערנען מיר פון דעם אַרויס, אַז אַ ייד דאַרף ניט אָפּקומען בלויז מיטן פייערן דעם טאָג פון מתן־תורה, ווי אַ זאַך וואָס איז געשען, נאָר ער זאָל די תורה האַלטן טייער און הייליק און זיך עוסק זיין אין איר טאָג־טעגלעך, ווי ער וואָלט זי היינט געקראָגן פון באַרג סיני אַלס אַ נייע מתנה.

# קאַפּיטל 26

„ווען ניט הילול שבת און קילקול הדין, וואָלט ירושלים ניט חרוב געוואָרן.

(לא חרבה ירושלים, אלא בשביל שחללו את השבת.—שבת קי״ט)

(לא חרבה ירושלים, אלא על ידי קילקול הדין. — שמעוני תתרפ״ה)

# טרויער, טרייסט און האָפענונג

א.—תשעה באב. ב.—תעניתים. ג.—דער חודש מנחם אב.

— א —

## תשעה באב — דער נאַציאָנאַלער טרויער-טאָג

אין דעם דאָזיקן טאָג זיצן יידן אויף דער ערד איינגעבויגן און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און זיי זאָגן מיט אַן אומעטיק האַרצרייסנדיקן ניגון די אַלטע קלאָגלידער פון „איכה״.

די דאָזיקע קלאָגלידער זיינען פאַרפאַסט געוואָרן נאָך חורבן פון ירושלים און דעם בית־המקדש, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 586 (פאַר דער קריסטלעכער ערא). (ס'איז פאַראַן חלוקי דעות, צי די גאַנצע מגילה איכה איז פאַרפאַסט געוואָרן פון ירמיה הנביא, צי ניט. רש״י ז״ל איז מפרש, אַז דער נביא ירמיה האָט פאַרפאַסט די גאַנצע מגילה איכה, דער אבן עזרא האַלט, אַז בלויז דעם פּרק „אני הגבר״ האָט ירמיה פאַרפאַסט און די אַנדערע פּרקים זיינען געשריבן פון אַן אַנדער נביא, וואָס האָט אויך באַקלאָגט דעם חורבן). נבוכדנאצר, דער מלך פון בבל, האָט דעמאָלט חרוב געמאַכט ירושלים, פאַרברענט דעם בית המקדש און געמאַכט אַ סוף צו דער יידישער מלוכה אין

ארץ־ישראל. מיט 656 יאָר שפּעטער (אין יאָר 70 נאָך דער קריסטלעכער ערא), האָבן די אייגענע זאַך געטאָן די רוימישע לעגיאָנען אונטער טיטוסעס קאָמאַנדע. זיי האָבן פאַרברענט דעם בית המקדש און קוים געלאָזן סימנים פון ירושלים, אַז דאָרט איז אַמאָל אַ שטאָט געווען.

אָט די צוויי גרויסע קאַטאַסטראָפעס אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, זיינען באמת ביידע ניט פאָרגעקומען גענוי דעם ניינטן טאָג אין חודש אָב. דער ערשטער בית המקדש איז, לויט איין שטעל אין תנ"ך, פאַרברענט געוואָרן דעם זיבעטן טאָג אין אָב און לויט אַ צווייטן שטעל איז דאָס פאָרגעקומען דעם צענטן טאָג אין אָב (זע מלכים ב', כ"ה; ירמיה נ"ב, י"ב) — אויך דער צווייטער בית המקדש האָט אָפּגעברענט דעם צענטן טאָג אין אָב (ירושלמי מגילה, פרק א').

דאָך אָבער איז דער טרויער־טאָג באַשטימט געוואָרן אויף תשעה באָב, ווייל מיט דעם דאָזיקן טאָג זיינען, לויט דער טראַדיציע פון תלמוד, פאַרבונדן טרויעריקע געשעענישן אין דעם יידישן לעבן, קורץ נאָכן צווייטן חורבן פון ירושלים. אין דער צייט פון בר־כוכבאס אויפשטאַנד, דעם ניינטן טאָג אין אָב איז געפאַלן ביתר, בר כוכבאס לעצטע פעסטונג. און אַ יאָר שפּעטער איז אין דעם טאָג ירושלים דורכגעאַקערט געוואָרן. און דער רוימישער קיסר האַדריאַן, אָדער אַדריאַנוס, ווי די יידן האָבן אים גערופן, האָט אויף דעם אָרט געלאָזט אויפבויען אַ נייע גריכיש־רוימישע שטאָט מיטן נאָמען איליאַס קאַפּיטאָלאַני, מיט טעמפּלען און סטאַטועס פון די גריכיש־רוימישע געטער.

ס'איז פאַראַן אַ צווייטע סברא, וואָס זאָגט, אַז תשעה באָב אַלס אַ טרויער־טאָג איז עלטער ניט בלויז פון חורבן ביתר און דעם צווייטן חורבן פון ירושלים, נאָר ער איז עלטער אַפילו אויך פון דעם ערשטן חורבן פון ירושלים. אַז דער דאָזיקער טאָג איז געווען אַ תענית פאַרן צווייטן חורבן, קען מען זען פון דער דערינערונג פון רבי אלעזר ברבי צדוק, אין תענית י"ב, א', וואָס דערציילט דאָרט: — „פעם אחת חל תשעה באָב להיות בשבת ודחינוהו לאחר השבת" — „אַז ס'איז אַמאָל אויסגעפאַלן תשעה באָב שבת און מ'האָט עס אָפּגעלייגט אויף נאָך שבת". און דער דאָזיקער תנא איז געווען אַ סוחר אין ירושלים נאָך מיט 70 יאָר פריער פאַרן חורבן בית שני. (זע דור דור ודורשיו, חלק ב', ע' 121).

משמעות אַז תשעה באב איז געווען אַ אור־אַלטע נאַטור פייערונג, אַ פאָלקס יום־טוב, נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ תענית דעם ניינטן טאָג אין חודש אָב און נאָכדעם איז געפייערט געוואָרן ביז דעם פופצנטן טאָג אין אָב (חמשה עשר באב). ערשט שפּעטער, אין דער צייט פון גלות בבל איז תשעה באָב פאַרקניפּט געוואָרן מיט אַ היסטאָרישער געשעעניש, מיטן חורבן פון בית המקדש.

און אויף אַזאַ אופן איז דער נײַנטער טאָג אין אָב באַשטימט געוואָרן פאַר דעם טרויער־טאָג אויף די גרויסע נאַציאָנאַלע אומגליקן, אויך אויף די אומגליקן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אַ טאָג פריער אָדער שפּעטער. די בעלי אגדתא האָבן דערקלערט, אַז שוין אין די אוראַלטע צײַטן פון דער יידישער געשיכטע האָט ג־ט באַשטימט, אַז דאָס זאָל זײַן פאַר יידן אַ טאָג פון צרות און גזירות. לויטן מדרש איז עס געווען די נאַכט פון תשעה באָב, ווען די יידן האָבן, אין דער מדבר־צײַט, זיך צעוויינט איבער דעם שלעכטן קלאַנג, וואָס די מרגלים האָבן אַרויסגעלאָזן אויף ארץ־ישראל. האָט ג־ט געזאָגט צו זיי: איר האָט געוויינט פאַר מיר אומזיסט, וועל איך דערפאַר מאַכן, אַז דאָס זאָל זײַן אַ „בכיה לדורות", אַ געוויין אין אַלע שפּעטערע צײַטן. פון יענער שעה אָן איז נגזר געוואָרן, אַז דער בית המקדש זאָל חרוב ווערן און יידן זאָלן פאַרטריבן ווערן צווישן די אומות.

ס'איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס יעדע צרה, וואָס איז בײַ יידן פאָר־געקומען תשעה באָב, האָט אין יידישן געדאַנק זיך פאַרבונדן מיט דער אומ־גליקלעכקייט און צרהדיקייט פון דעם דאָזיקן טאָג. גראָד איז אויך דער גירוש אויף די יידן אין שפּאַניע פאָרגעקומען אין דעם נײַנטן טאָג פון אָב. אויך אין אונדזער צײַט האָבן יידן פאַרבונדן מיט תשעה באָב אַ גרויסן אומ־גליק אין יידישן לעבן. אין אָט דעם טאָג האָט רוסלאַנד דערקלערט מאָבי־ליזאַציע אין יאָר 1914, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט־מלחמה, וועלכע האָט, אַ יאָר שפּעטער געפירט צו אַ שרעקלעכן גירוש אויף יידן אין די רו־סישע גרענעץ־געגנטן און בכלל צו אַ גרויסן חורבן אין דעם יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

— ב —

## דער כוח פון אַ נאַציאָנאַלן תענית

כידוע, נאָך גאָר אין די אַלטע צײַטן, ווען די יידן האָבן נאָך געהאַט זייער אייגענע מלוכה אין ארץ ישראל, איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך אויסצורופן אַ תענית אין אַ צײַט פון נויט. אָט ווען ס'האָט ניט גערעגנט און ס'איז געווען אַ סכנה פון הונגער; אַ היישעריק איז אָנגעפאַלן אויף גרינע ביימער און אויף די זאַנגען אין פעלד; אַ מגפה איז אויסגעבראָכן — האָט דער כוהן דעמאָלט געבלאָזן שופר און אויסגערופן אַ פאַסט־טאָג. מ'האָט אין אַזאַ טאָג געמאַר־שירט אין אַ קלאָג־פּראָצעסיע צום הייליקטום, און געשריען און תפילה גע־טאָן צו ג־ט, ער זאָל ווערן לייטזעליק צו זײַן פאָלק און אים העלפן אין זײַן צרה (ירמיה לו, ט'; יואל א', ב').

אַזעלכע תעניתים זיינען געווען צופעליקע. אָבער באַשטימטע פאַסט־און טרויער־טעג פון יאָר צו טאָג, זיינען אויפגעקומען ביי יידן פון גלות בבל אָן. איין תענית אַזאַ האָט מען דעמאָלט גערופן „דער פאַסט־טאָג פון פינפטן חודש" (צום החמישי). דאָס איז תשעה באָב, ווען מ'האָט געפאַסט און געטרויערט אויפן חורבן פון ירושלים און פון בית המקדש. אַ חוץ דעם תענית פון פינפטן חודש, זיינען דעמאָלט אויפגעקומען נאָך דריי תעניתים: דער פאַסט טאָג פון פערטן חודש (צום הרביעי), דער פאַסט טאָג פון זיבעטן חודש (צום השביעי) און דער פאַסט־טאָג פון צענטן חודש (צום העשירי). דאָס זיינען אַלץ געווען טרויער־טעג פאַרבונדן מיט די געשעענישן פון דעם חורבן. אין דעם צענטן טאָג פון דעם חודש, טבת, האָט זיך אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פון ירושלים, און דער דאָזיקער טאָג איז געבליבן עד היום אַ תענית (עשרה בטבת). אין דעם זיבעטן טאָג פון פערטן חודש, תמוז, איז אויפגעבראָכן געוואָרן דער מויער פון ירושלים, און די כשדים זיינען אַריין אין שטאָט. אָבער נאָך דעם צווייטן חורבן איז דאָזיקער תענית באַשטימט געוואָרן אויף דעם זיבעצענטן טאָג פון דעם חודש, ווייל אין דעם דאָזיקן טאָג האָט מען איבער דער נויט פון דער באַלאַגערונג דורך די רוימער אויפגעהערט צו מקריב זיין דעם קרבן תמיד, דעם טעגלעכן קרבן, אין צווייטן בית המקדש. דער פאַסט־טאָג פון זיבעטן חודש איז געווען אַ טרויער טאָג אויף דעם טויט פון גדליה בן אחיקם (צום גדליה).

נאָכן גלות בבל זיינען די דאָזיקע תעניתים געוואָרן אַ פּראָבלעם. ס'איז דעמאָלט אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער בית המקדש, אָבער די יידישע מלוכה איז צוריק ניט אויפגעשטעלט געוואָרן. אין ירושלים איז געזעסן אַ פערסישער גובערנאַטאָר, און די יידישע לאַגע איז געווען אַ געדריקטע. אויך דער נייער בית המקדש איז געווען קליין און אָרעם אין פאַרגלייך מיט שלמהס בית המקדש, וועלכן די כשדים האָבן צעשטערט. האָבן יידן דערפאַר גע־קלערט, צו מ'זאָל יאָ אָדער ניט היטן ווייטער די תעניתים אויפן חורבן פון ירושלים.

די דאָזיקע פראַגע וועגן די תעניתים איז אַרויפגעשוווּמען, ווען מ'האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן בויען דעם בית־המקדש. לויט ווי ס'ווערט דערציילט אין ספר זכריה ז'־ח', ענטפערט אויף דער פראַגע דער נביא (ס'איז דאַן גע־קומען אין ירושלים אַ דעלעגאַציע פרעגן ביי די כוהנים און די נביאים, צו מ'זאָל נאָך היטן דעם טרויער טאָג פון דעם פינפטן חודש), אַז פאַסטן האָט ניט צו טאָן מיט ג־ט, אַז ניט מענטשן עסן פאַר ג־ט און ניט זיי פאַסטן פאַר ג־ט.ביידע זאַכן זיינען ניט מער ווי אַן אינערלעכע, מענטשלעכע באַדער־פעניש. און בכלל פאָדערט ניט ג־ט פון מענטשן, אַז זיי זאָלן יאָ עסן

אָדער ניט עסן. נאָר ער פאָדערט גאָר פון זיי, אַז זיי זאָלן פּראַקטיצירן רעכט און יושר, גוטסקייט און רחמנות און אַז זיי זאָלן ניט אונטערדריקן און באַ־ראַבעווען די אָרעמע און געדריקטע. און זכריה פירט אויס אין זיין ענטפער, אַז די צייט פון פאַסטן וועט באַלד אינגאַנצן זיין אַריבער, און די תעניתים פון דעם פערטן, דעם פינפטן, דעם זיבעטן און דעם צענטן חודש וועלן פאַר־וואַנדלט ווערן אין טעג פון פרייד.

אָבער, ווי ס'ווייזט אויס האָבן די יידן שטרענג ווייטער געהיט די תעניתים, וועלכע זיינען איינגעפירט געוואָרן נאָכן ערשטן חורבן. ס'ווערט דערציילט אין מגילה ח׳: אַז רבי יהודה הנשיא, האָט איינמאָל געוואָלט אָפּשאַפן תשעה באָב. ער האָט געלעבט אין דעם דור נאָך בר כוכבאס אויפשטאַנד, האָט ער געוואָלט איינשטעלן בעסערע באַציונגען צווישן די יידן און די רוימער. ער האָט דעריבער געוואָלט איינפירן אַ רעפאָרם, אַז מ'זאָל מער ניט טרויערן תשעה באָב, ווייל דער דאָזיקער טרויער האָט אַרויסגערופן שנאה ביי יידן צו דער רוימישער מלוכה. פּאַסירט האָט דאָס איינמאָל, ווען תשעה באב איז אויסגעפאַלן שבת. האָט רבי יהודה געזאָגט, אַז וויבאַלד מ'מוז סיי ווי סיי מדחה זיין דעם תענית, זאָל מען אים שוין אינגאַנצן מער ניט האַלטן. אָבער דאָס האָט זיך רבין ניט איינגעגעבן, ווייל אַלע חברים זיינע זיינען געווען קעגן דעם. דאָס פאָלק האָט פשוט ניט געלאָזט אָפּשאַפן צוליב פּאָליטיק דעם נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג אויף דעם חורבן פון ירושלים.

משמעות, אַז רבי יהודה הנשיא האָט אויך געקוקט אויף פורים קרום; ווייל אויך די מעשה פון מגילת אסתר שאַפט ניט קיין שטימונג פון פריינט־שאַפט צווישן יידן און נישט־יידן (זע, דור דור ודורשיו, חלק שני 180).

דאָס שטעלט פעסט, וואָס אַ פאָלק פירט איין, קען קיין דין נישט ענדערן. — אַ מנהג איז שטאַרקער פון דין.

— ג —

## דער חודש „מנחם אב"

דער שבת פאַר תשעה באָב הייסט „שבת חזון", און דער שבת נאָך תשעה באָב הייסט, „שבת נחמו". מ'רופט אַזוי די צוויי שבתים נאָך די הפטורהס זייערע.

דעם שבת פאַר תשעה באב לייענט מען אין שול פאַר אַ הפטרה דעם ערשטן קאַפּיטל פון ישעיה, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „חזון ישעיה בן אמוץ" (די נבואה פון ישעיה דעם זון פון אמוץ), די שטראָף־רייד פונדעם נביא ישעיה מיטן ניגון פון „איכה" (אַ טרויעריקן ניגון).

אָבער בלויז מיט טרויערן אויף די חורבנות פון דער פאַרגאַנגענהייט קאָן אַ פאָלק ניט עקזיסטירן. ס'מוז אויך האָבן אַ האָפענונג אויף אַ בעסערער און גליקלעכער צוקונפט. דערפאַר גלויבט מען, אַז אין דעם טאָג פון חורבן איז משיח געבאָרן געוואָרן. מ'רופט צוליב דעם חודש אָב „מנחם אָב", ווייל „מנחם" איז דער טייטש אַ טרייסטער. און ס'איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז „מנחם" איז אויך משיחס נאָמען (דער מדרש איכה פרק א', שטיצט זיך אויף דעם פסוק, „כי רחק ממני מנחם משוב נפשי", אַז דאָס גייט אַרויף אויף משיחן).

אַזוי אַרום, איז דער טרויער אויפן חורבן שטענדיק ענג פאַרבונדן אין דעם יידישן געדאַנק מיט דער האָפענונג אויף דער גאולה. דערפאַר קומט באַלד נאָך תשעה באב „שבת נחמו", אַ שבת פון טרייסט, ווען מ'לייענט פאַר אַ הפטרה דעם פערציקסטן קאַפּיטל פון דעם ספר ישעיה, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „נחמו, נחמו עמי" (טרייסט, טרייסט מיין פאָלק). שבת נחמו ווערט גערופן איינער פון די שענסטע און דערהויבנסטע דיכטונגען און נביאות, וואָס מיר האָבן און דער נביאים ליטעראַטור.

אָט די דאָזיקע נביאות פון דעם גרויסן נביא, זיינען ניט געבליבן אַלס אַ באַזונדערע זאַך צווישן די ביכער פון די נביאים, נאָר זיי זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צום דעם נבואה־ספר פון ישעיהו בן אמוץ. לויט געוויסע מפרשים, ווי דער בעל „עקידה", שד"ל, רד"ק און אַנדערע, געהערט די דאָזיקע די נבואה פון קאַפּיטל מ' ביז ענדע ספר, צום נביא ישעיהו בן אמוץ. (דער אויסדרוק „למשיחו לכורש", מיינט ניט משיח ממש, נאָר אַן ענין פון גרויסקייט דערהויבנקייט צו מאַכט).

מאַנכע היסטאָריקער האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז די דאָזיקע טרייסטווערטער באַלאַנגען ניט צום נביא פון „ויצא חוטר מגזע ישי" (און אַ ריטל וועט אַרויסגיין פון דעם שטאַם פון ישי), וואָס דאָס מיינט — פון דודס הויז וועט אַרויסקומען משיח, בעת ביי דעם נביא פון „נחמו, נחמו עמי", איז שוין כורש געקרוינט מיטן נאָמען משיח, ווילן זיי מיט דעם זאָגן, אַז דער נביא, וואָס האָט געשאַפן אַזעלכע מעלאָדישע לידער, האָט גאָר געלעבט אין די לעצטע יאָרן פון גלות בבל, ווען די באַבילאָנישע הערשאַפט האָט געהאַלטן ביים פאַלן. ווי געוויינלעך, האָבן אַ סך יידן דעמאָלט זיך געפרייט, וואָס בבל וועט באַלד פאַלן און פון דעם קראַך־אירן וועט ציטערן די ערד און אַ געשריי וועט זיך זיך הערן צווישן אַלע פעלקער. ווי דער נביא ירמיה, האָט עס פאָרויסגעזען: „גאלם חזק והוא יריב ריבם" — „זייער אויסלייזער איז שטאַרק, קריגן וועט ער קריגן זייער קריג". ד"מ — ער וועט אומברענגען בבל און די פאַרטריבענע וועלן פריי זיין. — „ולמען הרגיע את הארץ והרגיז ליושבי בבל" — כדי בו באַרואיקן די ערד און מאַכן ציטערן די

באַווינער פון בבל״. אַט דורך דעם וואָס בבל וועט פאַלן, וועט זיין מנוחה אויף דער וועלט (נ׳ ל״ד).

משמעות, האָבן פיל יידן זיך ניט גערעכט אויף פיל גוטס פון דעם אונטער־גאַנג פון בבל, אין דעם נצחון פון אַ פרעמדן מלך. זיי האָבן געגלויבט, אַז די גאולה מוז קומען פון אַ יידישן הערשער פון דודס הויז, וועלכער וועט צוריק אויפשטעלן די אונטערגעגאַנגענע יידישע מלוכה, וואָס דוד האָט געגרינדעט.

איז דאַן געקומען דער גרויסער נביא ישעיה און זיי געטרייסט און פאַר־אויסגעזאָגט פון אַ נייער גליקלעכער צייט:

— דער סוף פון גלות איז געקומען —

טרייסט, טרייסט מיין פאָלק,
זאָגט אייער ג־ט — — — — — —
רעדט צום האַרצן פון ירושלים — :א
און רופט צו איר — — — — — —
אַז זי האָט געענדיקט איר דינסט
אַז ס׳איז באַצאָלט איר שולד —
אַז זי האָט באַקומען פון ג־טס
האַנט — — — — — — — —
טאָפלט פאַר אַלע אירע זינד — —

נחמו, נחמו, עמי, יאמר אלוהיכם.
דברו על לב ירושלים
וקראו אליה.
כי מלאה צבאה,
כי נרצה עוונה.

כי לקחה מיד ד׳
כפלים בכל חטאתיה.
(פרק מ׳)

— די גאולה שטייט נאָענט —

יח) איר זאָלט ניט דערמאָנען דאָס
פריערדיקע — — — — — — —
באַטראַכט ניט דאָס אַמאָליקע —
יט) אָט טו איך אַ נייס — — — — —
אַ צונד שפּראָצט עס — — — —
דערקענט איר עס ניט? — —
יאָ, איך וועל מאַכן אין מדבר
אַ וועג — — — — — — —
און אין דער וויסטעניש טייכן —

אל תזכרו ראשונות,
וקדמוניות אל תתבוננו.
הנה עושה חדשה
עתה תצמח,
הלוא תדעוה?

אף אשים במדבר דרך,
בישמון נהרות.
(פרק מ״ג)

# דאָס ליכט פון וויטן

— כורש איז נושיח (דער געזאַלבטער קעניג) —

| | |
|---|---|
| א) אַזוי האָט געזאָגט ג־ט — — — — | כ"ה אמר ד' |
| צו זיין געזאַלבטן, צו כורשן — | למשיחו לכורש |
| וואָס איך האַלט זיין רעכטע האַנט, | אשר החזקתי בימינו, |
| צי אונטערטעניקן פאַר אים | לרד־לפניו גויים. |
| פעלקער — — — — — — — | |
| און מאַכן לויז די לענדן פון מלכים; | ומתני מלכים אפתח, |
| צו עפענען פאַר אים טירן, — — | לפתח לפניו דלתים, |
| און טויערן זאָלן ניט פאַרשלאָסן | ושערים לא יסגרו. |
| זיין: — — — — — — — — | |
| ב) איך וועל גיין דיר פאָרויס, — — | אני לפניך אלך, |
| און קרומע ערטער וועל איך | |
| אויסגלייכן; — — — — — — — | והדורים אָושר |
| קופּערנע טירן וועל איך צעברעכן, | ובריחי ברזל אגדע, |
| און אייזערנע ריגלען וועל איך | |
| צעהאַקן — — — — — — — — | דלתות נחושה אשבר. |
| ד) פון וועגן דעם קנעכט מיינעם | |
| יעקב — — — — — — — — — | למען עבדי יעקב, |
| און צוליב ישראל מיין | |
| אויסדערוויילטן — — — — — — | וישראל בחירי, |
| האָב איך דיך גערופן ביי דיין | ואקרא לך במשך, |
| נאָמען — — — — — — — — | |
| דיך באַטיטלט, הגם דו האָסט מיך | |
| ניט געקענט — — — — — — — | אכנך ולא ידעתני. |

(פרק מ"ה)

הגם די דאָזיקע האָפענונגען פון דעם גרויסן, טרייסטנדיקן נביא זיינען, מיט דער דעראָבערונג פון בבל דורך כורשן, אינגאַנצן ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אמת, די פערסישע מלוכה האָט דערלויבט די פאַרטריבענע יידן אין בבל זיך אומקערן צוריק אין זייער אַלטער היים. אָבער אַ גאַנץ קליינע צאָל פון זיי האָט זיך מיט דער דערלויבעניש באַנוצט. ס'איז באמת טאַקע אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער בית המקדש, און אַ ביסל שפּעטער, אויך אַ נייע ירושלים. אָבער די יידישע געמיינדע אין יהודה איז געווען קליין און אָרעם, אָן וועלכן שפּור פון די גרויסע האָפענונגען, וואָס דער נביא פון „נחמו נחמו עמי" האָט געלייגט אויף דער הערשאַפט פון די פערסיער. דאָך האָבן די דאָזיקע האָפענונגען ניט אויפגעהערט טליען און די יידישע הערצער, ביז היינטיקן טאָג נאָך איז דער „שבת נחמו" — דער שבת פון טרייסט.

און די דאָזיקע טרייסט־ווערטער האָבן אונדז אויפגעהאַלטן און גע־שטאַרקט די האָפענונג, אַז מיר וועלן האָבן ניט בלויז אַ רעכט צו וווינען אין דעם לאַנד און זיך אויסלעבן קולטורעל, נאָר אויך זיך דערווערבן אַן אייגענע מלוכה, אָנערקענט פון די גרויס־מאַכטן.

און ב"ה, נאָך אַ משך פון העכער צוויי טויזנט יאָר, איז די דאָזיקע וויזיע פון „נחמו נחמו עמי" געקומען צו איר פאַרווירקלעכונג. אונדזער דור האָט זוכה געווען צו זען דעם אויפקום פון אַן אייגענער מדינה, אַלס אתחלתא דגאולה, אין אונדזער אַלטער היים — ארץ ישראל. און ס'לאָזט זיך אויך שוין הערן, ב"ה, דער לויב פון די אומות העולם: „מה טובו אהליך, יעקב, משכנותיך, „ישראל" — ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב, דיינע וווינונ־גען, ישראל! וואָס דאָס מיינט לויטן מפרש „ספורנו": „דו, יידיש פאָלק, צייכנסט זיך אויס הערלעך לגבי דיינע אַרומיקע פעלקער, בנוגע בנין וישוב הארץ און דערגרייכסט באמת צו דער העכסטער מדרגה, אויף די געביטן פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און קולטורעלער דערהויבונג. איז צו האָפן, בע"ה, אַז אַלע גרויס־מאַכטן וועלן דיך אָנערקענען אַלס אַן עם חכם ונבון, וואָס וועט במהרה דערפירן צו אַ גאולה שלימה"!

## קאַפּיטל 27

„ווען די נשמה דאַרף זיך געזעגענען מיטן גוף, איז דער גרעסטער יום הדין".

(יום הדין הגדול שהנשמה מתפרדת מן הגוף.—זוהר בראשית צ"ח).

„דער טאָג פון פאַרגעבונג וועט קיינמאָל ניט בטל ווערן".

(יום הכפּורים לא יבטל לעולם.—ילקוט משלי תתקמ"ד).

# ימים נוראים

א.—ראש־השנה אין גאַנג פון געשיכטע.

ב.—ראש־השנה — דער טאָג פון משפּט.

ג.—יום הכיפּורים — פאַרצייטן און היינט.

— א —

## ראש־השנה אין גאַנג פון געשיכטע

ס'איז פון גרויס וויכטיקייט פאַר יעטווידער ייד צו וויסן דעם באַדייט פון ראש־השנה. מיט וואָס, אייגנטלעך, איז ביי אונדז, יידן, דער ערשטער טאָג פון יאָר אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער.

ס'פאָדערט זיך, קודם כל, אַ דערקלערונג וועגן דעם נאָמען „ראש השנה". וואָרום, לויט די שטעלן פון חומש. ווו ס'ווערט אָנגעזאָגט: „אין זיבעטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, זאָל זיין ביי אייך אַ רואונג, אַ דערמאָנונג דורך שאַלונג, „אַ הייליקע צונויפרופונג" (ויקרא כ"ג, כ"ב): ווערט דאָרט דער

דאָזיקער יום־טוב באַצייכנט אַלס דער ערשטער טאָג פון זיבעטן חודש אָבער גאָר נישט ניי־יאָר — ראש־השנה.

דער נאָמען „ראש השנה" פאַר דעם דאָזיקן טאָג ווערט אינגאַנצן תנ"ך ניט דערמאָנט. דער אויסדרוק „ראש־השנה" ווערט באַנוצט אין תנ"ך נאָר איין מאָל, אָבער גאָר פאַר דעם צענטן טאָג אין תשרי. ווי ס'ווערט געזאָגט „בראש השנה, בעשור לחודש" (יחזקאל מ', א'). איז פון דעם גאָר צו זען, אַז דער צענטער טאָג אין תשרי, איז לכתחילה געווען דער טאָג פון אָנהויב יאָר. דאָס וואָס די בעלי התלמוד האָבן איינגעזען און געזוכט צו פאַרענטפערן (ראש־השנה כ"ב) — מיינט עס: אַז מ'האָט אַמאָל ראש השנה ניט געפייערט דעם ערשטן טאָג, נאָר דעם צענטן טאָג אין זיבעטן חודש, וואָס איז אויך געווען דער יום הכפורים.

נאָר דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו פייערן ראש השנה דעם ערשטן טאָג אין תשרי; און דער צענטער איז בלויז געווען פאַר יום־כפור. משמעות, דער נביא האָט עס באַצייכנט בכוונה, ווען מ'וועט זיך אומקערן אין לאַנד, זאָל מען באַנייען דאָס לאַנד אויף רעליגיעזע יסודות — אויף די יסודות פון טהרה וקדושה, אָט ווי עס אַנטהאַלט דער יום־הכפורים — דער טאָג פון פאַרגעבונג.

דערצו, לויטן חומש, פאַלט גאָר אויס ראש השנה אי זיבעטן חודש. טאָ ווי אַזוי קאָן זיך אָנהויבן דאָס יאָר אין זיבעטן חודש?

כדי עס צו פאַרשטיין, מוזן מיר די ערשטע זאַך זיך באַקענען מיטן יידישן לוח, מיט דעם אופן ווי יידן האָבן אין די אַמאָליקע צייטן גערעכנט דאָס יאָר און דעם חודש.

די קריסטלעכע פעלקער רעכענען דעם קאַלענדאַר זייערן אויסשליסלעך לויט דער זון. נישט נאָר דאָס יאָר, אויך די חדשים האָבן גאָר נישט צו טאָן מיט דעם גאַנג פון דער לבנה. פאַרקערט ווידער רעכענען די מאַכמעדאַנער ביידערלע, די חדשים און די יאָרן לויט דער לבנה. די פאָזיציע פון דער זון קימערט זיי גאָר נישט, זייער יאָר איז דערפאַר קירצער פאַר דעם קריסט־לעכן מיט אַן ערך עלף טעג (אַ לבנה יאָר האָט 354 טעג און אַ זון יאָר — 165). דער יידישער לוח איז געבויט אויף אַ פשרה. ער רעכנט אי נאָך דער זון, אי נאָך דער לבנה. די חדשים רעכנט ער נאָך דער לבנה (צוועלף חדשים פון 29½ טעג אַ חודש) און דאָס יאָר נאָך דער זון. כדי אָבער אויסצוגלייכן די עלף טעג האָט דער יידישער לוח אַן עיבור־יאָר פון אַ גאַנצן חודש. אַלע צוויי אָדער דריי יאָר (אין אַ ציקל פון 19 יאָר איז אַן עיבור דאָס דריטע, זעקסטע, אַכטע, עלפטע און פערצנטע יאָר) ווערט צוגעלייגט אַ דריי־צנטער חודש, אַ צווייטער „אדר".

און מיר מוז אָננעמען אַז דער יידישער לוח איז אַ גאַנץ אַלטער. והראיה: דער לעצטער שטרייט וועגן דעם יידישן לוח איז פאָרגעקומען מיט טויזנט

יאָר צוריק, אין אָנהויב צענטן יאָרהונדערט, צווישן ר׳ סעדיה גאון פון בבל און אהרון בן מאיר, אַ באַרימטער ראש־ישיבה אין ארץ־ישראל (ספר היובל, לכבוד נחום סוקולוב, תרס״ה).

אָבער די געשיכטע זיינע, ווי אַזוי ער האָט זיך אַנטוויקלט און ווי אַזוי ער איז מיט דער צייט פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז משמעות געגומען גע־וואָרן גאָר נאָך פון די עלטסטע צייטן: ווען יידן זיינען געווען וואַנדערנדיקע פאַסטוכער־שבטים אין מדבר, האָבן זיי ווי אַלע נאָמאַדישע פעלקער גערעכנט איינגאַנצן נאָך דער לבנה. נאָר שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און אָנגעהויבן פייערן די לאַנדווירטשאַפטלעכע סעזאָנען פון יאָר, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך רעכענען אויך מיט דער פּאָזיציע פון דער זון. אויף וואָס פאַר אַן אופן יידן האָבן דעמאָלט אויסגעגליכן דאָס לבנה־יאָר מיט דעם זון־יאָר, וויסן מיר ניט. ס׳קען זיין, אַז ס׳זיינען געווען צייטן, ווען זיי האָבן צוגעלייגט אַלע סוף יאָר אַ געוויסע צאָל טעג. מיט דער צייט אָבער איז על כל פנים אָנגענומען געוואָרן די אויסגלייכונג פון דעם לוח דורך צו לייגן אַלע צוויי־דריי יאָר אַ דרייצנטן חודש.

אין די גאָר אַלטע צייטן האָבן יידן שוין געהאַט באַשטימט דעם קאַלענ־דאַר: דער חודש און דאָס יאָר און ממילא אויך די דאַטומס פון די ימים־טובים. לויט אָבסערוואַציעס, לויט דעם עדות זאָגן פון מענטשן, אַז זיי האָבן געזען מיט די אויגן, ווי די לבנה האָט זיך באַוויזן, שפּעטער זיינען אויפגעקומען געוויסע אַסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען וועגן דעם לוח, און מ׳האָט איינגאַנצן אויפגעהערט אויסצוהערן עדות. דער יידישער לוח איז פאַרויס באַשטימט געוואָרן מיט יעדן פּרט. איז פון דעם צו זען, אַז דער יידישער לוח האָט אַ לאַנגע געשיכטע היגטער זיך, אַזוי איז אויך דאָס זעלבע מיטן יאָר־אָנהויב.

די געשיכטע ווידער דערציילט אונדז, אַז פאַרשיידענע פעלקער האָבן געפייערט ביי־יאָר אין פאַרשיידענע סעזאָנען. די באַבילאָנישער און פּערסיער, למשל, האָבן אָנגעהויבן דאָס יאָר מיטן פרילינג, די אַמאָליקע עגיפּטער — מיטן זומער (ווען די וואַסערן פון טייך נילוס הויבן אָן ווערן העכער); די אַמאָליקע רוימער — מיטן ווינטער (דער היינטיקער ניי־יאָר פון די קריסט־לעכע פעלקער) און די איינוווינער פון ארץ־ישראל — מיטן האַרבסט.

וואָס שייך דעם יאָר־אָנהויב ווערט אין תנ״ך איבערהויפּט גאָר נישט דערמאָנט. ס׳ווערט נאָר אָנגעזאָגט צו פייערן דעם יום־טוב פון האַרבסט, ווען דאָס יאָר ענדיקט זיך. ווי ס׳ווערט געזאָגט: „וחג האסיף בצאת השנה, באספך את מעשיך מן השדה״ (שמות כ״ג, ט״ז) — „דעם יום־טוב פון איינזאַמלונג ביים אויסלאָז פון יאָר, ווען דו זאַמלסט איין דיינע אַרבעט פון פעלד״.

איז דערפון צוזען, אַז יידן האָבן אָנגעהויבן דאָס יאָר מיטן האַרבסט, ווען ס'איז געווען אָפּגעטאָן די גאַנצע אַרבעט פון יאָר.

אָבער אין אַן אַנדער שטעל אין חומש זעען מיר, אַז דער ערשטער חודש אין יאָר זאָל זיין ניסן. ווי ס'ווערט געזאָגט: החודש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכם לחדשי השנה" (שמות י"ב, ב'). — האָבן טאַקע די יידן געציילט די חדשים, אָנהויבנדיק מיטן חודש פון פרי־יאָר. און פסח איז דעריבער דער ערשטער יום־טוב אין ריי פון די יידישע יום־טובים (ויקרא כ"ג). די געוויינלעכע דערקלערונג פאַר דעם איז: אַז אין די עלטערע צייטן האָבן יידן אָנגעהויבן דאָס יאָר מיטן האַרבסט, שפּעטער אָבער זיינען זיי באַאיינפלוסט געוואָרן פון די באַבילאָניער, וועלכע האָבן געפייערט ביי־יאָר אין פרילינג. און זיי האָבן אויך אָנגעהויבן דעם לוח מיטן פרי־יאָר. די רע־ליגיעזע צערעמאָניעס אָבער לכבוד דעם אָנהויב פון יאָר האָבן זיי, ווי פריער, געפּראַוועט אין האַרבסט. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז די פייערונגען לכבוד דעם אָנהויב פון יאָר זיינען אויסגעפאַלן אין זיבעטן חודש.

האַלטן דעריבער געוויסע היסטאָריקער, זינט יידן האָבן זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, האָבן זיי געהאַט פאַרשיידענע קרייזן און פאַרשיידענע צוועקן, צוויי יאָר־אָנהויב: איינעם אין האַרבסט און איינעם אין פרי־יאָר.

דאָס אייגענע ברענגט אונדז די משנה (ראש השנה פרק א') אַז דער ערשטער טאָג אין ניסן איז „ראש השנה למלכים ולרגלים" און דער ער־שטער טאָג אין תשרי איז „ראש השנה לשנים ולשמיטין וליובלות".

מיר ווייסן אָבער ניט קלאָר, וועלכער פון זיי איז דער רעליגיעזער און וועלכער דער בירגערלעכער ניי־יאָר.

לויט יאָזעפוס פלאַוויוס, איז דער רעליגיעזער ניי־יאָר ביי יידן אין ניסן און דער בירגערלעכער אין תשרי. (זע בוך 7, קאַפּ' ג', פּ', ג"). ביי די קאַראַאימען איז טאַקע ראש השנה דער ערשטן טאָג אין ניסן.

אַלנפאַלס איז פון דעם אַלעם משמע, בלויז, אַז יידן האָבן אָנגעהויבן דאָס יאָר אין האַרבסט, אָבער זיי האָבן דעמאָלט נישט געהאַט קיין ספּעציעלן ניי־יאָר מיטן נאָמען „ראש השנה". משמעות, אַז אַזאַ יום־טוב, מיט אַזאַ נאָמען איז אויפגעקומען ביי יידן גאָר שפּעטער, אַ לאַנגע צייט נאָכן גלות בבל. וואָרום אין חומש ווערט נאָר אָנגעזאָגט, אַז דער ערשטער טאָג פון זיבעטן חודש זאָל זיין אין בית המקדש, אָדער אין די בתי תפילה, אויף הייליקער פאַרזאַמלונג. אָבער אין יעדן חודש האָט מען דאָך אויך געבלאָזן אין טרו־מייטן, כדי דערמאָנט צו ווערן פאַר ג־ט. דער חילוק איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַלע ראש־חודש האָט מען געבלאָזן מיט אַ קורצן טאָן, בעת דעם ערשטן טאָג אין זיבעטן חודש האָט מען געבלאָזן מיט לאַנג אויסגעצויגענע אַ ליאַרם־טענער. ווי ס'ווערט געזאָגט: „וביום שמחתכם ובמועדיכם ובראשי חדשיכם ותקעתם בחצוצרות על עולותיכם ועל זבחי שלמיכם"

(במדבר י׳, ו׳). דעריבער איז נישט זיכער, וואָס פאַר אַ סאָרט יום־טוב דער ערשטער טאָג פון תשרי איז לכתחילה געווען. ס׳קאָן זיין, אַז ער איז שוין אין די עלטערע צייטן געווען אַ סאָרט ניי־יאָר, דער אָנהויב פון יאָר גערעכנט נאָך דער לבנה. ס׳קען אויך גריילעך זיין, אַז ער איז פריער געווען נישט מער ווי אַ ספּעציעלער ראש־חודש, דער הייליקסטער ראש־חודש פון יאָר, דער ראש־חודש פון דעם הייליקן זיבעטן חודש, פונקט ווי דער זיבעטער טאָג און דאָס זיבעטע יאָר.

אמת, ס׳איז קיין ספק ניט, אַז דער ערשטער טאָג אין תשרי איז געווען אַ יום־טוב. מ׳זעט עס נאָך אין עזראס צייטן. ווען עזרא לייענט פאַר די תורה אין ירושלים דעם ערשטן טאָג אין תשרי, און יידן צעוויינען זיך, זאָגט ער זיי, אַז זיי זאָלן ניט וויינען און טרויערן אין דעם דאָזיקן הייליקן טאָג, נאָר זיי זאָלן גיין אַ היים און מאַכן אַ יום־טובדיקע שמחה (נחמיה ח׳). אָבער וואָס פאַר אַ יום־טוב דאָס איז געווען, צו אַ ניי־יאָר יום־טוב אָדער ראש־חודש פון זיבעטן חודש, ווערט עס נישט געזאָגט.

ס׳איז נאָך מערקווירדיקער אַז נישט נאָר אין תנ״ך, אויך אין קיין שום יידישן ספר, וואָס שטאַמט פון דער צייט, ווען דער צווייטער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, ווערט דער ערשטער טאָג פון תשרי נישט באַצייכנט אַלס אַ יום־טוב פון ניי־יאָר. אַפילו ביי פילאָן אלכסנדרוני, איז דער ערשטער טאָג פון תשרי גאָר אַ סאָרט אַריינפיר צום חודש פון די ימים טובים. און ביי יאָזעפוסן איז דער ערשטער טאָג פון תשרי גאָר אַ ספּעציעלער ראש חודש (זע, זיין אַלט־יידישע געשיכטע).

דאָך מוז מען אָננעמען, אַז אַרום די צייטן פון צווייטן חורבן איז דער ערשטער טאָג פון תשרי שוין געפייערט געוואָרן אַלס ניי־יאָר. וואָרום, אין דער ליטעראַטור פון די תנאים, ווי משנה, תוספתא, ברייתות און געוויסע מדרשים, וואָס שטאַמען פון דער צייט באַלד נאָכן חורבן, הייסט שוין דער דאָזיקער טאָג „ראש השנה״. אין יענער צייט האַלט שוין אויך ביים אָנגענומען ווערן דער גלויבן, אַז ראש השנה איז דער טאָג, ווען אַלע ווערן געמשפּט אין הימל און ס׳ווערט באַשטימט דער גורל פון יעדן איינעם. ווי ס׳דריקט זיך אויס רבי יהודה בן אלעאי, „ראש השנה הוא יום הדין״, נישט ווי ר׳ אסי וואָס זאָגט, אַז „אדם נידון בכל יום״ — אַ מענטש ווערט געמשפּט יעדן טאָג, אָדער ווי ר׳ יוחנן זאָגט: „אדם נידון בכל שעה״ — אַ מענטש ווערט געמשפּט יעטווידער שעה. (אויך לויט די, וואָס זאָגן אַז דער מענטש ווערט געמשפּט יעדן טאָג, אָדער יעטווידער שעה, ווערט דערנאָך צוגעשטעלט דער גאַנצער חשבון פון אַלע זיינע משפּטים במשך פון יאָר, צום שלוס געריכט — צום משפּט פון ראש השנה).

אַזוי אַרום, אַ דור אָדער צוויי דורות נאָכן צווייטן חורבן האָט ראש השנה געהאַט אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן זיינע, וועלכע ער טראָגט היינט.

שוין דעמאָלט איז דער דאַוונען געוועזן אַ לענגערער, מיט תפלות פון „מלכות, זכרונות, שופרות" און מיט אַ באַזונדערן בעל תפילה פאַר „שחרית" און „מוסף". שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך תפילות און אויך „פּיוט", און נאָך רייכער און איינדרוקספולער איז געוואָרן דער ראש השנהדיקער דאַוונען.

אָבער פון אַלע ראש השנהדיקע תפילות און פּיוטים איז די פּאָפּולערסטע די תפילה „ונתנה תוקף".

אָט די פּאָעטישע תפלה דריקט אויס שאַרפער און בילדלעכער, ווי אַלע תפילות, דעם כאַראַקטער פון ראש השנה אַלס טאָג פון ג־טס משפט איבער דער וועלט. דער מאָמענט, ווען מ'זאָגט אין שול „ונתנה תוקף" איז דערפאַר דער ערנסטער אין גאַנצן ראש השנהדיקן דאַוונען.

— ב —

## ראש השנה — דער יום הדין

ראש השנה איז אַ יום־טוב, וואָס האָט ניט קיין פאַרבינדונג ניט מיט דעם נאַטירלעכן און אויך ניט מיט קיין נאַציאָנאַלער געשעעניש. ער איז נאָר פאַרבונדן מיט דעם לעבן פון דעם יחיד, מיט זיין מאָראַלישן געוויסן און מיט זיינע געפילן, הן בנוגע בין אדם לחברו והן בין אדם למקום.

לויט ווי די תורה האָט אונדז באַפוילן, איז עס „אַ טאָג פון שאַלונג" — אַ דערוועקונג צו תשובה זאָל ער זיין ביי אייך!

דאָס איז אייגנטלעך דער עיקר מצוה פון ראש השנה. און דער סדר פון שופר בלאָזן דאַרף זיין תשר"ת, תש"ת און תר"ת (תקיעה, שברים — תרועה, תקיעה; תקיעה, שברים, תקיעה; תקיעה, תרועה, תקיעה); בס"ה דאַרף דער שופר אַרויסברענגען דרייסיק קולות — פון יאָמער און קלאָג, דערוועקן אין אונדז געפיל פון חרטה אויף געוויסע מעשים, וואָס מ'איז באַגאַנגען און דערפירט צו תשובה — צו קערן זיך צו מעשים טובים.

דערפאַר שטייט דער ייד מוכן וזומן מקיים צו זיין די מצוה פון צו הערן תקיעת שופר אין דעם הייליקן טאָג, כדי דורך די תקיעות זאָל דער מדת הדין פאַרביטן ווערן אויף מדת הרחמים און מדת החסד. ד"ה — מיר זאָלן ניט געמשפּט ווערן לויט אונדזערע בייזע מעשים, נאָרמיט גרויס חסד און רחמנות. ווי ס'ווערט געזאָגט פאַר תקיעת שופר: „קולי שמעת, אל תעלם אזנך לרוחתי לשועתי" — דו פלעגסט אַלע צייטן מיין שטים צו הערן, פאַרבאַרג ניט דיינע אויערן צו מיין דערברייטונג און צו מיין געשריי" — די באַווילונג פון מיין מויל. ג'־ב"ה, נעם אָן אין לערן מיך דיין געריכט. — און אָנשרייבן אונדז צו גוטן אין דעם נייעם יאָר, וואָס ס'קומט אויף אונדז און אויף כל ישראל צו פרנסה, צו ברכה און הצלחה!

# דאָס ליכט פון וויסן

דער רמב"ם ברענגט אין הלכות תשובה (פ"ג, ה"ד): כאָטש תקיעת שופר בראש השנה איז אַ מצוה פון דער תורה, איז אָבער אין דער דאָזיקער מצוה פאַראַן אַ געוויסער רמז, פון: „עורו ישנים משנתכם ונרדמים הקיצו מתרדתכם וחפשו במעשיכם וחזרו בתשובה וזכרו בוראכם" — "דערוואַכט, איר פאַר־שלאָפענע פון אייער שלאָף, כאַפּט זיך אויף פון אייער דרימל, קאָנטראָלירט אייערע מעשים, טוט תשובה און געדענקט אייער באַשעפער!"

מיט דעם איז דער רמב"ם אויסן צוזאָגן, אַז די מצוה פון תקיעת שופר, דינט אונדז אַלס אַ מליץ יושר אין דעם טאָג פון משפט. ווי רבינו סעדיה גאון דריקט זיך אויס צווישן די טעמים פון תקיעת שופר, אַז דאָס בלאָזן שופר צעברעכט אונדזער געמיט און דערוועקט אַ געפיל פון חרטה און תשובה ביי יעטוועדער יחיד. ווי ס'ווערט געזאָגט: „אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו"? — ווען מ'זאָל בלאָזן שופר אין אַ שטאָט, וועט דען אַ פאָלק ניט אויפציטערן"? — ד"ה: ס'דערוועקט זיך תיכף אַ געפיל פון „סור מרע ועשה טוב" — קערן זיך צו מעשים טובים, וואָס זיינען פאַר אים אַ מליץ יושר.

ומהאי טעמא, איז דער העכסטער און ערנסטער מאָמענט פון אַלע תפילות, וואָס די חכמים האָבן מתקן געווען צו זאָגן בראש השנה: „אין דעם טאָג ווערט דערהויבן דיין קיניגרייך און דיין טראָן ווערט אָנגעברייט מיט חסד, און ביסט אַליין אַן עדות; און דו שרייבסט אַליין און טוסט אַליין חתמענען; און דו געדענקסט אַלץ וואָס ווערט פאַרגעסן; און דו עפנסט דעם ספר הזכרונות, און פון זיך אַליין ווערט עס געלייענט, און די חתימה פון איטלעכן מענטשן איז אין אים. און מ'בלאָזט מיט אַ גרויסן שופר (אין הימל); און ס'הערט זיך אַ שטיל קול (פון ג־ט) און מלאכים איילן זיך. און אַ שרעקעניש און אַ ציי־טערניש נעמט אָן, און זיי זאָגן: דאָס איז דער יום־הדין, צו משפטן דעם חיל פון הימל מיט דין. וואָרום זיי וועלן ניט גערעכט בלייבן אין דיינע אויגן מיט דין, און אַלע וואָס קומען אויף דער וועלט טוען פאַרבייגיין פאַרביי דיר ווי יונגע שאָף ווי דער פּאַסטוך זיין סטאַדע, טוט דורכטרייבן זיינע שאָף אונטער זיין רוט, אַזוי לאָזטו פאַרבייפירן, און דו ציילסט און מושטורסט און רעכנסט זיך מיט יעטווידער לעבעדיקן וועזן, און דו באַשטימסט אַ גרענעץ פאַר אַלע דיינע באַשעפענישן און פאַרשרייבסט אַ גזר דין"...

אָט די דאָזיקע פּאַטעטישע תפילה דריקט אויס שאַרף דעם כאַראַקטער פון ראש השנה אַלס ג־טס משפט איבער דער וועלט.

און די חכמים האָבן זיך סמך געווען אויף דעם פסוק, וואָס זאָגט: „אין דעם זיבעטן חודש (תשרי), אין דעם ערשטן טאָג פון חודש, זאָל ביי אייך זיין אַ רואונג, אַ דערמאָנונג דורך שאַלונג אַ הייליקע צונויפרופונג" — קיין דינסט אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן; אַ טאָג פון שאַלונג זאָל עס זיין"! — און געקרוינט דעם ערשטן טאָג פון חודש תשרי מיטן נאָמען יום הדין — אַ טאָג פון משפט. (ווי ס'איז שוין אויבנדערמאָנט געוואָרן האָבן עס פעסטגעשטעלט

רבי יהודה אילעאי און רב (אבא אריכתא), אַז „יום תרועה" מיינט יום הדין — דער טאָג פון משפט.—ר"ה, י"ז).

— ג —

# יום-כיפור — פאַרצייטן און היינט

אין די לעצטע צייטן פון צווייטן בית המקדש איז יום־כיפור געווען דער הייליקסטער טאָג פון יאָר ביי אַלע יידן. „יומא רבה" — דער „גרויסער טאָג" אָדער קורצער „יומא" — „דער טאָג", האָט מען אים גערופן. אין אַלע לענדער, ווו יידן זיינען דאַמאָלסט שוין געווען צעשפּרייט, האָבן זיי אין דעם דאָזיקן טאָג געפאַסט און קיין שום אַנדער זאַך ניט געטאָן אַ חוץ געדאַווּנט אַ גאַנצן טאָג אין די שולן מיט גרויס כוונה.

אָבער, זאָגנדיק תפילות אין די שולן, האָבן יידן אומעטום געווענדט זייערע אויגן און זייערע הערצער צו איין אָרט: צו דעם בית המקדש, ווו דער כוהן גדול האָט דורכגעפירט די הייליקע „עבודה".

ובכדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם סדר פון דער „עבודה" יום כיפור, איז נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויף אַ ווײַלע און באַקוקן דעם בית המקדש.

דער בית המקדש איז געשטאַנען אויף אַ פּלאַץ, וואָס מ'רופט עס „הר הבית" (דער באַרג פון דעם הויז). דער דאָזיקער הייליקער באַרג הויבט זיך אויף אין ברייטע טעראַסן, בערגלעך פלאַכע, איינס העכער פון דעם אַנדערן. דער מזבח איז אויף דער אויבערשטער, העכסטער טעראַסע, און איבער אַלץ שטייט הויך און פּרעכטיק דער בית המקדש. אין דעם פאָדערשטן טייל פון בית המקדש מעגן אַריינקומען נאָר כוהנים צו טאָן געוויסע זאַכן פון דער „עבודה". און אין דעם הינטערשטן טייל, אין „בית המקדש", גייט אַריין דער כוהן גדול איין טאָג אין יאָר — יום־כיפּור.

דער גאַנצער פּלאַץ איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט אַ גוואַלדיק ברייטן מויער און איז אַזוי ווי אַ פעסטונג. אויף דעם מויער זיינען דאָ הויכע שפּיצן. און אין מיטן שטייען פעסטע טורעמס. אין אַלע פיר זייטן זיינען פאַראַן טויערן, וואָס פירן אינעווייניק אין בית המקדש אַריין. מ'גייט — דורך דורך איינעם פון די טויערן און מ'קומט אַ ריין אין אַ קאָלאָנאַדע. פיר רייען פון מירמלשטיינערנע זיילן טראָגן אויף זיך אַ דאַך פון טייערן צעדער האָלץ. די גרעסטע און שענסטע קאָלאָנאַדע הייסט די „קעניגלעכע". זי פאַרמאָגט 162 מירמלשטיינער זיילן.

פון די געדעקטע קאָלאָנאַדעס גייט מען אַרויס אין דעם אָפענעם פּלאַץ אין דעם גרויסן, דרויסנדיקן פאָרהויף (עזרה). אין דעם דאָזיקן פאָרהויף מעגן

אַלע אַריינקומען, אויך גוים. ער איז זייער גרויס, גרעסער ווי די אַנדערע אינווייניקסטע הויפן.

דורכגייענדיק דעם גרויסן פאָרהויף קומט מען צו צו אַ שטיינערנעם צאַם. דאָס איז די גרענעץ, ווי ווייט ניט־יידן מעגן גיין.

הינטער אָט דעם צאַם גייט מען אַרויף פערצן טרעפּ און מ'קומט אויף אַ גלאַטער טעראַסע, צען איילן די ברייט. פון דאָרטן גייט מען ווידער אַרויף אויף טרעפּ און מ'קומט צו צו אַ צווייטן מויער, וואָס איז די אינווייניקסטע „עזרה". אַ סך טויערן פירן פוןביידע זייטן, פון צפון און פון דרום, צו דער אינווייניקסטער „עזרה". גיין אָבער גייט מען דורך נאָר דורך דעם גרויסן טאָפּלטן טויער אין מזרח. אַלע טויערן פון דער „עזרה" זיינען באַדעקט מיט גאָלדענע פּלאַטן. דער גרויסער טויער אָבער האָט ניט קיין גאָלדענע באַדעקונג, ווייל ער איז געמאַכט פון אַ טייערן בראָנדז, וואָס בלאַנקט נאָך שענער ווי גאָלד. מ'רופט אים „ניקאַנאָרס טויער", ווייל אַ רייכער עגיפּטישער ייד מיטן נאָמען ניקאַנאָר האָט אים געגעבן אַ מתנה פאַרן בית המקדש. אויך די גאָלדענע באַדעקונגען אויף די אַנדערע טויערן איז אַ מתנה פון יידן פון אַלעקסאַנדריע.

מ'גייט דורך דעם טויער פון ניקאַנאָר און מ'קומט אַריין אין „עזרת נשים", דעם פאָרהויף פון די פרויען, וועלכער איז אַ פירקאַנטיק: 35 איילן די לענג און אַזוי פיל אויך די ברייט. מענער מעגן אַריינגיין אין פאָרהויף פון די פרויען, אָבער פרויען טאָרן ניט אַריינגיין אין פאָרהויף פון די מענער. פרויען האָבן אָבער באַלקאָנען אין דער הויך און קענען זען אַלע צערעמאָניעס, וואָס קומען פאָר העכער אין די אינווייניקסטע הויפן. אין די פיר ווינקלען פון „עזרת נשים" געפינען זיך פיר קאַמערן, אַרומגעמויערטע, אָבער אָן אַ דאַך. איינער איז פאַר „נזירים", אַזעלכע, וואָס גיבן זיך אַ נדר ניט צו פאַרזוכן קיין וויין און זיך ניט צושערן די האָר. דער צווייטער קאַמער איז פאַר האָלץ. דאָ זיצן כוהנים, וואָס האָבן אַ מום אין זייער קערפּער און זיינען דעריבער פּסול זיך צוצערירן צום מזבח. זיצן זיי דאָ און קלייבן איבער דאָס האָלץ פאַרן מזבח. געפינען זיי אין שייטל האָלץ אַ לעכל פון אַ ווערעמל, איז עס פּסול, און מ'טאָר זיך דערמיט ניט באַנוצן צו מאַכן פייער אויפן מזבח. דער דריטער קאַמער איז באַשטימט פאַר מצורעים, וואָס קומען אַהער צו ווערן טהור פון זייער צרעת. אין דעם פערטן קאַמער האַלט מען וויין און אויל.

דורכגייענדיק דורך דעם פאָרהויף פון די פרויען, גייט מען דערנאָך אַרויף אויף אַ פופצן שטופיקער טרעפּ, געבויט האַלב קיילעכדיק, אַמפיטעאַטראַליש, און מ'קומט צו צו דער וואַנט, וואָס שיידט אָפּ דעם פרויען־פאָרהויף פון דעם מענער פאָרהויף. גייט מען ווידער דורך אַ טויער אין דעם לענגלעכן פאָרהויף פון עזרת ישראל", וואָס ציט זיך אויף דריי זייטן אַרום בית המקדש, און מ'זעט ווי ס'הויבט זיך אויף דאָס גרעסטע און שענסטע פאַר אַלע יידן אין

דער וועלט: דער גרויסער מזבח פון אומבאַהאַקטע שטיינער און הינטער אים דער בית המקדש. דער מזבח איז ריזיק גרויס, מיט פיר שפּיצן ווי הערנער. און אַ שטענדיקער פייער ברענט אויף אים, וואָס מ'לאָזט קיין מאָל ניט אויסגיין.

נאָר אין העלפט פון דער דאָזיקער „עזרה" איז באַשטימט פאַר ישראלים, אין מיטן שטייט אַ נידעריקער צאַם פון שיינע שטיינער, און נאָר כוהנים מעגן גיין פון דעם דאָזיקן צאַם.

אויף ביידע זייטן פון „עזרת כוהנים" געפינען זיך די אוצרות פון בית המקדש רעכטס פון מזבח איז דער שעכט־פּלאַץ מיט פיר און צוואַנציק רינגען אָנצובינדן די קרבנות. פון הינטן שטייען אכט קליינע זיילן מיט דריי רייען קרוקעס אויף יעטווידערן פון זיי, אויפצוהענגען די געשאָכטענע קרבנות. און אַכט מירמל־שטיינער טישן, צו וואַשן אויף זיי די געדערים פון די קרבנות.

אַ חוץ דעם שטייען דערביי טישן פאַר די כלים פון מזבח און פאַר די צעשניטענע שטיקער קרבנות, און אויך אַ בראָנזענע וואַשבעקן, פאַר די כוהנים צו וואַשן די הענט און די פיס.

אַרום די ווענט פון „עזרת כוהנים" געפינט זיך דער זאַל, ווו עס זיצט דער סנהדרין; דער זאַל ווו דער כוהן גדול וווינט אין דער יום־כיפור־וואָך; די צימערן, ווו די כוהנים וואַשן זיך און טוען זיך אָן, און נאָך אַ סך אַנדערע זאַלן און צימערן.

דורך אַ גאַנץ הויכן אָפענעם טויער, אָן טירן, גייען די כוהנים אַריין פון זייער „עזרה" אין „אולם", די ווערענדע, וואָס איז פאַרגעבויט פאַר דעם היילגן הויז. פון אולם" פירט אַ טיר אין בית המקדש גופא. די טיר שטייט אָפן, אָבער זי איז פאַרצויגן מיט אַ שווערן, קאָלירטן פאַרהאַנג.

פון דער ווערענדע גייען כוהנים אַריין צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פרי און קעגן אָוונט, טאָן די עבודה" אין הייליקטום גופא, אין „קודש" אָדער „היכל". ס'איז אַ לענגלעכער צימער, די ווענט באַפּוצט מיט גאָלד, אָן פענצטער, טונקל. נאָר אויף דער גאָלדענער מנורה ברענען זיבן קנויטן און אויללאָמפּן. אַנטקעגן דער מנורה שטייט דער גאָלדענער טיש מיט די צוועלף לעבלעך ברויט (לחם הפנים). (די חז"ל זאָגן, אַז ס'האָט געמוזט זיין צוויי רייען צו זעקס חלות, אין פאַל ווען מ'האָט געלייגט ניט צום גלייכן מספר, ווי למשל, אין איין ריי פיר און אין דער אַנדערער אַכט, איז מען ניט יוצא — (מנחות צ"א, א'); דער מספר צוועלף איז אַנטקעגן די צוועלף מזלות (בעל הטורים") — צווישן דער מנורה און דעם טיש שטייט דער גאָלד־באַדעקטער מזבח, אויף וועלכן כוהנים רויכערן צוויי מאָל אַ טאָג „קטורת", אַן אָפּפער פון וויינרויך פאַר ג־ט.

הינטער דעם „קודש" איז דער קודש „קדשים". דאָס העכסטע הייליקע צימער (אין די עלטערע צייטן האָט מען דעם קודש קדשים גערופן „דביר" (— מלכ"ם א' ח'), זיי זיינען אָפּגעשיידט דורך צוויי פּרוכתן. נאָר איין טאָג אין יאָר יום־כּיפּור, גייט דער כּוהן גדול דורך צווישן די דאָזיקע צוויי פּרוכתן (פּאָרהאַנגען) און גייט אַריין אינעווייניק, אין „קודש קדשים".

אָט דאָס אַריינגיין פון דעם כּוהן גדול אין „קודש־הקדשים" יום כּיפּור איז געווען דער עיקר אין דער צערמאָניע פון דעם „גרויסן טאָג".

דער כּוהן גדול שטעלט זיך אַוועק מיטן פּנים צום הייליקטום. דאָס יונגע עקסל, אַלס זינד אָפּפער פאַר יום־כּיפּור, שטייט שוין גרייט צווישן „אולם" און דעם מזבח, נעמט אים אַן ביי די הערנער און דרייט צו זיין קאָפּ אין דער ריכטונג, צו מערב, לעגנדט אַן זיינע הענט אויף אים און זאָגט דעם ערשטן ווידוי: „איך בעט דיך, ג־ט! איך האָב געזינדיקט, איך האָב פאַרקרימט, איך האָב פאַרבראָכן קעגן דיר, איך און מיין הויזגעזינט. איך בעט דיך, ג־ט פאַרגיב די זינד, די פאַרקרימונגען און די פאַרברעכנס"...

דריי מאָל זאָגט דער כּוהן גדול אַרויס אין יעדן ווידוי דעם געהיימען פאַר־באָטענעם שם המפורש", ג־טס נאָמען (הויה) אין זיין פולער און גענויער אויפשפּראַך. דעם „שם המפורש" האָט מען ניט געטאָרט אַרויסריידן מחוץ פון בית המקדש (משנה סוטה, פּרק ז', אין משנה סנהדרין פּ', י'). אַרום און אַרום רעדט ער דאָס אַרויס צען מאָל אין דער יום־כּיפּורדיקער עבודה.

די כּוהנים און אויך דאָס פאָלק, וואָס שטייט ניט ווייט און הערט ווי דער כּוהן גדול רעדט אַרויס ג־טס נאָמען, פאַלן בעת מעשה כּורעים, אַנירנדיק מיט די פּנימער די ערד, און דער גאַנצער געדיכטער עולם אין דער „עזרה" שרייט אויס הויך אויפן קול: „געבענטשט דער נאָמען, די פּראַכט פון זיין קעניגרייך אויף אייביק און אייביק"! דער טייל פון דער „עבודה" קומט פאָר אויף דער מערב זייט פון מזבח. אָבער דער צווייטער טייל קומט פאָר אין דער ריכטונג, צו מזרח־זייט פון מזבח.

דאָרטן שטייען שוין גרייט צוויי „שעירים", צוויי ציגנבעק. זיי שטייען מיט רוקנס צום פאָלק און די קעפּ צום הייליקטום. ביידע זיינען זיי פון דער זעל־ביקער גרויס, פון דעם זעלביקן אויסזען און קאָסטן דעם זעלביקן פּרייז. אויף דעם דאָזיקן אָרט, ווו זיי שטייען, געפינט זיך אויך אַן אורנע (קלפּי) מיט צוויי גורלות געמאַכט פון גאָלד, ביידע איינער ווי דער אַנדערער אין יעדן פּרט. איינער האָט אַן אויפשריפט פאַר „הויה" און דער אַנדערער — פאַרן עזאזל.

שיינענדיק אין זיינע טייערע ווייסע קליידער, גייט דער כּוהן גדול צו צו דער מזרח־זייט פון מזבח. ער איז באַגלייט פון צוויי חשובע כּוהנים, רעכטס פון אים איז דער „סגן" דער שטעלפאַרטרעטער זיינער, און לינקס — דער

פאַרשטייער פון דער אונטער אָפּטיילונג פון די כוהנים, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דער עבודה פון דעם דאָזיקן טאָג. ער מישט דורך די „קלפי", ציט אַרויס די צוויי גורלות, לייגט איינעם אַרויף אויפן קאָפּ פון איין באָק און דעם אַנדערן אויפן קאָפּ פון דעם צווייטן באָק. ער רופט אויס אין דער הויך: פאַר הויה אַ זינדאָפּפער, און דער עולם אין דער „עזרה" ענטפערט אָפּ: „געבענטשט דער נאָמען"...

נאָכן וואַרפן גורל בינדט דער כוהן גדול אָן אַ רויטן פּאַס אָן דעם האָרן פון דעם שעיר המשתלח", דעם באָק, וואָס ווערט אַוועקגעשיקט אין דער וויסטעניש; און דעם צווייטן „שעיר", וואָס מדאַרף מקריב זיין צו ג־ט, פירט מען צו צו דעם אָרט, וווּ מ'וועט אים דאַרפן שעכטן. שטייט דער „שעיר לעזאזל" מיטן קאָפּ צום פּאָלק. און אַלע קוקן אויף אים און וואַרטן, מ'זאָל שוין אַרויפטאָן אויף אים די זינד פון אַלע יידן, זיי אַוועקצוטראָגן אין דער וויסטעניש.

דערמיט איז געענדיקט דער צווייטער טייל פון דער יום־כיפורדיקער „עבודה", און ס'הויבט זיך אָן דער דריטער טייל און פיערלעכסטער טייל, ווען דער כוהן גדול גייט אַריין דריי מאָל אין „קודש הקדשים".

ער נעמט אָן מיטן זעלביקן נוסח ווי דעם פריערדיקן מאָל. אָבער דאָס מאָל איז ער זיך מתודה אויך אויף די זינד פון די כוהנים, און צו די ווערטער: „איך און מיין הויזגעזונט" לייגט ער צו: און די זין פון אהרון, דיין הייליקן שטאַם.

נאָך דעם ווי דער כוהן גדול שעכט דעם יונגן עקסל כאַפּט ער אויף דאָס בלוט אין אַ שפּרענגבעקן און דערלאַנגט עס צו אַ כוהן דערביי, ער זאָל כסדר עס מישן און ניט לאָזן פאַרגליווערט ווערן.

דאַן גייט דער כוהן גדול אַרויף צום מזבח מיטן משופּעדיקן בריק, וואָס פירט צו אים, שעפּט אָן אַ פולע גאָלדענע פייערפאַן מיט ברענענדיקע קוילן, שיט דערנאָך אַריין אין גרויסן גאָלדענעם לעפל פולע הויפנס קטורת, און אָט אַזוי, מיט דער פייערפאַן אין דער רעכטער האַנט און מיטן לעפל אין דער לינקער, גייט ער פּאַוואָליע אַריין אין „היכל". דאָרטן גייט ער דורך צווישן די צוויי פּרוכתן, און, אָפּגעשיידט פון אַלעמען, שטייט ער אַליין אין דער אימהדיקער טונקלקייט פון „קודש־הקדשים", וואָס איז נאָר עטוואָס באַלויכטן פון דער רויטער גלוט פון די ברענענדיקע קוילן אין פייערפאַן.

דער כוהן גדול שטעלט אַוועק די גילדערנע פייערפּאַן אויפן „אבן שתיה" און שיט אויף איר אויס גאָר די ווייררויך. דער „קודש הקדשים" ווערט פול מיט רויך. דער כוהן גדול ציט זיך צוריק אין פאָדערשטן צימער אין „קודש". און איז דאָרטן מתפלל אויף אַ גוט יאָר. אויך דאָס פּאָלק אין דער „עזרה" זאָגט בשעת מעשה תפילות אין דער שטיל מיט גרויס כוונה.

# דאָס ליכט פון וויסן

ענדלעך פאַלט זיך דאָס פאָלק גרינגער אויפן האַרצן, ווען ס'זעט, ווי דער כּוהן גדול קומט אַרויס אין דער „עזרה". וואָרום ס'איז אַ געפּערלעכע זאַך, גלויבן אַלע, צו זיין אַזוי נאָענט צו ג־ט, אין זיין הייליקער וווינונג.

דער כּוהן גדול רוט ניט. ער נעמט דעם שפּרענגבעקן מיט בלוט פון דעם כּוהן, וועלכער האָלט עס אין מישן, גייט דערמיט ווידער אַריין אין „קודש הקדשים", שפּריצט דאָרטן מיטן פינגער פונעם בלוט אויפן פּרוכת, איין מאָל אויף אַרויף צו און זיבן מאָל אויף אַראָפּ צו און ציילט בעת מעשה: „איינס, איינס און איינס, איינס און צוויי, איינס און דריי, איינס און פיר, איינס און פינף, איינס און זעקס, איינס און זיבן". ער ציילט מיט, הייסט עס, דעם שפּריץ אויף אויבן מיט יעדן פון די זיבן שפּריצן אויף אונטן.

ער גייט דערנאָך אַרויס צוריק אין „היכל" און שטעלט דאָרטן אַוועק דעם שפּרענגבעקן מיטן בלוט אויף אַ גאָלדענעם געשטעל.

איצט פירט מען צו אים צו דעם „שעיר". ער שעכט אים, כאַפּט אויף דאָס בלוט אין אַ שפּרענגבעקן, גייט ווידער אַריין צום דריטן מאָל אין „קודש הקדשים", שפּריצט ווידער דאָס בלוט און שטעלט עס אַוועק אויף אַן אַנדער גילדערנעם געשטעל אין „היכל". נעמט דערנאָך ווידער דאָס בלוט פון יונגן אָקס און, שטייענדיק אין „היכל". שפּריצער אויף דעם פּרוכת פון דרויסנזייט, און אַ צווייטן מאָל טוט ער עס מיטן בלוט פון באָק. דערנאָך מישט ער דורך דאָס בלוט פוןביידע כּלים, שפּריצט מיט דעם דורכגעמישטן בלוט אויף דעם גאָלדענעם מזבח פון קטורת און דאָס איבערגעבליבענע בלוט גיסט ער אויס אויפן פונדאַמענט פון גרויסן מזבח.

דערמיט ענדיקט זיך דער צערעמאָניאַל פון מכפּר זיין די זינד קעגן הייליקטום, און עס הויבט זיך אָן די סימבאָלישע צערעמאָניע פון אַראָפּנע־מען די זינד פון גאַנצן פאָלק דורך דעם „שעיר לעזאזל". די דאָזיקע צערע־מאָניע וואַרפט ניט אָן אַזאַ אומה אויפן עולם אין דער „עזרה", ווי די פריי־ערדיקע. זי האָט אין זיך עפּעס אַ טאָן פון פרייִלעכקייט, און דער עולם איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין איר.

דער כּוהן גדול גייט צו און לייגט אויף דעם „שעיר לעזאזל" אַרויף זיינע הענט און אַלס פאַרטרעטער פון פאָלק, איז ער זיך מתודה די זינד פון דעם יידישן פאָלק, מיטן זעלבן נוסח ווי אין די ערשטע צוויי וידויים.

דערנאָך פירן אַרויס די כּוהנים דעם „שעיר לעזאזל" דורך אַ טויער פון „הר הבית", און אַ באַשטעלטער מאַן, אַ כּוהן אָדער אַ לוי, שטייט שוין גרייט אים צו נעמען. אַ גערדיכטער המון שטופּט זיך צו אים און שרייט: „נעם שוין און גיי, נעם שוין און גיי".

דער באַשטעלטער מאַן פירט אַוועק דעם „שעיר" אין אַ געוויסן וויסטן אָרט אַן ערך 12 מייל הינטער ירושלים, וווּ אַ הויכער, גלייכער פעלז שטייט לעבן אַ טיפן אָפּגרונט. שוין פאַר יום־כּיפּור ווערן אויסגעשטעלט צען בייד־

לעך אַלס סטאַנציעס צווישן ירושלים און יענעם פעלז. אין יעדןביידל איז אַנגעגרייט צו עסן און צו טרינקען פאַר דעם פירער פון דעם „שעיר". וואָרום ער מעג ברעכן דעם תענית, אויב ער פילט זיך שוואַך, אָבער ער טוט עס קיין מאָל ניט. פון בית המקדש צום ערשטן ביידל באַגלייטן אים גאַנצע גרופּע חשובע יידן פון ירושלים. און אין יעדן ביידל איז דאָ עמיצער, וואָס באַגלייט אים ביז צום נעקסטן ביידל. פון לעצטן ביידל אָבער באַגלייט מען אים ניט ביזן פעלז, נאָר דער באַגלייטער בלייבט שטיין פון ווייטן און קוקט.

אָנגעקומען אויפן אָרט, נעמט דער באַשטעלטער מאַן דעם רויטן פאַס, טיילט אים פונאַנדער אין מיטן, בינדט אָן איין העלפט אָן שפּיציקן פעלז און די אַנ־דערע העלפט צווישן די הערנער פון דעם באָק און גיט אים היבערווייליקס שטופּ אַראָפּ. דער „שעיר" ווערט אויפן שטעל צעריבן, קייקלנדיקן זיך אין אָפּגרונט אַריין. (לכתחילה האָט מען קענטיק אָוועקגעשיקט דעם „שעיר" אין מדבר און אים דאָרטן אַוועקגעלאָזן פריי אויף הפקר (ויקרא ט"ז). מ'האָט אָבער מורא געהאַט ער זאָל ניט קומען צוריק, האָט מען דעריבער איינגע־פירט, אַז מ'זאָל אים דערהרגענען דורך אַראָפּשטויסן פון אַ פעלז).

באַלד ברענגט מען צום כוהן גדול די ידיעה, אַז דער שעיר, איז שוין אין מדבר. אונטער דער צייט האָט ער מקריב געווען אויפן מזבח דעם יונגן אָקס און דעם „שעיר" אויף וועלכן ס'איז געפאַלן דער גורל פאַר ג־ט, און ער נעמט זיך צו „קריאת התורה".

נאָך קריאת התורה וואַשט זיך דער כוהן גדול די הענט און די פיס, טוט אויס די ווייסע קליידער, טוט זיך אָן די גאָלדענע, וואַשט זיך ווידער די הענט און די פיס, און איז מקריב דעם „קרבן מוסף" פון יום־כיפור. דערנאָך וואַשט עס זיך ווידער די הענט און די פיס, איז זיך טובל, טוט זיך ווידער אָן די ווייסע קליידער, וואַשט די הענט און די פיס און גייט אַריין צום לעצטן מאָל אין „קודש הקדשים", אַרויסנעמען די פייערפאַן און די לעפל.

דערמיט איז אינגאַנצן געענדיקט די ספּעציעלע יום־כיפורדיקע עבודה. אָבער דער כוהן טוט נאָך געוויסע זאַכן פון דער טעגלעכער עבודה, וואָס ווערט געטאָן יעדן טאָג קעגן אָוונט. נאָך דער עבודה, וואַשט ער זיך צום לעצטן מאָל די הענט און די פיס, טוט אויס די גאָלדענע קליידער, טוט זיך אָן זיינע טעגלעכע בגדים און גייט אַהיים. ווי געוויינלעך גייט ניט דער כוהן גדול אַליין, נאָר ער איז באַגלייט פון גאַנץ גרויסן און גערדיכטן עולם, וואָס שטופּט זיך אַרום אים.

אין ביים כוהן גדול אין הויז קומען די חשובע, אַריסטאָקראַטישע כוהנים און אַלע מיוחסים פון ירושלים. אים באַגריסן. דאָס הויז איז פול מיט מענטשן. מ'עסט אַ רייכע יום־טובדיקע סעודה און מ'איז זיך משמח ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מיטן חורבן פון צווייטן בית המקדש איז אונטערגעגאַנגען די יום־כיפּור־דיקע „עבודה" מיט אירע סימבאָלישע צערעמאָניעס פון פאַרגעבן די זינד. אָבער דער יום־כיפּור האָט דורך דעם ניט אָנגעוואָרן זיין באַדייטונג אין יידישן לעבן. וואָרום אַפילו בשעת דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, איז שוין אויך מער יום־כיפּור ניט אָפּגעהאַנגען אינגאַנצן פון דעם כוהן גדול און פון דער ספּעציעלער „עבודה", וואָס ער האָט אין דעם דאָזיקן טאָג דורכגעפירט אין היילקטום. יום־כיפּור האָט באמת דורכגעמאַכט אַ לאַנגע אַנטוויקלונג. ביז דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין דער פייערונג זיינער אַלץ מער און מער, ביז זיין באַדייטונג האָט זיך דערוואַקסן אויך מחוץ פון בית המקדש.

פאַר אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט איז יום־כיפּור שוין געווען דער גרויסער טאָג פון יאָר, ווען מ'האָט געפאַסט און געדאַוונט אַ גאַנצן טאָג אין די שולן. אָט דעם כאַראַקטער. וואָס יום־כיפּור האָט באַקומען ביי די יידן, וואָס האָבן געלעבט צעשפּרייט איבער דער וועלט, נאָך אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש, האָט ער איצט, נאָכן חורבן, אויך ווייטער געטראָגן. ניט געווען מער קיין „עבודה" אין בית המקדש און קיין כוהן גדול אַלס פאַרמיטלער צווישן יידן און ג־ט. אָבער יידן האָבן אויך ווייטער געפּייערט יום־כיפּור אָן דער דאָזיקער פאַרמיטלונג... כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטימונג ביי די יידן אין ארץ־ישראל נאָכן חורבן אין שייכות צו יום־כיפּור איז די פאָלגנדיקע מעשהלע פון דער אגדתא:

רבי יוחנן בן זכאי האָט צוזאַמען מיט זיין תלמיד רבי יהושע געזען איין מאָל דעם בית המקדש חרובערהייט. האָט רבי יהושע געזאָגט: „ווי איז אונדז, וואָס איז חרוב געוואָרן דער אָרט, וווּ די זינד פון יידן זיינען פאַרגעבן געוואָרן". האָט רבי יוחנן בן זכאי אים געענטפערט: זון מיינער, זאָל דיך ניט פאַרדריסן! מיר האָבן אַן אַנדער מיטל, פּונקט אַזאַ גוטן, צו פאַרגעבן די זינד; דאָס איז: טאָן גוטס צו מענטשן; וואָרום עס שטייט געשריבן. גוטסקייט וויל איך און ניט קיין שעכטאָפּפער (הושע, קאַפּ. ו' — ציטירט אין אבדרנ' פרק ד').

אַזוי אַרום, זיינען יידן אין די צייטן פון צווייטן חורבן פון ירושלים שוין געווען צוגעגרייט מיט זייערע רעליגיעזע געדאַנקען און מיט די פאָרמען פון זייער רעליגיעזן לעבן אין דער היים און אין דער שול צו קענען עקזיסטירן אויך אָן דער „עבודה".

אָבער יידן האָבן ניט פאַרגעסן דעם צערעמאָניאַל פון יום־כיפּור אין בית־המקדש און האָבן די דערינערונג אָן דעם געמאַכט פאַר דעם אינטערעסאַנטסטן טייל פון יום־כיפּורדיקן דאַווענען. מ'זאָגט דעם סדר פון דער „עבודה" אין בית־המקדש, און ניט נאָר מ'זאָגט עס, נאָר דער חזן צוזאַמען מיטן עולם אין שול באַלעבן עס דראַמאַטיש. מ'זאָגט איבער דעם כוהן גדולס דריי ווידויים,

מ'ציילט די שפּריצונגען פון דעם בלוט, מ'פאַלט כורעים, און אין געדאַנק לעבט מען איבער דעם צערעמאָניאַל פון יום־כיפור אין בית־המקדש, ווי מ'וואָלט דערביי געווען.

אַזוי פאַרטיפט איז געוואָרן דער רעליגיעזער אינהאַלט פון יום־כיפור און אַזוי רייך איז געוואָרן דער צערעמאָניאַל אין די שולן, אַז דער דאָזיקער טאָג איז געבליבן ביז היינט דער גרעסטער און הייליקסטער טאָג אין יידישן יאָר. און די דאָזיקע טעג פון ראש־השנה ביז נאָך יום־כיפור זיינען די — עשרת ימי התשובה — צען טעג פון צו טאָן תשובה.

## קאַפּיטל 28

„ווען ניט די תשובה, וואָלט דער מענטש ניט געקענט ביישטיין דעם שווערן פסק דין" — (פדר"א ל"ח).

# תשובה ומעשים טובים

א.—די פאָרגרייטונג צו תשובה.

ב.—אויף תשובה עקזיסטירט די וועלט.

ג.—דער שומר ישראל וואַרט אויף תשובת ישראל.

— א —

### וואָס איז די פאָרגרייטונג צו טאָן תשובה?

אין פרקי דרבי אליעזר פ"ג ווערט געבראַכט אַזאַ מאמר „איידער ג־ט האָט די וועלט באַשאַפן, האָט ער איינגעזען, אַז ער מוז פריער באַשאַפן תשובה, אַנדערש וואָלט זי קיין קיום נישט געהאַט (עד שלא נברא העולם הזה, היה הקב"ה בלבד ועלה במחשבתו לברוא העולם, היה מהריט לפניו כל העולם ולא היה עומד עד שברא את התשובה).

דערפאַר ווערט די מצוה פון תשובה פאַררעכנט צווישן דעם מספר פון תרי"ג מצוות. און די תורה איז פאַר דעם מזהיר אויסדריקלעך: „איידער מ'ווערט אַ בעל־תשובה,זאָל מען פריער מקבל זיין אויף זיך דעם „עול מלכות שמים" („ושבת עד ד' אלוקיך ושמעת בקולו" (דברים ל') — ד"מ: גלויבן אין ג־ב"ה און מקיים זיין אַלע מצוות פון דער תורה באהבה.

און די דאָזיקע מצוה פון טאָן תשובה פאַרנעמט באמת זייער אַ וויכטיקן אָרט אין מענטשנס לעבן, אַז ס'איז אַפילו פאַראַן אַ חוב אויף יעדן איינעם

מזהיר צו זיין דעם רשע גמור, כדי ער זאָל נישט בלייבן, בעת שטאַרבן, מיטן נאָמען רשע.

אָט ווי ג־ט רעדט צו דעם נביא יחזקאל: „ווען איך זאָג דורך דיר, צו אַ רשע שטאַרבן וועסטו שטאַרבן. און דו, יחזקאל, זאָגסט אים נישט אָן און רעדסט נישט צו אים, ער זאָל זיך אומקערן פון וועגן זיין זינד, וועסטו מקבל זיין אַן עונש פאַר זיין מיתה. ווייל, ווען דו וואָלסט אים מזהיר געווען, וואָלט ער אפשר דיך געפאָלגט און געבליבן לעבן". ד"ה — ער וואָלט נישט אַוועק מיטן נאָמען רשע פון דער וועלט. אין קעגנטייל פירט אויס דער פסוק: „ווען דו ביסט אים יאָ מזהיר און ער האָט דיך נישט געפאָלגט, דאַן וועט ער בלויז צוליב זיין זינד שטאַרבן און וועסט קיין עונש צוליב זיין טויט נישט קריגן.

אָט דעם חילוק געפינט מען אין דעם אויסדריק פון די ביידע פסוקים: אין פאַל, ווען מ'איז נישט מזהיר דעם רשע, זאָגט אים ג־ט אָן בלשון: „הוא רשע בעוונו ימות" — „ער, דער רשע, וועט אַזוי בלייבן נאָך זיין טויט — מיטן נאָמען „רשע"; און אין פאַל, ווען מ'איז אים יאָ מזהיר, וועט ער בלויז „בעוונו ימות" — צוליב זיין זינד שטאַרבן, איז אַז ער האָט תשובה געטאָן, ווערט פון אים אַוועקגענומען דער נאָמען „רשע".

דערפאַר זאָגן די חכמים: „גרויס איז די מצוה פון תשובה: טוט מען תשובה אויס מורא פאַרן עונש (שטראָף), ווערן די זינד פאַררעכנט כשגגות, ווי מ'וואָלט זיי באַגאַנגען אומגערן; טוט מען אָבער תשובה אויס אהבה צו די מצוות, ווערן די זינד פאַררעכנט צום גוטן, ווי ער וואָלט זיי פאַרביטן אויף מצוות, און ווערט אויף אַזאַ אופן אויס רשע". (גדולה תשובה שזדונות נעשית לו כשגגות, ועל שב מאהבה העונות נעשית לו כזכיות).

הגם דער געהויבענער בעל־תשובה איז דער, ווען ער טוט תשובה אַזש ביי זיינע סאַמע יונגע קרעפטן, ווען ער ווערט געשטויסן צו טאָן אַלע מיני עבירות און דאָך דערוויטערט ער זיך פון זיי. ווי די גמרא אין ע"ז (י"ט) דריקט זיך אויס: אשרי מי שעושה תשובה כשהוא איש" — ווייל איז דעם, בעת ער איז אַן „איש" (ביי זיינע קרעפטן) און טוט תשובה". דאָך זאָל ער תשובה טאָן אַפילו אַ טאָג פריער פאַרן שטאַרבן (שוב יום אחד לפני מותו).

איז ווען רבי אליעזר האָט עס אַרויסגעזאָגט, האָבן אים זיינע תלמידים געפרעגט: היתכן, ווייסט דען דער מענטש ווען ער וועט שטאַרבן, אַז ער זאָל תשובה טאָן אַ טאָג פריער? — האָט רבי אליעזר געענטפערט: אָט טאַקע דערפאַר, וואָס דער מענטש ווייסט ניט ווען ער וועט שטאַרבן, וועט ער אַזוי אַרום דאַרפן תשובה טאָן תמיד — צו זיין פאַרגעברייט צו טאָן תשובה. און די דאָזיקע פאַרגרייטונג באַשטייט פון צו טאָן מצוות ומעשים טובים.

אָבער, דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן, ווען דער מענטש גיט זיך אָפּ אַליין אַ דין וחשבון, דאַן ווערט פון אים אַוועקגענומען דער נאָמען רשע.

און אין פאַל, ווען ער איז אַזוי אַריינגעטאָן אין אַלע מיני עבירות און מעשים רעים, אַז ס'קומט אים אַפילו אויפן געדאַנק נישט אַרויף צו טאָן תשובה, דאַן איז דאָ אַ חוב פון יעדן אים מזהיר צו זיין, פיליכט וועט ער סוף־כל־סוף תשובה טאָן, כאָטש אַ טאָג פאַר זיין טויט, בכדי ער זאָל נישט בלייבן אויף אייביק קיין רשע.

ומהאי טעמא זאָגט אונדז שלמה המלך: „צו יעטווידער צייט זאָלן זיין דיינע קליידער ווייס". ד"מ — דו זאָלסט זיך תמיד עוסק זיין במצוות ומעשים טובים, וועט דאַן די תשובה האָבן אַ זין. ווייל ער וועט אויף אַ.אַ אופן זיך דערהויבן צו אַ מדרגה פון מדות און זיך קונה זיין אַ שם־טוב לעולם ועד. וואָרום תשובה במעשים טובים זיינען — „כתריס בפני הפורענות" — ווי אַ פאַנצער וואָס פאַרהיט פון שטראָף.

— ב —

# אויף תשובה עזיסטירט די וועלט

כידוע, ווערט תשובה אָנגענומען באהבה, ווען מ'איז פריער מקבל אויף זיך דעם עול מלכות שמים און מ'איז מקיים אַלע מצוות התורה באהבה, לויט ווי ס'איז דערקלערט געוואָרן אין פאַריקן קאַפּיטל.

און אַז תשובה ענדערט דעם פּסק דין קען אונדז דינען די אגדתא, וואָס דערציילט: ווען רבי מאיר האָט געטראָפן זיין רבין אלישע'ן וויינענדיק, ווען ער איז אים געקומען מבקר חולה זיין, האָט ער זיך דערפרייט. ווייל ער האָט אָנגענומען אַז אלישע האָט תשובה געטאָן (אלישע בן אבויה איז געווען אַוועק לתרבות רעה, און רבי מאיר זיין תלמיד, פלעגט אים מזהיר זיין תמיד, אַז ער זאָל תשובה טאָן). ווי געזאָגט כאָטש לפני מותו — פאַר זיין טויט, כדי עס זאָל פון אים אַוועקגענומען ווערן דער נאָמען רשע, און בלייבן לעבן אייביק. ווי משה רבינו האָט געבענטשט דעם שבט ראובן: „לעבן זאָל ראובן און ער זאָל ניט שטאַרבן"! — זאָגן די חכמים: ער זאָל לעבן בלייבן אין די ביידע וועלטן. — („יחי ראובן ואל ימות" — „יחי" — בעולם הזה „ואל ימות" — בעולם הבא) — (ווייל ער האָט תשובה געטאָן אויפן חטא, וואָס ער איז באַגאַנגען במעשה בלהה — (בראשית ל"ה).

מיט דעם זיינען די חכמים אויסן, אַז תשובה ענדערט דעם רשע פאַר אַ צדיק גמור. און די חכמים גיבן נאָך צו, זאָגנדיק דאָרט ווו אַ בעל־תשובה קען צוקומען, קען קיין צדיק ניט דערגרייכן" — ד"מ — ווען ניט די בעלי־תשובה, וואָלט די מענטשהייט ניט געקענט ביישטיין דעם שווערן גזר דין פאַר אַלע מיני רשעיות, וואָס זי באַגייט און במילא וואָלט זי קיין קיום נישט געהאַט.

און צו טאָן תשובה, זאָגט די תורה, איז גאָר ניט פון די שווערע זאַכן: „כי קרוב אליך הדבר מאד, בפיך ובלבבך לעשותו" (דברים ל', י"ד) — „זייער נאָענט איז דאָס וואָרט צו דיר, אין דיין מויל, און אין דיין האַרצן, עס צו טאָן". זאָגט רבי יצחק, אין מסכת עירובין (נ"ד, א'): „אימתי קרוב אליך — בזמן שפיך ובלבבך לעשותו" — ד"מ — ווען מ'איז זיך מתודה מיטן מויל און מ'האָט חרטה אויף אַלע שלעכטע מעשים, און באַשליסט מער ניט איבערחזרן דאָס שלעכטע, נאָר צו טאָן גוטעס על־פי התורה והמסורה, הייסט עס תשובה גמורה — אַ תשובה וואָס האַלט אויף די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט.

ובכדי די רשעות זאָל ניט האָבן די גאַנצע שליטה אויף דער מענטשהייט, האָט ג־ב"ה געמוזט פריער באַשאַפן תשובה, איידער ער האָט די וועלט באַ־שאַפן. ווי ס'ווערט געזאָגט: ולולא התשובה לא היה יכול לעמוד אדם בפני מדת הדין החזקה" — ווען ניט די תשובה, וואָלט קיין מענטש ניט געקענט ביישטיין דעם שווערן פסק דין — ד"ה — די וועלט וואָלט דאַן קיין קיום נישט געהאַט.

— ג —

## דער שומר ישראל וואָרט אויף תשובת ישראל

ס'האָט אַמאָל אַ קיסר פון רוים געזאָגט צום תנא ר' עקיבא: „ס'איז דאָך אַ גרויסע העזה פון אַ שעפּס, וואָס פּיטערט זיך צווישן פרעמדע פעלדער"!

— האָט אים ר' עקיבא געענטפערט: די שעפּס פּיטערט זיך מיט דער קראַפט פון גרויסן פּירער, וואָס ער פאַשעט איין שעפּס צווישן פיל פעלקער (מדרש).

אָט אין דעם שמועס ליגט אַ טיפער געדאַנק. דער קיסר האָט געמיינט צו דערצאָרענען רבי עקיבאן מיט זיין פראַגע: ווי האָט דאָס אַ שעפּס אַזאַ העזה, וואָס דער פאַסטוך האָט זי אַוועקגעלאָזט פון זיך? ער האָט זי אַרויסגעטריבן פון דער פאַשע (לאַנד) און האָט זי מפקיר געווען פאַר די וואַלד־חיות. נאָר, אַז די שעפּס איז אַריין צווישן די חיות, האָבן די דאָזיקע חיות אויף איר רחמנות געהאַט, און האָבן איר געלאָזט זיין צווישן זיי. זי זאָל זיך דערנערן פון דער איבעריקער פאַשע, וואָס וועט איבערבלייבן פון זיי. איז דאָך גענוג חסד און רחמנות פון די חיות! — אם ענדע, אין פאַרלויף פון צייט, האָט זיך די שעפּס גאָר פאַרגעסן מיט וועלכן אופן זי איז, אַנגעקומען אין וואַלד. און האָט אָנגעהויבן צו הויבן אַ קאָפּ צו פאַרלאַנגען גאָר גרויסע זאַכן. זי קריכט אַרויף אויף די העכסטע ערטער און האָט די בעסטע פאַשע, גלייך ווי זי וואָלט אויך אַ חלק געהאַט אין דער ערד און אין איר פאַשע, וואָס זי גיט נאָר פאַר

די חיות. און זי איז בײַ זיך גרויס געוואָרן, אַז זי שטופּט שוין גאָר אַוועק די חיות, וואָס זיי האָבן איר דערלויבט אַרײַנצוגײן צו זיך. — נו, איז דאָס דען ניט קיין גוואַלדיקע העזה? — איז דען ניט רעכט, אַז מ'זאָל אַזאַ שעפּס מאַכן אַ תל?!

האָט רבי עקיבא אויף דעם געענטפערט: די חיות האָבן אַ גרויסן טעות, זיי מיינען, אַז די שעפּס איז היינט אַליין אָן אַ פּאַסטוך, איז דאָס גאָר „לא" מיט אַ גרויסן „אלף". דער אייגענער פּאַסטוך וואָס האָט פריער די שעפּס געפּאַשעט איינזאַם, אָפּגעזונדערט פון אַלע חיות, דער פּאַשעט איר איצט אויך. ער שטייט פאַרשטעלט אונטער אַ וואַנט (הנה עומד אחר כתלנו) און קוקט דורך אַ שפּאַלט אויף זיין שעפּעלע (מציץ מן החרקים). וואָרום זיין ליבשאַפט צו איר איז איצט די אייגענע ווי אַמאָל. ער האָט זי ניט אַוועק־געוואָרפן. און דאָס, וואָס ער האָט איר אַוועקגעלאָזט פון זיין טייערער פּאַשע צו פיטערן זיך צווישן חיות, איז עס צוליב אַ גרויסן ציל. דער פּאַסטוך וויל ווייזן זיין גרויסע קראַפט, אַז ער קען פּאַשען איין שעפּעלע צווישן פיל גיפטיקע חיות. און ער פאַרשטעלט זיך, כדי די חיות זאָלן מיינען, אַז דאָס שעפּעלע איז הפקר. זיי מעגן זי איינשלינגען און פּרווון טאָן מיט איר וואָס זייער האַרץ געלוסט. אָבער, זיי וועלן דאָך ניט קענען זי פאַרצוקן. וואָס מער זיי וועלן איר יאָגן, זאָל זי זיך מער פאַרשפּרייטן (וכאשר יענו אותו כן ירבה וכן יפרוץ). און וואָס מער זיי וועלן זיך קליגן צו פאַרקלענערן איר נאָמען, זאָל איר נאָמען אַלץ פאַרגרעסערט ווערן.

דאָס איז איינטלעך די כוונה, וואָס מיר זאָגן טעגלעך: „אַזוי ווי דו ביסט געווען די הילף פון אונדזערע עלטערן פון אייביק, דו האָסט צעשטערט דעם פּלאַן פון די מצרים מיט זייער „הבה נתחכמה לו" — „לאָמיר זיך קליגן ווי צו פאַרטיליקן דאָס דאָזיקע שעפּעלע". — אָבער צעשטערט האָט ער (ג־ב"ה) זייערע פּלענער (הניא מחשבות עמים). און אַ שוץ ביסטו פון תמיד געווען פאַר די צעשפּרייטע שאָף אין אַלע צייטן, ווען די וועלף נעמען שאַרפן אויף איר די ציין. אַזוי וועט לאַנג ניט דויערן, אַז דאָס שעפּעלע וועט אַרויס פון צווישן די חיות אויף אייגענער פּאַשע — אין זייער היימלאַנד. נאָר דער פּאַסטוך קוקט פונדערווייטן און וואַרט אויף איר תשובה. זי זאָל זיך צוריק־קערן צום „הר־ציון", ווי זי האָט עס אַמאָל געטאָן, וועט איר קיום דאַן זיין געזיכערט לעולם ועד, אויף דער אייגענער פּאַשע, אונטער דער שוץ פון „הר ציון", בתנאי אַז ס'וועט זיך פירן על־פּי התורה והמסורה.

# קאַפּיטל 29

אין טאָג פון גאולה, וועל איך אויפשטעלן דוידס איינגעפאַלענע סוכה־מלכות בית דויד".

(ביום ההוא אָקים את סוכת דויד הנופלת.—עמוס ט', י"א).

# סוכות

## סוכות אין גאַנג פון געשיכטע

ווען מיר פייערן דעם יום־טוב סוכות, טראָגן מיר זיך אַריבער מיט אונדזער געדאַנק אין די אור־אַלטע צייטן, ווען יידן האָבן געהאַט אַן אייגענע מלוכה אין זייער לאַנד. אין יענע צייטן זיינען זיי געווען אַ פאָלק פון פויערים, און אין דעם דאָזיקן סעזאָן האָבן זיי געענדיקט אַריינגעמען אַלצ־דינג פון די פעלדער און גערטנער, איבערהויפּט אַ ווייַנטרויבן פון די וויינ־גערטנער. האָבן זיי אין אָט דער צייט פון יאָר געפייערט אַ גרויסן יום־טוב און זיך געפרייט פאַר ג־ט. זיי האָבן אים געדאַנקט און געלויבט פאַר דער גוטער גערעטעניש אין שייער און אין קעלטער, אַטן זיי האָבן אויך תפילה געטאָן צו אים, ער זאָל שיקן אַ נייעם רעגן צום נייעם יאָר.

דער דאָזיקער יום־טוב האָט אַ מאָל געהאַט מערערע נעמען אָדער באַ־צייכענונגען. מ'האָט אים גערופן „חג־האָסיף" — דער יום־טוב פון איינ־זאַמלען, אויך „חג הסוכות" — דער יום־טוב פון די ביידלעך, און אויך קורץ „החג", דער יום־טוב, אָדער אויך „חג ד'" — ג־טס יום־טוב (ויקרא כ"ג, ל"ט; מלכים א, ח', ב'). אויך אין משנה ווערט סוכות אָנגערופן קורץ „חג". משמעות אַז „חג" האָט לכתחילה באַדייט דער רעליגיעזער טאַנץ, די פּראָ־צעסיע פון דעם יום־טוב.

איז פון דעם צו זען, אַז סוכות האָט אין לעבן פון פאָלק געשפּילט אַן ערך אַ גרעסערע ראָל ווי די אַנדערע צוויי לאַנדווירטשאַפטלעכע יום־טובים, און

אַז מ׳האָט געזאָגט „דער יום־טוב" האָבן אַלע געוווּסט, אַז מ׳האָט דערמיט געמיינט דעם גרויסן יום־טוב פון האַרבסט — סוכות.

לויטן דין האָבן אַלע מאַסנבילן באַדאַרפט עולה־רגל זיין אין אַ גרעסערן הייליקטום אויף אַלע דריי גרויסע יום־טובים. אָבער פסח און שבועות, אין דער צייט פון שניידן און דרעשן די תבואה, איז שווער געווען פאַר דעם יידישן פויער אַוועקצוגיין פון דאָרף. דאָס האָט ער געקאָנט טאָן נאָר אויף דעם האַרבסט יום־טוב, ווען ס׳איז געווען אַראָפּגענומען פון פעלד און גאָרטן מיט אַ גרויסן געמיט האָט ער געקענט דעמאָלט אַוועקגיין פון דער היים און זיך פרייען פאַר ג־ט אין אַ גרעסערן הייליקטום.

לויט ווי דער תנ״ך דערציילט, איז צו זען אַז אין די עלטערע צייטן פון דער יידישער מלוכה האָט מען ניט באַדאַרפט גיין גראָד קיין ירושלים, ווען מ׳האָט געוואָלט עולה־רגל זיין אין אַ גרעסערן הייליקטום. אויך אין אַ סך אַנדערע שטעט זיינען געווען אויסגעבויטע בתי מקדשים, אפשר ניט אַזעלכע שיינע, אָבער דערפאַר פיל עלטערע ווי דער בית המקדש פון ירושלים, און אין אָט די הייליקע ערטער פלעגט געפייערט ווערן מיט גרויס פּאַראַד דער פייערלעכער יום־טוב סוכות.

אָט אין גאָר די אַלטע צייטן, איידער נאָך די יידישע מלוכה איז געגרינדעט געוואָרן, איז שילו געווען דאָס באַרימטע הייליקטום אין מיטלסטן טייל פון דעם לאַנד, אויפן „הר אפרים". און אין ספר שופטים ווערט דערציילט, אַז די טעכטער פון שילו פלעגן אַרויסגיין אין די וויינגערטנער אין אַ טאַנץ פּראָצעסיע לכבוד דעם פרייליכן יום־טוב, דעם „חג לד׳". און אין ספר שמואל א, א׳ ווערט דערציילט, ווי עולה־רגלניקעס פון דעם באַרג לאַנד אפרים קומען מיט זייערע ווייבער און קינדער אין דעם הייליקטום פון שילו צו פייערן דעם יום־טוב. זיי שעכטן דאָרטן קרבנות און, גרופּעס אין פאַמי־ליעס מאַכן זיי מאָלצייטן פון פלייש פון קרבן און עסן און טרינקען און הוליען. אָט אלקנה, שמואלס פאָטער, ווערט פאַרגעשטעלט פאַר אונדז אַזאַ עולה־רגלניק אין שילו, וואָס קומט אַהין יאָר־איין, יאָר־אויס מיט זיין גאַנצן הויזגעזינט אויף דעם יום־טוב.

ווען שלמה המלך האָט אויפגעבויט דעם בית המקדש אין ירושלים, איז סוכות געווען דער ערשטער יום־טוב, וואָס איז אין אים געפייערט געוואָרן. אַרום צוויי־דריי הונדערט יאָר נאָך שלמהן, אין דער צייט פון ישעיהו הנביא, ווערט דערמאָנט, ווי מ׳פייערט דעם דאָזיקן יום־טוב אין ירושלים. מען מאַר־שירט אין דער יום־טוב נאַכט אין אַ הייליקער פּראָצעסיע, מ׳זינגט הייליקע געזאַנגען, מ׳שפּילט מיט פלייטן און מיט פריילעכע הערצער גייט מען אַרויף צום באַרג פון בית המקדש, צו ג־ט — (ל, כ״ט).

משמעות, אַז דער יום־טוב סוכות איז דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כ׳מלדיקע פאַרשייטע הוליאַנקע. ס׳האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס אין טריב־

קען און הוליען. איז דעריבער, דער נביא עמוס אויפגעטראָטן אין דעם טעמפּל פון בית־אל אויף דעם פרייליכן יום־טוב, און די טומלדיקע פרייד האָט אויף אים אַזאַ שלעכטן איינדרוק געמאַכט, אַז ער האָט פאַרדאַמט דאָס הייליקטום מיט דעם גאַנצן צערעמאָניאַל פון דעם יום־טוב (ה, כ״ו־כ״ז). אויך הושע הנביא, וועלכער איז אויפגעטראָטן אין מלכות ישראל אַ קורצע צייט נאָך עמוסן, האָט פּראָטעסטירט קעגן דער וואַקכאַנאַליע פון דעם האַרבסט יום־טוב (ט׳, א׳).

דאָס אייגענע איז אויך אָנגעגאַנגען אין מלכות יהודה. אויך ישעיהו הנביא, וועלכער איז געווען אין ירושלים, שילדערט ווי אַלע כוהנים און נביאים, זיינען שיכור אין דעם הייליקטום (כ״ח, ז׳־ח׳).

אָבער דאָס פאָלק האָט ווייניק וואָס געפאָלגט די גייסטיקע פירער און לערער זיינע און ווייטער געהוליעט און געטרונקען אין דעם „חג״.

דער כאַראַקטער פון סוכות האָט זיך געענדערט אין דער צייט פון יאשיהו המלך. אין זיין צייט האָט מען אָפּגעשאַפט אַלע הייליקטימער פון דער פּראָווינץ און דערקלערט דעם בית המקדש פון ירושלים פאַר דעם איינציקן הייליקן אָרט פאַר אַלע יידן. דער יום־טוב האָט דאַן געקראָגן אַן אַנדער אויסזען, ווען אַלע יידן האָבן עולה־רגל געווען אין איין הייליקן אָרט, אין ירושלים. אָט דאָס, וואָס דער יום־טוב האָט פאַראייניקט אַלע יידן אין איין הייליקטום, האָט אים צוגעגעבן אַ נייע נאַציאָנאַלע באַדייטונג.

נאָך מער האָט געווירקט דער גלות און די אומשטענדן, אין וועלכע יידן האָבן געלעבט נאָכן גלות, אָפּצושוואַכן די טומלדיקע פאַרשייטקייט פון דעם סוכות־פרייד. די פאַרבינדונג פון דעם יום־טוב מיט דעם נאַטור־לעבן איז וואָס ווייטער געוואָרן לויזער. מ׳האָט אים דעריבער אָנגעקניפּט אָן די גרויסע געשעענישן אין דער אַלטער צייט, ביים אָנהויב פון דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, ווען יידן זיינען נאָך געווען וואַנדערנדיקע פאַסטוכער אין מדבר און זיינעו געזעסן אין געצעלטן (ויקרא כ״ג).

אַלס דעם פרייליכסטן יום־טוב טרעפן מיר סוכות אויך אין דער לעצטער צייט פון צווייטן בית המקדש. די יידן פון בבל פלעגן עולה־רגל זיין אויף די יום־טובים אין די טויזנטער. זיי פלעגן זיך צונויפטרעפן אין די צוויי שטעט נהרדעא און נציבין, דאָרטן מיט נעמען דאָס געלט, וואָס די יידן פון מעסאָ־פּאָטאַמיע פלעגן שיקן יערלעך אויפן בית המקדש, און אַזוי ציען צוזאַמען אין גאַנץ גרויסע קאַראַוואַנען קיין ירושלים (זע, יוזעפוס „אַלט יידישע גע־שיכטע״, בוך 18, קאַפּ. 9).

פאַרטרעטער פון שטאָט שטייען ביי די טויערן און באַגריסן די אומצאָ־ליקע מחנות עולה־רגלניקעס, וואָס קומען אָן פון אַלע זייטן. זיי קומען פון אַ סך לענדער, זיי רעדן פאַרשיידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן, אָבער זיי

פילן זיך אַלע ווי ברידער. וואָרום אַלע זיינען זיי קינדער פון איין פאָלק און פאַר זיי אַלעמען איז ירושלים די הייליקע שטאָט.

די עולה־רגלניקעס, וואָס פילן אָן די שטאָט, קימערן זיך ווינציק וועגן אכנסיות. ס'איז פאַר זיי גענוג אַ סוכה. איז אומעטום פול מיט סוכות. ווו נאָר מ'גייט און מ'שטייט, זעט מען סוכות, געמאַכטע פון פאַרשיידענע סאָרטן געדיכטע צווייגן. אין די דאָזיקע סוכות עסט מען און מ'שלאָפט.

אַלע זיינען גוט אויפגעלייגט. אויף אַלע פּנימער ליגט פרייד, מ'טאַנצט און מ'הוליעט. מ'איז כסדר פאַרנומען. קוים וואָס מ'האָט צייט צו עסן. וואָרום גלייך אין דער פרי איז מען שוין אין בית המקדש צו זען דעם פאַראַד ביים גיסן ד'אָס וואַסער אויפן מזבח. און אַז מ'קומט צוריק פון דעם נאָך פיל גרעסערן פאַראַד פון „שמחת בית השואבה", פון דעם פאַקל־טאַנץ, וואָס קומט פאָר אין בית המקדש ביי נאַכט, איז שוין ליכטיק דער מאָרגן.

אַלע טאָג, נאָכן פאַרברענגען דעם טעגלעכן קרבן, גיסט מען נאָר ווייַן אַלס גיס־אָפּפער אויפן מזבח. סוכות אָבער גיסט מען אויך וואַסער, און דאָס ווערט געטאָן מיט ספּעציעלע פייערלעכע צערעמאָניעס. (דאָס גיסן וואַסער אויפן מזבח איז קענטיק געווען אַ סגולה אויף רעגן (ראש השנה, ט"ז).

ס'ציט זיך אַ פריילעכע פּראָצעסיע פון „הר הבית" אַראָפּ צום קוואַל „שלוח", פאָרויס גייט אַ כוהן מיט אַ גרויסן קרוג אין האַנט, מיט דעם דאָזיקן קרוג שעפּט ער דאָרטן אָן דאָס וואַסער צו גיסן אויפן מזבח. ער קערט זיך אום צום „הר הבית" און קומט צו דעם וואַסער־טויער (שער המים), וואָס פירט צו דער אינעווייניקסטער „עזרה" (לויט דער משנה מדות, פּרק ב׳).

האָט דער טויער געטראָגן צוליב אָט דער צערעמאָניע דעם נאָמען „שער המים". שער המים ווערט שוין דערמאָנט אין נחמיה ח, א'). דאָרטן שטייט שוין אַ גרויסער עולם און וואַרט אויף אים. מ'נעמט אים אויף מיט גרויס שמחה. כהנים בלאָזן אין זילבערנע טרומייטן; „תקיעה, תרועה, תקיעה" און מ'זאָגט די ווערטער: „און איר וועט שעפּן וואַסער מיט פרייד פון די קוואַלן פון הילף" (ישעיה י"ב, ג).

אין דער דאָזיקער צייט, ווען איין פּראָצעסיע באַגלייט דעם כוהן צום „שילוח" צו שעפּן וואַסער, גייט אַראָפּ אַ גרופּע כוהנים אין אַ צווייטער פּראָצעסיע קיין „מוצא", אַן אָרט לעבן ירושלים, צו ברענגען פון דאָרטן פרישע. לאַנגע צווייגן פון ווערבע־ביימער (ערבות). די דאָזיקע ווערבעס שטעלן די כוהנים אַוועק ביי די זייטן פון מזרח, מיט די שפּיצן זייערע אַריבער־געבויגן איבער די ווינקלען פון מזבח. דער מזבח איז שוין אַרומגע־שטעל'ט מיט געדיכטע צווייגן. דער מאָרגן־אָפּפער איז שוין פאַרברענט. גייט דער כוהן מיטן קרוג וואַסער אין האַנט אַרויף אויבן אויפן מזבח, ווו ס'שטייען צוגעגרייט צוויי זילבערנע בעקענס, איינער פאַר דעם וואַסער און דער אַנדערער פאַר דעם ווייַן... יעדערער פון די צוויי בעקענס האָט אַ שמאָלן

שנויץ. ווען דער כוהן האָלט ביים אַריינגיסן דאָס וואַסער אין בעקן, ס'זאָל דורכן שנויץ זיך אַראָפּגיסן אויפן מזבח, שרייט דאָס פאָלק, וואָס שטייט דערביי: „הויב אויף דיין האַנט"! וואָרום מ'וויל זען, צי ער גיסט טאַקע דאָס וואַסער אין בעקן און ניט אויף דער ערד (מ'האָט געוואָלט זיין זיכער מיט דעם, ווייל די צדוקים זיינען געווען קעגן דעם דאָזיקן מנהג — סוכה מ"ח, ב').

נאָכן אויסגיסן דעם גיס־אָפּפער בלאָזט מען ווידער תקיעה, תרועה, תקיעה", און ס'הויבט זיך אָן די פּראָצעסיע. אַ לאַנגע ריי פון כוהנים מיט צווייגן פון וואַסער־ביימער און די הענט, גייט אין אַ הקפה אַרום דעם מזבח. די לויים זינגען „הלל" אין אַ כאָר. ווען זיי קומען צו די פסוקים: „אָ, ג־ט העלף! אָ, ג־ט, באַגליק"! הויבט אָן דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם אין דער עזרה שאָקלען די לולבים און זאָגט מיט הויך אויפן קול: „אָ, ג־ט העלף! יאָ, ג־ט באַגליק"!

אָבער די פריילעכסטע און אינטערעסאַנטסטע צערעמאָניע פון גאַנצן יום־טוב איז די ליכט־פייערונג, דער פאַקל־טאַנץ, וואָס קומט פאָר ביי נאַכט אין בית המקדש, אין דעם גרויסן הויף פון די פרויען. מ'רופט עס „שמחת בית השואבה", די שמחה מיט שעפּן דאָס וואַסער. (סוטה נ', ב'). ווער ס'האָט ניט געזען, זאָגט מען, די דאָזיקע שמחה, דער האָט אין זיין לעבן קיין שמחה ניט געזען.

ס'איז דער אָוונט נאָך דעם ערשטן טאָג יום־טוב, די גרויסע „עזרה" פון די פרויען איז שוין צוגעגרייט פאַר דער פייערונג. אויף אַרום דער עזרה זיינען געמאַכט גאַלעריען פאַר די פרויען, און אונטן זיינען די מענער. אין דער „עזרה" ברענען גרויסע גילדערנע מנורות, וואָס מ'האָט אַוועקגעשטעלט אויף סלופּעס פּופּציק איילן די הויך. יעדע מנורה האָט פיר רערן, און יעדער רער ענדיקט זיך אויבן מיט אַ גרויסן קאָפּ; אַ גילדערנער בעקן פאַר אויל אַריינצוגיסן. צו צעקומען צו די מנורות פירן פיר לייטערס, און יונגע כוהנים שטייען אויף זיי מיט ריזיקע קרוגן אויל אין זייערע הענט. שטייען זיי אויף די לייטערס און גיסן צו כסדר אויל אין די בעקענס פון די קרוגן. אין דעם אויל ברענען קנויטן, וואָס מ'האָט געמאַכט פון אַלטע, צעריסענע הויזן און גורטן פון די כוהנים. פלאַקערן ריזיקע פלאַמען, אַז גאַנץ ירושלים איז דערפון באַלויכטן.

די פלאַמען פלאַקערן אויף, דער פלייט שפּילט, און ס'הויבט זיך אָן אין דער עזרה אַ פאַקל־טאַנץ, אין וועלכן ס'באַטייליקן זיך די שענסטע און פרימסטע יידן פון ירושלים.

און אַזוי גייט אָן די פרייד ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף דעם פּופּצן שטאַפּלדיקן טרעפּ, וואָס פירט פון פאָרהויף פון די פרויען צום הייליקטום אינעווייניק, שטייען די לויים מיט האַרפן, צימלען, פלייטן, פויקן, טרומייטן

און נאָך אויך אַנדערע שפּיל אינסטרומענטן און שפּילן און זינגען צו די טענץ. זיי זינגען אין אַ כאָר די שיר המעלותן פון תהילים.

נאָך דעם ווי די לוויים האָבן זיך שוין צוריקגעצויגן, שטייען אויבן אויפן טרעפּ צוויי כוהנים מיט זילבערנע טרומייטן אין די הענט און וואַרטן, ס'זאָל זיך אָנהויבן דער טאָג. ווען דער האָן קרייט, בלאָזן די כוהנים אין טרומייטן „תקיעה, תרועה, תקיעה". דאָס איז אַ סיגנאַל, אַז די פייערונג איז געענדיקט. זיי גייען אַראָפּ צום צענטן טרעפּל און בלאָזן ווידער, ביז זיי קומען אַראָפּ אונטן אין דער עזרה און בלאָזן ווידער, און בלאָזנדיק קומען זיי צו דעם מזבח־טויער. דאָן דרייען זיי זיך אום מיט די פּנימער צו מערב און זאָגן: אונדזערע עלטערן פלעגן אויף אָט דעם אָרט שטיין מיט די רוקנס צו ג־טס הויז און מיט די פּנימער צו מזרח און זיך בוקן צו דער זון, אָבער מיר — צו ג־ט זייַנען אונדזערע אויגן. און ווען ס'לייכט שוין אויף טאָג, עפנט מען די טויערן פון „הר הבית", און דער פאַרזאַמלטער עולם פון דער עזרה גייט אַ היים.

אויף מאָרגן, נאָך דעם זיבעטן טאָג סוכות, איז שמיני עצרת, אַ ספּע־ציעלער אַכטער טאָג יום־טוב, אַלס אָפּשלוס פייערונג פון סוכות. אָבער אָן אַלע סימבאָלן זייַנע: אָן דער סוכה און דעם לולב און אָן די ווערבעס.

די עולה רגלניקעס גרייטן זיך שוין צו גיין אַ היים. אין בית המקדש איי מען איצט מקריב דעם אָוונט־אָפּפער פון דעם טעגלעכן קרבן. שטייען יידן אין דער „עזרה" און קוקן, צו וועלכער זייט ס'בויגט זיך דער רויך פון מזבח. דאָס איז אַ סימן, זאָגן זיי, וואָס פאַר אַ גערעטעניש ס'וועט זיין קו־מענדיקן יאָר. בויגט עס זיך צו צפון, פרייען זיך די אָרעמע לייט און ס'ווערן אומעטיק די רייכע; ווייל דאָס ווייזט אויף אַ יאָר מיט אַ סך רעגן. אין אַזאַ יאָר איז ביליק שפּייז און האַלטן די לאַנד־פּראָדוקטן אויף ספּעקולאַציע קען מען ניט, ווייל זיי ווערן פאַרפוילט. בויגט ער זיך צו דרום, ווערן אומעטיק די אָרעמע לייט און ס'פרייען זיך די רייכע; ווייל דאָס ווייזט אויף אַ יאָר מיט ווייניק רעגן. און אַזאַ יאָר איז טייער שפּייז, און די לאַנד־פּראָדוקטן זייַנען טרוקן און מ'קען זיי האַלטן. בויגט ער זיך צו מזרח, זייַנען אַלע פריילעך: ווייל דאָס ווייזט אויף אַ יאָר, וואָס וועט פאַר אַלעמען זיין גוט. בויגט ער זיך צו מערב, זייַנען אַלע אומעטיק: ווייל דאָס ווייזט אויף דעם מזרח־ווינט, וואָס טרינקט אויס די תבואה, און ס'איז ניטאָ וואָס צו עסן און ניט וואָס צו האַלטן פאַר מסחר (יומא כ"א).

דורכן צווייטן חורבן פון ירושלים און דעם בית המקדש האָט סוכות אָנ־געוואָרן אַ סך פון זיין גלאַנץ. אָבער ער איז אויך ווייטער פאַרבליבן דער גרויסער און פריילעכער יום־טוב ביי יידן. אויך די סימבאָלן זייַנע האָבן זיך אויפגעהיט ביז היינטיקן טאָג.

יידן האָבן אויך ניט אויפגעהערט שלאָגן מיט צווייגן פוןווערבע־ביימעלעך אָן דער ערד דעם זיבעטן טאָג סוכות. דער דאָזיקער טאָג האָט אין די שפּעטערע צייטן באַקומען דעם נאָמען „הושע נא רבה״.

אין מיטלאַלטער האָט הושע נא רבה אַלץ מער און מער באַקומען ימים־נוראימדיקן שטריכן, ביז ער איז מיט דער צייט, פון פערצנטן יאָרהונדערט אָן געוואָרן כמעט אַ צווייטער יום־כפור.

אין די שפּעטערע צייטן פון נאָכן חורבן איז אויך צוגעלייגט געוואָרן אַ נײַנטער טאָג צו סוכות. ווארום מ׳האָט געוואָלט זיין אויסגעהאַלטן מיט דעם „צווייטן יום־טוב פון גלות״, און מ׳האָט דעריבער באַשטימט אויך אַ צווייטן טאָג שמיני־עצרת. דער דאָזיקער טאָג האָט באַקומען דעם נאָמען „שמחת תורה״, ווייל מ׳ענדיקט און אים לייענען אין שול די לעצטע סדרה פון חומש (וזאת הברכה) און מ׳הויבט אויך גלייכצייטיק לייענען די ערשטע סדרה (בראשית).

דערמיט האָט די פרייליכקייט פון סוכות פאַרלאָרן די לעצטע פאַרבינדונג, וואָס זי האָט געהאַט מיט דעם לעבן אין דער נאַטור, מיט דעם סעזאָן פון יאָר. מ׳האָט אויך ווייטער געהוליעט, ווי אין די אַלטע צייטן. אָבער די שמחה, האָט באַקומען אַ נייעם מאָטיוו. ניט מיט די ווייַנטרויבן און די איילבערטן האָט מען זיך געפרייט, נאָר מיט דער תורה. און דער ענין סוכה און לולב האָט באַקומען נייע כוונות און געדאַנקען, און זיינען געוואָרן איבערהויפּט רעליגיעזע סימבאָלן.

# קאַפּיטל 30

„ביי דער באַנייאונג פון דער פעסטונג פון ירושלים, ווערט די שטאָט געהייליקט מיט געזאַנג, מיט שמחה און דאַנקגעבונגען".

(בחנוכת חומת ירושלים... לעשות חנוכה ושמחה ובתודות.— נחמיה י"ב, ר"ז).

# חנוכה — דער יום־טוב פון יידישן גייסט

דער יום־טוב חנוכה איז געבאָרן געוואָרן מיט העכער צוויי טויזנט יאָר צוריק. געשען איז דאַן אָט־וואָס: ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן צוויי פאַרשיידענע קולטורן — צווישן גריכנטום (העלעניזם) און יידנטום, צווישן באַרג סיני און דעם באַרג אָלימפּוס. זייער טיף איז געווען דער קאָנטראַסט צווישן אָט דיביידע פאַרשיידענע קולטורן.

כידוע, וואָרנט אונדז תמיד די יידישע קולטור, וואָס שטראַלט אַרויס פון אונדזער תורה. אַז „קדושים תהיו" — איר זאָלט זיין הייליק! — זיך דער ווייטערן פון טומאה (אומרייניקייט), פון אבערגלויבעריי, פון געצנדינסט און פון אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידישע אינסטינקטן. אָט די דאָזיקע לאָזונג איז געוואָרן ביי דעם ייד דער מיטל־פונקט פון זיין אויפפירונג. דער היפך לגבי דעם איז ביי די העלעניסטן. אונטער אַלע באַדינגונגען האָבן זיי דעם געצנדינסט נישט אויפגעגעבן. זיי האָבן געדינט צו פאַרשיידענע אָפּגעטער, אַפילו אין די העכסטע צייטן פון זייער קולטורעלער דערגרייכונג, אין דער צייט, ווען אונדזער קולטור האָט תיכף ביים סומע אָנהויב געלערנט, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, זיינען ביי די העלעניסטן געווען די מענטשן איינגעטיילט אין קלאַסן, אין העכערע און נידעריקע, אין אַריסטאָקראַטן און שקלאַפן. ובעיקר אונטערשיידן זיך ביידע קולטורן, וואָס די גריכן האָבן צוגעגעבן די גרעסטע באַדייטונג דער שיינקייט פון דער נאַטור און דער קערפּערלעכער שיינקייט און שטאַרקייט פון מענטשן, בעת ביי די יידן איז העכער פון אַלץ געשטאַנען די גייסטיקע שטאַרקייט און שיינקייט.

אמת, דער ייד האָט אויך ליב געהאַט די נאַטור, ווי ס׳לויטעט די באַ־שרייבונגען פון דער נאַטור אין תנ״ך. מוז אָבער גענומען ווערן אין אַכט, אַז ס׳איז אַ באַשרייבונג נישט נאָר צוליב קערפּערלעכן געָנוס, נאָר דאָס דאַרף פירן דעם מענטשן צו העכערס, אַז ער זאָל דערפילן די גאָטהייט, און זאָל זיך פירן לויט די געזעצן פון דער תורה, וואָס צייגן דעם וועג פון עטיק און מאָראַל.

ס׳איז באַוווּסט, אַז דאָס העכסטע וואָס גריכנלאַנד האָט אַרויסגעגעבן זיינען אירע פילאָזאָפן מיט זייערפילאָזאָפיע. אָבער די יידישע גייסטיקע פירער זיינען גאַנץ אַנדערש פון די גריכישע פילאָזאָפן און די יידישע לערע איז אַנדערש פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. די גריכישע פילאָזאָפן זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיק. יעדער איינער האָט אויסגעאַרבעט אַן אַנדער טעאָ־ריע; יעדער האָט געהאַט זיין וועג, זיין וועלט אַנשויאונג, בעת ביי יידן איז געווען איין פילאָזאָפיע. אָנהויבנדיק פון משה רבנו, נאָכהער די נביאים און שפּעטער די חכמים, זיינען אַלע געגאַנגען מיט איין וועג, וואָס ס׳איז פאַראַן איין ג־ט, און ער פאַרלאַנגט פון אונדז, אַז מיר זאָלן לעבן אין גערעכטיקייט, מיר זאָלן זיין מאָראַליש ריין און אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך.

דער גריכישער פילאָזאָף זאָגט, אַז נאָר פילאָזאָפיע קען ווייזן דעם מענ־טשן דעם וועג צום לעבן, אַז נאָר דאָס דענקען איז דער עיקר פון דעם מענטשן, און אַלץ דאַרף זיין געבויט נאָר אויף דעם מענטשנס שכל. און די יידישע גייסטיקע פירער זאָגן, אַז דער עיקר איז נישט די חכמה, נאָר די מעשים טובים, די גוטע טאָטן, די שיינע אויפפירונג. ווי דער נביא ירמיה זאָגט: „זאָל דער חכם נישט באַרימען זיך מיט זיין חכמה, באַרימען זיך קען דער, וואָס איז באַרימהאַרציק און לעבט אין גערעכטיקייט (ט׳, כ״ב). און די חכמים זאָגן: „לא המדרש אלא המעשה עיקר״ — „נישט דאָס וואָרט איז דער עיקר, נאָר די טאַט״, און ברייטערן אויס דעם דאָזיקן רעיון, זאָגנדיק: „דער וואָס זיינע מעשים זיינען מער ווי זיין חכמה, האָט זיין חכמה אַ קיום; און דער וואָס זיין חכמה איז מער ווי זיינע מעשים, האָט זיין חכמה קיין קיום ניט״. (פרקי אבות ג׳).

אין אַלגעמיין קען געזאָגט ווערן, אַז די גאַנצע גריכישע פילאָזאָפיע איז געווען אַ לערע נאָר פאַר איינצלנע מענטשן און דאָס גאַנצע פאָלק איז גע־בליבן ביי זיינע פרימיטיווע באַגריפן. להיפך, האָט אונדז געזאָגט משה רבנו: „איך ווינטש, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיין פראָפעטן״.

אָט אין אַזאַ תקופה איז אויסגעקומען דעם ייד צו קעמפן פאַר דעם אידעאַל פון דער תורה. די פעלזן־פעסטע יידן, פון די חשמונאים־משפחה, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער גריכיש־יידישער אַסימילאַציע, האָבן גוט פאַרשטאַנען דעם מיין פון דער דאָזיקער כלומרשטער אַסימילאַציע. אַזוי לאַנג ווי דער אַסימילאַטאָר פאַרקויפט זיין גייסט צו אַ פרעמד פאָלק, שטעלט ער זיך נישט

אָפּ ביז ער שענקט נישט אַוועק זיינע קינדער אָדער קינדס-קינדער דער פרעמדער פאַרשלינגנדיקער אומה, אויב ער אַליין איז נאָך אַסימילאַטאָר, קען דער דאָזיקער צושטאַנד נישט בלייבן ווי ער איז, ווען זיינע קינדער נעמען עס איבער; זיי דערפירן שוין צו אָפּפרעמדונג ווייטער און ווייטער, ביז די משפחה ווערט אינגאַנצן אָפּגעשניטן פון יידישן פאָלק. דער אַסימילאַטאָר פרעדיקט, אייגנטלעך, אַ צייטווייליקע יידישקייט, אַ מין איבערגאַנג שטופע. ער גופא האָט נאָך שטיקלעך פאַרפוילטע וואָרצלען, וואָס האַלטן אים געבונדן צו זיין שטאַם. אָבער ער ווייס ווויל, אַז זיינע קינדער און אייניקלעך וועלן שוין אַפילו זיינע שוואַכע דערמאָנונגען נישט האָבן, און זיי וועלן אינגאַנצן אָפּגעריסן ווערן פון פאָלק.

אויך לעבן מיר היינט, בעו"ה, און אַזאַ מין תקופה. ס'איז שוין פאַראַן אין יידישן פאָלק אַ היפּשע צאָל, וואָס איז נוטה צו רעפאָרם יידישקייט, מיטן אויסרייד אַז די יידישע קינדער זאָלן זיך נישט דאַרפן שעמען פאַר די אַנדערע קינדער פונעם פרעמדן פאָלק, צווישן וועלכן זיי לעבן זיך אויס.

אַט אַזאַ מין יידישקייט טראָגט אַ כאַראַקטער פון אַסימילאַטאָרישער סעקטע, וואָס פרעדיקט כסדר, אַז מ'זאָל זיך פירן ככל הגויים. און מיט דעם, וואָס דער ראַבּיי אַליין גייט נאָך מכלומרשט אין טעמפּל און די קינדער פירט מען, צו דער זעלבער צייט, אין קירכע, מיינט מען אַז דאָס גאַנצע יידנטום ווערט געזונט.

נאָר דער חילוק צווישן דער אַמאָליקער העלעניזאַציע און היינטיקער אַסימילאַציע באַשטייט אין דעם: די היינטיקע אַסימילאַטאָרן פירן דעם קאַמף געדולדיק, לאַנגזאַם אַריינצוציען דעם יונגן דור אין אַ שותפות פון יודעאָ-קריסטלעכקייט, ווען די העלעניסטן האָבן געפירט אַ קאַמף פון באַלדיקער אָפּפרעמדונג פון יידישן שטאַם. זיי האָבן פיינט געהאַט דעם שפּיל פון אַסימילאַציע און נישט געוואָלט וואַרטן אויף די אייניקלעך, נאָר זיי האָבן שוין געוואָלט אַז יידן זאָלן פעלשן אין זייער אמונה און אין זייער תורה.

דעריבער, ווען די מכבים האָבן געקעמפט קעגן דער גריכיזאַציע, האָבן זיי בעיקר געקעמפט פאַר דער רעליגיעזער פרייהייט, פאַר דער ריינקייט פון יידישן גייסט. די אַסימילאַטאָרשע אָפּנאַרעריי מיט דער גריכישער ציוויליזאַציע האָט געפלאַצט. אָבער אַנטיוכוס הרשע, דער סירישער דעספּאָט, האָט זיך נישט געלאָזט נאַרן. ער האָט געפאָדערט באַלדיקע פאַרחזירונג פון יידישן גייסט. ער האָט געגעבן די קלאָרע, אולטימאַטיווע דעפיניציע פון דעמאָלדיקער אַסימילאַציע.

דער קאַמף פון די חשמונאים-משפחה פאַר דער ריינקייט פון יידישן גייסט איז אָנגעגאַנגען קעגן דעם אכזר אַנטיוכוס. זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט קיין שותפות, קיין יודעאָ-גריכישער ציוויליזאַציע, אונטערן דרוק פון אַזאַ ווילדן דעספּאָט. ווייסנדיק, אויב מ'וועט זיך אונטערגעבן דער פרעמדער

קולטור, וועט דאָס ליכט פון דער יידישער ציוויליזאַציע פאַרטונקלט ווערן, ביז אונטערגאַנג.

די חשמונאים האָבן אויף אַזאַ אופן געלייגט דעם יסוד פאַר קאַמף קעגן טומאה, קעגן דער אונטערדריקונג פון גייסט, וואָס דינט אַלס אַ דוגמא, צו שטיין תמיד אין קאַמף קעגן אַוועלכער ס'איז אַריינדרינגונג פון אַסימילאַציע אין אַלע צייטן.

אַט דער גרויסער נצחון פון די העלדישע חשמונאים איז פאָרגעקומען דעם 25טן טאָג אין חודש כסלו. זיי האָבן דאַן באַנייט דעם בית המקדש. דעם פּרעכטיקן קולטור־צענטער וואָס איז געשטאַנען אין ירושלים. אונדזערע חכמים גיבן אָן אַז ס'איז דערביי געשען אַ נס. מ'האָט געלאָזט אָנצינדן די מנורה, וואָס האָט געברענט אַלס אַ נר תמיד אין בית המקדש, האָט מען געמוזט האָבן ריינעם בוימל, — די געצנדינער זאָלן ניט האָבן אים מטמא געווען. מ'האָט אין ערגעץ דאָן ניט געקאָנט קריגן, נאָר סיידן נאָך אַ מהלך־וועג פון פיר טעג גאַנג, וואָס האָט געדאַרפט דויערן ברענגען אַכט טעג, גייענדיק הין און צוריק.

אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל, אין בית המקדש, האָט מען דאַן געפונען אַ פאַרחתמעטן קריגל בוימל, וואָס האָט נאָר געקאָנט אָנהאַלטן בלויז איין מעת־לעת. איז אַזוי אַרום געשען אַ נס און דאָס קריגעלע בוימל האָט געקלעקט פאַר די גאַנצע אַכט מעת־לעת, ביז מ'האָט געבראַכט פון דער ווייט ריינעם בוימל. האָבן די חכמים דעריבער פעסטגעשטעלט אַלס אַן אָנדענק, אַז מ'זאָל דעם דאָזיקן יום־טוב פייערן גאַנצע אַכט־טעג נאָכאַנאַנד. באופן, אַז מ'זאָל יעדער אויף דער נאַכט אָנצינדן אַ ליכטל מער, אַלס אַ סימבאָל, אַז דער ייד מוז תמיד זיין אַ מוסיף והולך — אַ שטייגנדיקער און וואַקסנדער כוח, זיין גייסט זאָל תמיד לייכטן וואָס מער און מער.

חנוכה איז דעריבער דער יידישער אייביקער יום־טוב. אַ יום־טוב געבאָרן אין ריינקייט און נישט אין קיין היפּאָקריטישער שותפות, נישט אין יודעאָ־גריכטנטום, אָדער אין יודעאָ־קריסטנטום.

איצט, ווען מיר האָבן, ב"ה, ווידער דערלעבט אָנצוצינדן דעם שטורקאַץ פון יידישער ציוויליזאַציע; איצט, ווען מיר פייערן שוין אַ ביי דאַטע פון דער דערגרייכונג פון אונדזער מדינה, דאַרף תמיד אונדזער ליכט ברענען ריין אָן דער שותפות פון יודעאָ־קריסטלעכקייט, כדי די אויפגייענדיקע ציוויליזאַציע זאָל ניט אַריינגעצויגן ווערן אין אַ פרעמדן גייסט, וואָס פּרעדיקט, אַז יידן זאָל זיך פירן ככל הגויים.

דעריבער, האָבן אונדזערע חכמים מתקן געווען צו זאָגן אין שייכות מיט חנוכה אין דער ברכה, דעם אויספיר פון „בימים ההם בזמן הזה" — אין יענע טעג, אין היינטיקער צייט. וואָס דאָס מיינט פּראָסט און פשוט, אַז די געשעענישן וואָס האָבן צוטאָן מיט חנוכה זיינען אַזעלכע, וואָס ווידערהאָלן זיך אין

גאַנג פון דער יידישער געשיכטע. צי יידן זיצן אין זייער אייגן לאַנד, ווי דאָס איז געווען דער פאַל דעמאָלט אין די טעג פון די חשמונאים, צי זיי זיינען צעשפּרייט איבער פרעמדע לענדער און צווישן פאַרשיידענע פעלקער, די פּראָבלעמען, וואָס שטייען אונדז פאַר אין קאַמף פאַר אונדזער קיום זיינען פּאַקטיש די זעלבע. אַ קאַמף קעגן די שונאים וואָס פאַרמערן זיך אונדז צו פאַרשלינגען נישט בלויז קערפּערלעך, נאָר אויך, בעיקר גייסטיק.

בכלל איז דער יום־טוב חנוכה אַרומגערינגלט מיט אַ סך אייביקע סימ־באָלן און ער איז אַ געשיכטלעכער מוז פאַר יידן, וואָס זיינען תמיד געווען אין כמות זייער קליין. חנוכה דערמאָנט אונדז אָן דעם קאַמף קעגן צוואַנג, קעגן טומאה, און גייסט־אונטערדריקונג; אָן דעם קאַמף פאַר דער ריינקייט און ליכט, ווי קליין דאָס קריגעלע בוימל זאָל נישט זיין; אָן דעם קאַמף פאַר רעליגיעזער דערהויבונג און קעגן דעספּאָטיזם. און איבערהויפּט נישט צו לאָזן זיך פאַר פירן פון דער לאָזונג „ככל הגויים”. — דאָס זיינען אַלץ געווען און געוואָרן יידישע קאַמפן דורך אַלע צייטן.

אָט דער דאָזיקער פייער־זייל פון „מעטים” קעגן „רבים” האָט אונדז געפירט, אַז מ'זאָל זיך נישט אָפּשרעקן פאַר דעם, וואָס מיר זיינען אין דער מינדערהייט. די „מעטים” האָבן זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן און געקעמפט קעגן אייגענע און פרעמדע שונאים.

אַזוי אַרום לערנט אונדז דער יום־טוב חנוכה, אַז מ'זאָל קיינמאָל ניט אָפּלאָזן דעם קאַמף קעגן אַלע מיני רעפאָרמען פון יידישקייט און קעגן אַלע מיני אַסימילאַטאָרישע בייגונגען, וואָס דערפירן צו אַן אָפּפרעמדונג פון יידישן גייסט. מיר מוזן תמיד געדענקען, אויב דער באַרג סיני האָט באַקעמפט דעם באַרג אָלימפּוס, וועט תמיד די ריינקייט פון יידישן גייסט באַקעמפן די אַלע מיני שותפותן אומעטום און אין אַלע צייטן. מעג עס אַפילו זיין אַ קליין קריגעלע בוימל, אבי ריין פון טומאה, פון יודעאָ־קריסטלעכקייט וועט עס מוזן זיגן. וואָרום, אונדזער תורה האָט תמיד געוואָרנט: „נישט צוליב דעם, וואָס איר זייט פיל מער פון אַנדערע פעלקער, נאָר דווקא צוליב דעם וואָס איר זייט ווינציק און צאָל, נאָר רייך אין גייסט”. טאָ זייט וויסן, אויב ס'האַנדלט זיך בין טוב לרע — צווישן גוט און שלעכט, צווישן ריין און אומרייך, צווישן רעכט און אומרעכט, איז נישט וויכטיק די כמות — דאָס קוואַנטום, נאָר בעיקר די איכות — די קוואַליטעט. דערפאַר זאָגן מיר אין „על הניסים” — „מסרת רבים ביד מעטים” — דו האָסט איבערגעגעבן דעם „רבים” אין די הענט פון אַ „מיעוט”, וואָרום דאָרט, ווען ס'האַנדלט זיך אין פאַרטיידיקן די געזעצן פון אונדזער תורה, וואָס איז דער יסוד פון אונדזער קיום, מוז תמיד די מינדערהייט זיגן. דאָס איז, וואָס דער יום־טוב חנוכה לערנט אונדז.

דעריבער מוז מען געדענקען, ווען די מכבים האָבן אָנגעצונדן דאָס ערשטע ליכטל אין בית המקדש, האָבן זיי גלייכצייטיק אָנגעצונדן אין אונ־דזער האַרץ, אין אונדזער נשמה, אָט יענעם געטלעכן פייערל, וועלכעס גיט מוט די שוואַכע צו קעמפן קעגן די שטאַרקערע. דאָס איז דאָס פייערל, וועלכעס מאַכט, אַז מענטשן זאָלן קענען אָפּפערן מיט זייער לעבן פאַר זייערע אידעאַל. אַזעלכע אידעאַלן וואָס זיינען באַשטראַלט מיט ליכט פון אונדזערע תורה; און, אַז דער יסוד פֿאַר קיום היהדות, אונטער השגחת הבורא, איז פֿאַרזיכערט די נצחיות פון דעם עם ישראל. ווי זאָגט דער נביא ירמיה: „דעם וואָס מאַכט די זון צו לייכטן ביי טאָג, און די לבנה מיט די שטערן צו לייכטן ביי דער נאַכט... ווען זיי וועלן אויפהערן צו לייכטן, וועלן די קינדער פון ישראל אויפהערן צו זיין אַ פֿאָלק (ל״א־ל״ה). וואָס די כוונה פון דעם מאמר איז: ווען דער עם ישראל איז איבערגעגעבן בקדושה ובטהרה צו דער אמונה פון עול מלכות שמים, איז זיין קיום פאַרזיכערט אויף אייביק.

ומהאי טעמא איז חנוכה באַצייכנט געוואָרן אַלס אַ יום־טוב פון גייסטי־קער דערהויבונג און דערלייזונג!

# קאַפּיטל 31

ג-ט לאָזט ניט רוען די געוועלטיקונג פון די רשעים אויף דעם גורל פון די צדיקים.—(תהלים קכ"ה).

# פּ ו ר י ם

א.—פּורים — דער יום-טוב פון יידישער רעטונג.

ב.—פּורים און מגילת אסתר.

— א —

## וואָס איז דער באַדייט פון דעם יום-טוב פּורים?

לויט ווי היסטאָריקער גיבן איבער, זיינען אין יעטווידער עפּאָכע פון דער אַלט־יידישער געשיכטע געשאַפן געוואָרן יום־טובים, אין וועלכע ס'זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן די השגות, די געפילן און די שטימונגען פון וועלכע יידן זיינען דעמאָלט געווען באַהערשט. נאָר מ'האָט זיי שפּעטער איבערגע־אַנדערשט און איבערגעשאַפן; מ'האָט אין זיי אַריינגעגאָסן אַ נייעם גייסט און געמאַכט פון זיי נייע אינסטרוקציעס.

נאָך אין גאָר דער עלטסטער צייט, ווען יידן זיינען נאָך געווען פּאַסטוכער פון שאָף אין מדבר, האָבן זיי געפייערט יום־טובים, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צו דעם לעבנסשטייגער פון די וואַנדערנדיקע פּאַסטוכער שבטים. שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און זיינען געוואָרן פּויערים פאַר־וואָרצלטע אין זייער לאַנד, האָבן זיי אָנגעהויבן פייערן די דריי פריילעכע נאַטור יום־טובים (פּסח, שבועות און סוכות), וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער אַרבעט, מיט סע:אָנען פון לאַנדווירטשאַפט. און אַזוי וואָס ווייטער האָבן יידן זיך פאַרנומען, אַלץ מער און מער אויף אַן אייגנאַרטיקן וועג אין

זייער גייסטיקער קולטור און אַלץ מער און מער האָבן זיי געזוכט אָפּצושיידן די יום־טובים פון דער נאַטור, פון די סעזאָנען פון יאָר, און אַריינצוגיסן און זיי אַ נייעם נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן אינהאַלט (ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן). דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין די צייטן פון דער מלוכה. אָבער צו בולטע און ווייטגרייכנדיקע רעזולטאַטן האָט עס געפירט ערשט שפּעטער, נאָך גלות בבל.

די יידישע רעליגיעזע השגות און געפילן זיינען דעמאָלט געווען אַ סך איידעלער, געלייטערטער און ערנסטער. אויך אויסערלעך האָט זיך געענדערט דאָס לעבן פון די יידן אַלס אַ פאָלק, ווייל זיי זיינען אין יענער צייט שטאַרק צעשפּרייט געוואָרן איבער אַ סך נאָענטע און ווייטע לענדער.

אַזוי אַרום, זיינען לויט די באַדערפענישן פון דער צייט געוואָרן יום־טובים, וואָס זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט די געשעענישן און איבערלעבונגען פון דעמאָלדיקער עפּאָכע. אויך אין די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר פון צווייטן בית המקדש, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר איינע פון די העכסטע און לעבעדיקסטע עפּאָכעס פון דער יידישער געשיכטע, זיינען אויפגעקומען אין די גאָר אַלטע צייטן. מחמת, יידן האָבן אין יענע צייטן פון צווייטן בית המקדש איבערגעלעבט שרעקלעכע נאַציאָנאַלע סכנות. מער ווי איינמאָל זיינען זיי געווען אין געפאַר צעדריקט און צעריבן צו ווערן דורך גרויסע אַרמייען, אונטער דער קאָמאַנדע פון יידן־פיינטלעכע גענעראַלן, וואָס די סיריש־גריכישע מלכים האָבן קעגן זיי געשיקט. אָבער יידן זיינען אַרויסגעקומען די זיגער; זיי האָבן צעשלאָגן זייערע פיינט, געגרינדעט אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה און אויסגעשפּרייט זייער הערשאַפט איבער גאַנץ ארץ ישראל.

אָט די גרויסע געשעענישן פון דער חשמונאים צייט, וועלכע האָבן כמעט ווי איבערגעאַנדערשט דאָס לעבן פון דעם יידישן פאָלק, האָבן זיך ווי געבעטן, אַז מ'זאָל זיי פייערן אַ יום־טוב; און אַזוי אַרום זיינען דעמאָלט אויפגעקומען דריי יום־טובים, אין וועלכע מ'האָט געפייערט די יידישע רעטונג: חנוכה, דער „יום נקנור" און פורים. פון די דריי יום־טובים פון יידישער רעטונג איז איינער דער „יום ניקנור" אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. ער האָט געמוזט אונטערגיין, ווייל נאָכן חורבן פון ירושלים, האָבן יידן מער ניט געקאָנט האָבן קיין אינטערעס צו פייערן אַ נצחון איבער אַ גריכישן גענעראַל. דער חנוכה יום־טוב האָט יאָ געקענט אָנהאַלטן זיין עקזיסטענץ דורך דעם רעליגיעזן כאַראַקטער, וואָס ער האָט אָנגענומען. וואָס שייך פורים, כאָטש ער איז ניט געוואָרן קיין רעליגיעזער יום־טוב, דאָך האָט ער אינגאַנצן אַרויסגעשטופּט זיין נאָענטסטן קאָנקורענט, דעם ניקאַנאָר־טאָג, און איז געבליבן עד היום דער באַליבסטער יום־טוב פון דער יידישער רעטונג. (דער יום ניקנור איז אַ מאָל געפייערט געוואָרן דעם 13טן טאָג אין חודש

אדר, מיט אַ טאָג פריער פאַר פורים) — דער יום־טוב פורים איז אַנטשטאַנען אין דעם לאַנד פערסיע. דער דאָזיקער יום־טוב האָט געגעבן מוט און האָפענונג צו אַלע יידן אין אַלע פינצטערע צייטן, אַז סוף־כל־סוף וועט קומען די ישועה און וועלן דערלעבן צו זען די מפלה פון זייערע שונאים און אונטערדריקער.

אָט די געשיכטע פון מגילת אסתר דינט פאַר יידן אין אַלע צייטן אַלע־גאַריש, פאַר דעם יידישן גורל אין דעם יידישן לעבן צווישן די פעלקער. און די דאָזיקע געשיכטע איז שטענדיק ניי, ווייל די יידישע שונאים לאָזן איר ניט אַלט ווערן; ס'איז אַ געשיכטע, וואָס אָטעמט מיט ליבע צו יידן, מיט געפיל פון צוגעבונדנקייט פון יעדן איינצלנעם יידן צום גאַנצן פאָלק, פון דעם פשוטן יידן פון דער מאַסע, ביז דער יידישער מלוכה אין קעניגלעכן הויף.

קאָן דערפאַר, דעם יום־טוב פורים מיט אַזאַ אינהאַלט אַפּעלירן צו אַלעמען אין אַלע צייטן, און זיין באַליבט ביי יונג און אַלט. דעריבער קען פורים ניט בטל ווערן, כל זמן פאַראורטיילן און שנאה קעגן יידן וועט הערשן אויף דער וועלט. ער איז געוואָרן אַ סימבאָלישער נאָמען פאַר יידישער רעטונג; און ווען נאָר אין אַ קהילה האָבן זיך געראַטעוועט פון אַ בלוטיקער גזירה, פון אַ פּראָגראַם, פון אַ גירוש, וואָס אַ הערשער — אַ המן האָט געוואָלט אויף זיי מאַכן, האָט מען אין דער דאָזיקער קהילה געפייערט פון יאָר צו יאָר דעם טאָג פון רעטונג אַלס אַ ספּעציעלן לאָקאַלן פורים, אויף אַן ענלעכן אופן ווי דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן פורים. אַזעלכע ספּעציעלע פורימס זיינען געווען זייער פיל.

פון די לאָקאַלע פורימס פאַרדינט דער ערשטער דעמאָלט צו ווערן דער פורים פון מצרים, וועלכער איז שוין מער ווי פיר הונדערט יאָר אַלט. דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1524. דער גובערנאַטאָר פון עגיפּטן, אַ ווילדער דעספּאָט, האָט דעמאָלט ווידערגעשפּעניקט קעגן זיין האר, דעם סולטאַן דעם צווייטן. די יידן זיינען געבליבן געטריי דעם סולטאַן, און דער גובערנאַטאָר האָט אַריינגעזעצט אין תפיסה אַ סך פירער פון דער יידישער קהילה אין קאַירא, און געלאָזט וויסן, אַז ער וועט אין אַ געוויסן טאָג אויסהרגענען אַלע יידן. אָבער אין דעם זעלבן טאָג איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן דעם גובערנאַטאָר, און צום סוף האָט מען אים אָראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. דאָס האָט פּאַסירט דעם אַכט און צוואַנציקסטן טאָג אין אדר. און די יידן פון מצרים האָבן פון דעמאָלט אָן געפייערט דעם דאָזיקן טאָג אַלס אַ פורים, אין וועלכן זיי האָבן געלייענט אַ ספּעציעלע מגילה, וואָס האָט דערציילט די געשיכטע פון זייער רעטונג. (זע׳ אַרטיקל „מגילת מצרים" פון יצחק יחזקאל יהודה. תרפ"ז).

און אַזעלכע המן־מעשיות האָבן נאָך ניט אויפגעהערט פּאַסירן ביז הייני־טיקן טאָג. אָט זינט פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, האָט זיך באַוויזן אין הייגטיקן מצרים אַ המן־נאָסער און האָט גענומען רודפן די יידן אין זייער לאַנד.

אָט דער דעספּאָט נאָסער פון מצרים האָט זיך קעגנשטעלט מיט עזותקייט קעגן דער יידישער באַנייטער מלוכה — מדינת ישראל. ר'האָט זיך פאַר־מאָסטן אומצוברענגען אַלע יידן פון דער מדינה און אָפּווישן זיי פון דער וועלט־מאַפּע. כאָטש אים איז ניט געלונגען מיט אַלע זיינע שווערע כלי־זיין איבערצוטרעטן די יידישע טעריטאָריע און געקראָגן דערצו אַ שווערע מפּלה מצד דער יידישער אַרמיי, דאָך וויל ער נישט אויפנעמען דעם פאַקט פון זיין דורכפאַל און היפּט נאָך אויס דעמאַגאָגיש אויף אַלע אַראַבישע לענדער, צו שאַפן אַ געמיינזאַמען בלאָק, צו קעגנשטעלן זיך מיט דער פּלייצע, צו מדינת ישראל.

אָבער די געשיכטע פון פּורים האָט אונדז באַוויזן, אַז „לפני שבר גאון" — „פאַר אַ בראָך ווערט דער יידישער שונא דערהויבן". אָט ווי ס'איז געשען מיט המן הרשע, וואָס זיין סוף איז געווען — „לפי גדולתו מפּלתו" — גאָר אַ טיפע מפּלה, אַזוי וועט יעטווידער, נאָכפאָלגער פון המן־הרשע קריגן זיין מפּלה. און די יידן וועלן ווי תמיד, פייערן אַ יום־טוב פון ישועה און רעטונג!

— ב —

## פּורים און מגילת אסתר

פּורים איזווירקלעך דער איינציקער יום־טוב, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט אַ מגילה. הגם ס'ווערן געלייענט מגילות אויך אין אַנדערע חגים וזמנים, ווי: פּסח — שיר השירים, שבועות — רות, תשעה באב — איכה, סוכות — קוהלת און פּורים — אסתר. זיינען דריי (שיר השירים, רות און קוהלת) בלויז צוגעטשעפּעט צו די יום־טובים אין וועלכע מ'לייענט זיי אָן אַ וואָסערע אינערלעכע פאַרבינדונג. די פערטע מגילה־„איכה", האָט יאָ אַן אינערלעכע פאַרבינדונג מיט תשעה באב, דאָך אָבער איז זי ניט אַזוי ענג פאַרבונדן, אַז מ'זאָל זי ניט קענען פאַנאַנדערשיידן. תשעה באב קען גאַנץ גוט עקזיסטירן אָן איכה, און איכה־אָן תשעה באב. גאָר אַנדערש אָבער איז דאָס מיט פּורים און מגילת אסתר. זיי זיינען אַזוי ענג צוזאַמענגעקניפּט, אַז זיי קאָנען איינער אָן דעם אַנדערן ניט עקזיסטירן. פּורים איז אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך אָן מגילת אסתר און מגילת אסתר איז אַ ספר וואָס דערקלערט וועגן פּורים.

כאָטש ס'זיינען פאַראַן מאַנכע ביבל־פאָרשער און היסטאָריקער, וואָס זיי זיינען גאָר אַנדערש מיט זייער מיינונג וועגן דער געשיכטע פון מגילת־

אסתר. זיי האָלטן, אַז די מעשה פון מגילת־אסתר האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַזוי ווי זי ווערט דערציילט. דאָך איז זי אמתער פון אַלע אמתע מעשיות. וואָרום אַן אמתע מעשה געוויינלעך פּאַסירט נאָר איין מאָל. אָבער די מעשה פון מגילת אסתר האָט שוין פּאַסירט אומצאָליקע מאָל און הערט ניט אויף עד היום פּאַסירן. גראָד אָבער יענעס מאָל, פון וועלכן זי ווערט דערציילט, אין די טעג פון דעם מלך אחשורוש, האָט אַזאַ מעשה ניט פּאַסירט. די דאָזיקע מיינונג זייערע איז באַגרינדעט אויף אַ סך אַרגומענטן. אָט זיינען אייניקע פון זיי:

ס'האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פּאַסירן, אַז אחשורוש אָדער וועלכער ניט איז אַנדער מלך פון אַלט־פּערסיע, זאָל האָבן דערלויבט יידן אויסהרגענען אין זיין לאַנד אין איין טאָג פינף און זיבעציק טויזנט פּערסיער, און אין דער הויפּט־שטאָט אין צוויי טעג אַכט הונדערט.

דערצו שטיצן זיי זיך אויף דעם היסטאָריקער העראָדאָט, וואָס האָט גע־לעבט אין דער צייט, פון וועלכער ס'ווערט דערציילט אין מגילת אסתר (אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג). לויט אָט דעם גריכישן היסטאָריקער, האָט אַ פּערסישער מלך געמוזט אויסקלייבן זיין פרוי אויסשליסלעך פון זיבן פאַמיליעס פון דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע אַזוי אַרום האָט אסתר קיינמאָל ניט געקאָנט זיין קיין מלכה אין פּערסישן הויף. אַ חוץ דער נאָך איז די פרוי פון דעם קעניג אחשורוש גאָר געווען, לויט העראָדאָטן, ניט ושתי און ניט אסתר, נאָר אַמעסטריס, אַ טאָכטער פון אַ פּערסישן גענעראַל.

אַזוי אַרום, איז די היסטאָרישע עכטקייט פון מרדכי און אסתר, די הויפּט פיגורן אין דער מגילה, אינגאַנצן צווייפלהאַפט. און דערצו זיינען זייערע נעמען אַלס איינס ווי די נעמען פון דעם גאָט מאַרדוך און דער געטין אישטאר פון בבל. און שטיצן זיך אויף דעם, וואָס די בעלי־מדרש האָבן באַמערקט: רבי נחמיה אמר הדסה שמה ולמה נקראת אסתר, שהיו אומות העולם קורין אותה על שם אסתהר״ — (מגילה י״ג, א׳). ס'איז אויך פאַר זיי ניט גלאַטיק, וואָס אין מגילת אסתר ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט דאָס וואָרט ג־ט. בעת אין גאַנצן תנ״ך גיט מען קיין טראָט ניט אָן ג־ט, קומט פאָר אין דער מגילה, אַזוי ווי יידן וואָלטן גאָר אין ג־ט ניט געגלויבט.

און זיי קומען דעריבער צום שלוס: פון דעם אַלעם איז לייכט צו זען, אַז מיר האָבן צו טאָן אין מגילת אסתר ניט מיט אַן אמתער מעשה, ניט מיט היסטאָרישע פּאַסירונגען, נאָר מיט דיכטונג, און דעם קאַמף צווישן מרדכי און המן איז נאָר אַן אַלעגאָריע, וואָס שילדערט אין אַ פאַרשטעלטער שפּראַך דעם קאַמף, וואָס יידן מוזן פירן פון צייט צו צייט קעגן זייערע שונאים, וועלכע זוכן זיי אויסצוראָטן.

ווען מיר נעמען אָבער גוט אין באַטראַכט פונעם נס שטאַנדפונקט, זיינען די אַלע אויבנדערמאָנטע אָנווייזונגען בלויז השערות. וואָרום מגילת אסתר טראָגט דעם זעלבן כאַראַקטער ווי דאָס יהודית־בוך, אין וועלכן ס׳ווערט דערציילט ווי די פרוי יהודית באַשליסט צו ראַטעווען די שטאָט בתול; זי גייט שטילערהייט אַריבער אין לאַגער פון דעם שונא; און דער קאָמאַנדיר האָלאָפערנוס פון דער פערסישער אַרמיי, האָט זי אויפגענומען צו זיך אין געצעלט. און אַזוי ווי ער איז געווען נאָך אַ וויין־באַנקעט, איז ער געפאַלן שיכור. האָט זי גענומען האָלאָפערנוסעס שווערד און דערמיט אָפּגעהאַקט זיין קאָפּ. יהודית ווערט געפייערט אַלס די רעטערין פון איר פאָלק.

און די דאָזיקע מעשה איז דאָך זיכער באַגרינדעט. דאָס זעלבע קאָן מען דאָך אויך זאָגן אויף דער מעשה פון מגילת אסתר. לויט ווי ס׳ווערט אין איר געשילדערט, האָט די פרוי אסתר, געפאַנגען דאָס האַרץ פון דעם שונא אחשורוש און דערמיט געראַטעוועט איר פאָלק פון אַ קאַטאַסטראָפע.

מיר געפינען אויך ענלעכע העלדישקייטן פון די דריי לייבדינער פון דעם קעניג דריוש, וואָס ווירקן אויס טובות פאַר זייער פאָלק, אויפן זעלביקן שטייגער, ווי מרדכי זיצט אין קעניגלעכן הויף און ווירקט אויס טובות פאַר זיין פאָלק (זע, אין יוסיפון). און אויך דאָס איז פאַררעכנט פאַר אַ געשיכט־לעכן פאַקט.

און נאָך אַלעם גיבן דאָך אויך צו די ביבל פאָרשער, אַז דער פאַרפאַסער פון מגילת אסתר האָט געמוזט האָבן פאַר זיך אויך אַ היסטאָרישן הינטער־גרונט אין אויפבויען זיין היסטאָרישע דערציילונג. ער האָט דאָך געמוזט האָבן אין זינען אַ געוויסע היסטאָרישע סביבה און וועלכע היסטאָרישע גע־שעענישן שפּיגלען זיך אָפּ אין דער געשיכטע פון מגילת אסתר.

אָט וועגן דעם זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מיינונגען ביי געוויסע געלערנטע.

דער היסטאָריקער גרעץ האַלט, אַז ס׳שפּיגלט זיך אָפּ נאָר די צייטן פון אַנטיוכוס עפּיפאַנוס און די צרות, וואָס יידן זיינען דעמאָלט אויסגעשטאַנען. און די מערסטע ביבל־פאָרשער האַלטן, אַז אין מגילת אסתר שפּיגלען זיך אָפּ אין אַ פאַנטאַסטישער פאָרם די געשעענישן אין ארץ־ישראל, אין דער צייט פון דעם סירישן קעניג דעמעטריוס דעם פלימעניק פון אַנטיוכוס עפּיפאַנעס. דער מלך דעמעטריוס האָט געהאַט געשיקט זיין גענעראַל ניקאַנאָר, וועלכער האָט זייער פיינט געהאַט און געהאַסט די יידן, און האָט אים געגעבן אַ באַפעל אויסצוראָטן דעם עם־ישראל (ספר המכבים, קאַפּ׳ ז׳, כ״ו). די אַנט־שיידענע שלאַכט צווישן ניקאַנאָר און יהודה המכבי איז פאָרגעקומען דעם דרייצנטן טאָג אין אדר, אין דעם זעלביקן טאָג, ווען המן האָט, לויט דער געשיכטע פון דער מגילה, געוואָלט אויסהרגענען אַלע יידן, און ניקאַנאָר האָט אין יענעם טאָג געהאַט אַ סוף פּונקט ווי המן אין דער מגילה. ניט נאָר איז

זיין חיל אינגאַנצן דערשלאָגן געוואָרן, נאָר ער גופא איז געפאַלן טויט אויפן שלאַכט־פעלד, און יידן האָבן אַראָפּגעשניטן זיין קאָפּ און זיין רעכטן אָרעם און זיי אַרויסגעהאַנגען אין ירושלים.

אָט דער דאָזיקער טאָג איז ביי יידן אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש פאַרוואַנדלט געוואָרן פון קומער אין פרייד און פון טרויער אין אַ יום־טוב. און ס'איז דער דרייצנטער אין אדר געוואָרן אַ יום־טוב „יום ניקנור".

לויט דער דאָזיקער מיינונג קומט אויס, אַז דער מחבר פון מגילת אסתר האָט געלעבט הונדערט יאָר נאָך דער צייט וועגן וועלכער ער האָט געשריבן. און דער פּורים יום־טוב איז ניט אויפגעקומען צוליב דער מעשה פון דער מגילה, נאָר גאָר פאַרקערט: די מעשה פון דער מגילה איז געשאַפן געוואָרן אַלס אַ דערקלערונג פאַר פּורים.

אָבער ס'בלייבט ביי זיי אַ פראַגע: וואָס פאַר אַ סאָרט יום־טוב איז פּורים געוועזן איידער ער איז געוואָרן דער פּאָפּולערסטער יום־טוב פון דער יידישער רעטונג?

לויט אַלע זייערע סברות קומט אויס, אַז פּורים איז לכתחילה גאָר אויפגעקומען ביי די יידן אין פּרס, וואָס איז צו זיי אַריינדרונגען פון דער גויישער סביבה. ד"מ — יידן האָבן מיטגעפייערט אַ יום־טוב, וואָס זייערע גויישע שכנים האָבן געפייערט יערלעך אין מיטן פון לעצטן חודש פון ווינטער. און ס'ווייזט אויך אויס, אַז פּורים האָט פון לכתחילה אָן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פרילינג מאַסקאַראַד, און איז געוועזן אַ יום־טוב פון שפּיל און שפּאַס, פון אָפּלאַכן און מאַכן חוזק, פון לוסטיקייט און שיכרות. דער דאָזיקער יום־טוב איז געוועזן זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי די יידן אין פּרס און בבל און איז מיט דער צייט אויך אַריינגעדרונגען צו די יידן אין ארץ־ישראל.

אין דער אמתן געפינען מיר גאָר אין סוף פון צווייטן מאַקאַבעער בוך, אַז די יידן אין ארץ־ישראל האָבן גאָר געפייערט אַ „מרדכיטאָג" אין וועלכן ס'האָט אַ געוויסער הויכער באַאַמטער אין אחשורושעס הויף מיטן נאָמען מרדכי, אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער זיינעם אַ קעגנער אַ שונא. און דער שכל איז מחייב, אַז דער נאָמען „מרדכי טאָג", האָט פּורים באַקומען ערשט דורך דער געשיכטע פון דער מגילה.

און ווי ס'שיינט האָט דער „מרדכי טאָג" פאַרקאָנקורירט דעם „יום נקנור", ווייל דער אינהאַלט זייערער איז כמעט דער זעלביקער. וואָרום ביידע האָט מען געפייערט דעם נצחון פון די יידן איבער זייער גרעסטן שונא, וועלכער האָט געזוכט זיי צו פאַרניכטן.

און דער סוף איז טאַקע געוועזן, אַז דער „יום ניקנור" איז נאָכן חורבן אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען און פּורים איז וואָס ווייטער אַלץ פּאָפּולערער און באַליבטער געוואָרן ביים פאָלק. וואָס מער ס'זיינען פאַרגעקומען אָנפאַלן

אויף יידן אין די לענדער פון זייער צעשפרייטונג, האָבן זיי מער געהאָלפן אויפהאַלטן די פּאָפּולערקייט פון פורים. אומעטום ווו יידן האָבן געלעבט זיינען תמיד אויפגעשטאַנען המנס, וועלכע האָבן געזוכט מיט אַלע כוחות זיי צו דריקן און צו פאַרפּאַלגן, און אין געוויסע לענדער איז אַזש דערגאַנגען צו אַ פולשטענדיקער פיזישער אויסראָטונג. האָט פורים דערפאַר זיי געגעבן מוט און האָפענונג אין פינצטערע צייטן, אַז סוף־כל־סוף, וועט קומען די ישועה און זיי וועלן נאָך דערלעבן צו זען די מפלה פון זייערע שונאים און אונטערדריקער.

און ס'איז גאָר נישט קיין ווונדער, אַז אַזאַ יום־טוב, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון מגילת אסתר, וואָס דערציילט פון דער אומצעשטערבאַרקייט פון יידישן פאָלק, האָט געמוזט אַפּעלירן צו אַלעמען אין אַלע צייטן און זיין באַליבט ביי יונג און אַלט.

דעריבער, איז פאַר יידן, ביי היינט צו טאָג אַבסאָלוט ניט וויכטיק די אויבנדערמאָנטע צוויי פאַקטאָרן, לויט דער מיינונג פון געוויסע היסטאָריקער, אַז פורים האָט לכתחילה געטראָגן אַ היידנישן כאַראַקטער פון אַ פרילינג קאַרנאַוואַל און אַז מגילת אסתר איז בלויז אַ פאַנטאַסטישע דערציילונג — אַן אַלעגאָרישע מעשה. וואָרום הכל מודים, סוף־כל־סוף, אַז מגילת אסתר איז באַגרינדעט אויף היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט אין יענע צייטן געהאַט איבערגעלעבט. און אָט די אַלע מיני געשעענישן און פאַסירונגען זיינען נאָך אַלעם פאַרשריבן געוואָרן אַלס זכר לדור דורות. ס'איז נאָר באמת צום באַדויערן, וואָס דער דאָזיקער ספר בלייבט תמיד ניי. מחמת די יידישע שונאים לאָזן אים ניט אַלט ווערן. אָבער ער דינט אונדז ווי אַ טרייסטער און גיט אונדז מוט איבערצוטראָגן אַלע מיני רדיפות; און וואָרנט אונדז, אַז מיר זאָלן תמיד געדענקען, אַז „אין מזל לישראל", ד"ה — אונדזער עקזיסטענץ צווישן די אומות העולם געפינט זיך ניט אונטער דער השפעה פון מזלות, נאָר אונטער דער השגחה פון בורא עולם; ער פירט אונדז אומעטום און אין אַלע צייטן בדרך נס. און קיין שונא אויף דער וועלט וועט דעם עם־ישראל קיינמאָל ניט אומברענגען.

ומהאי טעמא, וואָלט דער יום־טוב פורים אָן דער מגילה קיין שום האַפט ניט געהאַט. און ס'וואָלט זיכער אויפגעהערט צו עקזיסטירן ביים פאָלק, ווי פיל אַנדערע יידישע יום־טובים זיינען פאַרגעסן געוואָרן. זאָגן דערפאַר אונדזערע חכמים, אַז פורים וועט ניט בטל ווערן, כל־זמן פאַראורטיילן און שנאה קעגן יידן וועט הערשן אויף דער וועלט. אגב געפינען מיר עס בפירוש אין דער מגילה, וואָס זאָגט: „אַלע יום־טובים מיט זייערע ניסים וועלן בטל ווערן אָבער דער נס פון פורים, כאָטש ער איז געשען גאָר בדרך הטבע, וועט ער אייביק בלייבן אין זכרון און וועט קיין מאָל ניט בטל ווערן (וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם). און צוליב דעם

דאָזיקן גרויסן נס, וועט אויך מגילת אסתר קיינמאָל ניט בטל ווערן (ירושלמי מגילה פ"א, ה"ה).

אויך האָבן די חכמים אונדז געוואָרנט, אַז צוליב דעם וואָס די מגילה אַנטהאַלט דברי שלום ואמת, האָט זי די זעלבע ווערט ווי דער אמת פון דער תורה. זי קען אויך געדרשנט ווערן, ווי די תורה ווערט געדרשנט. און דע־ריבער ווערט זי אויך אָנגערופן „ספר" און מ'מוז זיך מיט איר נוהג זיין, ווי מ'איז זיך נוהג מיט דער ספר־תורה אין אַלע הינזיכטן. ד"ה — זי איז אַזוי הייליק ווי די ספר תורה (מגילה י"ט, א').

איז לויט דער אויפפאַסונג פון די חכמים, ווערט פאַר אונדז מגילת אסתר, בלי ספק, אַ דבר אמת. אַלץ, וואָס אין איר איז געשריבן איז כעין דאורייתא, ניט קיין אַלעגאָריע.

אַזוי אַרום קומט מען צום אויספיר, אַז דער סיפור המעשה פון מגילת אסתר איז כך־הוה — אַ מעשה שהיה. ומהאי טעמא זאָגט דאָרט דער פסוק! „אַלץ, וואָס ווערט דערציילט וועגן אחשורוש און מרדכי זיינען פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון מדי און פרס" (אסתר י' ב').

לויט ווי רש"י ז"ל איז מפרש אין אָנהויב פון ספר עזרא, שטעלט פעסט אַז אסתר המלכה איז געווען אין דער צייט פון אחשורוש (ארתחששתא), וואָס איז געווען די מוטער פון דריוש הפרסי — דרוש דער צווייטער, וואָס האָט געקיניגט איבער פערסיע. אָט ווי ס'לויטעט די כראָנאָלאָגיע נאָכן חורבן בית ראשון: — נאָכדעם ווי בלשאצר מלך בבל איז דערהרגעט געוואָרן, האָט געקיניגט אויף זיין אָרט דריוש המדי (זיין אָפּשטאַם פון מדי). נאָך זיין טויט האָט פאַרנומען די הערשאַפט כורש, וואָס האָט געהערשט איבער פרס ומדי. כורש האָט דערלויבט די יידן זיך צוריקקערן אין זייער לאַנד און אויפבויען דעם בית המקדש. די יידן האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן בית המקש. די שונאים פון יהודה און בנימין האָבן פאַרמסרט כורשן, אַז יידן גרייטן זיך צו מאַכן קעגן אים אַן אויפשטאַנד, האָט כורש באַפוילן אָפּשטעלן דאָס בויען. און ס'איז געבליבן שטיין דאָס בויען פון בית המקדש די גאַנצע צייט פון כורשס מלוכה און וואָס האָט קעגיניגט נאָך אים אחשורוש (ארתחששתא) ביז אין צווייטן יאָר פון דירושס מלוכה, דער זון פון אחשורוש מלך פרס, וואָס איז געווען דער זון פון אסתר המלכה. און אין דער צייט פון דירוש הפרסי, האָט מען פונדאַסניי אָנגעהויבן בויען דעם בית המקדש, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן.

אַזוי אַרום, האָט זיך געצויגן דער בנין פון בית שני פון ערשטן יאָר פון כרושס מלוכה (3451) ביז אין צווייטן יאָר פון דירושס מלוכה (3469) — אַ משך פון אַכצן יאָר. און צו דער זעלבער צייט איז פאַרפולט געוואָרן זיבעציק יאָר פון חורבן בית ראשון: — פון גלות צדקיהו. ווען ירושלים און דער בית

המקדש זיינען חרוב געוואָרן, אָנהויבנדיק פון יאָר 3402, ביז ס'איז פאַר־ענדיקט געוואָרן דער בית שני, אין יאָר 3472.

נעמענדיק אין אכט די אַכצן יאָר פון בנין בית שני, זיינען די יידן בלויז געווען אין גלות בבל צוויי און פופציק יאָר (זע סדר עולם; מסכת מגילה י"ט, ב'). ואגב שטעלט פעסט אָט די דאָזיקע כראָנאָלאָגיע, אַז דער ענין אסתר ואחשורוש איז אַבסאָלוט גאָר נישט קיין פאַנטאַזיע.

## באַמערקונג:

געוויסע מפרשים שטעלן זיך אָפּ אויפן נס פון פורים. לויט זייער מיינונג איז עס גאָר נישט קיין נס, ווארים דאָס וואָס דער מלך אחשורוש האָט באַ־פוילן צו טייטן המנען מיט זיין גאַנצער משפחה און סוויטע, איז עס דערפאַר, וואָס מרדכי האָט צעשטערט המנס פּלאַן, און אים געראַטעוועט פון טויט. איז עס גאַנץ געווינלעך, וואָס אחשורוש האָט געביטן זיין מיינונג וועגן מרדכי און אים דערהויבן צום אַמט פון משנה למלך, אַנשטאָט המן הרשע.

די גמרא אָבער וויל האָבן, אַז דער נס באַשטייט אין דעם, וואָס ג'־ב"ה האָט דאָ באַוויזן די רפואה פאַר דער מכה. און דער מדרש גיט נאָך צו, אַז דער ענין פון מקדים זיין די רפואה פאַר דער מכה, קען עס נאָר געשען ביי יידן, אָבער ביי אומות העולם, איז ווי געווינלעך די רפואה נאָך דער מכה.

אייגנטלעך, וואָס איז די נבא מיניה, צי די רפואה קומט פאַר דער מכה, צי זי קומט נאָר דער מכה. דער עיקר איז דאָך, אַז די רפואה זאָל העלפן.

נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט די אַלע ניסים, וואָס די יידן האָבן געזען פאַר זיך אַזוי בולט, זיינען זיי אוודאי געווען שלא כדרך הטבע — אומנאַטיר־לעך, ניט ווי ביי די אומות העולם, וואָס ביי זיי קומט די רפואה נאָך דער מכה.

בכדי עס לייכטער צו פאַרשטייה, וועלן מיר דאָ זיך באַנוצן מיט אַן אַלטן משל, דהיינו: מ'פלעגט אַמאָל באַנוצן אַ מיטל צו קדחת (היץ־קרענק) דאָס אָנטאָן אויפן האַלדז אַ טייערן שטיינדל און טראָגנדיק אים פלעגט מען גע־זונט ווערן. אַז אימעצער איז קראַנק געוואָרן אויף קדחת, האָט דאָס שטיינדל אים געזונט געמאַכט. איז עס גאַנץ נאַטירלעך, ווי איז אָבער, אַז מ'האָט געטראָגן דעם שטיינדל פון פריער, און מ'איז דערנאָך קראַנק געוואָרן אויף קדחת, איז דאָך דאָן שוין ניט שייך צו זאָגן, אַז דאָס שטיינדל זאָל דינען אַלס מיטל צו דער דאָזיקער קראַנקהייט. ווארום, מ'האָט עס געטראָגן נאָך פריער איידער מ'איז קראַנק געוואָרן. און, ס'האָט נאָך אַלעם גאָר נישט געהאָלפן און אַפילו נישט פאַרהיט פון דער חלאת לכתחילה. ווי איז אָבער, אַז מ'איז נאָך אַלעם פאַרט געזונט געוואָרן, מוז מען דאָך זאָגן, אַז דאָס איז געשען ממש אַ נס. ווארום די זאַך איז דאָך געשען שלא כדרך הטבע — אומנאַטירלעך.

אָט אַזוי זעט אויס דער ענין אחשורוש און מרדכי. ווען מרדכי וואָלט געהאַט אָפּגעראַטעוועט אחשורושן פון טויט נאָך דער גזירה, וואָלט עס ממש

גאָר קיין ווונדער ניט געווען, ווארום ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אחשורוש האָט אַזוי דערהויבן מרדכין, צו אַזאַ הויכן אַמט, ווייל ער האָט אים געראַ־טעוועט פון טויט. אָבער דער ענין בנוגע דער באַציונג פון אחשורושן צו מרדכין, איז די סיבה גאָר ניט קיין נאַטירלעכע, ווארים מרדכי האָט דאָך שוין געהאַט צעשטערט די עצה פון בגתן ותרש און געראַטעוועט אויף אַזאַ אופן דעם מלך אחשורוש פון טויט גאָר פריער, איידער ס׳איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן די גזירה פון להרוג ולהשמיד את כל היהודים. איז דאָך די דאָזיקע רעטונג זייגע געווים אחשורושן געבליבן טיף אין זיכרון. און דאָך, נאָך אַ קורצער צייט, האָט ער גוזר געווען אומצובערענגען אַלע יידן פון זיין אימ־פעריע, מיטן פולסטן חשק און איילעניש. דאָס באַווייזט ממש, אַז אחשורוש האָט אַבסאָלוט ניט געגומען אין אכט דאָס וואָס מרדכי האָט אים גערעטעט פון טויט. בלייבט דאָך נאָך אַלעם אַ פראַגע: וואָס האָט אייגנטלעך באַווירקט דעם מלך אחשורוש, אַז ער זאָל ענדערן דעם באַשלוס, וואָס איז אַרויסגע־טראָגן געוואָרן אויף די יידן, און עס אויספירן אויפן ביטערן שונא המן הרשע. מוז מען דאָך זאָגן, אַז דאָס איז געשען שלא כדרך הטבע, — פשוט אַ נס מן השמים, וואָס די יידן זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום. און ס׳איז פאַרוואַנדלט געוואָרן מיגון לשמחה ומאבל ליום־טוב — אין אַ יום־טוב פון פרייד, וואָס האָט פאַראייביקט לדורות.

אָט דאָס איז אייגנטלעך די כוונה פון דעם מאמר, וואָס זאָגט: „ג־ט באַ־שאַפט די רפואה פאַר דער מכה. ד״מ — כאָטש די רפואה איז אָנגעברייט פאַר דער מכה (גזירה), אַלנפאַלס מוז די מכה קומען און די רפואה נאָך איר, אַלס צייכן פון נס, וואָס מ׳איז געראַטעוועט געוואָרן אומנאַטירלעך. אָבער בנוגע אומות העולם, איז תמיד די רפואה נאָך דער מכה, וואָס דאָס איז נאַ־טירלעך, ווען ס׳טוט ווי זוכט מען אַ מיטל צו שטילן דעם ווייטיק כדרך הטבע.

דערפאַר זאָגן די חכמים, אַז אַ דאַנק דער השגחה פון ג׳־ב״ה איז געשען אָט דער גרויסער נס פון פורים.

## קאַפּיטל 32

### שבת הגדול און שבת שירה

# א) דער ענין „שבת הגדול"

אייגנטלעך, וואָס לערנט אונדז דער שבת הגדול, אַז ער איז געבליבן לזכר עולם? מ'רופט דעם שבת פאַר פּסח „שבת הגדול", ווייל אין דער טאָג איז געשען אַ גרויסער נס. לויטן טור או"ח און די בעלי התוספות, האָט דער דאָזיקער נס געטראָגן אַ דאָפּלטן כאַראַקטער. ערשטנס, האָבן די מצרים געמוזט שווייגן, ווען זיי האָבן דערזען ווי די יידן שעכטן זייער אָפּגאָט, דעם שעפּס צו וועלכן זיי האָבן געדינט און צווייטנס, וואָס די יידן האָבן מסכים געווען צו נעמען די עבודה־זרה זייערע און פון די מצריים (וואָרים אלו ואלו עובדי עבודה זרה היו) צו שעכטן, אָפּזיצנדיק אינעם לאַנד אַזוי פיל יאָרן. דאָרט ווו זיי האָבן זיך אויסגעלעבט נאָר אין פרעמדע מנהגים און תמיד געדינט דעם מצרישן גאָט. האָבן זיי נאָך אַלעם באַשלאָסן אין דעם שבת פאַר יציאת מצרים צו טאָן מעשי נסים: זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון דער מצרישער מלוכה, דעם עול פון זייער גלויבן און קולטור און מקבל געווען, בהסכם גמור, נאָר צו דינען דעם יידישן ג־ט און אויספּאָלגן די נייע אָנגעגעבענע געזעצן און אָנווייזונגען צום נייעם לעבנשטייגער. און דערפאַר וואָס דער דאָזיקער נס איז געטאָן געוואָרן דורך דער גאַנצער יידי־שער געמיינדע, האָט ער גורם געווען, אַז אויך ג'־ב"ה זאָל זיי טאָן ניסים. און זיינען אין דעם זכות באַפרייט געוואָרן פון גלות מצרים.

דעריבער איז דער נס פון שבת הגדול אונדז געבליבן לזכר עולם, און דינט אַלס אַ מאָטיוו פון פרייהייט: אים צו געדענקען אַז מען דערווייטערט זיך פון עבודה זרה, קען דאַן קומען די ישועה.

אָט דער דאָזיקער אַרגומענט קען אונדז דינען אַלס אַן אָנדייט, ווי מ'זאָל זיך פירן אין די תפוצות, אונטערן יאָך פון פרעמדע מלוכות, צווישן פאַר־שיידנאַרטיקע פעלקער. אויב מיר, יידן, ליידן אַזוי פיל צער און יסורים, וואָלט מען געדאַרפט זוכן די סיבה אין זיך זעלבסט.

און ס'איז דערפאַר כדאי צו מאַכן אַ קורצן דין וחשבון: דינט מען דען ניט, נאָך ביי היינ טצוטאָג, עבודה זרה? פירט מען דען זיך ניט לויט די פרעמדע מנהגים און טראַדיציעס? — היט מען דען ניט גיכער אָפּ די פרעמדע מנהגים ווי די אייגענע? — טרעט מען ניט מיט די אייגענע פיס אויף אונ־דזער תורה הקדושה? — שעמט מען דען זיך ניט מיטן יידישן נאָמען? — אַנטלויפט מען דען ניט פון יידישער הייליקייט? — אויב אַזוי, איז דאָך ממש גאָר נישט קיין ווונדער, ווען מ'קריגט געצאָלט מדה כנגד מדה!

אַזוי אַרום, בלייבט אונדז די איינציקע תרופה, ווי דער נביא מלאכי רעקאָמענדירט: „יאָ, שוין אַ לאַנגע צייט, ווי איר און אייערע עלטערן האָבן ניט אָפּגעהיט מיינע געזעצן. האָב איך דעריבער, צו אייך און צו אייערע עלטערן שלעכטס געטאָן. אַ צינד קערט אייך צו מיר, וועל איך זיך אומקערן צו אייך"!

דאָס מיינט גאָר פשוט: באַווייזט איר, קודם כל, אַ נס ווי די יידן האָבן אַ מאָל באַוויזן אין דעם טאָג פון שבת הגדול, וועט אויך צו אייך געטאָן ווערן אַ נס, און איר וועט זיך באַפרייען פון אַלע אייערע שונאים און זוכה זיין לגאולה שלימה.

## ב) שבת שירה

דער גענעאַלער משורר רבי יהודה הלוי זינגט אין זיין פיוט, וואָס איז געווידמעט צו שבת שירה:

יום ליבשה נהפכו מצולים,
שירה חדשה שבחו גאולים.

(אין דעם טאָג ווען אַלע טיפע וואַסערן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יבשה, האָבן די אויסגעלייזטע געזונגען שירה).

אָט די דאָזיקע שירה הויבט זיך אָן: „אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת" — „דענסמאָל טוט זינגען משה און די בני ישראל דאָס דאָזיקע געזאַנג צו ג־ט". דאָס איז דערפאַר, וואָס דער גרויסער נס פון קריעת ים סוף האָט שטאַרק איבערראַשט דעם עם ישראל, מיט משה רבנו בראש.

ס'איז באמת כדאי זיך אָפּצושטעלן, ווער, אייגנטלעך, איז געווען דער מחבר פון דער דאָזיקער שירה. וועגן דעם ענין האָבן עס באַמערקט גע־וויסע מפרשים, ווי אברהם בן עזרא און ר' יצחק אברבנאל. דער אבן עזרא האַלט, אַז די שירת הים האָט משה פאַרפאַסט און די יידן האָבן עס אויסגע־לערנט, אין יעדער פון זיי האָט בלויז צוגעזונגען אַ שירה לד' — „איך וועל זינגען צו ג־ט". און רבי יצחק אברבנאל זאָגט דאָס אייגענע, נאָר ער ברענגט

עס אַרויס מער דייטלעכער. ער זאָגט: „ווען משה האָט אַרויסגעזאָגט אַ געוויסן פּסוק, פלעגן די בני ישראל ענטפערן אויף אים: אָשירה לד׳, כי גאה, גאה סוס ורכבו ירה בים". און דעריבער זאָגט זיך: „ויאמרו לאמר אשירה לד"; ד"מ — אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט בהסכם גמור, אויף יעדן פּסוק פון דער שירה, וואָס משה האָט אַרויסגעזונגען מיטן פּזמון פון „אשירה לד׳", וואָס דאָס פאָלק האָט יעדעס מאָל צוגעזונגען.

דאָס אייגענע האָט אויך געטאָן מרים הנביאה. ווי ס׳לויטעט דער פּסוק! „ותען להם מרים: שירו לד׳, גאה גאה סוס ורכבו ירה בים", דאָס באַווייזט אונדז, אַז דאָס פאָלק האָט בלויז צוגעזונגען דעם פּזמון: „אשירה לד׳".

אין דער גמרא סוטה (פ"ה, מב) ווערט געבראַכט, ווי ר׳ עקיבא דרשנט: „מלמד שהיו ישראל עונין אחריו של משה על כל דבר ודבר, כקורין את ההלל" — דאָס לערנט אונדז, אַז די יידן האָבן געענטפערט, אויף יעטווידער ענין, ווען מ׳האָט געלייענט „הלל". איז דאָרט מפרש רש"י, אַז דער קהל האָט זיך באַטייליקט ביי געוויסע אָנגעצייכנטע ערטער, איבערצוחזרן דעם פּזמון „הללויה". אָט אַזוי האָט אויך דער קהל זיך באַטייליקט ביי שירת הים מיטן פּזמון פון „אשירה לד׳".

נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט דעם פירוש פון דער גמרא אויף דער משנה, געפינט מען דאָרט צוויי באַזונדערע סברות וועגן דער פאָלקס באַטייליקט אין שירת הים. די מיינונג פון רבי עקיבא און די מיינונג פון רבי אליעזר בן ר׳ יוסי הגלילי. רבי עקיבא האַלט, ווען די יידן זיינען אויפגעקומען פון ים, האָט זיך ביי זיי דערוועקט אַ געפיל פון צו זאָגן שירה. — וכיצד אמרו שירה? — ווי אַזוי האָבן זיי געזאָגט שירה? — זיי האָבן געזאָגט אויף אַזאַ אופן: ווען משה האָט געזאָגט אַ ווערלכן ס׳איז פּסוק, האָבן די יידן בלויז איבערחזרט דעם פּזמון „אשירה לד׳". און רבי אליעזר האַלט, אַז די יידן האָבן נאָכגעזאָגט דאָס, וואָס משה האָט געזאָגט. אויף אַזוי אופן האָבן אַלע געזונגען שירה, וואָס משה האָט מסדר געווען.

אָט די דאָזיקע שירה האָט באַצייכנט אַלס זכר פון דעם גרויסן נס, וואָס די יידן האָבן געזען ביי קריעת ים־סוף. דערפאַר ווערט אָ גערופן דער שבת, ווען מ׳לייענט די פּרשה „בשלח", ווו ס׳ווערט געשילדערט דער גרויסער נס פון קריעת ים־סוף, מיטן נאָמען „שבת שירה".

## קאַפּיטל 33

# ענינים — ספּעציעל פאַר די וואָס ווילן וויסן

### א.—דער אויסדרוק „שלא עשני גוי"

וואָס איז אײגנטלעך די כוונה פון דער ברכה „שלא עשני גוי"?

אָט ווי די חכמים זאָגן, איז יעדער ייד מחויב צו דאַנקען ג־ט טאָג־טעג־לעך, וואָס ער איז ניט באַשאַפן געוואָרן קיין נכרי (אַ גיט־ייד) — (מנחות מ"ג, ב").

דער טעם פון דעם איז, וואָס די דאָזיקע ברכה טראָגט דעם זעלבן כאַ־ראַקטער ווי די ברכה, „שלא עשני אשה" (וואָס ג־ט האָט מיך ניט באַשאַפן קיין פרוי). אי֘ז אַזוי ווי די ברכה „שלא עשני אשה" מיינט ניט, חלילה, צו פאַרשעמען און דערנידערן די פרוי. ווי די גמרא ברענגט אין בבא מציעא: „אשתך גוצא — גחיך לחיש לה" — „איז דיין פרוי אַ נידעריקע, טאָ בייג דיך איין און רעדט צו איר". ד"מ — אַז דער מאַן זאָל זיך תמיד באַראַטן מיט זיין פרוי און איר האַלטן בכבוד. נאָר דער מאַן, וואָס ער זאָגט די ברכה „שלא עשני אשה" איז עס בלויז אַ דאַנק צו ג־ט, וואָס ער, אַלס מאַן, איז מחויב אויף אַ סך מצוות, בעת די פרוי איז גאָר ניט מחויב אויף געוויסע מצוות. די אייגענע כוונה אַנטהאַלט אויך די ברכה „שלא עשני גוי". — ניט, חלילה, צו מאַכן חוזק פון אַ ניט־ייד, נאָר דער ייד דאַנקט ג־ט, וואָס ער האָט מקבל געווען אויף זיך די תרי"ג מצוות צו מקיים זיין, בעת דער ניט־ייד האָט בלויז אַ חוב אויף זיך צו מקיים זיין שבע מצוות (זיבן מצוות).

### ב.—דער ענין „שפוך חמתך אל הגויים"

היתכן, ווי קומט עס, אַז יידן זאָלן זיך אויסדריקן מיט אַזאַ צאָרנדיקע תפילה קעגן פעלקער, בעת מען פרייט זיך מיט גאולת מצרים, ווען מ'האָט זיך באַפרייט פון גלות מצרים?

נעמענדיק אָבער גוט און באַטראַכט די דאָזיקע תפילה, זעט מען אַז ס'איז גאָר ניט קיין דירעקטע פאַרפאַסונג לכבוד פסח. זי איז אַ צוזאַמענגעשטעלט פון געוויסע פסוקים פון תהלים (ע"ט); פון ספר ירמיה (כ"ו־כ"ה); און פון קינות (איכה ג', כ"ו). און אין תלמוד ווערט גאָר ניט דערמאָנט, אַז מ'זאָל עס דאַרפן זאָגן בײַם פסח סדר. נאָר ס'געפינט זיך בלויז אין ספרים פון מנהגים און דינים, וואָס זײַנען געשריבן נאָך דער גאונים־עפּאָכע. אָט אין ספר אבודרהם (רבינו דויד אבודרהם, תלמיד פון ר' יעקב בעל־הטורים, וואָס ער האָט געהאַט געשריבן אין יאָר 5,110 ליצירה) ווערט געבראַכט, אַז ער האָט דעם מנהג געפונען אין ספר הפרדס פון רש"י. ס'לייענט זיך די תפילה אַזוי: „גיס אויס דײַן צאָרן אויף די פעלקער, וואָס ווילן דיך ניט־קענען; אויף די קיניגרײַכן וואָס ווילן דײַן נאָמען ניט הערן, ווײַל ער האָט פאַרלענדט יעקב און זײַן וווינונג. גיס אויס דײַן צאָרן אויף זיי, זאָלסט זיי פאַרטיליקן פון אונטער דײַנע הימלען".

און אַזוי ווי מיר געפינען אין די עטלעכע בקשה־ווערטער אַן אָפּקלאַנג פון פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג פון דער אומגליקלעכער אומה, וואָס געפינט זיך צווישן די פעלקער, ווי אַ שעפעלע צווישן וועלף, וועמענס כוח איז ניט מער ווי מיטן קול־רופנדיק ג־ט צו נקמה נעמען פון די ברוטאַלע פעלקער. מעג דאָך אַזאַ פאָלק לכל הפחות איבערגעבן זײַן משפט צום רבונו של עולם, האָפנדיק אַז „אלוקים יבקש את הנרדף" — ג־ט וועט דעם פאַרפאָלגטן העלפן פון אַלע רודפים און פאַרפאָלגער, און אויספירן זײַן נקמה־אַקט.

אָט ר' צבי הירש קאַלישער (1875־1804), דער באַרימטער גאון, תלמיד פון רבי עקיבא איגר און פאָטער פון רעליגיעזן ציוניזם, שרײַבט אין זײַן פירוש אויף דער הגדה: „די תפילה „שפוך חמתך" גייט אויף די, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט אונדזער בית המקדש. וואָרום די הײַנטיקע פעלקער, אַפילו די פון מאַכמעדאַנישן גלויבן ווייסן אויך פון איינאיינציקן ג־ט. זיי טאָרן מיר ניט שעלטן, ניט פון רעליגיעזן שטאַנדפונקט און אויך כדי ניט שאַפן שלעכטע באַציאונגען. נאָר בעיקר, לויט זײַן מיינונג, גייט עס אויף די, וואָס האָבן פאַרגאָסן אונדזער בלוט ווי וואַסער, בעת חורבן בית המקדש (ספר ישרים).

## ג.—דער באַפעל „לא תחיה כל נשמה"

אָט די תורה דריקט זיך אויס מיט אַ באַפעל איבער די זיבן פעלקער, וואָס האָבן באַוווינט דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן, פון „לא תחיה נשמה" — (ניט צו לאָזן קיין לעבעדיקן נפש).

ווי געוויינלעך, ווערט עס פאַרשטאַנען אַז דער דאָזיקער שטרענגער באַפעל פון פאַרניכטונג און אויסראָטונג פון די זיבן פעלקער, איז געקומען

אַלס נאַטירלעכע פאַרזאָרגונג, זיי זאָלן ניט אויפסניי באַהערשן דאָס לאַנד און באַאיינפלוסן די יידן מיט זייערע מיאוסקייטן, ווי ס'איז אָנגעזאָגט געוואָרן: „איר זאָלט ניט גיין אין די פירונגען פון דעם פאָלק וואָס איך פאַרטרייב פאַר אייך... און דאָס לאַנד, זאָל אייך ניט אויסשפּייען, אַז איר וועט פאַראומרייניקן" (ויקרא כ', כ"ז).

לויט ווידער רמב"ם דערקלערט איז דער „לאו" פון „לא תחיה כל נשמה" ניט געווען קיין אַבסאָלוטער געזעץ. די וואָס האָבן געוואָלט תשובה טאָן, האָט מען זיי ניט געטויט. ווערליק ווי די גמרא ברענגט אין סוטה (ל"ה): „האָט יהושע קודם כל געשיקט דריי בריוו צו די פעלקער פון כנען, איידער ער האָט אָנגעהויבן די אינוואַזיע: א) ווער ס'וויל אַנטלויפן, זאָל עס טאָן; ב) ווער ס'וויל שלום איז מען גרייט צו פאַרהאַנדלען מיט אים; ג) ווער ס'וויל מלחמה, איז מען גרייט צו פירן קריג.

און איינע פון די ערשטע דריי מצוות, וואָס יידן זיינען מחויב בעתן אַריינקום אין לאַנד, איז בעיקר צו פאַרניכטן עמלקן (די דריי מצוות זיינען: להעמיד להם מלך, ולהכרית זרעו של עמלק ולבנות להם בית הבחירה.— סנהדרין כ', ב'). ווייל עמלק איז באַפאַלן די יידן אומזיסט, ווען זיי זיינען געווען אונטערוועגנס, פאַרשמאַכט און מיד און ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר ג־ט. מיטן אויסמעקן עמלק, האָט מען געצילט אויסמעקן זיין גייסט, דאָס רשעות און גאַטלאָזיקייט.

ס'איז געווען די שבועה פון ג־ט צו באַקעמפן עמלקן „כי יד על כס יה" — כל־זמן עמלק עקזיסטירט קען דער כסא הכבוד ניט זיין אויפגעשטעלט אין פולער פראַכט „אין שמו שלם ואין כסא שלם". דעריבער איז געקומען דער שטרענגער באַפעל „כתב זאת זכרון בספר" — שרייב דאָס אויף פאַר אַ געדעכעניש אין אַ בוך — אַז אויסמעקן וועל איך דעם זכר פון עמלק, פון אונטערן הימל (שמות י"ז).

## ד.—אויף וועמען און ווען איז חל דער באַפעל פון „לא תתחתן" ?

דער רמב"ם האַלט, אַז דער „לאו" גייט אַרויף אויף אַלע פעלקער, ווען זיי זיינען בגיותן (און די צושטאַנד פון ניט־יידן). דער סמ"ג האַלט אָבער, אַז דער „לאו" גייט נאָר אַרויף בלויז אויף די זיבן פעלקער פון לאַנד כנען, און דער פאַרבאָט איז אַפילו חל נאָך דעם, ווען זיי זיינען זיך מגייר. אויסער די כנענים פון חוץ־לארץ, אויב זיי טוען תשובה, נעמט מען אויף זייער תשובה (זע רמב"ם פ"ו מלכים, הלכה ה'; ירושלמי פ"ו שביעית, הלכה א'; סוטה לה, ב').

ומהאי טעמא, איז געווען באַרעכטיקט דאָס, וואָס רחב הזונה האָט, לויטן מדרש, חתונה געהאַט צו יהושען, ווייל זי איז געווען אַן אָפּשטאַם פון אַן אַנדער פאָלק.

### ה.—אויף ווען באַצייט זיך דער באַפעל „ובערת הרע מקרבך״?

די חכמי התלמוד דערקלערן, אַז דער דאָזיקער באַפעל באַציט זיך אויף אַזעלכע פעלקער, ווי אנשי ברבריא ואנשי מרטנא, וואָס גייען אַרום נאַקעט און ווייסן ניט פון קיין מאָראַל אָדער עטיק. זיי זיינען מיאוס פאַר ג־ט און פון זיי דאַרף מען זיך דערווייטערן (יבמות ס״ג, ב׳; כתובות ל״ג). מ׳דאַרף זיי לאָזן גיין זייער אייגענעם וועג און גאַרניט אָפּלערנען, בכדי זיך ניט מתחתן צו זיין מיט זיי. וואָרום אונדזער תורה לערנט, אַז מ׳זאָל זיך פירן עטיש און זיך אויסלעבן מאָראַליש. זאָגט אונדז אָן דערפאַר די תורה, אין פאַל, אַז מ׳וועט ווערן באַכטאָן די פירונג פון אַזעלכע פעלקער, וואָס ווייסן ניט פון קיין מדות טובות, זאָל מען אַזעלכע באַזייטיקן פון יידישן ציבור.

### ו.—וואָס איז די כוונה פון דעם באַפעל „לא תקום ולא תטור״?

אייגנטלעך, אויב די תורה דערלויבט ניט צונעמען נקמה, טאָ פאַרוואָס האָט זי באַפוילן: „צרור את המדינים, נקום נקמת מאת המדינים״ (במדבר לא). נאָר דער פירוש פון דעם „לאו״ — זאָלסט ניט נעמען עפנטלעך קיין נקמה און ניט אַרומגיין מיט שנאה און האַרצן קעגן אימעצן, ווייל דער אייגענער קען זיך ענדערן און ווערן גאָר דיין איבערגעגעבענער פריינט. אָבער בנוגע אַ פאָלק, וואָס איז אַ דורכגעדרונגען מיט רשעות, וועלכער פּלאַנירט „להשמיד ולהרוג ולאבד את כל היהודים״, מוז אַזאַ רשעות פאַר־ניכטעט ווערן. ווי זאָגן אונדזערע חכמים, אַז אַ זעלכע רשעים טוען ניט קיין תשובה אַפילו ווען זיי שטייען שוין ביים אַריינגאַנג צום גיהנום. („רשעים אַפילו שעומדים בפתחי גיהנום אין עושין תשובה״ — עירובין י״ט).

### ז.—וואָס איז די השגה פון „קדושים תהיו״?

לפי האמת, קען אונדזער תורה ניט פאַרטראָגן קיין שלעכטע באַציונג צו אַ מענטשן, אַפילו ווען ער איז ניט פון יידישן אָפּשטאַם.

אַט די דאָזיקע קולטור־אַנטוויקלונג וואָס נעמט אַריין קונסט, וויסנשאַפט, געזעץ און טראַדיציע און וואָס זוכט צו שאַפן דעם סינטעז צווישן דעם טעזיס און אַנטיטעזיס, צווישן מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם, דער מאַטעריאַליזם זאָל זיך אונטערגעבן צום שעפערישן אידעאַליזם, וואָס וויל די פאַראייניקונג פון דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס איז דער באַזיס פאַר מענטשלעכער אַנט־וויקלונג אין זיין פיזישן מאַטעריאַליסטישן זין, וואָס איז באַהויכט פון אידעאַ־ליסטישן סאָציאַל־עטישן און טעאָרעטישן באַדענקען, „כי לי כל הארץ״ — די ערד באַלאַנגט צו ג־ט. די וועלט איז פול מיט זיין כבוד און ער גיט אַבסאָלוטע גלייכהייט און פרייהייט צו אַלעמען: „וחיי עולם נטע בתוכנו״, באַזירט אויף תורת אמת, וואָס לערנט אונדז מענטשן־ליבע, „ואהבת לרעך

כמוך"! — דאָס איז אַ פּרינציפּ וואָס קוועלט אַרויס פון דעם עטישן קוואַל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און הומאַניטעט. ווארום די תורה זאָגט ניט „ואהבת לאחיך", זאָלסט ליב האָבן בלויז דיין ברודער־ייד, נאָר „ואהבת לרעך" — צו יעדן פריינט, וואָס איז משמע אפילו דעם ניט־יידן. הגם לויט חכמי התלמוד מיינט „רעך" דווקא א ייד, און די תורה זאָגט אויך ניט „ואהבת לעמך" — זאָלסט ליב האָבן דיין פאָלק, נאָר צו יעדן וואָס איז דיין פריינט, צו אַלע מענטשן־קינדער.

און דער תורה אַלס גאַנצע, וואָס צעמענטירט דאָס לעבן און שאַפונג פון מענטשן, איז געלונגען דורך הלכה און אגדה אויפצוהאַלטן אירע נאָכפאָלגער, דאָס יידנטום, אויף אַט די עטישע פּרינציפּן און יורידישע פליכטן וואָס גייען האַנט איין האַנט, סיי אין תורה שבכתב און סיי אין תורה שבעל־פּה. דערמיט איז די רעליגיע אַנדערש פון אַנדערע רעליגיעס, וואָס טיילן אָפּ דאָס וואָכיקע פון דאָס הייליקע, געטלעכע. ווארום די פרשה פון „קדושים תהיו" (הייליק זאָלט איר זיין) איז געזאָגט געוואָרן „בהקהל" (אין דער עפנטלעכקייט). דערפאַר, ווייל די מערסטע „גופי התורה" (אָריגינאַלן) געפינען זיך אין איר, קען דעריבער די תורה ניט פאַרטראָגן קיין שלעכטע באַציונג צו אַ מענטשן, אַפילו ווען ער איז ניט פון יידישן אָפּשטאַם.

דאָס באַווייזט אונדז, אַז די השגה פון „קדושים תהיו" איז בעיקר, מ'זאָל זיך האַלטן צו איטלעכן באהבה, בחסד וברחמים. איז מען דאַן בטוח, אַז קיין רשעות וועט ניט הערשן, ניט פון יחיד צו יחיד און ניט פון פאָלק צו פאָלק.

דערפאַר זאָגט אונדז אָן די תורה: „איר זאָלט זיין דער מוסטער פון „קדושים" — רייך, זויבער פון אַלע מיני מיאוסקייטן, זיך היטן פון אַלע אומווירדיקייטן, נאָר זיך האַלטן באחדות און שטרעבן צו דאָס הייליקסטע, וואָס איז דער תכלית היצירה!

## ח.—וואָס איז די כוונה פון דעם אויסדרוק:

## „למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר"?

דער דאָזיקער אויסדרוק איז מכוון: „כדי צו פאַרברייטערן דעם זכות פון ישראל, האָט ג־ב"ה פאַרגרעסערט די תורה און האָט איר באַפעסטיקט מיט זייער טיפע געדאַנקען". ווייל, פיליכט וועט אימעצער פרעגן: צו וואָס האָט די תורה באַדאַרפט אריינגעבן אַזעלכע מצוות, וואָס דער שכל גופא איז עס משיג, אַט ווי „לא תרצח", „לא תגזול", „לא תגנוב", פאַרשטייט דאָס דען ניט דער פאַרשטאַנדיקער מענטש, אַז מ'טאָר ניט דערמאָרדן קיין מענטשן"? — ווער פאַרשטייט עס ניט אַז מ'טאָר ניט רויבן און גנבענען? און נאָך אַזעלכע מצוות עשה ולא תעשה, וואָס דער געזונטער פאַרשטאַנד

פאַרשטייט וואָס מ'מעג טאָן און וואָס מ'טאָר נישט טאָן. אלא, די כוונה פון דעם איז, ווען די תורה וואָלט די שכלדיקע מצוות ניט אַריינגעגעבן, וואָלט מען אויף דעם ניט מקבל געווען קיין שכר, ווייל מ'וואָלט נאָר געווען „עובדי השכל והטבע" — אַזעלכע, וואָס דינען דעם שכל, דעם כאַראַקטער און דער נאַטור, ניט דעם בורא ית'.

דעריבער האָט ג-ב"ה אַריינגעשטעלט אין דער תורה, אַז דער ייד זאָל דאָס מקיים זיין, ווייל דער בורא הייסט אַזוי, מיט דער לייכטער עבודה, וואָס מ'לייגט צו אַ שטיקעלע געדאַנקען, אַז אַ חוץ וואָס דער שכל און דער כאַראַקטער איז דאָס מחייב, טוט מען דאָס אויך מצד דער תורה, וואָס הייסט אַזוי טאָן. איז מען דאַן שוין מקבל שכר, ווייל מ'הייסט שוין אַן „עובד ד'", ניט נאָר דעם שכל און כאַראַקטער אַליין.

אָט דאָס איז דער פסוק „ד' חפץ למען צדקו" מכוון, — ג-ט וויל מזכה זיין יידן, אַז דורך אַזאַ קליינע עבודה זאָלן זיי פאַרדינען אַ שכר טוב. האָט ער דערפאַר, ווי געזאָגט „יגדיל תירה" — פאַרגרעסערט די תורה מיט פיל מצוות און איר שטאַרק באַפעסטיקט מיט טיפע געדאַנקען, בכדי צו זיין „עובדי ד'" — אויספאָלגער פון ג-טס באַפעל.

## ט.—די כוונה פון „ויהיו עניים בני ביתך" — (פרקי אבות א', ה')

וואָס אייגנטלעך איז מכוון ר' יוסי בן יוחנן מיט דעם, וואָס ער איז מזהיר: „אָרימעלייט זאָלן זיין דיינע איינגייער".

מיר האָבן אויף דעם מאמר פאַרשיידענע פירושים.

אָט רבי יוספן נחמיאש ז"ל איז מפרש: דער תנא איז מזהיר, ווען אַפילו מ'איז רייך, זאָלן די הויזלייט ניט אויפהאַלטן זיך אין לוקסוס, ווייל קיינער ווייסט ניט דעם גורל פון זיינע קינדער. מעגלעך, אַז זיי וועלן ניט זיין רייך, איז דעריבער פיל גלייכער, אַז זיי זאָלן זיך ניט צוגעוווינען צו לוקסוס, בכדי זיי זאָלן נאָכער ניט דאַרפן אָנקומען צו מענטשן פאַרשעמטערהייט.

דער מחבר פון „עבודת ישראל" איז מפרש: ווען אַן אָרימאַן קומט צו דיר אין שטוב אַריין, זאָלסטו זיך פאָרשטעלן, אַז ער געהערט צו דיינע הויז־לייט און ער קומט בעטן ביי אַנדערע הילף.—וואָלט אים דען נישט ווי געטאָן, ווען מען באַציט זיך צו אים מיט גאוה. קומט דער תנא און איז מזהיר, ווען דו וועסט זיך אַזוי פאָרשטעלן, וועסטו זיכער אויפנעמען דעם אָרימאַן בסבר פנים יפות.

און לויט ווי דער בעל הגר"א איז מפרש דעם פתגם: „יאי עניותא ליהודאי כוורדא סומקא לסוסיא חיורא" (חגיגה ט', ב') — „ס'פאַסט אָרימ־קייט פאַר אַ ייד, ווי אַ רויט בענדל אויף אַ ווייס פערדל", איז די כוונה פון דעם: אַזוי ווי מ'פוצט אויס דעם פערד ווען מ'פירט אים נאָר אַרויס אינ־דרויסן, אָבער ניט ווען ער שטייט אין שטאַל. אַזוי דאַרף דער ייד זיך

